געווידמעט די אַלע, וואָס האָבן געקעמפט
און געחלומט פון אַ נ י י ע ר, גערעכטער
וועלט, זיך אַנטוישט און דאָך זעצן זיי פאָר
צו שטרעבן צו אַ וועלט פון יושר און צדק.

פאַרלאַג „ניי־לעבן״, תל־אביב, רח׳ אלנבי 85, טעל. 623861.

די הילע: „סטודיו וויקטור ארנון״, תל־אביב, רח׳ תבור 20.

געדרוקט: דפוס „אור״, ת״א, שד׳ הר־ציון 104, טעל. 822481.

כ׳בין געבוירן געוואָרן,
כ׳האָב געעפנט די אויגן
כ׳האָב אַ קוק געטאָן אויף דער וועלט
זי געפעלט מיר נישט

(ה. לייוויק)

# די וועלט, ווי זי זעט אויס

מיר לעבן אין אַ וועלט, אַ דינאַמישע, אַ וועלט, וואָס בייט זיך אָן אויפהער. די וועלט איז לגמרי אַנדערש, ווי עס האָבן זי געזען קוים מיט 150—100 יאָר צוריק די גרעסטע דענקער פון דער וועלט. זי איז אַנדערש, ווי עס האָבן זי געזען טשאַרלס דיקענס, קאַרל מאַרקס, סען־סימאָן, ראָבערט אוועז, יופטאָן סינקלער, וואלט וויטמאַן, טעאָדאָר דרייזער, מאַקסים גאָרקי, טורגעניעוו. אין משך פון די לעצטע 100 יאָר זענען געמאַכט געוואָרן מערער אַנטדעקונגען ווי אין מיליאָן יאָר, וואָס די מענטשהייט עקזיסטירט אויף דער ערד־קויל. 97 פּראָצענט פון אַלע דערגרייכונגען, פון אונדזער וויסן, — איז דערגרייכט געוואָרן אין לעצטן יאָרהונדערט. דער עלעקטרישער לאָמפּ, טעלעפאָן און טעלעגראַף, ראַדיאָ און טעלעוויזיע, דער אויטאָמאָביל און עראָפּלאַן, דער פילם, די קאָסמאָס־ראַקעטע, וואָס פליט מיט דער גיכקייט פון 28 טויזנט קילאָמעטער און מערער אין אַ שעה, — דאָס אַלץ און פיל מערער זענען דערגרייכונגען פון לעצטן יאָרהונדערט. די אַנטי־ביאָטיקס, פּעניסילין, סטרעפּטאָמיסין און אַלע איבעריקע הייל־מיטלען, וואָס האָבן ליקווידירט צענדליקער קראַנקייטן און מגיפות, געמאַכט אומשולדיק טובערקולאָז, וואָס איז טויזנטער יאָר געווען אַ קללה פון דער מענטשהייט און צוגענומען די שענסטע גייסטער פון דער וועלט. טיפוס, מאַלאַריע, שוואַרצע פּאָקן, אַלע פּעסטן איינגערעכנט די שרעקלעכסטע — די כאָלערע, וואָס פלעגט ברענגען דעם טויט פון מיליאָנען מענטשן אין אייראָפּע, אַזיע, אַפריקע —

זיי זענען באַזיגט געוואָרן. נאָך אין 1830 האָבן דאָקטוירים אויף אַ צוזאַמענפאַר אין אייראָפּע פעסטגעשטעלט, אַז אויב די באַן (אויך אַ פּראָדוקט פון 1813) וועט פאָרן מיט אַ גיכקייט גרעסערע פון 30 קילאָ־מעטער אַ שעה — וועט דאָס מענטשלעכע האַרץ פּלאַצן...

קוים אין 1850, עפּעס מער ווי מיט 100 יאָר צוריק, האָט די מענטשהייט דערגרייכט איר ערשטן מיליאַרד נפשות און 90 פּראָצענט פון די מענטשן האָבן געליטן הונגער. אין יאָר 1822 האָט דער ענגלישער סאָציאָלאָג טאָמאַס מאַלטוס (1766—1834) באַוויזן, אַז די צאָל שפּייז אויף דער וועלט וואַקסט אין אַן אַריטמעטישע פּראָגרעסיע, די מענטשהייט וואַקסט אָבער אין אַ געאָמעטרישער פּראָפּאָרץ און דערפאַר דראָט אונדז אַ קאַטאַסטראָפע, אויב מ׳וועט נישט פאַרקלענערן די געבורטס־ראַטע. די דאָזיקע פעסטשטעלונג איז טיילווייז אמת אויך היינט, אָבער נאָר פאַר די אָפּגעשטאַנענע לענדער. אין די אַנטוויקלטע לענדער איז די געבורטס־ראַטע שטאַרק געפאַלן און מאַכט אויס קוים 1 פּראָצענט אַ יאָר — קעגן 3,8 פּראָצענט אין לאַטיין־אַמעריקע, אַפריקע, אינדיע און די אַראַבישע לענדער (ביי מוסולמענער אין ישראל — 4,8 פּראָצענט). היינט ציילט די באַפעלקערונג 3,8 מיליאַרד נפשות, כמעט 4 מאָל מערער ווי מיט 100 יאָר צוריק און לויטן חשבון פון דעמאָגראַפן וועט ביז סוף פון דעם יאָרהונדערט, ד. ה. ביזן יאָר 2.000 דערגרייכן די באַפעלקערונג צו 6 מיליאַרד

מיר לעבן אין אַ תקופה פון אַ שפע, וואָס די וועלט האָט נישט געקענט, אָבער פון דער שפע געניסן נאָר אַ טייל פון די איינוווינער פון די אינדוסטריעלע מערב־מדינות (פ. שטאַטן, קאַנאַדע, מערב־אייראָפּע און יאַפּאַן) צוזאַמען נישט מער ווי אַ 600 מיליאָן מענטשן. 75 פּראָצענט פון דער מענטשהייט, ביי די 3 מיליאַרד נפשות, לעבן הינטער אָדער אויף דער גרענעץ פון הונגער און צענדליקער מיליאָנען דראָט כסדר הונגער־טויט (אין מערב־אַפריקע, אינדיע). אין קאָמוניסטישן כינע מיט אירע 800—750 מיליאָן איינוווינער (קיין גענויע ציפערן זענען נישטאָ) איז קיינער נישט הונגעריק. יעדער איז זיכער מיט זיין הויפן רייז — די הויפּט־שפּייז פון די כינעזער, אָבער כמעט קיינער ווייסט נישט דאָרט פון זעט און דער גלאָבאַלער פּראָדוקט אויף אַ נפש, וואָס דריקט אויס די רייכקייט פון אַ לאַנד, דערגרייכט קוים צו 90 דאָלאַר אַ יאָר, לגבי 1.200 דאָלאַר פון ראַטנפאַרבאַנד און העכער 5 טויזנט דאָלאַר פון

די פ. שטאַטן, קאַנאַדע, שוועדן און מערב־דייטשלאַנד. אין אינדיע, וואָס ציילט 590—570 מיליאָן נפשות, פון וועלכע צענדליקער אויב נישט הונדערטער מיליאָנען, לעבן הינטער דער הונגער־גרענעץ, מאַכט אויס דער גלאָבאַלער פּראָדוקט אויף אַ נפש נאָך ווייניקער, קוים 75 דאָלאַר אַ יאָר און אין אַפריקע געפינען זיך לענדער ווי בורונדי אָדער אויבער־וואָלטא ווו דער גלאָבאַלער פּראָדוקט מאַכט אויס קוים 50 דאָלאַר אַ יאָר — 100 מאָל ווייניקער ווי אין די הויך־אַנטוויקלטע לענדער. און דאָס איז דער דורכשניטלעכער פּראָדוקט, אָבער אין יעדן לאַנד (אויסער כינע, צפון־קאָרעאַ, צפון־וויעטנאַם) געפינען זיך גרעסערע און קלענערע גבירים, אייגנטימער פון גרויסע גיטער, סוחרים, הויכע מלוכה־באַאַמטע, גענעראַלן פון די אַרמייען, וואָס פאַרנעמען די מערהייט פון נאַציאָנאַלן פּראָדוקט און פאַר דער באַפעלקערונג פאַרבלייבט נאָך ווייניקער. קלאָר, אַז דער דאָלאַר אין בורונדי אָדער אינדיע האָט אַן אַנדער ווערט ווי אין ניו־יאָרק אָדער פּאַריז, אָבער דער קאָלאָסאַלער אונטערשייד ענדערט זיך נישט וועזנטלעך.

די טעכנאָלאָגיע האָט זיך אין משך פון די לעצטע 100 יאָר געוואַלדיק אַנטוויקלט. מיר לעבן היינט אין פּעריאָד פון אויטאָמאַציע, פון עלעקטרישן מוח — קאָמפּיוטער, פון „קיבערנעטיק״, פון עלעקטרישן מחשב, וואָס פירט אָן פון יוסטאָן, אין טעקסאַס, מיט קאָסמאָנאַוטן אויף דער לבנה אָדער אין דער קאָסמאָס־לאַבאָראַטאָריע „סקיילעב״, פירט די קאָסמאָס־שיפן און ברענגט זיי צוריק — אָבער קיין ברויט און וואַסער פאַר דער מענטשהייט קאָן זי נישט זיכערן. פאַרקערט, פון יאָר צו יאָר ווערן גרעסער און שאַרפער די עקאָלאָגישע פּראָבלעמען, די לופט ווערט פאַרסמט מיטן קוילן־זויער, וועלכן עס שפּייען אויס די 200 מיליאָן אויטאָמאָבילן, די פאַבריקס־קוימענס, די עלעקטרישע סטאַציעס, די כעמישע פאַבריקן; עס ווערן פאַרסמט די טייכן און ימען פון די פסולת און גאַזן, וואָס די אומ־צאָליקע פאַבריקן פאַרשפּרייטן און מיליאַרדן פיש פּגרן אין די טייכן, ווייל עס פעלט זיי זויער־שטאָף. אין אומצאָליקע ערטער פעלט טרינק־וואַסער. עס איז היינט לייכט צו שאַפן זיסע וואַסער פון ים־וואַסער, אָבער די קאָסטן זענען הויכע און דווקא די וואָס דאַרפן עס אַם מייסטן, קאָנען זיך דעם „לוקסוס״ נישט דערלויבן.

ס׳וואָלט היינט געווען מעגלעך צו באַפרוכפּערן אַלע וויסטעס און צווישן זיי אויך דעם ריזיקן סאַהאַראַ־מדבר. זיינער צייט האָט מען אויס־

גערעכנט, אַז מיטן געלט, וואָס ס׳האָט געקאָסט די אומנוצלעכע פּראָנצוי־זישע „מאַזשינאָ״־ליניע, האָט מען געקאָנט פאַרוואַנדלען די סאַהאַראַ אין אַ גאָרטן, דורכפירנדיק אַ קאַנאַל פון אַטלאַנטישן אָקעאַן ביזן רויטן ים, אָדער אינדישן אָקעאַן.

די גיכע אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און לאָקאָמאָציע האָט געצווונגען צו זוכן נייע ענערגיע־מיטלען און מ׳האָט זיי געפונען אין נאַפט (אויך די נוצן פון נאַפט זענען אויסגעפונען געוואָרן אין 1857, ד. ה. בערך די לעצטע 100 יאָר). אין יאָר 1900 האָט דער נאַפט־פאַרברויך נאָך אויס־געמאַכט 20 מיליאָן טאָן אַ יאָר. דער פאַרברויך איז געוואַקסן מיט אַסטראָנאָמישער גיכקייט און אין 1950 שוין דערגרייכט צו 294 מיליאָן טאָן, ד. ה. 15 מאָל מערער, אין 1960 — פאַרטאָפּלט ביז 524 מיליאָן טאָן און אין משך פון לעצטן יאָרצענדליק כמעט פאַרזעקספאַכט־געוואָרן, דערגייענדיק היינט צו 2.800 מיליאָן טאָן. מען רעכנט, אַז ביזן יאָר 1982 וועט דער פאַרברויך דערגרייכן צו 5 מיליאַרד טאָן יערלעך. די נאַפט־רעזערוון זענען אָבער באַגרענעצט. זיי זענען געשאַפן געוואָרן דורך דער נאַטור אין משך פון מיליאָנען יאָרן און זייער צעטיילונג איז אַ צופעליקע. אין אייראָפּע זענען כמעט נישטאָ קיין נאַפט־פעלדער און לויט די ביז־איצטיקע פאָרשונגען (און דער פאָרשונג האָבן די נאַפט־געזעלשאַפטן געווידמעט זייער פיל צייט, די בעסטע געאָלאָגן און ריזיקע געלט־סומעס) רעכנט מען, אַז די וועלט־רעזערוון פון נאַפט דערגייען בערך צו 500 מיליאַרד טאָן, אָבער פון דעם געפינען זיך 60 פּראָצענט אָדער מערער אין דער געגנט פון פערסישן ים און בלויז סאַודי־אַראַביע פאַרמאָגט ביי די 150 מיליאַרד טאָן נאַפט (קעגן 6 מיליאַרד אין די פ. שטאַטן און אַן ענלעכע צאָל אין ראַטנפאַרבאַנד). מען רעכנט, אַז דער כינעזישער ים, ביי די ברעגן פון קאָמוניסטישן כינע, אַנטהאַלט זייער רייכע נאַפט־קוואַלן אויפן גרונט פון ים, זיי זענען אָבער נאָך נישט אויסגעפאָרשט.

דאָס שאַפט אַ זייער ערנסטן פּראָבלעם, ווייל עס פאַרוואַנדלט די רייכן, קעניגלעך און דיקטאַטאָרן פון די אַראַבישע בעדואינער אין דיק־טאַטאָרן נישט נאָר פון די ווייניקע מיליאָנען בעדואינער נאָר אויך פון דער אינדוסטריעלער וועלט און פון די וועלט־פינאַנסן, ווייל לויטן חשבון וועלן זיי אין יאָר 1980 באַקומען 30 מיליאַרד דאָלאַר יערלעך פאַר דעם נאַפט, אַ סומע וואָס קאָן באַדראָען דעם גאַנצן מאָנעטאַרן סיסטעם פון דער וועלט.

צוזאַמען מיטן וווקס פון נאַפט־פאַרברויך, איז געוואַקסן דער פאַר־ברויך פון דער עלעקטרישער ענערגיע. אין 1935, ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן די פ. שטאַטן פאַרברויכט 95 מיליאַרד קילאָוואַט־שעהן, אין 1971 — 1.614 מיליאַרד! אין 36 יאָר געשטיגן העכער 16 מאָל.

דער טעמפּאָ פון דער פּראָדוקציע וואַקסט אויסערגעוויינלעך גיך.

פון צייט צו צייט פאַרצייכענען מיר אַ גרעסערן אָדער קלענערן קריזיס, אַ סטאַגנאַציע, אָבער נעמען מיר צ. ב. די פראַנצויזישע אינ־דוסטריע איז זי אין משך פון 30 יאָר, פון 1910 ביז 1939 ד. ה. ביז דער לעצטער וועלט־מלחמה, אויסגעוואַקסן מיט 5 פּראָצענט; און צוואַנציק יאָר נאָך דער מלחמה, פון 1949 ביז 1969 — אויסגעוואַקסן מיט 220 פּראָצענט! אין דורכשניט וואַקסט איצט דער גלאָבאַלער פּראָדוקט אין מערב־אייראָפּע מיט 5—6 פּראָצענט יערלעך, אין יאַפּאַן — מיט 11—10 פּראָצענט.

דאָס אַלץ איז אָבער שייך נאָר די 600 מיליאָן איינוווינער פון צפון־אַמעריקע, מערב־אייראָפּע און יאַפּאַן. 75 פּראָצענט פון דער מענטשהייט, די אַלע אָפּגעשטאַנענע פעלקער, די א. ג. „דריטע וועלט" — זי אַנט־וויקלט זיך לאַנגזאַם און די מערהייט לעבט נאָך אין פּאַטריאַרכאַלן פּעריאָד.

אויף דער גאַנצער וועלט, איינשליסלעך דער „דריטער וועלט" וואַקסן די „מעגאַלאָפּאָליס" — די ריזיקע שטעט, וואָס אייניקע פון זיי ציילן שוין צו 12—13 מיליאָן נפשות פאַרמאַכטע אויף אַ רעדוצירטן שטח און זייער אָפט, ווי אין טאָקיאָ, אָן גענוג לופט צו אָטעמען און כמעט אין אַלע מיט שלעכטער, פאַרפּעסטעטער לופט. אין 1850 האָבן זיך געפונען אויף דער גאַנצער ערד־קויל קוים 4 שטעט מיט אַ מיליאָן אָדער מערער איינוווינער, אין 1960 — זענען זיי שוין געווען 141! אויך די שטאָטישע באַפעלקערונג פאַרדאָפּלט זיך היינט יעדע 11יאָר. עס זענען אויפגעקומען שטעט ווי קאַלקוטאַ אין אינדיע, ווו 10 מיליאָן אינדוסן לעבן פשוט אויף די גאַסן, שלאָפן אויף די גאַסן, מאַכן זייערע היגיענישע געברויכן אויף די גאַסן, דאָרטן האָבן זיי זייערע קינדער. אין יאַפּאַן וועט אין די גאָר־נאָענטע יאָרן אַ קליינער שטח טאָקיאָ־יאָקאָהאַמאַ ציילן לויט געוויסע אויסרעכענונגען ביז די 25 מיליאָן נפשות. אַזעלכע „מעגאַלאָפּאָליס" קומען אויף אין כינע און אויך אין אַפריקע. די אַגראַר־באַפעלקערונג אַנטלויפט פון דאָרף, פון וואַלד, פון סטעפּ אין דער שטאָט, גלויבנדיק, אַז דאָרט לעבט זיך בעסער, לייכטער.

אין די מעגאַלאָפּאָליס גרופּירט זיך דער מענטשלעכער אָפּגרונט, די אונטערוועלט. אין אַ שטאָט ווי ניו־יאָרק זענען אין איין יאָר, 1971 פאָרגעקומען 653 מאָרדן, רעגיסטרירט געוואָרן 1761 פאַרגוואַלטיקונגען (די פּאַקטישע צאָל איז דרייפאַכיק), 121 טויזנט רויב־איבערפאַלן. אין יאָר 1972 — זענען דאָרט געהרגעט געוואָרן 112 פּאָליציאַנטן. די פ. בי. איי. (די אַמעריקאַנער געהיים־פּאָליציי) גיט איבער, אַז יערלעך קומען פאָר אין די פ. שטאַטן, הויפּטזעכלעך אין די גרויסע שטעט, 3 מיליאָן פאַר־ברעכנס. אַ גלח פון איין ניו־יאָרקער ראַיאָן, דרום־מזרח בראָנקס, דער־ציילט, אַז אין זיין ראַיאָן זענען די לעצטע 18 חדשים דערמאָרדעט געוואָרן 137 מענטשן, עס זענען אויסגעפירט געוואָרן 3.600 רויב־איבער־פאַלן און 6 טויזנט גניבות.

אין דער הויפּט־שטאָט פון די פ. שטאַטן, וואַשינגטאָן, ווו עס איז קאָנצענטרירט די פעדעראַלע פּאָליציי מיט אַלע אירע אָפּטיילונגען, קומען פאָר טעגלעך 30 ביז 40 רויב־איבערפאַלן און נישט זעלטן דערגייען זיי צו 80, כאָטש עס געפינען זיך דאָרט 4 טויזנט פּאָליציי־לייט. יעדע 40 מינוט קומט דאָרט פאָר אַ באַוואָפנטער רויב־איבערפאַל, יעדע 30 שעה — אַ מאָרד.

אין יאָר 1972 זענען דורכגעפירט געוואָרן אין די פ. שטאַטן 14 טויזנט מאָרדן. יעדע 2 מינוט ווערט געהרגעט אָדער פאַרוווּנדעט אַן אַמעריקאַנער בירגער, הויפּטזעכלעך ביי רויב־איבערפאַלן. אין איין וואָך פון 1973, פון 4־טן ביזן 11־טן מערץ, לויט דער „אַסאָשייטעד פּרעס" דערמאָרדעט געוואָרן 345 מענער, פרויען, קינדער. פון אָנהייב דעם יאָר־הונדערט זענען דערמאָרדעט געוואָרן צוליב רויב־צוועקן 800 טויזנט מאַן! פיל מער, ווי אין אַלע מלחמות, וואָס די פ. שטאַטן האָבן דורכגעמאַכט.

דער „גאַלאָפּ" אינסטיטוט שטעלט פעסט, אַז 20 פּראָצענט פון די איינוווינער אין די פאַרשטעט פון די „מעגאַלאָפּאָליס", האָבן געליטן רויב־איבערפאַלן. 40 פּראָצענט פון די איינוווינער האָט מורא צו גיין אַליין אין גאַס. 60 פּראָצענט פון די פרויען (מסתמא אַלע יונגע) האָבן מורא פאַר פאַרגוואַלטיקונגען. 9 מיליאַרד דאָלאַר געבן אויס די אַמערי־קאַנער יאָר־יערלעך אויף קאַמף קעגן רויבערייַ און גניבות. פאַר אַ גוטן שמירה־הונט צאָלט מען ביז 4 טויזנט דאָלאַר. 800 טויזנט מאַן זענען באַשעפטיקט אין דער שמירה. כדי זיך זיכערן קעגן רויב, פאַרמאָגן די ניו־יאָרקער בירגער 350 טויזנט ביקסן און 25 טויזנט רעוואָלווערן —

מיט פּאָליציייאישע דערלויבנישן, אָן זיי — רעכנט מען אַז די צאָל ביקסן און רעוואָלווערן דערגייט צו מיליאָנען...

אַ צווייטן זייער ערנסטן פּראָבלעם בילדן די נאַרקאָטיקס, די פאַר־שיכורונגס־סמים, וואָס פאַרסמען די מוחות פון מיליאָנען מענטשן, שוואַכן אָפּ זייער ענערגיע, שוואַכן אָפּ די נערוון, און ווען מען גיכער, ווען מען פאַמעלעכער ברענגען זיי צו טויט, צו משוגעת און אין בעסטן פאַל צום אידיאָטיזם. „כאַשיש" איז דער אָנהויב, הערויאָן, מאַריהואַנאַ, ל.ס.ד. און אַנדערע, וואָס דערפירן די געברויכער פון די דאָזיקע נאַרקאָטיקס צו די שרעקלעכסטע פאַרברעכנס, ווי אין פאַל פון דעם רוצח מאַנסאָן אין לאָס־אַנדזשעלעס, וואָס האָט דערמאָרדעט אָן שום קאָנקרעטע סיבה 7 מענטשן, צווישן זיי די פרוי פון דעם פעיקן פילם־רעזשיסער ראָמאַן פּאָלאַנסקי. דער משוגע־געוואָרענער ד"ר טימאָטי לירי האָט פּאַרוואַנדלט דעם ל.ס.ד. אין אַ רעליגיעזע סעקטע, פּראָקלאַמירנדיק זיך אַלס נביא. די נאַרקאָטיקס זענען געוואָרן די ערגסטע מגיפה, וואָס באַדראָט די גאַנצע מענטשהייט. אַ דריטל פון די 550 טויזנט אַמעריקאַנער „בויס", וואָס זענען געשיקט געוואָרן קיין וויעטנאַם, איז דאָרט געוואָרן פאַרסמט פון די נאַרקאָטיקס, הויפּטזעכלעך אָפּיום. אין די יאָרן 1950—54 זענען אין ניו־יאָרק געשטאָרבן פון נאַרקאָטיקס — 465 פּערזאָן, אין די יאָרן 1965—69 איז שוין די צאָל טויטע פון נאַרקאָטיקס געוואַקסן צו 2.935, 6 מאָל מערער. צווישן די קרבנות געפינען זיך 11־יעריקע קינדער. אין 1960 זענען אין ניו־יאָרק געשטאָרבן פון נאַרקאָטיקס 15 קינדער אונטער 18 יאָר, אין 1969 — שוין 224, 15 מאָל מערער. לויט די דאַטן פון די דערציאונגס־אינסטאַנצן אין ניו־יאָרק, לעכצן 100 טויזנט שילער נאָך הערויאָן. פון קאַנאַדע מעלדעט מען, אַז דאָרט לעבן 100 טויזנט מאַן, וואָס קאָנען זיך נישט באַגיין אָן הערויאָן. אין קליינעם וואַנקאָווער, ביים פּאַציפישן אָקעאַן, זענען אין משך פון 10 חדשים פון פאָריקן יאָר, געשטאָרבן 49 פּערזאָן פון הערויאָן, צווישן זיי 2 מיידלעך פון 13 און 15 יאָר. פון דער רעלאַטיוו קליינער אַמעריקאַנער שטאָט קאַלגערי גיט מען איבער, אַז 1.600 שילער פון די אָרטיקע מיטל־שולן באַנוצן זיך מיט הערויאָן. די נאַרקאָטיקס האָבן געבראַכט יונגע, 16־יעריקע מיידלעך צו דער באַנדע פון דערמאָנטן מאַנסאָן, זיי זענען געוואָרן די טעגלעכע „שפּייז" פון הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען „היפּיס" אין אַלע לענדער פון מערב. זיי זענען די סיבה פון טויזנטער רויב־איבערפאַלן, ווייל די נאַרקאָטיקס קאָסטן טייער און די נאַרקאָמאַנען זענען פעיק אויף אַלץ אַבי צו דערגרייכן זייער דאָזע סם.

די נאַרקאָטיקס זענען אַ גלענצנדיקער געשעפט פאַר דער איטאַליענישער און אַמעריקאַנער „מאַפיע", פאַר די טויזנטער הענדלער, שמוגלער, וואָס באַרייזן אַ וועלט, קויפן די נאַרקאָטיקס אין רויען צושטאַנד ביי די אָרעמע פויערים פון טײַלאַנד, בירמאַניע, אַפגאַניסטאַן, טערקיי, לבנון און פאַרדינען אין דעם עסק שווערע מיליאָנען.

דער קאַפּיטאַליזם האַנדלט מיט אַלץ. מיט „נאַרקאָטיקס", מיט טויט און מיט „לאַוו" (ליבע). מיר זענען עדות פון אַ „סעקס־איבערקערעניש". דער „טאַבו" פון יאָר־טויזנטער איז אויפגעריסן געוואָרן. אַ רעוואָלוציע איז פאָרגעקומען אין דער וועלט־באַנעמונג. אין משך פון טויזנטער יאָר האָט די קירכע (די קאַטוילישע און אויך די יידישע) געזוכט צו פאַרהוילן די סעקסואַלע באַציאונגען, דער צודעק פלעגט אָבער אַראָפּגעוואָרפן ווערן ביי יעדער ערנסטער רעוואָלוציע. אַזוי איז עס געווען אין איטאַליענישן רענעסאַנס (באָקאַטשיאָ), אַזוי נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. אַן ענלעכע דערשיינונג האָבן מיר איבערגעלעבט אין די 60־קער יאָרן. די אַנטישוואַנגערשאַפט־פּיל האָט באַפרייט דאָס יונגע מיידל פון דער מורא, דער באַגריף „יונגפרוי", „בתולה" איז פאַרוואָרפן געוואָרן און די סעקסועלע באַציאונגען האָבן אויפגעהערט צו זיין פאַרבונדן מיט אַ „הייראַט אויף אייביק", אָדער די באַזע פון דער „עלטסטער וועלט־פּראָפעסיע" — די פּראָסטיטוציע. די לאָזונג פון „פרייע ליבע" האָט אַרומגעכאַפּט מיליאָנען יוגנטלעכע און... געוואָרן גלייך אויסגענוצט פאַר קאָמערציאַליזאַציע. מיליאָנען פאָרנאָגראַפישע בילדער, פילמען, זשורנאַלן און אַפילו מכשירים האָבן פאַרפלייצט די מערב־וועלט. קאָפּענהאַגען איז געוואָרן דער סימבאָל פון דער „נייער פרייהייט" און הונדערטער גרעסערע און קלענערע קאַפּיטאַליסטן האָבן אָנגעהויבן האַנדלען מיט האָמאָסעקסואַליזם, ליזבעישע ליבע, אָנאַניזם, באַציונגען מיט חיות — אַלץ איז קאַפּיטאַליזירט געוואָרן, אַריינברענגענדיק גוואַלטיקע רווחים די פיפיקע אונטערנעמער. אַפילו אין קאָנסערוואַטיוון לאָנדאָן האָט זיך באַוויזן דער „קויטוס" אויף דער בינע און מיליאָנען יונגוואַרג (אויך עלטערע) לויפן זען „קאַלקוטאַ" און ענלעכע פאָרשטעלונגען בלויז כדי צו זען דעם קויטוס־אַקט אויף דער בינע*). אין מערב־דייטשלאַנד פאַר־

*) אין די פ. שטאַטן שאַצט מען די ריינע פאַרדינסטן פון די פאָרנאָגראַפישע פילמען אויף 550 מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר און דאָס „געשעפט" געפינט זיך אין די הענט פון דער מאַפיע און עס קומען שוין פאַר בלוטיקע קאַמפן צווישן די פאַרשיידענע מאַפיע־משפחות, וואָס „אַרבעטן" אויף דעם געביט.

מאָגט אײן „דאַמע", די 50־יעריקע בעאַטאַ אוהסע, 21 „קלײטן" פון „סעקסועלע באַדערפעניש" און איר יערלעכער אומזאַץ דערגרײכט צו 15 מיליאָן דאָלאַר. ס'האָבן זיך באַוויזן סאַדיסטישע בײטשן צו „פאַרשטאַרקן" דעם סעקסועלן פאַרגעניגן. עס דערשײנען „לערן"־ביכער פאַר קינדער און יוגנטלעכע, וואָס ווײַזן זײ אָן 110 ליבע־„וואַריאַציעס". דער „מאָדערנער לעקסיקאָן פון עראָטיק" — דערשײנט אין 10 בענדער. די „סעקסאָלאָגיע" — אין 22 בענדער. ספּעציעלע זשורנאַלן פּראָפּאַגירן „קאָמונע"־באַציאונגען, „ליבע־קאָמונעס", אין די צײַטונגען איז מעגלעך צו לײענען אַנאָנסן פון „אַ יונגע פּאָר, וואָס זוכט נאָך אַ יונגע פּאָר אָדער מער פּאָר שותפותדיקער ליבע". די פאַרשפּרײטסטע צײַטונג אין מערב־דײַטשלאַנד איז די פּאָרנאָגראַפישע „סאַן־פּאַולאָ־נאַכריכטן", וואָס ווערט פאַרקויפט אין 5 מיליאָן עקזעמפּלאַרן...

אויך די רוישנדיקע „פּאָפּ"־מוזיק, וואָס טראָגט באַוווסטזיניק אָדער נישט דעם ציל צו באַטויבן די יוגנט, ווערט אויסגענוצט פאַר קאָמערציעלע צוועקן, ווי צ. ב. דורך די לאָנדאָנער „ביטלס", וואָס זענען געוואָרן מולטי־מיליאָנערן.

די יוגנט איז מיד. זי איז מיד פון שפע, פון לײַכטן לעבן, אַ לעבן אָן אַן אידעאַל, אָן אַ ציל, אָן אַן אינהאַלט — פון דעם די רעאַקציע, די „ביטניקעס" און „היפּיס", די פּרוּוון אומקערן זיך צו זשאַן זשאַק רוסאָ, צו דזשעק לאָנדאָן, פאַרוואַרפן די ציוויליזאַציע מיט אַלע אירע געזעצן, גרענעצן און באַגרענעצונגען הפקר־פרײַ און “aprés moi le deluge” (נאָך מיר דער מבול).

אויך זײ ווערן אויסגענוצט און נישט נאָר פאַר קאָמערציעלע צוועקן. אין „וואָטערגײט"־משפט אין די פ. שטאַטן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז „דער ניקסאָן וואַל־קאָמיטעט" האָט אָרגאַניזירט גרופּעס האָמאָסעקסואַליסטן און זײ געשיקט צו מאַניפעסטירן כלומרשט לטובת דעם דעמאָקראַטישן קאַנדידאַט מאַק־גאַווערן, כדי אים צו דיסקרעדיטירן... אַ טײל פון דער יוגנט, מיד פון דער סעקס־און סמים־וואַקכאַנאַליע זוכט די ישועה אין רעליגיעזע באַוועגונגען „קרישנאַמוטרי", „יעזוס", „גורו" און אַפילו — אין ישראלדיקע ישיבות.

דער הערשנדיקער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם האָט פאַרבעסערט די לאַגע פון די אַרבעטער אין די אַנטוויקלטע לענדער. זײ זענען נישט מער קײן „פּראָלעטאַריער, וואָס פאַרמאָגן גאָרנישט אויסער קײטן", אָבער גלײַכצײַטיק אויך זײער שטאַרק פּאָלאַריזירט די דאָזיקע געזעלשאַפט. אין די

פ. שטאַטן צ. ב. געפינען זיך 627 טויזנט פערזאָן, 1,3 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, וואָס פאַרדינט איבער 30 טויזנט דאָלאַר יערלעך, אָבער 2,6 מיליאָן אַרבעטער, אָנגעשטעלטע און פויערים פאַרדינען ווייניקער פון 1.500 דאָלאַר יערלעך, ד. ה. געפינען זיך ווייט הינטער דער הונגער־ליניע. 2,7 פּראָצענט פון דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג פאַרמאָגט 65 פּראָצענט פון אַמעריקאַנעם רייכטום און העכער 97 פּראָצענט קוים אַ דריטל. די נאַפט־קעניגן נעלסאָן און ווינטראָפּ ראָקפעלער לעבן אין אַ פּאַלאַץ נעבן ניו־יאָרק, וואָס ווערט באַדינט דורך 350 דינער. די יורשים פון וואַנדערבלידט באַוווינען אַ פּאַלאַץ פון 250 צימערן. די דיופּאָן־משפּחה פאַרמאָגט 10 מיליאַרד דאָלאַר און 25 פּאַלאַצן. די ראָקפעלערס זענען אָרעמער, פאַרמאָגן „נישט מער" ווי 7 מיליאַרד דאָלאַר. די מעלאָן־יורשים — „קוים" 6 מיליאַרד. האָוואַרד היוז, דער קעניג פון לאַס וועגאַס, פאַרמאָגט 2 מיליאַרד דאָלאַר, קאָנקורירנדיק מיט פּאָל געטי — דעם נאַפט־קעניג.

די היינטיקע מיליאָנערן און מיליאַרדערן פון די פ. שטאַטן זענען שוין ווייט נישט די „סעלף־מייד־מען" פון פאַריקן יאָרהונדערט. ווייניקער פון זיי פאַרנעמט זיך אַליין מיט די געשעפטן. 122 פון די 200 גרעסטע אונטערנעמונגען (מינעס, אינדוסטריע, פינאַנסן, האַנדל) אין די פ. שטאַטן געהערט צו די פּריווילעגירטע פאַמיליעס, זיי זענען אָבער פאַרוואַנדלט אין אַקציע־געזעלשאַפטן, אָנגעפירט דורך דירעקטאָרן, אינזשעניערן, עקאָנאָמיסטן, וואָס באַקומען געהאַלטן ביז אַ מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר, ווי דער דירעקטאָר פון „דזשענעראַל מאָטאָרס" צ. ב. 30 מיליאָן אַרבעטער אַרבעטן אין די דאָזיקע געזעלשאַפטן, אָבער אין דער צייט, ווען אַן אַרבעטער, וואָס פאַרדינט 7 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר מוז צאָלן 1.300 דאָלאַר הכנסה־שטייער, צאָלט דער פינאַנסיסט־שפּעקולאַנט, וואָס האָט געוווּנען אויף דער בערזע אַזאַ סומע — קוים 520 דאָלאַר און די גרויסע — זיי צאָלן נאָך ווייניקער אָדער גאָרנישט, ווייל די אינוועסטיציעס אין נאַפט־און קוילן־גרובן צ. ב. ווערן אַראָפּגערעכנט פון די פאַרדינסטן, די הוצאות פון זייערע פּערזענלעכע אויטאָמאָבילן, יאַכטעס, עראָפּלאַנען, העליקאָפּטערס, זייערע פּאַלאַצן, שפּאַצירן אין אויסלאַנד א. א.וו. אויך זיי ווערן פאַררעכנט אויפן חשבון פון די „אונטערנעמונגען". די יורשים פון דזשאָן ראָקפעלער צ. ב. האָבן נישט באַצאָלט קיין פונט שטייער פון דער מיליאַרדן־ירושה, ווייל... זי איז באַשטאַנען פון אַקציעס און נישט מזומנים.

פון דער צווייטער זייט, ווייזט אָן די אָפיציעלע אַמעריקאַנער סטאַטיסטיק, אַז אין מערץ 1971 האָבן זיך געפונען אין די פ. שטאַטן 25,5

מיליאָן אָרעמעלייט, וואָס פֿאַרדינען ווייניקער פֿון 2.000 דאָלאַר אַ יאָר, אויף אַ משפּחה (און דווקא די אָרעמע משפּחות זענען די גרעסטע), פֿון זיי 17,5 מיליאָן ווייסע און 7,6 מיליאָן שוואַרצע (די רעשט מעקסיקאַנער, אינדיאַנער א. א.) צווישן די ווייסע, מאַכט אויס די צאָל אָרעמעלייט — ווייניקער פֿון 10 פּראָצענט פֿון דער ווייסער באַפֿעלקערונג, פֿון די שוואַרצע — מאַכן זיי אויס איבער 33 פּראָצענט. איז דען אַ וווּנדער, וואָס די שמוציקע „סלאַמס", די נעגער־ראַיאָנען, די פֿאַרשידנסטע „האַר־לעמס" זענען נעסט פֿון שיכּרות, פּראָסטיטוציע, נאַרקאָטיקס, רויב, און אַלע מעגלעכע און אוממעגלעכע פֿאַרברעכנס. איז דען אַ וווּנדער, וואָס אויף 14,5 טויזנט אַרעסטירטע אין 1971, באַשולדיקטע אין מאָרד, זענען געווען 7,7 טויזנט נעגערס, 53 פּראָצענט, ווען די נעגערישע באַפֿעלקע־רונג אין די פֿ. שטאַטן מאַכט אויס קוים 11 פּראָצענט? אין יאָר 1971, אַ רואיק יאָר (דאָס יאָר פֿון ראַיאָטן איז געווען 1968) זענען געווען אַרעסטירט דורך דער אַמעריקאַנער פּאָליציי 1,7 מיליאָן נעגערס, 8 פּראָ־צענט פֿון דער גאַנצער נעגרישער באַפֿעלקערונג. איינגערעכנט פֿרויען און קינדער, אונטער דער באַשולדיקונג פֿון פֿאַרשידענע פֿאַרברעכנס, בעת דער פּראָצענט פֿון אַרעסטירטע ווייסע האָט נישט אויסגעמאַכט מערער ווי 2 פּראָצענט (אויך זייער הויך). די דורכשניט־פּרנסה פֿון אַ נעגערישער משפּחה (וואָס איז פֿיל גרעסער פֿון דער ווייסער) האָט אויסגעמאַכט אין יאָר 1971 — 3.971 דאָלאַר יערלעך, לגבי 7.170 פֿון אַ ווייסער. קוים 25 פּראָצענט פֿון די 23 מיליאָן נעגערס אין די פֿ. שטאַטן זענען מענער אין אַרבעטס־עלטער. אין די דרום־שטאַטן איז זייער לאַגע נאָך ערגער. 80 פּראָצענט פֿון די נעגערס פֿאַרדינען ווייניקער פֿון 2 טויזנט דאָלאַר יערלעך און 25 פּראָצענט פֿון זיי — קוים טויזנט דאָלאַר יערלעך. ס'איז נישט קיין וווּנדער, אַז 3 מיליאָן נעגערס אין די דרום־שטאַטן זענען אַנאַלפֿאַבעטן. זייערע וווינונגס־באַדינגונגען זענען אַזעלכע שרעקלעכע, אַז אין יאָר 1966 זענען 14 טויזנט נעגערישע קינדער צעביסן געוואָרן דורך מייז און ס'איז נישט קיין וווּנדער, וואָס 18 פּראָצענט פֿון די נעגערס אין די גרויסע שטעט האָבן אין הייסן 1968־טן יאָר אָנטייל גענומען אין ראַיאָטן, פּאָגראָמען, שריפֿות און בלויז אין דעטרויט, האָבן 7 טויזנט נעגערס אָנטיילגענומען אין אונטערצינדן די שטאָט.

ס'איז אויך נישט קיין וווּנדער, וואָס צווישן די נעגערס האָבן זיך געשאַפֿן די פֿאַרשידענע „שוואַרצע פּאַנטערס" און געבוירן געוואָרן קליינע היטלערס, ווי סטאָקלי קאַרמיקעל א. א. וואָס פּראָפּאַגירן „בלעק פּאָווער"

(שוואַרצער כוח), וואַרפן לאָזונגען „שוואַרץ איז שיין", „שוואַרץ איז געזונט" און „מיר שוואַרצע וועלן רעגירן מיט דער וועלט", ווייל „די ווייסע ווערן פאַרסמט דורך די נאַרקאָטיקס, זנות, סעקס און אַנד. חולאותן..."

אַן ענלעכע לאַגע הערשט אין מערב־איירופּע. אין מערב־דייטשלאַנד צ. ב. געהערט 70 פּראָצענט פון אַלע רייכטימער צו 1,7 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג און קוים 30 פּראָצענט צו די איבעריקע 98,3 פּראָ־צענט... דאָס זעלבע חזרט זיך איבער אין פראַנקרייך, ווו נאָך היינט אין 1973, איז פאַראַן איין וואַסער־קלאָזעט אויף יעדע 4 משפּחות... *)

אין משך פון די לעצטע 56 יאָר זענען פאָרגעקומען 2 ערנסטע רע־וואָלוציעס, די רוסישע אין נאָוועמבער 1917 און די כינעזישע אין 1949. די ערשטע האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו באַפרייען די גאַנצע וועלט. זי האָט אָבער נישט באַפרייט נאָר פאַרשקלאַפט דאָס רוסישע פאָלק און די איבעריקע 100 פעלקער, וואָס באַווינען דעם ריזיקן ראַטנפאַרבאַנד. נאָך היינט, 57 יאָר נאָך דער רעוואָלוציע, איז דער לעבנס־סטאַנדאַרט פון רוסישן אַרבעטער און פּויער, פיל־פיל נידריקער פון מערב־איראָפּעישן און זיין גלאָבאַלער פּראָדוקט מאַכט אויס קוים טויזנט צוויהונדערט דאָלאַר יערלעך אויף אַ נפש לגבי די 5 טויזנט פון אַמעריקאַנער אָדער שוועדישן אַרבעטער (און 2.200 דאָלאַר פון ישראלדיקן בירגער). קיין רוסישער אַרבעטער אָדער פּויער (קאָלכאָזניק) קאָן נישט חלומען אַפילו פון אַ פּרי־וואַטן אויטאָ, וואָס עס פאַרמאָגט כמעט יעדער מערב־אַרבעטער. רוסלאַנד איז געוואָרן שטאַרק מיליטעריש, האָט אויפגעצווונגען איר ווילן און הער־שאַפט אויף העכער 100 מיליאָן מענטשן אין צענטראַל־איראָפּע, ביי וועמען זי האָט צוגערויבט זייער זעלבסטשטענדיקייט. די רעוואָלוציע האָט יאָ גע־בראַכט נוצן דעם מערבדיקן אַרבעטער און די אונטערדריקטע פעלקער פון אַזיע און אַפריקע... אויס מורא פאַרן קאָמוניזים, האָבן די מערב־קאַפּיטאַליסטן געמוזט נאָכגעבן אַ סך פאָדערונגען פון די אַרבעטער און צוליב דער זעלבער מורא — געווען געצוווּנגען צו באַפרייען די קאָלאָניעס. נישט אַלע קאָלאָניאַלע פעלקער זענען היינט גליקלעכער, ווי פריער, אָבער דאָס איז אַ טעמע פאַר זיך.

---

*) 30 פּראָצענט פון די הייזער זענען אַלט איבער 100 יאָר, 350 טויזנט משפּחות האָבן בכלל נישט קיין דירה, 300 טויזנט 1־צימערדיקע דירות זענען באַוווינט פון 4 און מערער פּערזאָן, 92 טויזנט צימערן פון 6 ביז 10 פּערזאָן אויף אַ צימער, 178 טויזנט 2־צימערדיקע דירות מיט אַ געדיכטקייט פון 7—6 פּערזאָן און 57 טויזנט 3־צימערדיקע דירות מיט 8 ביז 16 פּערזאָן אויף אַ דירה.

אַנדערש זענען די רעזולטאַטן פון דער כינעזישער רעוואָלוציע. היינט, 25 יאָר נאָכן פאַרנעמען די מאַכט דורך מאַאָ־טסע־טונג. איז די לאַגע פון כינעזישן פאָלק פיל בעסער ווי פריער. די 800—750 מיליאָן כינעזער זענען אָרעם, אָבער קיינער איז דאָרט נישט הונגעריק און דאָס איז אַ קאָלאָסאַלע דערגרייכונג פאַר אַ פאָלק, וואָס האָט כמעט פערמאַנענט געליטן פון הונגער, טריקעניש, פאַרפלייצונגען א. א. וו. (זע פערל באַק „די מוטער ערד״). די כינעזישע רעוואָלוציע קאָן זיין אַ ביישפיל פאַר די פעלקער פון אַפריקע, וואָס געפינען זיך אין אַ פיל ערגערן צושטאַנד.

דאָס יאָר 1973 פאַרענדיקט זיך מיט אַ ביטערער טראַגעדיע — די ווייסע קאָנטר־רעוואָלוציע אין טשילע, מיטן מאָרד אָדער זעלבסטמאָרד פון סאַלוואַדאָר אַזשענדע, דעם טשילענער אידעאַליסט, וואָס האָט געפרווט איינשטעלן סאָציאַליזם אין יענעם אָפּגעשטאַנענעם לאַנד אויף אַ דעמאָקראַטישן וועג. די טשילענער טראַגעדיע ווי די טראַגעדיע פון טשעכאָסלאָוואַקיע אין 1968 רוקן אַרויס באַזונדערע פראָבלעמען.

אין אָקטאָבער 1973 איז אויסגעבראָכן די פערטע אַראַביש־ישראלדיקע מלחמה. שולדיק אין איר זענען נישט נאָר די אַראַבישע דיקטאַטאָרן און נישט נאָר די סאָוויעטישע רעגירונג, וואָס האָט באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס די אַראַבישע לענדער מיטן סאַמע מאָדערנסטן געווער און מיט דעם פראָוויצירט די מלחמה, נאָר אויך די ישראל־רעגירונג, וואָס האָט נישט אויסגענוצט די $6\frac{1}{2}$ יאָר רעלאַטיוון פייער־איבערייס אויף צו זוכן אַ שלום־לייזונג מיט די אַראַבער, גלויבנדיק אַז דער „סטאַטוס קוואָ״ קאָן אָנהאַלטן צענדליקער יאָר. ווי דער שטייגער, איז אַרויסגעצוווּנגען געוואָרן דער פייער־איבערייס אין מאָמענט, ווען מאָסקווע האָט דערזען, אַז די ישראל־אַרמיי זיגט. די לעצטע מלחמה האָט דאָך געעפנט געווויסע פערספעקטיוון פאַר אַ שלום צווישן ישראל און די אַראַבישע לענדער, אָבער אויך דאָס איז אָפּהענגיק פון די 2 גרויסע מדינות: די פ. שטאַטן און ראַטנפאַרבאַנד.

אין סך־הכל — קוקנדיק אויף דער וועלט, ווי זי זעט אויס, בין איך געצוווּנגען קומען צום זעלבן אויספיר ווי ה. לייוויק — זי געפעלט מיר נישט.

די עקזיסטענץ פון קלאַסן און דער אונטערשייד צווישן אָרעם און רייך האָט נאָך אין ווייטן אַלטערטום אַרויסגערופן אומצופרידנקייט ביי די דעמאָלטדיקע דענקער און פילאָזאָפן. מיר געפינען פּראָטעסט־שטימען אין כינע, נאָך מיט 4 — 3 טויזנט יאָר צוריק, אין אינדיע, אַ ביסל שפּעטער אין גריכנלאַנד און אין ארץ ישראל.

אין ארץ ישראל זענען עס געווען די נביאים, וואָס האָבן אַמשאַרפסטן פּראָטעסטירט קעגן די עוולות, וואָס עס באַגייען די רייכע קעגן די אָרעמע און האָבן קעגנגעשטעלט דער טרויעריקער רעאַליטעט — די חלומות וועגן גלייכקייט צווישן די מענטשן. דאָרט זענען אויך אויפ־געקומען די ערשטע באַקאַנטע קאָמונעס און אַ גאַנצע סעקטע, די „אסיים", וואָס האָבן פאַרלאָזט די קאָרומפּירטע שטעט, אַוועק אין מדבר, צום ברעג פון טויטן ים און דאָרט געלעבט אין אַבסאָלוטער גלייכקייט. די יורשים פון די אסיים זענען געווען די ערשטע קריסטן און שפּעטער, שוין אין מיטלאַלטער זענען אויפגעקומען פאַרשידענע קריסטלעכע סעקטעס, וואָס האָבן געפּריידיקט די פולשטענדיקע גלייכקייט פון מענטשן. צו זיי האָבן געהערט די קאַטאַרן, אַנאַבאַפּטיסטן, טשעכישע הוסיטן, ענגלישע „לעווועלערס". זיי האָבן געפּריידיקט, אַז „די ערד איז פון גאָט און געהערט צו אַלע מענטשן גלייך" און האָבן זיך באַמיט צו לעבן פון קאָמוניסטישער, בשותפותדיקער אַרבעט און געניוס.

לויט געוויסע אויספאָרשער, האָבן אין 15־טן יאָרהונדערט געלעבט 150 טויזנט מענטשן אין אַזעלכע „קאָמונעס" און צו יענער צייט, באַווייזט זיך דער ענגלישער פילאָזאָף און מיניסטער, טאָמאַס מאָר (1535 — 1478), וואָס פאַרעפנטלעכט זיין בוך א. ד. טעמע „די אוטאָפּיע", אין וועלכן ער קריטיקירט די צעטיילונג פון דער געזעלשאַפט אויף קלאַסן, רעדט וועגן דער קאָרופּציע צווישן די רייכע גוטבאַזיצער און באַזינגט די גליקלעכע מדינה פון גלייכקייט, וווּ עס עקזיסטירט נישט קיין פּריוואַט־אייגנטום, אַלע אַרבעטן גליקלעך און אַלץ געהערט צו אַלעמען.

אין יאָר 1525 איז אויסגעבראָכן אין דייטשלאַנד אַ ריזיקער פויערים־אויפשטאַנד, וואָס איז געווען דער אָנזאָגער פון די שפּעטערדיקע סאָציאַלע רעוואָלוציעס אין אייראָפּע. צווישן די פּרעדיקער פון אויפשטאַנד האָט זיך געפונען אַ פּשוטער פּאַסטוך, האַנס ביים, וואָס פלעגט דערציילן די פויערים, אַז „אין אַ חלום איז צו אים געקומען די הייליקע מוטער און האָט אים אָנגעזאָגט, אַז גאָר אין גיכן וועלן פאַרשווינדן אַלע פירשטן, קייסערס, פּויפּסטן און ס׳וועט נישט עקזיסטירן קיין שום אויטאָריטעט, נישט קיין וועלטלעכע און נישט קיין גייסטלעכע״. דער פּאַסטוך־רעוואָ־לוציאָנער האָט גערופן צו שאַפן אַ געזעלשאַפט, ווו קיינער וועט נישט פאַרמאָגן אייגנס מער ווי אַ חבר, די וועלדער, פעלדער — אַלץ וועט זיין פריי און געהערן צו אַלעמען און צו קיינעם נישט. ווי עס דערציילן היסטאָריקער, פלעגן צו די פאַרזאַמלונגען קומען ביז 40 טויזנט מענטשן.

אין 1525 האָבן דייטשישע פויערים פאַרעפנטלעכט זייער פּראָגראַם אין פאָרם פון „12 פּאַראַגראַפן״ אין וועלכן זיי זאָגן צווישן אַנדערע: „מיר וועלן נישט זיין געהאָרכזאַם צו קיין שום הערשאַפט אויסער דער, וואָס מיר וועלן אַליין אויסוויילן״ און פאָדערן צו באַפרייען די פויערים פון לייב־אייגנטום „פון איצט און ווייטער וועלן מיר נישט דערלויבן, אַז די האַרן זאָלן אונדז ווייטער אונטערדריקן״.

פירער פון דער באַוועגונג איז געווען טאָמאַס מינצער, געבוירן אין 1498, אַליין אַ גלח, אָנגענומען די תורה פון די אַנאַבאַפּטיסטן און גע־פּריידיקט, אַז „דער רוח הקדוש איז דער שכל״ און „מיטן כוח פון שכל איז דער מענטש געוואָרן אַ טייל פון דער גאָטהייט״. „גאָטס מלוכה באַדייט אַ געזעלשאַפט, ווו עס וועלן נישט עקזיסטירן קיין פּריוואַט־אייגנטום, קיין מלוכהשע מאַכט, נאָר פולשטענדיקע גלייכקייט פון אַלע מענטשן״.

די אויפשטענדלער האָבן קאָנפיסקירט דאָס קירכלעכע אייגנטום און צעטיילט די ערד צווישן די נויטבאַדערפטיקע פויערים. מינצער רופט די פויערים צו „פאַרטרייבן די טיראַנען״. דער אויפשטאַנד נעמט אַרום צוויי דריטל פון דייטשלאַנד. דער צענטער פון אויפשטאַנד איז די שטאָט מילהאַוזען, ווו עס קומט פאָר אין מאַי 1525 די שלאַכט צווישן דער פריצישער אַרמיי און 8 טויזנט פויערים פון מינצערס אַרמיי. די פויערים ווערן געשלאָגן, 5 טויזנט פון זיי דערהרגעט און צווישן זיי — טאָמאַס מינצער.

אין סוף פון 18־טן יאָרהונדערט קומט דער אונטערגאַנג פון דער פעאָדאַלער אָרדענונג אין פראַנקרייך און שפּעטער אין די איבעריקע

לענדער פון אייראָפּע און עס זיגט דער קאַפּיטאַליזם. ער ברענגט מיט זיך אַ שווידערלעכע עקספּלואַטאַציע נישט נאָר פון דערוואַקסענע מענער און פרויען נאָר אויך פון קינדער, אָנהויבנדיק פון 4—3 יאָר, באַשריבן גלענצנד פון טשאַרלס דיקענס (1812—70). אַן אַרבעטס־טאָג פון 18—16 שעה אַ מעת־לעת איז געווען אַ נאָרמאַלע דערשיינונג און דער לוין — אַ פּאָר גראָשן, וואָס זאָלן אויפהאַלטן דעם אַרבעטער, נישט לאָזן אים שטאַרבן פון הונגער, אָבער אויך נישט געניסן פון לעבן.

עס קומען אויף פּערזענלעכקייטן, וואָס פּראָטעסטירן קעגן דעם דאָזיקן סקאַנדאַליעזן אומרעכט און זוכן וועגן ווי צו שאַפן אַ נייע, בעסערע, גע־רעכטערע געזעלשאַפט. צו זיי געהערן גראַקכוס באַבעף און פ. בואָנאַראָטי אין פראַנקרייך, וואָס פּרווון אָרגאַניזירן „די פאַרשווערונג פון די גלייכע" אין 1795. ס'איז אויגוסט בלאַנקי, וואָס זעצט פאָר די טראַדיציע פון באַבעף און נעמט אָנטייל אין אַלע רעוואָלוציעס אין פראַנקרייך אין 19טן יאָר־הונדערט פון 1830 ביז דער פּאַריזער קאָמונע אין 1871. ס'זענען די פראַנ־צויזישע פילאָזאָפן: קלאָד סען־סימאָן און שאַרל פוריע, וואָס פּרווון שאַפן קאָמונעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין וועלכע זיי פּרווון פאַרווירק־לעכן די אַבסאָלוטע גלייכקייט. (אויף זייער ביישפּיל זענען שפּעטער אויפ־געקומען די ישראלדיקע קיבוצים). ס'איז דער ענגלישער דענקער, פילאָזאָף און פאַבריקאַנט ראָבערט אָוען, וואָס פּרווט אויפבויען אַ גרויסע טעקסטיל־פאַבריק און אַן אַרבעטער שטאָט און ס'געלינגט אים אַפילו צו באַווייזן, אַז מענטשלעכע באַציִונגען און נאָרמאַלע אַרבעטס־באַדינגונגען קאָנען לקיווידירן נישט נאָר די אָרעמקייט, נאָר אויך פאַרברעכנס (ער האָט גע־גרינדעט זיין פאַבריק אין ערגסטן ראַיאָן, ווו פאַרברעכנס זענען געווען אַ טעגלעכע דערשיינונג און אונטער זיין ווירקונג זענען כמעט אַלע פאַר־ברעכנס פאַרשוווּנדן געוואָרן). דער עקספּערימענט איז געלונגען, נאָר די פאַבריק האָט... באַנקראָטירט, נישט קאָנענדיק קאָנקורירן מיט די איבעריקע.

ס'קומט אויף אין פראַנקרייך דער דענקער פּיער פּרודאָן (1809—1860), וואָס גלויבט, אַז ס'איז מעגלעך מיט דער הילף פון אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון און סינדיקאַטן (פּרודאָן איז דער שעפער פון דער „סינ־דיקאַליסטישער" שיטה) אָפּשאַפן דעם קאַפּיטאַליזם, פּריוואַט־אייגנטום און געלט, פאַרוואַנדלענדיק אַלעמען אין גלייכע שותפים צו דער גאַנצער פּראָדוקציע, — ער איז דער פאָטער פון סינדיקאַליסטישן אַנאַרכיזם.

אויך אין אָפּגעשטאַנענעם צאַרישן רוסלאַנד באַווייזן זיך גרויסע מענער ווי ניקאָלאַי טשערנישעווסקי, וועמענס ראָמאַן „וואָס טאָן" רעוואָ־

לוציאָניזירט די סטודענטישע יוגנט, די זין און טעכטער פון די גרויסע גרונט־באַזיצער און פּרינצן. עס דערשיינט אַלעקסאַנדער הערצען, וועמענס אָרגאַן „קאָלאָקאָל" (דער גלאָק) איז די ערשטע, רעוואָלוציאָנערע רוסישע צייט־שריפט. ער גיט זי אַרויס אין לאָנדאָן און „שמוגלט" זי אַריין קיין רוסלאַנד. עס זענען די אַנאַרכיסטן באַקונין און ניעטשאַיעוו, וואָס טראָגן מיט זיך באַמבעס און זאָגן אָן דעם טויט דעם צאַר און זיין רעזשים.

אין דייטשלאַנד, וואָס איז צעטיילט אויף 36 גרעסערע און קלענערע קעניגרייכן און פּרינצנטומס און געפינט זיך אין די וויקעלעך אין איר אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, ווערט אין 1836 געגרינדעט דער „פאַרבאַנד פון די גערעכטיקע", וואָס פאַרוואַנדלט זיך שפּעטער אין „פאַרבאַנד פון קאָמוניסטן". די ערשטע סאָציאַליסטישע דענקער זענען ווילהעלם וויט־לינג, משה העס, לודוויג פויערבאַך. אין אוניווערסיטעט לערנט דער פּראָפעסאָר העגעל זיין דיאַלעקטישע טעאָריע, אויף וועלכער עס בויט שפּעטער זיינער אַ שילער, קאַרל מאַרקס, זיין אייגענע טעאָריע.

ענגלאַנד איז דאָס אַנטוויקלסטע לאַנד. דאָרט איז די קאַפּיטאַליסטישע רעוואָלוציע דורכגעפירט געוואָרן מיט 150 יאָר פאַר דער פראַנצויזישער. דאָרט הערשט דער קאַפּיטאַליזם מיט אַלע זיינע שוידערלעכקייטן, שוין פריער דערמאָנטע, אָבער אויך דאָרט ווערט געבוירן אין 1836 די ערשטע מאַסן־באַוועגונג פון אַרבעטער, די א. ג. טשאַרטיסטישע באַוועגונג, וואָס פאָדערט צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט אַ קלענערן אַרבעטס־טאָג, סאָציאַלע געזעצן און... וואַל־רעכט פאַר די אַר־בעטער. די באַוועגונג דערגייט צום זעניט אין 1842 ווען זי שטעלט צו אַ מעמאָראַנדום דעם ענגלישן פּאַרלאַמענט מיט 3 מיליאָן אונטערשריפטן, אַ געוואַלטיקע צאָל פאַר יענער צייט.

אין דער לופט פילט זיך אַ דראַנג צו דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַ־רייניקונג, און שוין אין 1844 קומען זיך צונויף אין לאָנדאָן (די פרייסטע שטאָט אין דער וועלט צו יענער צייט) ענגלישע, דייטשישע, פראַנצויזישע און פּוילישע אַרבעטער, ביי אַן אויפנאַמע פון דייטשישן „קאָמוניסט" ווילהעלם וויטלינג.

אין יענער צייט באַווייזן זיך אין פּאַריז 2 דייטשישע „קאָמוניסטן" דער זון פון אַ יידישן באַנקיר, דער 25־יעריקער קאַרל מאַרקס (1818—1883) און דער זון פון אַ דייטשישן טעקסטיל־פאַבריקאַנט דער 23־יערי־קער פרידריך ענגעלס (1820—95).

דער יונגער מאַרקס, וואָס איז געשמדט געוואָרן דורך זיינע עלטערן

נאָך אין די קינדער־יאָרן (כדי ער זאָל נישט ליידן פון זיין יידנטום). קומט אין 1843 קיין פאַריז דירעקט פון אוניווערסיטעט. ער האַלט זיך פאַר דעם „אמתן" פאַרשטייער פון דייטשישן „פּראָלעטאַריאַט" און כדי מען זאָל אים נישט, חס וחלילה, חושד זיין, אַז ער איז אַ ייד, שטרעקט ער אויס זיין וויזיט־קאַרטע אין פאָרם פון אַ בראָשור „אַ וועלט אָן יידן", וואָס האָט געקאָנט דינען אַלס די ביבל פון... היטלעריזם, וואָס איז געקומען ביי די 100 יאָר שפּעטער. וואָס זאָגט מאַרקס אין דער בראָשור? איך ברענג אייניקע אויסצוגן:

„וועלכער איז דער צושטייער פון די יידן אין אונדזער וועלט? מאַטעריעלער געניס, פּריוואַטע איניציאַטיוו.

וואָס איז דער ציל פון יידנטום אין דער וועלט? וווכעריי. ווער איז זייער גאָט? געלט.

„די עמאַנציפּאַציע פון וווכער און געלט, ד. ה. פון פּאַקטישן און רעאַלן יידנטום וועט באַדייטן די עמאַנציפּאַציע פון אונדזער צייט.

„די עמאַנציפּאַציע פון יידן באַדייט די עמאַנציפּאַציע פון דער וועלט פון יידנטום.

„די יידן האָבן זיך עמאַנציפּירט באַקומענדיק פינאַנציעלן כוח און דורך אים די הערשאַפט איבער דער וועלט.

„די יידן האָבן זיך אַליין עמאַנציפּירט ביזן דערגרייכן, אַז קריסטן זאָלן ווערן יידן.

„די מאַטעריאַליסטישע הערשאַפט פון די יידן איבער דער קריסטלעכער וועלט האָט אין די פאַראייניקטע שטאַטן (אין יאָר 1843!) דערגרייכט צו אַזאַ צושטאַנד, אַז די פּראָפּאַגירונג פון דער עוואַנגעליע, דאָס לערנען דאָס קריסטנטום גופא, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין קאָמערץ און דער באַנקראָטירטער סוחר פאַרנעמט זיך מיט דער עוואַנגעליע, ווי דער רייכער עוואַנגעליסט פאַרנעמט זיך מיט מסחר.

„די בורזשואַזע געזעלשאַפט קומט אַרויס פערמאַנענט פון די יידישע אינגעווייט.

„וועלכע זענען די עסענציעלע יסודות פון דער יידישער רעליגיע? פּראַקטישע נויטן, עגאָאיזם (שטעלן זיך אין צענטער פון דער וועלט).

„דער יידישער גאָט פון די פּראַקטישע געברויכן און פּריוואַטע אינטערעסן איז דאָס געלט.

„געלט איז דער גאָט פון ישראל. דערפאַר האָבן זיי באַגנבעט די גאַנצע וועלט, די נאַטור און דעם מענטשן. געלט איז די עסענץ פון

מענטשלעכן לעבן און טעטיקייט. דאָס איז דער יידישער מאָנסטער וואָס באַהערשט די וועלט און פירט מיט איר אָן.

„דער גאָט פון די יידן איז פאַרוועלטלעכט געוואָרן. דער באַנק־טשעק איז דעם יידנס אמתער גאָט.

„די קימערישע נאַציאָנאַליטעט פון די יידן איז די אמתע נאַציאָנאַליטעט פון דעם סוחר, דעם פינאַנץ־מאַן.

„דאָס געזעץ פון די יידן איז אַ רעליגיעזע קאַריקאַטור פון מאָראַל און געזעץ בכלל. עס אַנטהאַלט אָבער די תקנות לויט וועלכע די וועלט פון אייגנטום שליסט אירע טראַנזאַקציעס.

„דאָס יידנטום קאָן נישט שאַפן קיין נייע וועלט.

און מאַרקס פאַרענדיקט זיין דעביוט „ווערק" מיט די ווערטער „די סאָציאַלע עמאַנציפּאַציע פון יידנטום איז די עמאַנציפּאַציע פון דער געזעלשאַפט פון יידנטום".

דער דאָזיקער פּאַשקוויל פון יונגן נעאָפיט, האָט מאַרקס קיינמאָל נישט אָפּגערופן, קיינמאָל נישט געטאַדלט און נישט פאַרענטפערט, דער אַנטיסעמיטיזם פון דעם דייטשישן קליינבירגער דער „יודע פערעקע" איז פאַרבליבן אין אים ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן, ווי מיר וועלן דאָס זען שפּעטער.

אָבער נישט דער אַנטיסעמיטיזם איז געווען די סיבה פון זיין שפּעטערדיקער גרויסקייט. אַנטיסעמיטן און באַזונדערס אין דייטשלאַנד זענען געווען אַ סך. מאַרקס האָט זיך אויסגעצייכנט אין זיינע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע טעאָריעס, אין דעם וואָס ער האָט אָנגערופן „וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם".

זענען טאַקע זיינע טעאָריעס געווען וויסנשאַפטלעכע? ניין, דאָס איז אַן אַלטע דייטשישע קראַנקייט, פּרוּוון אויף אַלץ און אַלעמען געבן אַ כלומרשט „וויסנשאַפטלעכן" ענטפער. אויך היטלער האָט געליטן אויף „וויסנשאַפטלעכקייט" און אויך די קרעמאַטאָריומס און גאַז־אויוונס ווו ער האָט פאַרברענט פיל מיליאָנען מענטשן, הויפּטזעכלעך יידן, זענען געווען „וויסנשאַפטלער".

מאַרקס טעאָריעס האָבן זיך נישט אונטערגעשיידט פּרינציפּיעל פון אַלע אַנדערע סאָציאַלע טעאָריעס, כאָטש ער האָט געפּרוּווט שטעלן אַ מעדיציניש־סאָציאָלאָגישן דיאַגנאָז פון אַ וויסנשאַפטלער — אַן עקאָנאָמיסט. מאַרקס האָט איבערגענומען די טעאָריעס פון העגעל און פויערבאַך און אויף זייער באַזע געפּרוּווט קומען צו אַבסאָלוטע אויספירן. אַזוי מוז זיין,

דאָס איז דער פּסק פון דער געשיכטע, פון דער סאָציאָלאָגיע, פון דער עקאָנאָמיק. ליידער טרעפט זיך זייער אָפט, אַז אויך מעדיצינישע דיאַג־נאָזן — ביי אַלע געוואַלטיקע דערגרייכונגען צו וועלכע מיר זענען גע־קומען היינט צו טאָג — טרעפט זיך, אַז די דיאַגנאָזן ווייזן זיך אַרויס אַלס פאַלשע און אַזוי איז אויך געשען מיטן געניאַלן זון פון יידישן באַנקיר, קאַרל מאַרקס.

די באַזע פון מאַרקסיזם זענען די אַרבעטן פון מאַרקס און ענגעלס, פאַרעפנטלעכע אין אַ רייע ווערק, פון וועלכע די וויכטיקסטע זענען: „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" אַרויסגעגעבן אין 1848, „די מיזעריע פון דער פילאָזאָפיע" (1847), „קריטיק פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע" (1857—58), „רעוואָלוציע און קאָנטער־רעוואָלוציע אין 1848" (1852), „בירגער־קריג אין פראַנקרייך" (1871), „היסטאָרישע שריפטן" — קאָרעספּאָנדענצן קיין אַמעריקע אין די יאָרן 1852—71, „קאָרעספּאָנדענץ" — זאַמלונג פון בריוו פון מאַרקס און ענגעלס, פאַרעפנטלעכט אין 1936 אין מאָסקווע און פאַר אַלעם זיין קרוין־ווערק „דער קאַפּיטאַל", וועמענס ערשטער טייל איז דערשינען אין 1859 און די איבעריקע צוויי בענדער נאָך מאַרקס'ס טויט, באַאַרבעט דורך פ. ענגעלס.

וועלכע זענען די גרונט־הנחות פון „מאַרקסיזם"?

אין „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" שרייבן זיינע אויטאָרן:

„די גאַנצע געזעלשאַפט איז צעטיילט אויף צוויי קלאַסן, צוויי פיינט־לעכע לאַגערן: בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט".

איז דאָס ריכטיק? ניין. דאָס האָט קיינמאָל נישט עקזיסטירט און אין קיין שום געזעלשאַפט. די געזעלשאַפט איז פיל מער קאָמפּליצירט, זי איז פאַרטיילט אויף אַ סך מערער קלאַסן. אין די אָפּגעשטאַנענע לענדער, און זיי שטעלן מיט זיך פאַר 75 פּראָצענט פון דער מענטשהייט, איז פאַראַן אַ רעלאַטיוו אָרעמע בורזשואַזיע און אַ רעדוצירטער פּראָלעטאַר־יאַט. די אַבסאָלוטע מערהייט, אָפט ביז 90 פּראָצענט פון דער באַפעלקע־רונג שטעלט מיט זיך פאַר דאָס פּויערטום און אויך דאָס איז צעטיילט אויף קלאַסן, רייכע פּויערים, מיטעלע און אָן־ערדיקע פּויערים, וואָס מוזן אָפּגעבן אַ גרויסן טייל פון דער גערעטעניש די בעלי־בתים פון דער ערד. אין אַלע לענדער, אָן אויסנאַם, עקזיסטירט אַ קלאַס מלוכה־באַאַמטע, וועלכע מען קאָן נישט פאַרעכענען צו דער בורזשואַזיע, אָבער אויך נישט צום „פּראָלעטאַריאַט" און אַפילו זיי זענען צעטיילט אויף העכערע באַאַמטע, וואָס זענען „נאָענט צו דער שיסל", באַשטימען די

פּאָליטיק פון זייער לאַנד אָדער העלפן מיט די דיקטאַטאָרן און די מאַסע פון די קליינע באַאַמטע.

אין די אַנטוויקלטע לענדער, די אינדוסטריעלע, צו וועלכע דייטש־לאַנד האָט אין 1848 נישט געהערט און פּאַקטיש זענען געווען נאָר צוויי אַזעלכע לענדער (ענגלאַנד און פראַנקרייך) האָבן אויך נישט עקזיסטירט און היינט נאָך ווייניקער, 2 קלאַסן. ס׳האָט דאָך עקזיסטירט אַ קלאַס פון גרויסע גוטבאַזיצער (לאָרדן), בורזשואַזיע, קליינבירגערטום, (גאָר אַ גרויסער שיכט), פּויערים, מלוכה־באַאַמטע, העכערע און נידעריקערע אָנגעשטעלטע (צווישן זיי אויך דירעקטאָרן), פרייע פּראָפעסיעס און אַרבעטער. צעטיילן מעכאַניש די באַפעלקערונג אויף צוויי קלאַסן האָט באַדייט שוין דאַן סימפּליפיצירן די רעאַליטעט און ממילא קומען צו אויספירן, מסקנות וואָס זענען געווען דאַן פאַלש און נאָך מער היינט. די אַמעריקאַנער אַרבעטער זאָגן זיך אָפּ היינט צו געהערן צום „פּראָלעטאַריאַט", זיי אָנערקענען זיך פאַר אָנגעהעריקע צום „מיטל־קלאַס" און די איינציקע „פּראָלעטאַריער" אין די פאַראייניקטע שטאַטן לויט הערבערט מאַרקוזע און די „נייע לינקע" זענען היינט די נעגערס, מעקסיקאַנער, פּאָרטאָריקאַנער אָבער נישט די ווייסע אַרבעטער.

היינט צו טאָג קעניגן די גרויס־בורזשואַ, די מולטי־מיליאָנערן און מיליאַרדערן, אָבער זיי הערשן נישט. הערשן — הערשן די הויכע באַאַמטע, די דירעקטאָרן, וואָס לויט מאַרקסן געהערן זיי צום „פּראָלעטאַריאַט", אָבער צווישן זיי זענען פאַראַן ווער ס׳פאַרדינט אַ מיליאָן דאָלאַר און מערער אַ יאָר. שווער צו פאַרעכענען צום „פּראָלעטאַריאַט" די דירעקטאָרן פון „דזשענעראַל מאָטאָרס", „סטאַנדאַרט אויל", „איי. טי. טי.", „איי. בי. עם" און... הויכע סאָוויעטישע דירעקטאָרן, וואָס פירן פּאַקטיש אָן מיט דער פּאָליטיק נישט נאָר פון זייערע אונטערנעמונגען, נאָר איבן אויך אויס גאָר אַן ערנסטן דרוק אויף דער פּאָליטיק פון די מדינות צו וועלכע זיי געהערן.

2־טע הנחה: „די בורזשואַזיע האָט אַרויסגעצויגן ביי דער אינדוסטריע דעם נאַציאָנאַלן באָדן פון אונטער די פיס" — מיר לעבן היינט 125 יאָר נאָכן „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" און דער נאַציאָנאַליזם איז היינט פיל שטאַרקער, ווי ער איז געווען אין 1848. אמת, די גרויסע אונטערנעמונגען פאַרפלייצן די מלוכה־גרענעצן, שווימען איבער זיי, זוכן נישט נאָר מערק פאַר זייערע פּראָדוקטן, נאָר גרינדן אויך גרויסע פאַבריק־אונטערנעמונגען אין פרעמדע לענדער אָדער קויפן אַקציעס פון פרעמדע

אונטערנעמונגען. „פֿאָרד״ באַגרענעצט זיך נישט צו די פּ. שטאַטן, גרינ־דעט פֿאַבריקן אין אייראָפּע, דרום־אַמעריקע, אַזיע א. א. וו., אָבער אין דער זעלבער צייט קעמפֿט ער קעגן דער קאָנקורענץ פֿון יאַפּאַן און דייטשלאַנד אויף „זיין״ אַמעריקאַנער טעריטאָריע. היינט צו טאָג מאַכט נאָך אויס דער אַמעריקאַנער עקספּאָרט ווייניקער פֿון 10 פּראָצענט פֿון דער אַמעריקאַנער פּראָדוקציע, העכער 90 פּראָצענט — פֿאַרברויכט דער אינערלעכער מאַרק און די אָרטיקע בורזשואַזיע (אָדער זייערע גוט־באַצאָלטע דירעקטאָרן) פֿאָדערן פֿאַרטיידיקונגס־שטייערן קעגן דער אויסלענדישער קאָנקורענץ. די מלחמה אין 1914—18 איז געווען אַ מלחמה פֿון די נאַציאָנאַלע בור־זשואַזיעס פֿאַר נייע מערק, פֿאַר אַן איבערצעטיילונג פֿון דער וועלט.

3־טע הנחה: „די בורזשואַזע געזעלשאַפֿט איז נישט פֿעיִק צו באַ־הערשן די פּראָדוקציע און פֿאַרקער״ — היינט צו טאָג, 125 יאָר שפּע־טער, איז די פּראָדוקציע און פֿאַרקער געשטיגן טויזנט מאָל לגבי 1848 און דער פֿאַקט איז, אַז די בורזשואַזיע באַווייזט צו באַהערשן די לאַגע, כאָטש פֿון צייט צו צייט (און נישט אין „פֿעסטע״ טערמינען פֿון 7 יאָר, ווי ס׳האָט אויסגערעכנט מאַרקס) ברעכט אויס אַ קריזיס און אַמאָל, ווי אין די יאָרן 1929—32 גאָר אַ שווערער. נאָכן קריזיס וואַקסט אָבער די אינדוסטריע און פֿאַרקער פֿיל גיכער און שטאַרקער ווי פֿריִער. פֿון אַלע „פֿאָרויסזעונגען״ פֿון אונטערגאַנג האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם.

4־טע הנחה: „די האַנדלס־קריזיסן שטעלן אונטער אַ פֿראַגע־צייכן די עקזיסטענץ גופא פֿון דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט״. ווי מיר האָבן שוין אָנגעמערקט איז אויך די הנחה פֿאַלש. דער קריזיס פֿון וואָל־סטריט פֿון 1929 האָט געבראַכט מיט זיך הונדערטער טויזנטער באַנקראָטן אויף דער וועלט, צענדליקער טויזנטער זעלבסטמאָרדן, געבראַכט אויף דער וועלט אַזאַ אומגליק ווי דעם היטלעריזם, אָבער די בורזשואַזע געזעלשאַפֿט איז נישט אונטערגעגאַנגען. דער קריזיס איז טאַקע אַ באַשטאַנד־טייל פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, אָבער זי באַווייזט גובר צו זיין די שוועריקייטן און ווייטער זיך אַנטוויקלען.

5־טע הנחה: „די בורזשואַזע געזעלשאַפֿט פֿאַרמאָגט צופֿיל ציוויליזאַציע, צופֿיל לעבנס־מיטלען, צופֿיל אינדוסטריע, צופֿיל האַנדל״... „די בורזשואַזע פֿאַרהעלטנישן זענען געוואָרן צו ענג אויף אָבסאָרבירן די עשירות, וואָס זיי האָבן געשאַפֿן״ — ווי לעכערלעך זעט היינט אויס די דאָזיקע פֿעסטשטעלונג, געשריבן אין אַ צייט, ווען דער קאַפּיטאַליזם איז נאָך געווען אין די וויקעלעך, אין אַ צייט, ווען קיינער האָט נאָך נישט

געחלומט אַפּילו וועגן אַן אויטאָ אָדער עראָפּלאַן, ראַדיאָ אָדער טעלעוויזיע און ווען נאָר אַ זשול ווערן האָט געקאָנט חלומען וועגן... דערגרייכן די לבנה.

היינט צו טאָג ציילט די וועלט־באַפעלקערונג קנאַפּע 4 מיליאַרד נפשות אָנשטאָט 1 מיליאַרד אין די צייטן פון מאַרקס און ענגעלס און היינט, כאָטש עס ווערט פּראָדוצירט טויזנט מאָל מערער ווי דאַן, רעדן מיר וועגן מאַנגל פון פּראָדוקציע, באַזונדערס שפּייז, אָבער בשום אופן נישט וועגן „צופּיל". און וואָס באַדייט „צופּיל ציוויליזאַציע"? מיר קאָנען רעדן וועגן דעקאַדענטישע ציוויליזאַציע, וועגן אונטערגאַנג פון דער ציוויליזאַציע, מיר קאָנען דיסקוטירן וועגן עקאָלאָגישע סכנות פון דער ציוויליזאַציע — אָבער צופּיל ציוויליזאַציע?

6־טע הנחה: „דער פּרייז פון דער סחורה אויך פון דער אַרבעט איז גלייך צו די קאָסטן פון פּראָדוצירן זי". „וואָס מער די אַרבעט פאַרלירט איר אינטערעס, אַלץ מער פאַלט דער לוין". „די אַרבעט פון מענער ווערט אַרויסגעשטויסן דורך דער אַרבעט פון פרויען און קינדער".

די דאָזיקע הנחה איז געווען ריכטיק אין אָנהויב פון 19־טן יאָר־הונדערט ווען דער קאַפּיטאַליזם האָט געשטעלט זיינע ערשטע שריט, ווען מיליאָנען פּויערים, לומפּענפּראָלעטאַריער האָבן פאַרפולט די שטעט און צוליב די נידעריקע לוינען געווען געצוווּנגען צו פאַרשקלאַפן אויך די פרוי און קינדער. אָבער שוין אין 1848, ווען מאַרקס האָט געשריבן די ווערטער, האָבן די ענגלישע אַרבעטער אויפגעצוווּנגען געזעצן צו באַ־גרענעצן די אַרבעט פון קינדער און העכערן די אַרבעטס־לוינען. פאַר־שטענדלעך, אַז היינט איז די דאָזיקע הנחה פולשטענדיק פאַלש אויף וויפל מען רעדט וועגן אַנטוויקלטע לענדער. אין די פ. שטאַטן לערנען אין די מיטל־שולן 75 פּראָצענט פון אַלע יוגנטלעכע אין עלטער ביז 17 יאָר און אַזוי אויך אין יאַפּאַן. וועגן קינדער־אַרבעט איז אָפּגערעדט, סיידן אין די פאַרוואָרפנסטע, אָפּגעשטאַנענע געגנטן.

מילא זענען פאַלש אויך מאַרקס'ס אויספירן:

„פון אַלע קלאַסן, וואָס שטייען היינט צו טאָג קעגן דער בורזשואַזיע (שוין נישט איין קלאַס, נאָר קלאַסן!) איז נאָר דער פּראָלעטאַריאַט אַן אמת רעוואָלוציאָנערער קלאַס... דער פּראָלעטאַריאַט פאַרמאָגט נישט קיין אייגנטום. זיין פאַרהעלטעניש צום ווייב און קינד האָט נישט קיין שייכות צו די בורזשואַזע פאַמיליען־פאַרהעלטענישן... דער אַרבעטער ווערט פאַופּעריזירט (פאַראָרעמט) און דער פאַופּעריזם אַנטוויקלט זיך גיכער

פון דער עשירות... די בורזשואַזיע פּראָדוצירט איר אייגענעם באַגרעבער. איר אונטערגאַנג און דער זיג פון פּראָלעטאַריאַט זענען אומפאַרמיידלעך... די פּראָלעטאַריער האָבן גאָרנישט צו פאַרלירן".

גוטער ווילן, שיינע פראַזן, אָבער נישט מער ווי פראַזן. דער „פּראָלעטאַריאַט" האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין אַ רעוואָלוציאָנערער קלאַס, ווי מיר האָבן עס אָנגעוויזן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער אויך אין מערב־אייראָפּע, אין ענגלאַנד, דייטשלאַנד, פראַנקרייך. אַמבולטסטן האָט עס אַרויסגעבראַכט די רעוואָלוציאָנערע סטודענטנשאַפט אין 1968 (וועגן וועלכע מיר וועלן זיך ברייטער אָפּשטעלן ווייטער), ווען אַרבעטער אין די פאַראייניקטע שטאַטן און דייטשלאַנד (אויך אין קאָמוניסטישן פוילן) זענען נישט אַרויסגעטראָטן אויף דער זייט פון די רעוואָלוציאָנערע סטודענטן, נאָר — קעגן זיי. דער אַרבעטער האָט היינט יאָ וואָס צו פאַרלירן, ער פאַרמאָגט יאָ אייגנטום. 60 פּראָצענט פון די הייזער אין די פאַראייניקטע שטאַטן געהערן היינט צו זייערע באַוווינער, כמעט יעדער אַרבעטער אין מערב פאַרמאָגט זיין אויטאָ, אַ באַנקקאָנטאָ, אַ שפּאָר־ביכעלע. דער פּאַופּעריזם וואַקסט, אָבער נישט אין די אַנטוויקלטע, נאָר אין די אָפּגעשטאַנענע לענדער, ווי אינדיע, אַפריקע, לאַטיין־אַמעריקע.

מאַרקס זאָגט „די אַרבעטער האָבן נישט קיין פאָטערלאַנד". ליידער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נישט נאָר די אַרבעטער קעמפן פאַר דער פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט פון זייער מדינה און גלעקן מיט ענטוזיאַזם צו דער מלחמה אין 1914, נאָר אַפילו ווען בראש פון זייער מדינה זענען געשטאַנען רוצחים און משוגעים, ווי דער פאַראַנאָיקער אַדאָלף היטלער אין דייטשלאַנד. פולשטענדיק פאַלש איז מאַרקס׳ס דעטערמיניזם, „עס מוז זיין" „דער אונטערגאַנג פון דער בורזשואַזיע און דער זיג פון פּראָלעטאַריאַט זענען אומפאַרמיידלעך". נאָך 125 יאָר קאָנען מיר זייער לייכט פעסטשטעלן, אַז קיין שום זאַך אין דער געזעלשאַפט איז „נישט אומפאַרמיידלעך". אומפאַרמיידלעך, יעדנפאַלס היינט צו טאָג, איז נאָכן טאָג קומט נאַכט, נאָכן זומער דער ווינטער, אָבער אין דער סאָציאָלאָגיע עקזיסטירן נישט קיין שום געזעצן און קיין שום זאַך איז נישט אומפאַרמיידלעך. די געזעלשאַפט קאָן זיך אַנטוויקלען צום גוטן אָדער צום שלעכטן, אָבער דאָס איז אָפּהענגיק פון דער געזעלשאַפט, ס׳איז דער מענטש וואָס באַשטימט דעם אויסזען פון זיין געזעלשאַפט, פאַרשטענדלעך, אַז נישט דער איינצלנער.

דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער מאַניפעסט, אָבער נישט מערער.

## דער „קאַפּיטאַל"

אַ ריזיקע אַרבעט. בלויז דער ערשטער באַנד אַנטהאַלט 722 זייטן און אויסער זיי נאָך 100 זייטן צוגאָב, אינדעקס, אויפקלערונגען א. א. וו. די אויפגאַבע, וואָס מאַרקס האָט זיך געשטעלט איז געווען „אויפדעקן דאָס עקאָנאָמישע באַוועגונגס־געזעץ פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט... אויפדעקן די געשיכטע פון דער בילדונג פון די פּראָדוקציע־אָרגאַנען פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט" ווייל ...„די מענטשלעכע געשיכטע שיידעט זיך אונטער פון דער נאַטור־געשיכטע מיט דעם, וואָס די ערשטע מאַכן מיר, די מענטשן, די צווייטע — נישט".

דער באַרימטער ענגלישער עקאָנאָמיסט דזשאָן קיינעס (1946—1883) שרייבט אין זיין בוך „די תורה פון געלט": „ריכטיק אָדער נישט, די מיינונגען פון די עקאָנאָמיסטן האָבן אַ גרעסערע באַדייטונג ווי מען גלויבט. זיי פאַקטיש פירן אָן מיט דער וועלט". מיט דער וועלט פירן זיי נישט אָן, אָבער די פּאָליטיקער, וואָס פירן יאָ אָן מיט דער וועלט, נעמען איבער אַ סך פון די עקאָנאָמישע טעאָריעס, ריכטיקע אָדער פאַלשע און נישט זעלטן פירן זיי צום אָפּגרונט.

וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דער „קאַפּיטאַל"? פאַר קאָמוניסטן און א. ג. „מאַרקסיסטן" פון אַלע מינים באַזונדערס פאַר די וואָס ווייסן, אַז אַזאַ ווערק עקזיסטירט, האָבן אים אָבער נישט שטודירט, איז עס „תורה מסיני". פאַר מאַרקסן האָט דער „קאַפּיטאַל" געדאַרפט: 1) פעסטשטעלן די סאָציאַלע ווערט פון דער אַרבעט, 2) די באַציִונגען צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל, 3) פעסטשטעלן דעם מערווערט, וואָס עס באַקומט דער אונ־טערנעמער פון דער אַרבעט, 4) די אומפאַרמיידלעכקייט פון קריזיס און אונטערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם.

מאַרקס האָט פיל און שווער געאַרבעט אויף זיין „קאַפּיטאַל". מיר האָבן פאַר זיך אַ קאָלאָסאַלע פאָרשונגס־אַרבעט, פאָרשונגען פון די פאַרהעלטענישן צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל, פון די לאַגע פון די אַרבע־טער אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, די ראָל פון דער מאַשין, די פּאַופּעריזאַציע פון די אַרבעטער. זיין אַרבעט האָט ער דורכ־

געפירט אין ענגלאַנד, וואָס איז, ווי דערמאָנט, געווען די אַנטוויקלסטע קאַפּיטאַליסטישע מדינה און ער ברענגט זייער אַ סך אינטערעסאַנטע דאַטן פון די דעמאָלטדיקע פאַרהעלטענישן.

מאַרקס דערציילט אונדז, אַז נאָך אין יאָר 1860 (צוגעגעבן אין דער צווייטער אויפלאַגע, וואָס איז דערשינען אין 1872) פלעגט מען אין נאָטינגאַם אויפוועקן 10 - 9 יעריקע קינדער 3 - 2 ביינאַכט און זיי צווינגען אַרבעטן 12 שעה אַ טאָג. אַ 9־יעריק קינד דערציילט: איך בין נישט געשלאָפן אין בעט זינט אייערנעכטן. איך האָב געאַרבעט אַ גאַנצע נאַכט ביז 8 אין דער פרי! דאָס קינד האָט פאַרדינט... 3 שילינג מיט 6 פעני אַ וואָך! (אַ שילינג איז דאָס 20־טע טייל פון אַ פונט. פאַר איין פונט האָט ער געדאַרפט אַרבעטן 6 וואָכן!)

אין דער אומגעזונטער שווער־אינדוסטריע, האָבן קינדער אונטער 13 יאָר אויסגעמאַכט 50 פּראָצענט פון אַלע אַרבעטער און צווישן די קינדער געווען... אויך 5־יעריקע. אין לאָנדאָן איז געשטאָרבן אַ מיידל, וואָס האָט געאַרבעט דורכשניטלעך 16½ שעה אַ טאָג און ערב סעזאָן ביז 30 שעה אָן אָפּרו!

אין 1861 האָבן אין די קוילן־גראָבן געאַרבעט 31 טויזנט קינדער אונטער 15 יאָר און צווישן זיי 835 קינדער פון 5 ביז 10 יעריקע.

מאַרקס דערציילט וועגן אַ פאַבריק, ווו דערוואַקסענע אַרבעטער זענען פאַרביטן געוואָרן דורך קינדער אונטער 13 יאָר, וואָס פאַרדינען פון 6 ביז 8 שילינג אַ וואָך אָנשטאָט די 45 שילינג, וואָס עס האָבן פאַרדינט די דערוואַקסענע.

איז עס ביטער און טרויעריק, אָבער מאַרקס מאַכט פון דעם אַן אַלגעמיינעם אויספיר „פרויען און קינדער־אַרבעט איז די ערשטע קאַ־פּיטאַליסטישע אָנווענדונג פון דער מאַשינעריע, ווייל פריער איז דער פרייז פון דער אַרבעטס־קראַפט געווען באַשטימט דורך די קאָסטן פון אויפהאַלטן דעם אַרבעטער און זיין משפחה, מיט דער מאַשינעריע קאָנען אַרבעטן אויך די פרוי און קינדער און אין רעזולטאַט ווערט די אַרבעטס־קראַפט ביליקער”. ווי שוין דערמאָנט, איז עס געווען ריכטיק לגבי דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, אָבער דער אויספיר, אַז דאָס איז דער אומבאַדינגטער וועג פון דער מאַשינען־אינדוסטריע איז געווען פאַלש שוין דאַן, אָפּגערעדט פון היינט, ווען מיר גייען אַריין אין אוי־טאָמאַציע־פּעריאָד.

מאַרקס ברענגט אין „קאַפּיטאַל” דאָקומענטן, וואָס דערציילן וועגן

טובערקולאָז צ. ב. וואָס איז געשטיגן צווישן די פאַבריקס־אַרבעטערינס פון 1 אויף 45 אין 1852 אויף 1 פון 8 אין 1860, געוואָקסן כמעט 6 מאָל אין משך פון 8 יאָר. ער דערציילט, אַז די שטערבלעכקייט פון מענער אין עלטער פון 45־35 יאָר מאַכט אויס אין דער אַגריקולטור 805 אויף יעדע 100 טויזנט אַרבעטער און ביי דרוקער 1747 — דאָפּלט.

און דעריבער? „די מאַשין ווערט אין די הענט פון קאַפּיטאַל צום סיסטעמאַטישן מיטל אויסצופּרעסן מער אַרבעט פון אַרבעטער", אָבער אַזוי ווי ער איז אַ דיאַלעקטיקער, ברענגט ער גלייך דעם ווידערשפּרוך: „די מאַשין פּראָדוצירט אַזאַ אַרבעטס־איבערפלוס, אַז דער אַרבעטס־לוין פאַלט אויף וויניקער פון ווערט פון אַרבעטס־קראַפט און מיט דעם פאַרהינדערט זי די אַנטוויקלונג פון דער מאַשינעריע, ווייל איר קאָסטן איז גרעסער פון דער לעבעדיקער אַרבעטס־קראַפט".

דער אויספיר וואָלט געדאַרפט זיין, אַז די קאַפּיטאַליסטן ווילן נישט איינשטעלן מאַשינען אין זייערע אונטערנעמונגען. די לעבעדיקע אַר־בעטס־קראַפט איז ביליקער און דאָך... שטעלן זיי איין, כדי... צו וואַרפן דעם פּרייז פון דער לעבעדיקער אַרבעטס־קראַפט. די מאַשין איז דער קאָנקורענט פון דעם אַרבעטער, אַזוי האָבן געגלויבט פּרימיטיווע אַרבעטער אין 1812, ווען זיי האָבן פאַרניכטעט מאַשינען און אַזוי גלויבט אויך מאַרקס, דאָך — אַנטוויקלט זיך די מאַשינעריע אַלץ מער און... עס וואַקסט אויך די צאָל באַשעפטיקטע אַרבעטער.

די צייט פון מאַרקס און ענגעלס איז געווען די צייט פון גיגאַנטישן וווקס פון דער באַן־נעץ אויף דער וועלט. די גאַנצע וועלט האָט גע־בויט טויזנטער און טויזנטער קילאָמעטער באַן־ליניעס, כדי צו דער־מעגלעכן אָדער צוויילן די אַנטוויקלונג פון האַנדל און אינדוסטריע.

מאַרקס שרייבט וועגן זיי אין אַ בריוו צו דאַניעלסאָן, דעם 10.4.79 „די באַנען האָבן געגעבן אַ שטאַרקן שטויס דער אַנטוויקלונג פון אויס־לענדישן האַנדל, אָבער אין די לענדער, וואָס עקספּאָרטירן הויפּטזעכלעך רוי־שטאָפן האָט דער דאָזיקער האַנדל פאַרגרעסערט די מיזעריע פון די מאַסן". איז דאָס אמת? ניין! די נייע באַן־ליניעס אין רוסלאַנד און קאָלאָניאַלע לענדער, האָבן נישט פאַרגרעסערט די מיזעריע, דאָס איז אַן אַבסורד, זיי האָבן יאָ אַרויסגעבראַכט פאַר דער וועלט דאָס מיזע־ראַבלע לעבן פון די אַרטיקע תושבים, פון די רוסישע באַטראַקעס, די נעגערס אין די אַפריקאַנער דזשונגלען, די מאַסן פון אינדישע לומפּן־פּראָלעטאַריער. די באַנען האָבן אַ ביסעלע פאַרקלענערט די מיזעריע,

צאַלנדיק שלעכטע, נידעריקע, אָבער דאָך לוינען די דאָזיקע מאַסן, וואָס האָבן אָן די באַנען פאַרדינט נאָך וויניקער.

רעדנדיק וועגן דער באַן־ליניע קיין קאַליפאָרניע, וואָס איז דאַן געבויט געוואָרן (1870) שרייבט מאַרקס: „די בורזשואַזיע האָט עקס־פּראָפּרירט אַ ריזיקן טייל פון דער נאַציאָנאַלער טעריטאָריע, עקספּראָ־פּרירנדיק די אַרבעטער און אימפּאָרטירנדיק כינעזער". ווען מאַרקס וואָלט געוואוסט וועגן עקספּראָפּריאַציע פון די אַמעריקאַנער אינדיאַנער וואָלט עס געווען ריכטיק און פאַרשטענדלעך, אָבער עקספּראָפּרירט אַמעריקאַנער אַרבעטער? וועלכע? ווו זענען זיי געווען? קיין קאַלי־פאָרניע זענען דאַן געלאָפן נאָר גאָלד־זוכער, אַוואַנטוריסטן און פּראָס־טיטוטקעס, אָבער נישט קיין אַרבעטער, קיין זעלכע זענען נישט געווען און דערפאַר האָבן די באַן־געזעלשאַפטן געמוזט אימפּאָרטירן אַרבעטער פון אויסלאַנד. איך בין נישט פאַראינטערעסירט צו פאַרטיי־דיקן די באַן־געזעלשאַפטן, זיי האָבן אָנגערויבט געוואַלטיקע פאַרמעגנס, אָבער נישט אויפן חשבון פון אַמעריקאַנער אַרבעטער. מען מוז נישט פעלשן די פאַקטן, כדי באַווייזן די רויב־גיריקייט פון די מאָרגאַנס און ראָקפעלערס.

## די „מערווערט"־טעאָריע

אַ גרויסן טייל פון זיינע עקאָנאָמישע פאָרשונגען ווידמעט מאַרקס זיין טעאָריע וועגן „מערווערט". ער זעצט פאָר די ליניע פונעם ענגלישן עקאָנאָמיסט דוד ריקאַרדאָ.

די צענטראַלע טעזע איז: „דער מערווערט ווערט געשאַפן פון עודף פון ווערט פון פּראָדוקט איבער דעם ווערט פון די פּראָדוקציע־פאַקטאָרן, ד. ה. פּראָדוקציע־קאָסטן און אַרבעטס־קראַפט".

אויב אַ באַשטימטער פּראָדוקט האָט געקאָסט 410 £ (מיר נעמען דיביישפּילן פון „קאַפּיטאַל") רוי־שטאָפן, מאַשינען, (זייער אָפּנוצונג אָדער אַמאָרטיזאַציע) א. א. וו. און 90 £ אַרבעטס־געלט און די ווערט פון פּראָדוקט איז נאָכן פאַרענדיקן ווערן 590 £, איז דער עודף 90 £ און ער שטעלט מיט זיך פאָר דעם מערווערט. ווי אַזוי שאַפט זיך דער מערווערט? דער פאַבריקאַנט באַקומט אים פון די אַרבעטער, ווייל נאָר זיי שאַפן דעם דאָזיקן מערווערט. די אַרבעטס־קראַפט האָט געקאָסט

90 £, דער מערווערט באַטרעפט 90 £, באַדייט דאָס, אַז דער פאַבריקאַנט באַקומט אַן עודף, דעם מערווערט, אין דער הויך פון 100 פּראָצענט. אויב דער אַרבעטער האָט געאַרבעט אין פאַבריק 12 שעה, האָט ער געאַרבעט 6 שעה אויף צו דעקן זיין אַרבעטס־קראַפט און 6 שעה — פאַרן מערווערט פון פאַבריקאַנט.

איז עס קלאָר? ניין, ס'איז נישט קלאָר. ריידנדיק וועגן דער ראָל פון דער מאַשין, שרייבט ער, (זייט 364) „די מאַשין פּראָדוצירט רעלאַ־טיוון מערווערט" אָבער 2 זייטן ווייטער לייקנט ער דאָס אָפּ „דער מאַשין־באַטריב פאַרוואַנדלט איין טייל פון קאַפּיטאַל, וואָס איז פריִער געווען „וואַריאַבל" ד. ה. אויסגעגעבן אויף לעבעדיקע אַרבעטס־קראַפט און „קאָנסטאַנטן" קאַפּיטאַל, וואָס שאַפט נישט קיין מערווערט".

און מאַרקס זעצט פאָר „די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע איז נישט נאָר אַ פּראָדוקציע פון סחורות, זי איז הויפּטזעכלעך אַ פּראָדוקציע פון מערווערט... די פּראָדוקציע פון אַבסאָלוטן מערווערט באַשטייט אין פאַר־לענגערונג פון אַרבעטס־טאָג איבער דער צייט וואָס איז נויטיק אויף צו זיכערן די מינימאַלע נויטן פון אַרבעטער... דער רעלאַטיווער מער־ווערט איז אַבסאָלוט, ווייל ער פאָדערט די אַבסאָלוטע פאַרלענגערונג פון אַרבעטס־טאָג איבער דער צייט צו דערהאַלטן די עקזיסטענץ פון אַר־בעטער... דער אַבסאָלוטער מערווערט איז רעלאַטיוו. ווייל ער פאָדערט די פאַרשטאַרקונג פון דער פּראָדוקטיוויטעט, וואָס דערלויבט צו באַגרע־נעצן די נויטווענדיקע אַרבעטס־צייט אויף צו דערהאַלטן דעם אַרבעטער" (זייט 461) און אייניקע מאָל שטרייכט מאַרקס אונטער „די מאַשין, וואָס איז אַ באַשטאַנדטייל פון קאָנסטאַנטן קאַפּיטאַל, שאַפט נישט קיין מער־ווערט". „די אַרבעטס־קראַפט איז ווערט ווייניקער, ווען די פּראָדוקטי־וויטעט שטייגט און אויך דער מערווערט שטייגט".

אין די צייטן פון מאַרקס איז די אַנטוויקלונג פון דער מאַשינעריע נאָך געווען אין די וויקעלעך, פון קיין אויטאָמאַציע, קיבערנעטיק, עלעק־טראָנישע מוחות האָט מען נישט געוווסט, דאָך אָבער ברענגט מאַרקס גופאביישפּילן געגומענע פון ענגלישן עקאָנאָמיסט אַדאַם סמיט, לויט וועלכע 10'' אַרבעטער פלעגן אין דער מאַנופאַקטור־צייט פּראָדוצירן 48 טויזנט נאָדלען אַ טאָג — היינט פּראָדוצירט 1 אַרבעטערין מיט 4 מאַ־שינען — 600 טויזנט נאָדלען". וועלכער איז דער מערווערט? ווער שאַפט אים?

אויב מיר וועלן אָננעמען, אַז די 10 אַרבעטער האָבן אָפּגעגעבן דעם

פאַבריקאַנט 60 שעה מערווערט, (רעכענענדיק, אַז יעדער אַרבעטער האָט געאַרבעט 12 שעה, 6 שעה צו דעקן זיינע הוצאות און 6 שעה פאַרן בעל־הבית), וויפל שעה מערווערט האָט געשאַפן די אַרבעטערין? פּראָדוצירט האָט זי 12,5 מאָל מערער ווי די 10 אַרבעטער, ד. ה. אַז לויט מאַרקס חשבון דאַרפן מיר רעכענען, אַז די אַרבעטערין האָט געשאַפן אַ מער־ווערט פון 60 × 12,5 ד. ה. 750 שעה מערווערט אויב זי האָט געאַרבעט ווי יענע — 12 שעה! ווי אַזוי מאַכט מען אַזאַ „האָקוספּאָקוס", ווי איז מעגלעך אין 12 שעה שאַפן 750 שעה מערווערט? — פאַרבלייבט עס אַ רעטעניש!

מיר נעמען אַ מאָדערנע פאַבריק. אַ כעמישע פאַבריק מיט אַ קאַ־פּיטאַל פון 10 מיליאָן דאָלאַר האָט באַשעפטיקט טויזנט אַרבעטער. די יערלעכע לוינען פון די אַרבעטער זענען געווען 5 מיליאָן דאָלאַר (צו 5 טויזנט דאָלאַר דורכשניטלעך אַן אַרבעטער). דער יערלעכער פּראָפיט — 1 מיליאָן דאָלאַר. וויפל האָט אויסגעמאַכט דער מערווערט? אויב ער איז גלייך צום ריינעם פּראָפיט, האָט ער אויסגעמאַכט 20 פּראָצענט פון אַרבעטס־לוין, ד. ה. אויב די אַרבעטער האָבן געאַרבעט 8 שעה אַ טאָג, איז אַ פינפטל פון אַרבעטס־טאָג, 1 שעה מיט 36 מינוט געווען דער מערווערט, וואָס זיי האָבן געשאַפן פאַרן פאַבריקאַנט.

אין דער זעלבער שטאָט געפינט זיך אַ צווייטע כעמישע פאַבריק. זי איז אויטאָמאַטיזירט. איר קאַפּיטאַל איז 10 מאָל מערער און דערגרייכט 100 מיליאָן דאָלאַר, אָבער באַשעפטיקן, באַשעפטיקט זי קוים 20 טעכניקער און אינזשיניערן און זייערע לוינען דערגרייכן צו 300 טויזנט דאָלאַר (15 טויזנט דאָלאַר דורכשניטלעך). דער יערלעכער פּראָפיט מאַכט אויס אויך 10 פּראָצענט פון קאַפּיטאַל, ד. ה. 10 מיליאָן דאָלאַר. האָבן מיר פאַר זיך אַ פאַקט, אַז לויט מאַרקסן האָבן די 20 אָנגעשטעלטע געשאַפן אַ מערווערט פון העכער 30 מאָל גרעסער פון זייער לוין. אויב אין ערשטן פאַל האָבן די אַרבעטער אָפּגעגעבן 1 שעה מיט 36 מינוט פון זייער אַרבעט דעם פאַבריקאַנט, וויפל האָבן אָפּגעגעבן די אינזשיניערן און טעכניקער? לויט מאַרקס'ס חשבון האָבן זיי פון 8 שעה (זיי האָבן געאַרבעט ווייניקער) געאַר־בעט פאַר זיך 6 מינוט און 474 מינוט פאַרן פאַבריקאַנט! אַ ביסעלע צופיל. דער אַבסורד איז אַן אויבנאויפיקער. מאַרקס'ס חשבון און טעאָריע זענען געווען גילטיק אין מאַנופאַקטור־פּעריאָד, ווען די הויפּט־ראָל האָט טאַקע געשפּילט די האַנט־אַרבעט, די אָנשטרענגונג און פּראָדוקציע פון יעדן אַרבעטער, אָבער פולשטענדיק פאַלש אין דער צייט פון אויטאָמאַציע און

קיבערנעטיק, ווען די פּראָדוקציע ווערט געשאַפן דורך די מאָדערנע מאַשינען און דער אַרבעטער (אינזשיניער, טעכניקער) דאַרף נאָר אַכטונג געבן, אַז די מאַשין זאָל נישט קאַליע ווערן.

היינט צו טאָג איז די גאַנצע טעאָריע אויף וועלכער מאַרקס האָט זייער שווער געאַרבעט — אַן אַבסורד און ממילא אויך די אויספירן:

„מיטן שטייגענדיקן אַרבעטס־פּרייז ווערט קלענער די אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל און מיט דעם פאַרשווינדט די סיבה פון איר פאַרקלענערונג. די דיספּראָפּאָרציע צווישן קאַפּיטאַל און די עקספּלואַטירטע אַרבעטס־קראַפט און דער אַרבעטס־פּרייז (ד. ה. לוין) האַלט אויף אַ ניוואָ, וואָס איז באַקוועם דעם קאַפּיטאַל" „די גאַנצע באַוועגונגס־פאָרם פון דער מאָדערנער אינדוס־טריע וואַקסט אַרויס פון דער כסדרדיקער פאַרוואַנדלונג פון איין טייל פון דער אַרבעטער־באַפעלקערונג אין אומבאַשעפטיקטע אָדער האַלב־באַשעפ־טייקטע הענט" (אַ רעזערוו־אַרמיי פון אַרבעטסלאָזע) „די אַלגעמיינע באַוועגונג פון אַרבעטס־לוין ווערט אויטשליסלעך רעגולירט דורך דער עקספּאַנסיע און קאָנטראַקציע פון דער אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמיי" „דער פּאופּעריזם איז אַן עקזיסטענץ־באַדינג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע".

קיין איין וואָרט וועגן דער סינדיקאַלער באַוועגונג פון די אַרבעטער, וואָס איז שוין אין מאַרקס'ס צייטן געווען רעלאַטיוו־שטאַרק אין ענגלאַנד און אויך אין דייטשלאַנד און וואָס האָט אַרויפגעצוווּנגען אין ענגלאַנד נאָך אין 1847 דעם געזעץ וועגן 10־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און העכערע לוינען.

אַלע, אָן אויסנאָם, הנחות און מסקנות צו וועלכע עס קומט מאַרקס זענען דורכאויס פאַלש.

מיטן שטייגענדיקן לוין און ער איז היינט צענדליקער מאָל העכער ווי מיט 100 יאָר צוריק, איז די אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל נישט קלענער, נאָר פאַרקערט פיל מאָל גרעסער געוואָרן.

אין די צייטן פון מאַרקס און ענגעלס איז אַ מיליאָן געווען אַ ריזיקע מטבע, וועגן וועלכע נאָר איינצלנע האָבן געחלומט. היינט, (דאַטן פון 1971) עקזיסטירן אויף דער וועלט 150 אינטערנאַציאָנאַלע קאָנצערנען, וואָס פּראָ־דוצירן 450 מיליאַרד (מיליאַרד, נישט מיליאָן) דאָלאַר סחורות. אין די פ. שטאַטן עקזיסטירן 120 אונטערנעמונגען מיט אַן אומזאַץ פון העכער 1 מיליאַרד דאָלאַר יערלעך, צווישן זיי אַזעלכע ריזן ווי דזשענעראַל מאָטאָרס מיט 91 מיליאַרד דאָלאַר יערלעכן אומזאַץ, סטאַנדאַרט־אויל — 60 מיליאַרד, פאָרד — 53, דזשענעראַל עלעקטריק — 30, איי. ב. מ. — 27 א. א. וו.

אין אייראָפּע: ראָיאַל־דאַטש — 44 מיליאַרד, „יונילעווער" — 26, פיליפּס — 18, „פאָלקסוואַגען" — 17 מיליאַרד א. א. וו. אין מערב־דייטשלאַנד געפינען זיך 25 געזעלשאַפטן מיט אַן אומזאַץ פון 5 מיליאַרד מאַרק יערלעך יעדע א. א. וו. פּריוואַטע אינוועסטיציעס פון אַמעריקאַנער אונטערנעמונגען בלויז אין אייראָפּע דערגרייכן צו 30 מיליאַרד דאָלאַר. צווישן די 300 גרעסטע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אויף דער וועלט, אויסער די אַמעריקאַנער, געפינען זיך היינט 75 יאַפּאַנישע, 64 ענגלישע, 44 דייטשישע א. א. וו.

קלאָר אַז מאַרקס האָט וועגן אַזאַ אַנטוויקלונג נישט געהאַט קיין אַנונג און נישט געקענט האָבן, און האָט נישט פאַרשטאַנען אַזאַ פּשוטן אמת, ווי דער וואָס האָט יאָ פאַרשטאַנען דער געניאַלער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסט הענרי פאָרד, וואָס האָט נאָך אין אָנהויב פון אונדזער יאָרהונדערט געפּריידיקט „העכערע לוינען וועלן דערלויבן די אַרבעטער צו ווערן פאַרברויכער" (אים האָבן אינטערעסירט זיינע אויטאָמאָבילן). די לוינען זענען, ווי שוין דערמאָנט, אויסגעוואַקסן אין משך פון די 100 יאָר צענדליקער מאָל און די אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל איז געשטיגן אַן אויפהער, נישט קוקנדיק אויף שווערע קריזיסן, וואָס די וועלט האָט דורכגעמאַכט (פינאַנציעלע קריזיסן, וועלט־מלחמות) און די פּראָפיטן פון די קאַפּיטאַליסטן זענען נישט געפאַלן, נאָר פאַרקערט, געוואַלטיק געשטיגן מיטן וווקס פון די אַרבעטס־לוינען. אַזוי געבן אָן אַ רייע אונטערנעמונגען פּראָפיטן פון איבער 1 מיליאַרד דאָלאַר יערלעך: „סטאַנדאַרט־אויל" — 1.31 מיליאַרד (דאָלאַר). איי. ב. מ. — 1.02, ראָיאַל־דאטש — 1 מיליאַרד און ס'איז באַוווסט, אַז אויך די גרעסטע אונטערנעמונגען פאַרהוילן אַ טייל פון זייערע פּראָפיטן, כדי צו צאָלן וויניקער שטייערן.

אויך די ווייטערדיקע אויספירן און מסקנות האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר פולשטענדיק פאַלש: „אויף וויפל דער קאַפּיטאַל ווערט אַקומולירט, ווערט די לאַגע פון אַרבעטס־קלאַס פאַרערגערט" „די אַקומולאַציע פון רייכטום ברענגט אויטאָמאַטיש צו דער אַקומולאַציע פון עלנט" (זייט 595). ס'איז ליידער אמת, אַז עס עקזיסטירט נאָך אויף דער וועלט טיפער עלנט און מיליאָנען מענטשן שטאַרבן פון הונגער. נישט נאָר אין אינדיע און אפריקע, נאָר אַפילו אין רייכסטן לאַנד פון דער וועלט, די פ. שטאַטן, ווו דער דורכשניטלעכער גלאָבאַלער פּראָדוקט אויף אַ נפש שטייגט איבער די סומע פון 5 טויזנט דאָלאַר יערלעך, זענען פאַראַן העכער 25 מיליאָן (די אָפיציעלע רעגירונגס־סטאַטיסטיק אין 1971: 25,5 מיליאָן) נויט־באַדערפ־

טיקע, וואָס לעבן הינטער דער הונגער־ליניע און די צאָל אַרבעטסלאָזע שטייגט איבער 6 מיליאָן מאַן, אָבער אַז די עלנט איז אַ רעזערוואַט פון אַקומולאַציע פון רייכטום — איז דורכאויס פאַלש. פאַרקערט, וואָס קלענער די אַקומולאַציע פון רייכטום, און דאָס איז אַ פאַקט אין די אָפּגעשטאַנענע לענדער, אין אַזיע, אַפריקע, לאַטיין־אַמעריקע, דווקא דאָרט איז די עלנט אַ פיל גרעסערע און טיפערע. דאָרט געפינען מיר לענדער, ווו דער דורכ־שניטלעכער גלאָבאַלער פּראָדוקט מאַכט אויס ביי די 40־30 דאָלאַר אַ יאָר! אין דער צייט ווען אין די פ. שטאַטן רעדט זיך וועגן עלנט ביי משפחות, וואָס פאַרדינען ווייניקער פון 500 דאָלאַר אַ יאָר אויף אַ נפש. אויך עלנט איז רעלאַטיוו און עס מעסט זיך נישט אין אַבסאָלוטע ציפערן, נאָר אין פאַרגלייך צו די בעסער סיטואירטע שיכטן.

מאַרקס שרייבט „דער מענטש מאַכט די געשיכטע", אָבער אויף די העכער 700 זייטן, איז נישט פאַראַן קיין איין וואָרט וועגן דער סינדיקאַלער, פּראָ־פעסיאָנעלער באַוועגונג אין ענגלאַנד און דייטשלאַנד אין יענער צייט (די שפּעטערדיקע האָט ער נישט געקענט), ווייל... זי איז נישט געווען מאַרק־סיסטיש", אין ענגלאַנד זענען עס געווען די „טשאַרטיסטן" און אין דייטש־לאַנד איז זייער מנהיג געווען דער פאַרהאַסטער דורך מאַרקס און ענגעלס — פערדינאַנד לאַסאַל. נישט זייענדיק מסכים מיטן חזן, האָט מאַרקס איגנאָרירט די שיל. מאַרקס רעדט וועגן „אייזערנעם געזעץ" פון פאַרלענגערן די אַרבעטס־צייט און צווינגען די פרויען און קינדער צו אַרבעטן, אָבער נאָך אין זיין צייט האָט דער ענגלישער פאַרלאַמענט פאַרקלענערט געזעצלעך דעם אַרבעטס־טאָג צו 10 שעה טעגלעך און אין 1866 האָט דער אַרבעטער־קאָנגרעס אין באַלטימור און שפּעטער דער פאַריזער קאָנגרעס פון 2־טן אינטערנאַציאָנאַל אין 1889 אַרויסגערוקט די פאָדערונג פון 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. היינט איז דער 8־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג אַ נאָרמאַלער איבער דער וועלט (אויסער דער קאָמוניסטישער כינע!). אין מערב־אייראָפּע אַרבעט מען דורכשניטלעך פון 40 ביז 43 שעה אַ וואָך, אין די פ. שטאַטן אַרבעטן שוין אַ סך 35 שעה אַ וואָך און אין דער לעצטער צייט ווערט אין אַ סך פאַבריקן איינגעשטעלט די 4־טאָגיקע אַרבעטס־וואָך.

ס'איז נאָך ווייט, זייער ווייט צו גוט, אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז די „אייזערנע געזעצן" פון קאַרל מאַרקס האָבן זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען אַפילו נישט קיין פּאַפּירענע. די „געזעצן" זענען פאַרבליבן אין „קאַפּיטאַל", דאָס לעבן איז אָבער געווען שטאַרקער פון אַלע געזעצן.

דער „קאַפּיטאַל" איז אַ גראַנדיעזע אַרבעט און אַן אויסגעצייכנטער

מאַטעריאַל פאַר... אַ געשיכטע־פאָרשער, פאַר דעם וואָס וויל זיך באַקענען מיטן לעבן פון די אַרבעטער אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונ־דערט, אָבער נישט מער.

## מאַרקס — אַ דייטשישער שאָוויניסט

אין „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" דערקלערט מאַרקס: „דער פּראָלעטאַ־ריאַט האָט נישט קיין פאָטערלאַנד" און די אידייע איז שפּעטער אויפגענומען געוואָרן פון אַלע קאָסמאָפּאָליטן. מאַרקס האָט זיך געהאַלטן אַלס פאָרשטייער און וואָרטזאָגער פון פּראָלעטאַריאַט. דעם „מאַניפעסט" שליסט ער מיט דעם לאָזונג „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך". איז מאַרקס געווען אַ קאָסמאָפּאָליט אָדער מינדעסטן אַן אינטערנאַציאָנאַליסט?

מיר וועלן ציטירן זיינע מיינונגען וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז ער איז געווען אַן אַנטיסעמיט. אין די יאָרן 1851־52 איז ער געווען קאָרעספּאָנדענט פון דער אַמעריקאַנער צייטונג „טריביון" און געשיקט אַ רייע קאָרעספּאָנדענצן א. ד. ט. „רעוואָלוציע און קאָנטער־רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד". אין זיין אַרטיקל, פאַרעפנטלעכט אין פעברואר 1852, שרייבט ער: „פון זינט די צייטן פון קאַרל דעם גרויסן, האָבן די דייטשן שטענדיק און געדולדיק אָנגעווענדעט די גרעסטע אָנשטרענגונגען אויף דעראָבערן, קאָלאָניזירן אָדער וויניקסטן „ציוויליזירן מזרח־אייראָפּע" — די גערמאַנישע ווילדע טעוטאָנען, די אכזריותדיקע זיידעס פון אַדאָלף היטלער, זיי האָבן „ציוויליזירט" מזרח־אייראָפּע, אין דער צייט ווען אַליין זענען זיי געווען זייער ווייט פון ציוויליזאַציע. אַז די טעוטאָנען האָבן געמאָרדעט, אויסגעראָטן, פאַרגוואַלדיקט די אָרטיקע סלאַווישע באַפעל־קערונג, דאָס ווייסט נישט מאַרקס, פאַר אים איז דאָס געווען „ציוויליזאַציע".

ווען ער רעדט וועגן ענגלאַנד, רעדט ער נישט מיט זיידענע הענטשקעס, דאָרט רעדט ער קלאָר וועגן די ענגלישע פּיראַטן, און זייער קאָלאָניאַליסטישן אייפער און ווייסט צו זאָגן, אַז „די וואָרצלען פון דער ענגלישער רעאַקציע שטעקן אין דער פאַרקנעכטונג פון אירלאַנד" און „די באַפרייאונג פון אירלאַנד וועט ברענגען די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין ענגלאַנד".

דאָס איז אָבער נישט אַלץ. „דער האַנטווערקער, דער קליינער קרעמער, דער קליינער פאַבריקאַנט איז אַ דייטש אין פעטערבורג (לענינגראַד), פעשט (בודאַפּעשט), יאַסי (רומעניע) און אַפילו קאָנסטאַנטינאָפּאָל (סטאַמבול).

„דער מלווה, דער שענקער, דער פעדלער איז אַ ייִד, **ווּעמענס מוטער־שפּראַך איז אַ שרעקלעך פֿאַרדאָרבענער דייטש** (אויך וועגן ענגליש האָט ער געקענט זאָגן, אַז ער איז אַ „שרעקלעך פֿאַרדאָרבענער דייטש). דער דייטש איז אַ פּאָזיטיווער עלעמענט, דער ייִד — אַ נעגאַטיווער. **נאָך דעם דייטשן הענדלער און האַנטווערקער האָבן זיך באַזעצט אויף דער סלאַווישער ערד דער דייטשישער גייסטלעכער, שולמייסטער, געלערנטער" אַז נאָכן הענדלער און גייסטלעכן־מיסיאָנער זענען געקומען די זעלנער, ווייסט מאַרקס צו דערציילן וועגן די ענגלענדער אין אינדיע און אַפֿריקע, אָבער נישט פֿון די דייטשן. די לעצטע זענען דאָך געקומען נאָר „ציוויליזירן די ווילדע סלאַוון" און זיי האָבן אַזוי גרינטלעך „ציוויליזירט", אַז ס'איז נישט פֿאַרבליבן קיין זכר פֿון די אַמאָליקע סלאַוון אין מזרח־דייטשלאַנד. די דייטשן האָבן דאָרט דורכגעפֿירט אַ „רייניקונג" גרינטלעכער פֿון די ענגלענדער אין אַמעריקע.**

**צו דייטשלאַנד האָבן דאָך געהערט גרויסע שטחים, באַוווינט דורך פּאָליאַקן** (פּויזנער ראַיאָן) **און פּוילן, וואָס האָט העלדיש געקעמפֿט פֿאַר איר באַפֿרייאונג** הויפּטזעכלעך **קעגן דעם צאַריזם, אָבער אויך קעגן פּרייסן, האָט גענאָסן פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער סימפּאַטיע. וואָס זאָגט מאַרקס וועגן דעם? „פֿון דער אַנדערער זייט, זאָלן גאַנצע שטרעקעס לאַנד, וואָס זענען באַפֿעלקערט** הויפּטזעכלעך **פֿון דייטשן** (אַ ליגן, די דייטשן זענען אין פּויזנער ראַיאָן געווען אַ מינדערהייט)**, זאָלן גרויסע שטעט, וואָס זענען פּולשטענדיק דייטשישע אָפּגעגעבן ווערן צו אַ פֿאָלק, וואָס האָט נאָך נישט באַוויזן, אַז ס'איז פֿעיִק צו פּראָגרעסירן ווייטער פֿון אַ צושטאַנד, וואָס איז באַגרינדעט אויף אַגריקולטורעלער שקלאַפֿעריי". (די פּרייסישע גרונט־באַזיצער זענען נישט געווען „באַגרינדעט אויף אַגריקולטורעלער שקלאַ־פֿעריי!) די פֿראַגע איז געווען פֿאַרוויקלט.** „די איינציקע מעגלעכע לייזונג ליגט אין אַ מלחמה מיט רוסלאַנד" **מיט 100 יאָר פֿאַר היטלערן איז מאַרקס דער „אינטערנאַציאָנאַליסט" און „וויסנשאַפֿטלעכער סאָציאַליסט", דער פֿריידענקער, באַזינגער פֿון „דראַנג נאָך אָסטען" — מלחמה קעגן רוסלאַנד און נישט כדי צו באַפֿרייען די רוסישע פּויערים פֿון שקלאַפֿעריי, די 100 פֿעלקער, וואָס דער צאַריזם האָט פֿאַרשקלאַפֿט, נאָר... כדי צו „ראַטעווען די ציוויליזאַציע", די דייטשישע ציוויליזאַציע, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט אַדאָלף היטלערן און דעם נאַציזם...**

מאַרקס זעצט פֿאָר זיין „וווּנדערבאַרע" טעאָריע „באַקומענדיק ברייטע **טעריטאָריעס אין מזרח,** וואָלטן די פּאָלאַקן געווען מער נאָכגיביק און פֿאַרנונפֿטיק אין מערב **און ריגע און קלייפּעדע וואָלטן פֿאַר זיי געווען אַזוי**

וויכטיק ווי דאַנציג און עלבינג״. מאַרקס איז פרייגיביק, כמעט, כמעט ווי טשעמבערליין. ער איז גרייט צו געבן די פּאָלאַקן שטעט, ווו ס׳געפינט זיך נישט קיין איין פּאָלאַק, שטעט וואָס געהערן צו רוסלאַנד און באַווינט דורך לאַטישן און ליטווינער, אָבער נישט אומקערן פּוילישע שטעט, פאַר־נומענע דורך דער „ציוויליזירטער״ דייטשלאַנד. מאַרקס׳ס אַזיאַטישער אייניקל, סטאַלין, האָט אויפגעכאַפּט די „גלענצענדע״ אידייע און... צונע־מענדיק ביי פּוילן (ביים קאָמוניסטישן פּוילן) פּוילישע געביטן זיי געגעבן... דייטשישע, ער האָט פאַרווירקלעכט מאַרקס׳ס לאָזונג נאָר... אין דער פאַרקערטער ריכטונג.

דאָך איז מאַרקס „ליבעראַל״ לגבי די פּאָלאַקן, זיי געניסן פּאַרט פון דער סימפּאַטיע פון דער וועלט, אָבער גאָר אַנדערש רעדט ער וועגן אַנדערע סלאַווישע פעלקער, וואָס זענען געווען אונטערדריקט דורך די דייטשן אין די ראַמען פון דער עסטרייכישער אימפּעריע (ווי באַוווּסט האָבן די דייטשן אין דער עסטרייך־אונגאַרישער אימפּעריע אויסגעמאַכט קוים 18 פּראָצענט, די מערהייט זענען געווען סלאַוון (פּאָלאַקן, טשעכן סלאָוועניער, קראָאַטן א. א.)

„בעמען (טשעכיע) וואָס איז באַפעלקערט פון 2 מיליאָן דייטשן און 3 מיליאָן סלאַוון פון טשעכישער שפּראַך (די ציפערן זענען ווייט נישט קיין גענויע) איז אַרומגערינגלט פון דריי זייטן פון דורכאויס דייטשישע לענדער. די מערן און סלאָוואַקן האָבן שוין פון לאַנג פאַרלוירן יעדן נאַציאָנאַלן געפיל, אָבער זייער שפּראַך האָבן זיי אייינגעהאַלטן, אַפילו אין דער הויפּט־שטאָט, פּראַג, זענעןביידע נאַציאָנאַליטעטן כמעט גלייך פאַרטראָטן און אומעטום איז קאַפּיטאַל, האַנדל, אינדוסטריע און גייסטיקע קולטור אין די הענט פון די דייטשן (דער „סאָציאַליסט״ דאגהט פאַרן דייטשישן קאַפּיטאַל!) אָבער ווי עס טרעפט גאַנץ אָפט, האָט די אָפּשטאַרבנדיקע טשעכישע נאַציאָנאַליטעט, וואָס שטאַרבט אָפּ אין דער געשיכטע פון די לעצטע 400 יאָר, געמאַכט אין 1848 דעם לעצטן פאַרזוך ווידער צו געווינען איר זעלבסטשטענדיקייט. דער דורכפאַל פון דעם פאַרזוך באַווייזט, אַז בעמען קאָן פון היינט און ווייטער עקזיסטירן נאָר ווי אַ טייל פון דייטשלאַנד״ — דאָס פּריידיקט נישט היטלער אָדער געבעלס, נאָר קאַרל מאַרקס! טשעכיע איז אויפגעשטאַנען תחית המתים 36 יאָר נאָך מאַרקס׳ס טויט (אין 1919) און איז מיאוס פאַראַטן געוואָרן דורך מערב און מזרח אויף דער טרויעריק־באַרימטער מינכענער קאָנפערענץ, זי איז שפּעטער פאַרגוואַלטיקט (30 יאָר נאָך מינכען) געוואָרן דורך די רוסן, אָבער רעדן וועגן זיי, ווי אַן אָפּשטאַרבנדיק פאָלק קאָן נאָר

אַ 100 פּראָצענטיקער דייטשישער שאָוויניסט. מאַרקס איז געשטאָרבן, דאָס טשעכישע פאָלק ליידט, אָבער לעבט.

אין יענער צייט איז אויפגעקומען די א. ג. „פּאַן־סלאַווישע״־באַוועגונג, וואָס האָט געהאַט אַלס ציל צו באַפרייען די סלאַווישע פעלקער פון דער עסטרייכישער און טערקישער אונטערדריקונג. די דאָזיקע באַוועגונג איז געווען געשטיצט דורכן צאַריזם און ממילא אַ רעאַקציאָנערע, אָבער פון גאָר אַן אַנדער שטאַנדפּונקט. מאַרקס קוקט אָבער אויף דער דאָזיקער באַוועגונג דורך זיינע דייטשישע שאָוויניסטישע ברילן און דעריבער שרייבט ער:

„עטלעכע דילעטאַנטן האָבן אויפגעהויבן די לעכערלעכע אומהיס־טאָרישע באַוועגונג, וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע אונטערוואַרפן דעם ציוויליזירטן מערב דעם באַרבאַרישן מזרח, די שטעט צו די דערפער, האַנדל, אינדוסטריע, אינטעליגענץ — דער פּרימיטיווער אַגריקולטור פון די סלאַווישע שקלאַפן״, אַפילו אַ בירגערלעכער ליבעראַל וואָלט זיך געשעמט אַזוי צו רעדן וועגן אַ באַוועגונג, וואָס רעדט וועגן דער באַפרייאונג פון דער מערהייט פון דער באַפעלקערונג, וואָס קעמפט קעגן דער אונטערדריקונג פון אַ קליינער מינדערהייט.

אָבער נישט נאָר לגבי די „אָפּגעשטאַנענע״ „סלאַווישע שקלאַפן״ רעדט אַזוי דער כלומרשטער „אינטערנאַציאָנאַליסט״, וואָס „האָט נישט קיין פאָטערלאַנד״. אין 1864 צעפלאַקערט זיך אַ מלחמה צווישן פּרייסן און... דענעמאַרק. די דענער זענען נישט קיין „סלאַוון״, זיי זענען אויך פון גערמאַנישער אָפּשטאַמונג.

„דאַן איז געווען די מלחמה מיט דענעמאַרק איבער שלעזוויג־האָלשטיין. אָט די לענדער, וואָס זענען אָן שום צווייפל דייטש אין זייער נאַציאָנאַליטעט, שפּראַך, נויגונגען, זענען אויך נויטיק פאַר דייטשלאַנד צוליב קאָמערציעלע און מיליטערישע סיבות און פאַר די צוועקן פון אַ קריגס־פלאָט״.

קאַרל מאַרקס, דער „טשעמפּיאָן״ פון „סאָציאַליזם״, „אינטערנאַציאָ־נאַליזם״, „קאָסמאָפּאָליטיזם״ — פּריידיקט, אַז דייטשלאַנד דאַרף פאַרנעמען די דרום־פּראָווינצן פון דענעמאַרק ווייל... זי דאַרף פאַר אַ קריגס־פלאָט! איז עס נישט קיין רעקאָרד פון היטלעריסטישן שאָוויניזם? סטאַלין, כרושטשאָוו און ברעזשניעוו האָבן איבערגעזעצט מאַרקסן אויף רוסיש און נישט צופעליק שווערן זיי זיך ביי מאַרקס׳ס באָרד.

אין סעפּטעמבער 1852 שרייבט מאַרקס אין „טריביון״:

„די אָפּשטאַרבנדיקע נאַציאָנאַליטעטן: טשעכן, קאַרינטיער, דאַלמאַציער

האָבן זיך געוואָלט באַנוצן מיט דער אַלגעמיינער צעטומלונג פון 1848 (נישט פעלקער־רעוואָלוציע, נאָר צעטומלונג!), כדי ווידער אויפצושטעלן דעם סטאַטוס פון יאָר 800. אָבער די געשיכטע פון טויזנט יאָר האָט זיי באַדאַרפט באַווייזן, אַז אַזאַ גאַנג אויף צוריק איז אוממעגלעך (טשעכאָסלאָוואַקיע און יוגאָסלאַוויע דאַרפן אויפשטעלן מאַרקסן גיגאַנטישע מאָנומענטן אַלס אויס־דרוק פון אָנערקענונג!) די פיזישע און גייסטיקע קראַפט פון דער דייטשישער נאַציאָנאַליטעט צו באַהערשן, פאַרשלינגען און אַסימילירן אירע אַלטע מזרח־שכנים, די דאָזיקע דייטשישע טענדענץ איז איינע פון די מעכטיקסטע מיטלען, דורך וועלכע די ציוויליזאַציע פון מערב־איראָפּע איז פאַרשפּרייט געוואָרן אויפן מזרח, דער נאַטירלעכער און אומפאַרמיידלעכער גורל פון אַט די אָפּשטאַרבנדיקע נאַציעס איז דעריבער צו לאָזן פאַרענדיקן דעם געשיכט־לעכן פּראָצעס פון אויפלייזונג און ווערן פאַרשלונגען דורך זייערע שטאַר־קערע שכנים" די טויטע אָפּשטאַרבנדיקע פעלקער לאָזן הײנט גריסן מאַרקסן, זיי געניסן פון נישט קיין פולן, אָבער דאָך, געזונט. זיי האָבן נישט געוואָלט צוליב טאָן נישט מאַרקסן און נישט היטלערן.

מאַרקס נעמט נאָך אין אַכט די פּאָלאַקן, ענגעלס אויך זיי נישט און אין אַ בריוו צו מאַרקסן, געשריבן דעם 23.5.51 זאָגט ער: „וואָס מער איך טראַכט, אַלץ קלאָרער זע איך, אַז די פּאָלאַקן אַלס נאַציע זענען ליקווידירט און קאָנען נאָר באַנוצט ווערן אויף פּראָוואָצירן די אַגראַר־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד... נישט קוקנדיק אויף איר נידערטרעכטיקייט און רוסישן שמוץ, איז די רוסישע הערשאַפט אַ ציוויליזירנדיקער פאַקטאָר אין שוואַרצן און קאַספּישן ים און צענטראַל־אַזיע...

(די רוסישע צאַרן, איוואַן גראזני — ציוויליזירנדיקע פאַקטאָרן! אָבער פאַקטיש איז ער נישט ווייניקער ציוויליזירנדיק פון די פּרייסישע גרונט־באַזיצער) „מיר דאַרפן זיי (די פּאָלאַקן) לאָזן גיין אויף אַ אַוואַנטורע, פירן זיי צום פייער, לאָזן זיי לעבן מיט אילוזיעס פון ריגע און אָדעס און ווען די רוסן וועלן זיך באַוועגן, שליסן מיט די רוסן אַ בונד קעגן די פּאָלאַקן" העכסטער ציניזם פון אַ פּרייסישן בורש, אַ פּאַרזאָגער פון היטלער־סטאַלין־פּריינטשאַפטס־אָפּמאַך. ענגעלס לערנט די פּרייסישע גרונט־באַזיצער, די מאַלטקעס און ביסמאַרקס פּראָוואָצירן די פּאָלאַקן קעגן די רוסן, כדי זיי צו פאַראַטן. אַפילו שיידעמאַן און נאָסקע וואָלטן זיך אויף דעם נישט דערלויבט.

אין 1870 איז אויסגעבראָכן די דייטש־פראַנצויזישע מלחמה, פּראָוואָ־צירט דורכן דייטשישן „אייזערנעם קאַנצלער" פאָן ביסמאַרק. דאָס איז

געווען אַ קליינער פאָרשפּיל צו די צוויי גרויסע וועלט־מלחמות. די מלחמה איז געווען אַ ריין־אימפּעריאַליסטישע — ביסמאַרק האָט געצילט 1) פאַר־אייניקן דייטשלאַנד, וואָס איז געווען צעטיילט אויף באַזונדערע קעניגטומס און פּרינצנטומס 2) פאַרנעמען עלזאַס־לאָטרינגען 3) איינשטעלן די דייטשישע העגעמאָניע אין מערב און צענטראַל־אייראָפּע. די פאָרשטייער פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וואָס איז נישט לאַנג פריער געשאַפן געוואָרן, ווילהעלם ליבקנעכט און אויגוסט בעבעל האָבן פאַרנומען אַ ריכטיקע סאָציאַליסטישע שטעלונג, טאַדלענדיק די מלחמה און אָפּזאָגנדיק זיך צו שטימען פאַרן קריגס־בודזשעט. אין זייער דעקלאַראַציע, וואָס זיי האָבן געלייענט אין דייטשן רייכסטאַג, (פּאַרלאַמענט), זאָגן זיי „אַלס פּרינ־ציפּיעלע קעגנער פון יעדער מלחמה, אַלס מיטגלידער פון אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל, וואָס באַקעמט אַלע אונטערדריקער אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט... קאָנען מיר נישט שטיצן די איצטיקע מלחמה און מיר גלויבן, אַז די פעלקער פון אייראָפּע וועלן מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען אויף צו געווינען זייער רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג און צו ליקווידירן די דיקטאַטור פון שווערד און קלאַס".

קלאָר און שיין, ווי עס פּאַסט פאַר אמתע סאָציאַליסטן. און זיי געפינען זיך אין דייטשלאַנד, אויסגעשטעלט אויף דער גנאד פון די דייטשישע הערשער און דייטשישן מיליטער.

מאַרקס און ענגעלס געפינען זיך „אויף דער פריי", אין ווייטן ענגלאַנד, זיי האָבן נישט קיין מורא פאַר ווילהעלמען און ביסמאַרקן — וואָס זאָגן זיי ?

דעם 20.7.1870, אייניקע טעג נאָכן אויסברוך פון דער דייטש־פראַנצוי־זישער מלחמה, שרייבט מאַרקס צו ענגעלסן:

„די פראַנצויזן דאַרפן באַקומען קלעפּ. אויב ס'וועלן געווינען די פּרייסן, וועט די צענטראַליזאַציע פון דער מאַכט אין דייטשלאַנד העלפן דער צענ־טראַליזאַציע פון דייטשישן אַרבעטער־קלאַס. דער זיג פון דייטשלאַנד וועט איבערפירן דעם צענטער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג פון פראַנקרייך קיין דייטשלאַנד. דער דייטשישער אַרבעטער־קלאַס איז העכער פון פראַנ־צויזישן (סיק! דייטשלאַנד איבער אַלעס! די דייטשן — אויבער־ראַסע!) די דייטשישע דאָמינירונג איבער דעם פראַנצויז, וועט אויך באַדייטן די דאָמינירונג פון אונדזער טעאָריע איבער פּרודאָנס.

ענגעלס ענטפערט מאַרקסן דעם 15.8.1870:

„דייטשלאַנד איז פאַרוואָרט געוואָרן דורך נאַפּאָלעאָנען צו אַ מלחמה

פאַר איר נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. אויב נאַפּאָלעאָן וועט זיגן, וועט דער באָנאַפּאַרטיזם פאַרשטאַרקט ווערן אויף לאַנגע יאָרן און דייטשלאַנד וועט צעבראָכן ווערן אויף לאַנגע יאָרן, אפשר אויף דורות (אַ שאָד, מיר וואָלטן אפשר פּטור געווען פון היטלעריזם און די וועלט־מלחמות). אויב דייטשלאַנד וועט זיגן, וועט דער באָנאַפּאַרטיזם פאַרניכטעט ווערן. די דייטשישע אַרבעטער וועלן זיך קאָנען אָרגאַניזירן אין אַ דייטשישער איינהייט און די פראַנצויזישע אַרבעטער וועלן געניסן פון מער פרייהייט, ווי ביים באָנאַ־פּאַרטיזם (אונטער דייטשער הערשאַפט?) דאָס גאַנצע דייטשישע פאָלק האָט פאַרשטאַנען, אַז די מלחמה איז אַ פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ (דערפאַר האָט די מערהייט פון די ס. ד. דעפּוטאַטן אין 1914 געשטימט פאַר דער מלחמה!) ס׳איז אוממעגלעך, אַז אַ דייטשישע פּאָליטישע פּאַרטיי, (דייטשישע, נישט אַרבעטער־פּאַרטיי!) זאָל פירן אַן אבסטרוקציע, ווי עס טוט ווילהעלם ליבקנעכט" (ענגעלס וועגן די איינציקע דעפּוטאַטן, געוויילטע דורך די דייטשישע אַרבעטער, וואָס האָבן געהאַט דעם מוט און באַוווסטזיין צו זיין קעגן דער מלחמה. איז נויטיק נאָך אַ באַווייז פון מאַרקס׳ס און ענגעלסעס דייטשישן שאָוויניזם?) און ענגעלס זעצט פאָר: ווי לאַנג דער פראַנצויזישער שאָוויניזם וועט נישט צעקלאַפּט ווערן, קאָן נישט קיין שלום צווישן דייטשלאַנד און פראַנקרייך. ביסמאַרק טוט אונדזער אַרבעט (מיט איניקע יאָר פריער האָבן מאַרקס און ענגעלס שאַרף געטאַדלט לאַסאַלן, ווייל ער האָט געשטיצט ביסמאַרקן צו דערגרייכן די פאַראייניקונג פון דייטשלאַנד)... דאָס וואָס עס טוט ליבקנעכט האָט נישט קיין זין (אינטע־רעסאַנט, אַז אויך ליבקנעכטס זון, קאַרל, איז געווען דער איינציקער ס. ד.־דעפּוטאַט אין 1914, וואָס האָט געוואַגט צו שטימען קעגן דער מלחמה)... אונדזער פאָלק („דער פּראָלעטאַריאַט האָט נישט קיין פאָטערלאַנד") דאַרף שטיצן די נאַציאָנאַלע באַוועגונג".

און מאַרקס ענטפערט דעם 17.8.1870.

„די באַציאונגען פון דייטשישן פּראָלעטאַריאַט צו אַ מלחמה, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ נאַציאָנאַלע, קאָן זיך נישט אויסדריקן אין דער אַנטיפּאַטיע קעגן פּרייסן...

אין אַ בריוו צו סאָרזש (אַ דייטשישער סאָציאַליסט, שפּעטער אין אַמעריקע) פון 1.9.1870. שרייבט מאַרקס: די פראַנצויזן דאַרפן אַ טראַגישע לעקציע כדי צו ווערן מענער.

אין אַ בריוו צו דעם זעלבן סארזש, דעם 19.10.1877, שרייבט מאַרקס: „אין משך פון צענדליקער יאָר האָבן מיר געפירט אַן אַקציע צו באַפ־

רייען די דייטשישע אַרבעטער פון אוטאָפּישן סאָציאַליזם און דאָס האָט זיי געמאַכט טעאָרעטיש גרייט" (נאָך 50 יאָר וואָלט ער אויך פאַרשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ, דאַכאַו אָדער מאַידאַנעק).

און אייניקע באַמערקונגען וועגן מאַרקס'ס און ענגעלסעס באַציאונג צו פערדינאַנד לאַסאַל. לאַסאַלן איז געלונגען, וואָס איז נישט געלונגען מאַרקסן, שאַפן אַ גרויסע אַרבעטער־באַוועגונג אין דייטשלאַנד, גרינדן דעם „אַלגעמיינעם דייטשישן אַרבעטער־פאַרבאַנד". מאַרקסן און ענגעלסן האָט דאָס שרעקלעך פאַרדראָסן. די קנאה (נישט קיין פּראָלעטאַרישע) האָט זיי אויפגעפרעסן. לעניין, דער שטאַרקסטער קעגנער פון דער דייטשישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע שרייבט וועגן לאַסאַלן: „לאַסאַל האָט באַפרייט דעם דייטשישן אַרבעטער־קלאַס פון אַן אַפּענדעסיט פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע און געשאַפן אַ זעלבסטשטענדיקע אַרבעטער־פּאַרטיי".

מאַרקס און ענגעלס רעדן נישט אַנדערש וועגן לאַסאַלן ווי מיט ביטול און אַנטיסעמיטישע אויסרופן. זיי רופן אים נישט ביים נאָמען, פערדינאַנד, נאָר „איציק" „יודל בראון" „עלעגאַנטער אפרים". אפילו נאָך דעם טראַגישן טויט פון לאַסאַלן (געפאַלן אין אַ דועל) שרייבט ענגעלס צו מאַרקסן דעם 4.9.1864 „פּאָליטיש איז לאַסאַל געווען איינער פון די וויכטיקיסטע פערזענלעכקייטן אין דייטשלאַנד. ווי עס וועלן זיך איצט פרייען די פאַבריקאַנטן און די פּראָגרעסיווע חזירים. נאָך אַלעמען איז דאָך לאַסאַל געווען דער איינציקער פאַר וועמען זיין האָבן געציטערט" איז דאָך גוט, אָבער אָן אַן אַנטיסעמיטישן שטאָך קאָן זיך ענגעלס נישט באַגיין און ער שרייבט ווייטער „דאָס האָט נאָר געקאָנט פּאַסירן לאַסאַלן, ביי וועמען ס'האָט זיך געפּאָרט די יידישע סענסיביליטעט מיט פּרעטענסיעס פון אַ קאַוואַליר". גיך אָבער פאַרגעסט ענגעלס וואָס ער האָט געשריבן און שוין דעם 27.1.1865 שרייבט ער: „לאַסאַל ווערט דעסענמאַסקירט ווי אַ פּשוטער שווינדלער. איך זע נישט פאַר וואָס מיר דאַרפן אַנדערש האַנדלען מיטן געשטאָרבענעם איציק". און מאַרקס ענטפערט „מיטן אַרבעטער־פאַרבאַנד, וואָס ס'האָט איבערגעלאָזט באַראָן איציק איז נישטאָ וואָס צו מאַכן. וואָס פריער ער וועט אונטערגיין, אַלץ בעסער"... אָבער 3 יאָר שפּעטער, דעם 13.10.1868 שרייבט מאַרקס צו שווייצערן (מנהיג פון דעם „אַלגעמיינעם דייטשישן אַרבעטער־פאַרבאַנד"): „לאַסאַלס אומשטערבלעכער פאַרדינסט איז געווען, וואָס ער האָט אויפגעוועקט די דייטשישע אַרבעטער־באַוועגונג נאָך 15 יאָר שלאָף"... קאָמענטאַרן זענען איבעריק.

# מאַרקס׳ס אילוזיעס

קאַרל מאַרקס האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע „פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן״, ווי ס׳האָט 20 יאָר נאָך זיין טויט, דעפינירט לענין. זיין גאַנץ לעבן האָט ער געווידמעט דער אידעע פון „קאָמוניסטישער רעוואָלוציע״. זי איז געווען דער א׳ און ת׳ פון זיין מהות. דעריבער איז פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט נישט געזען פאַר זיך קיין שום אַנדער זאַך און טאָג און נאַכט געזוכט די „סימנים״ פון דער אויפגייענדיקער רעוואָלוציע, וואָס דאַרף דערווייזן, אַז זיינע טעאָריעס זענען ריכטיקע און אים אַליין — דערפירן צו דער מאַכט. פון דעם נעמט זיך אויך זיין קנאות, וואָס איז זייער ווייט צו זיין פילאָזאָפישע. אַ פילאָזאָף מוז דאָך האָבן ספיקות, אפשר איז אויך דער צווייטער צד גערעכט. מאַרקס איז געווען פאַנאַטיש און געהאַלטן יעדן, וואָס זאָגט נישט „אמן״ אויף יעדן וואָרט זיין — ווי אויף אַ שונא, וואָס מען דאַרף באַקעמפן. פון דעם זיין באַציִונג צו פּרודאָנען, צום פאָטער פון אַנאַרכיסטישן סינדיקאַליזם אין פראַנקרייך, וואָס האָט אָנגעשריבן אַ בוך „די פילאָזאָפיע פון דער מיזעריע״ און מאַרקס האָט אים געענטפערט מיט „מיזעריע פון דער פילאָזאָפיע״ אין וועלכן ער לייקנט פּרודאָנס פעיִקייטן צו פילאָזאָפירן בכלל, כאָטש אויך מאַרקס איז געווען זייער ווייט פון אַ פילאָזאָף... פון דעם זיין שנאה צו דער ענגלישער אַרבעטער־באַוועגונג, די גרעסטע צו יענער צייט, ווייל... זי האָט נישט אָנגענומען זיינע, מאַרקס׳ס טעאָריעס און נישט אָנערקענט אים אַלס נביא, פון דעם זיין קאַמף קעגן לאַסאַלן, וואָס האָט אָרגאַניזאַציאָנעל באַוויזן פיל מערער פון מאַרקסן א. א. וו.

ער איז עגאָצענטריש, ער איז דער איינציקער, וואָס באַזיצט דעם אמת און זיין איינציקער נביא. אין אַ בריוו צו ענגעלסן, דעם 16.4.56 שרייבט ער צ. ב. „אייערנעכטן איז פאָרגעקומען אַ קליינער באַנקעט פייערנדיק דעם יאָרטאָג פון „פּיפּלס פּייפּער״. דאָס מאָל האָב איך אָנגענומען די איינלאַדונג, ווייל אויסשליסלעך מיך פון אַלע פּליטים האָט מען איינגעלאַדן״...

אין אַן אַנדער בריוו אויך צו ענגעלסן, דעם 18.5.59, שרייבט מאַרקס:

„ווען כ׳האָב מיך געטראָפן מיט אַ דעלעגאַציע פון די „קנאָטן״ (גראָבע יונגען, דייטשישע פּליטים, וואָס זענען נישט געווען קיין „מאַרק־

סיסטן") האָב איך זיי דערקלערט, „מיר זענען נישט געשיקט געוואָרן דורך קיינעם, נאָר דורך אונדז אַליין".

אין אַ בריוו פון 17.8.70 שרייבט מאַרקס ווידער צו ענגעלסן:

„איך גלויב, אַז מיר זענען די איינציקע צוויי, וואָס האָבן שטענדיק פאַרשטאַנען די טפשות פון נאַפּאָלעאָן דעם 3־טן.

און דער רעקאָרד פון פילאָזאָפישער „צניעות" קומט צום אויסדרוק אין ענגעלסעס בריוו צו אויגוסט בעבעל, דעם 28.3.75:

„ווי ס'וואָלט נאָך עקזיסטירט, וועלכע ס'איז סאָציאַלע פראַגע, וואָס מיר האָבן נישט טעאָרעטיש געלייזט" — אַללאָה איז גאָט און מאַרקס און ענגעלס זיינע איינציקע נביאים. זיי און נאָר זיי פאַרמאָגן דעם גאַנצן אמת און אַלץ האָבן זיי געלייזט.

ענגעלס איז אַפילו אַ מלחמה־סטראַטעג. ער פאַרלאָזט זיך נישט אויף די דייטשישע גענעראַלן, אויף קלאַוזעוויטש א. א. און דעם 29.9.91 שרייבט ענגעלס צו אויגוסט בעבעל, דעם מנהיג פון דער דייטשישער ס. ד.

„אין דער אָנפירערשאַפט פון דער מלחמה, מוזן מיר נעמען אין אַכט 2 אַספּעקטן: רוסלאַנד איז שוואַך אין אָנגריף, אָבער שטאַרק אין דעפענסיווער פּאָטענץ, פראַנקרייך איז שטאַרק אין אָנגריף, אָבער שוואַך אין דער פאַרטיידיקונג נאָך אייניקע מפּלות. די עסטרייכער האָבן נישט קיין ווערט אַלס גענעראַלן און די איטאַליענער אַלס זעלנער, אַזוי, אַז אויף אונדזער אַרמיי וועט ליגן די שווערקייט און פליכט פון אָנפירן די מלחמה. די מלחמה דאַרף מען אָנהויבן איינהאַלטנדיק די רוסן און שלאָגן די פראַנצויזן. צעקלאַפּנדיק די פראַנצויזן, קאָן מען פירן די מלחמה ביז דער דעראָבערונג פון פּוילן ביז דער דווינע און דנעפּר" — ענגעלס רעדט נישט וועגן „פּראָלעטאַריאַט", וועגן קאַמף קעגן דער מלחמה וואָס האָט דאַן געדראָט, אַ ריין־אימפּעריאַליסטישע און איז אויסגעבראָכן אין 1914. ער רעדט וועגן דער דייטשישער אימפּעראַליסטישע סטראַטעגיע. ער לערנט זיינע נאָכפאָלגער: הינדענבורג, לודענדאָרף, היטלער ווי אַזוי אָנצוהויבן די דייטשישע מלחמה.

ביידע, מאַרקס און ענגעלס און באַזונדערס מאַרקס (ענגעלס איז נאָך געווען פאַרנומען מיט פאַרוואַלטן אַ גרויסע טעקסטיל־פאַבריק אין מאַנטשעסטער) האָבן געלעבט מיט דער אילוזיע, אַז אָט, אָט ברעכט אויס זייער רעוואָלוציע. אין סעפּטעמבער 1856 שרייבט מאַרקס צו ענגעלסן:

„דאָס מאָל גרייט עס זיך אין אַזאַ שטאַרקער מאָס, וואָס איז ביז איצט געווען אומבאַקאַנט. איך רעכן, אַז לאַנג וועלן מיר נישט קאָנען פאַר־

בלייבן אַלס צושויער״ און ענגעלס ענטפערט „כ׳וואָלט נישט געוואָלט, אַז דער אויפרייס זאָל קומען צו פרי איידער גאַנץ אייראָפּע וועט ווערן אַרומגענומען. מאַי אָדער יוני איז צו פרי״. מאַי אָדער יוני אין 1856 איז צו פרי. עס זענען נויטיק נישט נאָר יולי און אויגוסט, נאָר 117 יאָר און... ס׳איז נאָך אַלץ צו פרי...

צוויי יאָר שפּעטער, דעם 8.10.58 שרייבט ווידער מאַרקס: „אויפן קאָנטינענט (דעם אייראָפּעישן) איז די רעוואָלוציע אַן אומפאַרמיידלעכע און וועט פון ערשטן מאָמענט טראָגן אַ סאָציאַליסטישן כאַראַקטער״ — נישט פאַרגעסן, געשריבן אין 1858, מיט 115 יאָר צוריק.

12 יאָר שפּעטער איז שוין מאַרקס רעאַליסטישער און דעם 9.4.70 שרייבט ער אַ בריוו צו מייער: „דאָס איינציקע לאַנד, ווו די מאַטעריעלע באַדינגונגען פאַר אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע זענען רייף, איז ענגלאַנד. דער איינציקער וועג צואיילן די רעוואָלוציע איז די באַפרייונג פון איר־לאַנד״. אירלאַנד איז באַפרייט געוואָרן אין יאָר 1921 און די רעוואָלוציע... דאַרף נאָך קומען. דאָס אייניצקע לאַנד, וואָס האָט יאָ געהאַלטן ערב אַ רעוואָלוציע איז געווען פראַנקרייך, אָבער דווקא דאָס האָט מאַרקס נישט געזען.

די אילוזיעס פאַרשווינדן נישט אויך נאָך מאַרקס׳ס טויט. דעם 14.10.91 שרייבט ענגעלס צו בעבעלן: „מיר זענען פולשטענדיק זיכער, אַז מיר וועלן באַקומען די מאַכט אין משך פון 10 יאָר, מעגלעך ביז 1898״. די ס. ד. האָט איבערגענומען די מאַכט אָבער אַ 20 יאָר שפּעטער, אין 1918 און נישט באַוויזן זי איינהאַלטן. נאָך איר — איז געקומען היטלער. די סאָציאַלע רעוואָלוציע וואַרט נאָך אַלץ...

## פּאַריזער קאָמונע

דער גרעסטער אַרבעטער־אויפשטאַנד אין די צייטן פון מאַרקס און ענגעלס איז געווען די פּאַריזער קאָמונע, וועמענס פּראָקלאַמירונג איז פאָר־געקומען דעם 18.3.71 אין רעזולטאַט פון דער דייטש־פראַנצויזישע מלחמה און דער פראַנצויזישער מפּלה.

דער „סטראַטעג״ פון דער דייטשישער מלחמה, ענגעלס, שרייבט צו מאַרקסן דעם 12.9.70 (נאָכן נצחון פון ביסמאַרקן — דייטשלאַנד) „וואָס

מען דאַרף טאָן אין פּאַריז איז אויסמיידן אַן אויפשטאַנד, איידער ס׳ווערט געשלאָסן דער שלום. אויב די אַרבעטער וועלן זיגן, וועלן זיי דאַרפן איבערנעמען די ירושה פון באָנאַפּאַרטע און די איצטיקע לייזיקע רעפובליק. זיי וועלן דערשטיקט ווערן דורך דער דייטשישער אַרמיי (וואָס האָט די ברכה פון מאַרקס און ענגעלס) ס׳וואָלט געווען אַ משוגעת צו קעמפן קעגן די פּרייסן לטובת דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע (פאַר דער דייטשישער איז יאָ געוווּנטשן)... ס׳וואָלט געווען שרעקלעך, אויב די דייטשישע אַרמיי וועט דאַרפן קעמפן קעגן די אַרבעטער פון פּאַריז. דאָס וואָלט אונדז צוריקגעוואָרפן אויף 50 יאָר און די נאַציאָנאַלע שנאה וועט וואַקסן צווישן די פראַנצויזישע אַרבעטער (די דייטשע נישט?)

אַ פּאָר יאָר שפּעטער, דעם 12.9.74 שרייבט ענגעלס אַנדערש:

„די קאָמונע איז געווען די אינטעלעקטועלע טאָכטער פונעם אינטער־נאַציאָנאַל, כאָטש דער אינטערנאַציאָנאַל האָט נישט גערירט קיין פינגער כדי זי אַרויסרופן״ — אין ווידערשפּרוך צו מאַרקסן, וואָס שטעלט פעסט אין זיין „בירגער־קריג אין פראַנקרייך״ „2 פּאַרטייען הערשן אין דער קאָמונע: די בלאַנקיסטישע מערהייט און פּרודאָניסטישע מינדערהייט״ — ביידע קעגנער פון „אינטערנאַציאָנאַל״ און מאַרקסיזם...

דעם 22.2.81 שרייבט מאַרקס אין אַ בריוו צום האָלענדישן סאָציאַ־ליסט ניו־ווענדוס „די מערהייט פון דער קאָמונע איז נישט געווען און נישט געקאָנט זיין קיין סאָציאַליסטישע. מיט אַ ביסל „קאָמאָנסענס״ (שכל הישר) האָבן זיי געקאָנט קומען צו אַ קאָמפּראָמיס מיט ווערסאַיל״.

די שפּעטערדיקע „מאַרקסיסטן״ און באַזונדערס די קאָמוניסטן האָבן די „פּאַריזער קאָמונע״ אויסגעשטעלט אַלס מוסטער פון אַרבעטער־קאַמף און מאַאָ־טסע־טונג באַמיט זיך נאָך היינט צו פּאַרווירקלעכן אין כינע די פּרינציפּן פון דער פּאַריזער קאָמונע...

# ווען דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אַמעריקע

די פ. שטאַטן זענען אין דער העלפט פון פּאַריקן יאָרהונדערט געווען די הויפּט־באַזע פאַר בייוול פאַר דער ענגלישער טעקסטיל־פּראָדוקציע. אין די שטאַטן איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן די צפון־מזרחדיקע שטאַטן

(הויפּטזעכלעך ניו־יאָרק, באָסטאָן, טשיקאַגאָ און פילאַדעלפיע) אין די דרומדיקע אַרום דער שקלאַפעריי. די צפון־מזרחדיקע בורזשואַ האָבן גע־דאַרפט פרייע אַרבעטס־הענט און באַקעמפט די דרומדיקע לאַטיפונדיסטן, וועמענס באַזע איז געווען די שקלאַפעריי פון די נעגערס. די אינטעלעק־טועלע אייראָפּע איז געווען לטובת דער באַפרייונג פון די שקלאַפן. וואָס זאָגט וועגן דעם מאַרקס?

אין אַ בריוו צו אַנענקאָוו (אַ רוסישער וויסנשאַפטלער) שרייבט ער דעם 28.12.46: „פרייהייט און שקלאַפעריי זענען אַנטאַגאָניזמען. ס'איז איבעריק צו שרייבן וועגן די גוטע און שלעכטע זייטן פון דער פרייהייט און שקלאַפעריי. וואָס מען דאַרף יאָ, איז דערקלערן די גוטע זייטן פון דער שקלאַפעריי. די שקלאַפעריי איז היינט צו טאָג די אַקס פון אונדזער אינדוסטריאַליזאַציע. אָן שקלאַפעריי נישטאָ קיין בייוול, אָן בייוול נישטאָ קיין אינדוסטריע. אָן שקלאַפעריי וועלן זיך די פ. שטאַטן פאַרוואַנדלען אין אַ פּאַטריאַרכאַל לאַנד. ליקווידירן די שקלאַפעריי הייסט אויסמעקן צפון־אַמעריקע פון דער רשימה פון די פעלקער".

ווען איך זע נישט דעם דאָזיקן בריוו, פאַרעפנטלעכט אין דער „קאָ־רעספּאָנדענץ" אַרויסגעגעבן דורך די סאָוויעטן, וואָלט איך בשום אופן נישט געגלויבט, אַז נישט נאָר אַ „רעוואָלוציאָנער", אַ „סאָציאַליסט", נאָר וועלכער ס'איז פשוטער ליבעראַל זאָל קומען צו אַזעלכע שקלאַפע־רישע אויספירן. דאָס איז געווען די קרוינונג פון זיין „יידן פראַגע". מאַרקס, קאַרל מאַרקס, דער פּאַטער פון „מאַרקסיזם", פון 1־טן אינטער־נאַציאָנאַל, פון „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" פּראָפּאַגירט די גוטע זייטן פון שקלאַפעריי! שוין אָפּגערעדט פון דער פאַלשקייט פון דער גאַנצער טעאָריע. 20 יאָר שפּעטער, נאָך אַ בלוטיקן בירגער־קריג, איז די שקלאַ־פעריי אָפּיציעל פאַרבאָטן געוואָרן אין די פ. שטאַטן און... די שטאַטן זענען נישט אונטערגעגאַנגען, נישט געוואָרן פּאַטריאַרכאַליש, נאָר זיך פאַרוואַנדלט אין מעכטיקסטן און רייכסטן קאַפּיטאַליסטישן לאַנד אין דער וועלט, וואָס מיט אַ באַפעלקערונג, וואָס ציילט קוים 6 פּראָצענט פון דער וועלט־באַפעלקערונג, פּראָדוצירט זי 30 פּראָצענט פון דער וועלט־פּראָדוקציע.

אַלע פּראָגנאָזן, הן פון מאַרקס, הן פון ענגעלס, זענען דורכגעפאַלן, זיי געבן זיך אָבער נישט אונטער און שטעלן כסדר נייע פּראָגנאָזן, וואָס... פאַלן ווידער דורך.

אין אַ בריוו צו פלאָרענס ווישניעוווסקי (אַמעריקאַנער סאָציאַליסט) דעם 3.2.86 שרייבט ענגעלס: „אויב עס זענען פאַראַן 3 לענדער, וואָס קעמפן פאַר דער העגעמאָניע אויפן וועלט־מאַרק: ענגלאַנד, אַמעריקע און דייטשלאַנד, (פראַנקרייך ווערט שוין נישט פאַררעכנט) איז נישטאָ קיין אַנדער וועג ווי סופערפראָדוקציע, וואָס מוז ברענגען מיט זיך „די אַראָפּנידערונג פונעם לעבנס־ניוואָ פון אַרבעטער־קלאַס אין צפון־אַמעריקע". די רעאַליטעט האָט באַוויזן די פאַלשקייט פון דער טעזע. דער קאַמף אויפן וועלט־מאַרק ווערט שטאַרקער, ס'איז צוגעקומען אויך יאַפּאַן און איטאַליע און... דער לעבנס־ניוואָ פון די אַרבעטער־מאַסן וואַקסט אומעטום און פאַר אַלעם אין די פ. שטאַטן, ווו דער פּאַרלאַמענט האָט לעצטנס באַשטימט אַ מינימום־לוין פון 2.20 $ אַ שעה און דער דורכשניטלעכער לוין פון אַן אַרבעטער מאַכט אויס העכער 150 דאָלאַר אַ וואָך.

מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער, גייענדיק אויף דער זעלבער ליניע שרייבט ענגעלס (צו סאָרזשן) דעם 29.11.86:

„דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־קלאַס באַוועגט זיך. די באַוועגונג אין צפון־אַמעריקע איז ענלעך צו אונדזער אין 1848, נאָר אין אַמעריקע וועלן זיך די געשעענישן אַנטוויקלען פיל גיכער... אויב מיר, אייראָפּייער, וועלן זיך נישט צואיילן, וועלן אונדז די אַמעריקאַנער איבעריאָגן". אין די פ. שטאַטן האָט זיך דאַן (1־טער מאַי 1886) אַנטוויקלט דער קאַמף פאַרן 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און אין טשיקאַגאָ האָט די פּאָליציי געשאָסן אויף אַן אַרבעטער־מאַניפעסטאַציע, פאַרוווּנדעט צענדליקער און שפּעטער פאַר־משפט 7 אַנאַרכיסטן, צו טויט. 4 פון זיי זענען געהרגעט געוואָרן. דער נייער אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל (2־טער) האָט פאַראייביקט דעם קאַמף, באַשטימענדיק דעם 1־טן מאַי אַלס אינטערנאַציאָנאַלן קאַמפס־טאָג. אָבער אויך אין די פ. שטאַטן, ווי אין מערב־אייראָפּע האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט רויך די אילוזיעס און פּראָגנאָזן פון מאַרקס און ענגעלס...

## היסטאָרישער מאַטעריאַליזם

דער מאַטעריאַליזם איז געבוירן געוואָרן און זיך אַנטוויקלט אין גריכנלאַנד נאָך אין 5־טן יאָרהונדערט פ. קר. ד. ה. מיט 2.500 יאָר צוריק. די גריכישע פילאָזאָפן האָבן געזוכט אַן ענטפער אויף דער אַלטער

פראַגע „ווי אַזוי איז געשאַפן געוואָרן די וועלט" און נישט געוואָלט זיך באַגנוגענען מיטן סטערעאָטיפּישן רעליגיעזן ענטפער, ווי דאָס האָבן געטאָן אַנדערע פעלקער (אויך יידן). זיי האָבן אויך אַנטוויקלט דעם דיאַלעקטישן מעטאָד: „אַלץ באַוועגט זיך" — „ס'צינדט זיך אָן, ס'ווערט פאַרברענט און ס'צינדט זיך ווידער אָן" — האָט געלערנט העראַקליט. און דער שעפער פון דער אַטאָם־טעאָריע (מיט 2.500 יאָר צוריק!) דעמאָקריט האָט אויך געלערנט: אַטאָם = באַוועגונג = וואקואום = אַטאָם א. א. וו.

דער זיג פון דער קאַטוילישער קירכע אין 4־טן יאָרהונדערט, האָט געבראַכט מיט זיך טויזנט יאָר פינצטערניש און קוים אין 16־טן יאָר־הונדערט האָבן פילאָזאָפן אויפגעהערט זיך צו פּלפּלען אין סכאָלאַסטיק (וויפל מלאכים קאָנען שטיין אויפן שפּיץ פון אַ נאָדל?) נאָר זוכן ענטפערס צו די נאַטור־געשעענישן, געפינען אַ ראַציאָנאַלן ענטפער אויף די עיקר־פּראָבלעמען פון אונדזער סביבה און וועלט. עס באַווייזן זיך קאָפּערניק, גאַליליי, האָבס, ניוטאָן, דידעראָ, האָלבאַך, וואָס באַהאַנדלען די מאַטעריע, איר צוזאַמענשטעל און אַנטוויקלונג. נאָר אין דייטשלאַנד האָט זיך ווייטער אַנטוויקלט די „אידעאַליסטישע" פילאָזאָפיע, וואָס האָט דיסקוטירט דעם „אייביקן גייסט" און זיין ווירקונג אויף דער וועלט. דער ערשטער פון די דייטשישע פילאָזאָפן, וואָס שטעלט זיך אויף דער באַזע פון מאַטער־יאַליזם איז לודוויג פויערבאַך (1804—72). זיין הויפּט־הנחה איז „איך וואַרף אָפּ די אידייע, וואָס שפּייזט זיך פון זיך אַליין און מאַכט אויספירן פון זיך גופא" און פירט אויס, אַז „די אמתע דיאַלעקטיק איז נישט דער פּלפּול, נאָר דער דיאַלאָג".

פון העגעל און פויערבאַך, האָבן ענגעלס און מאַרקס געלערנט דעם דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, וועלכן זיי האָבן אויסגעברייטערט ביזן א. ג. „היסטאָרישן מאַטעריאַליזם", ד. ה. באַנעמען די געשיכטע פון מענטשן און זיין אַנטוויקלונג, סתירות און קעגנזאַצן, שטעלנדיק דעם טראָפּ אויף דער אַרבעט, פּראָדוקציע און פּראָדוקציע־פאַרהעלטנישן, די קעגנזאַצן און ווידערשפּרוכן צווישן די פאַרשידענע פּראָדוקציע־כוחות אין דער געזעל־שאַפט, די קלאַסן א. א. וו.

אָפּוואַרפנדיק די אידעאַליסטישע פילאָזאָפיע, זענען זיי אַריינגעפאַלן אין אַ צווייטן עקסטרעם, אַרויסרוקנדיק די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען און באַזונדערס די פּראָדוקציע־פאַרהעלטנישן אַלס די איינציקע באַזע פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג. דער „מאַטעריאַליזם" איז דערגאַנגען צו אַזאַ

עקסטרעמקייט, אַז אַ סאָציאַליסטישער דענקער האָט אַמאָל געפרעגט איראָניש „וועלכע זענען די עקאָנאָמישע פאַרהעלטנישן, ווען עס מוקעט אויף דער לאָנקע אַ קו?" „נישט דער באַוווסטזיין שאַפט דעם זיין, נאָר דער זיין שאַפט דעם באַוווסטזיין" און דער „זיין" איז דערפירט געוואָרן סימפּליסטיש אויסשליסלעך צו עקאָנאָמישע פּראָבלעמען.

אין הסכם מיט דער דאָזיקער טעאָריע האָט ענגעלס געפּרוווט „אויפ־קלערן" פאַרוואָס איז דער מאָנאָטעיזם געבוירן געוואָרן אין „פּאַלעסטינע" און דער מאַטעריאַליזם אין גריכנלאַנד. ער איז דערגאַנגען צו אַבסורדן אַזעלכע, אַז „אין מזרח האָט נישט עקזיסטירט פּריוואַט־אייגנטום", וואָס האָט נישט קיין שום באַזע אין דער ווירקלעכקייט. געשאַפן די טעאָריע פון „פּרימיטיוון קאָמוניזם", וואָס האָט פאַקטיש קיינמאָל נישט עקזיס־טירט, סיידן אָנערקענען די משפחה אַלס „געזעלשאַפט"... פאַרענטפערן דעם נאַציאָנאַליזם (אויך זייערן, מאַרקס'ס און ענגעלס'עס) נאָר מיט די פּראָדוקציע־פאַרהעלטנישן איז אַן אַבסורד, ווי עס איז צו פאַרענטפערן דעם אומגעווייגלעכן איינפלוס פון רעליגיע אַפילו היינט, ווען דער מענטש האָט שוין דורך געוועזן אויף דער לבנה און אַ „סקיילעב", ווי אויך הונדערטער סאַטעליטן, געשאַפענע דורך מענטשן באַוועגן זיך אין אל־על (קאָסמאָס) פון איין זייט און אוישוויץ, מאַידאַנעק, דאַכאַו פון דער צווייטער.

אויף דער עלטער, האָט ענגעלס דערפילט, אַז זיי האָבן „איבערגע־זאַלצן", „איבערגעבויגן דעם שטעקן" און אין זיין בריוו צו י. בלאָך דעם 21.9.90 שרייבט ער:

„דער דעטערמינירנדיקער (הויפּט) פאַקטאָר אין דער געשיכטע איז אין דער לעצטער אינסטאַנץ די פּראָדוקציע און רעפּראָדוקציע... די סופּערסטרוקטור, די פּאָליטישע, יורידישע, פילאָזאָפישע, רעליגיעזע טע־אָריעס א. א. וו. איבן אויך אויס זייער השפעה אויף דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג און אין אַ סך פאַלן באַשטימען זיי די פאָרם... מיר מאַכן אונדזער געשיכטע, אָבער אין באַשטימטע באַדינגונגען, צווישן זיי זענען די עקאָנאָמישע די אַנטשיידנדע. פרייסן איז אויפגעקומען און זיך אַנטוויקלט צוליב היסטאָרישע טעמים, אָבער אין לעצטן פאַל — צוליב עקאָנאָמישע. ס'איז אָבער אוממעגלעך פעסטצושטעלן די עקאָנאָמישע באַזע פון יעדער קליינער דייטשישער מדינהלע. מאַרקס און איך זענען שולדיק, וואָס יונגע שרייבער אַנערקענען דעם עקאָנאָמישן מאָמענט וויכטיקער, ווי ער איז אין דער אמתן. מיר האָבן אונטערגעשטראָכן דעם עקאָנאָמישן מאָמענט

לגבי אונדזערע קעגנער, וואָס האָבן אים לגמרי איגנאָרירט. ס'טרעפט זיך אָבער, אַז מענטשן וואָס פאַרשטייען נישט די טעאָריע, כאַפּן זיך אַרויף אויף איר און איך קאָן נישט באַפרייען פון שולד אַ סך „מאַרק־סיסטן", ווייל אויך פון דער זייט איז אויפגעקומען אַ סך מיסט.

אין אַ בריוו צו קאָנראַד שמידט, דעם 27.10.90 שטרייכט אונטער ענגעלס: „אויך די פּאָליטישע, יורידישע און מאָראַלישע רעפלעקסן איבן אויס זייער השפעה אויף דער פילאָזאָפיע. אויף די מאַכט, דער שטאַט איז אַן עקאָנאָמישער פאַקטאָר" און ער פאַרענדיקט מיטן אַלטן גריכישן „אַלץ איז רעלאַטיוו, קיין שום זאַך איז נישט אַבסאָלוט".

נאָך קלאָרער שרייבט ער צו דעם זעלבן שמידט דעם 12.3.95:

„דעם טאָג ווען אונדזערע קאָנצעפּטן וועלן זיין פולשטענדיק גלייך צו דער רעאַליטעט אין דער אָרגאַנישער וועלט, וועט זיך פאַרענדיקן די אַנטוויקלונג... טו נישט מיט די קאָנצעפּטן פון ווערט, וואָס איך האָב געטאָן אין 1843, אָפּלייקענענדיק דעם פאַקט, אַז זויגערס קאָנען לייגן אייער און שפּעטער געמוזט בעטן אַנטשולדיקונג" (אין אויסטראַליע האָט מען געפינען זויגערס, וואָס לייגן אייער.)

יאָ, ענגעלס איז גערעכט „אַלץ איז רעלאַטיוו", אויך דער „וויסנ־שאַפטלעכער סאָציאַליזם". ער האָט געהאַט זיין באַדייטונג אין 19־טן יאָר־הונדערט, אָבער מיר וועלן באַנוצן מאַרקס'ס ווערטער, פון זיין „דער אַכצנטער בריומער פון לואי באָנאַפּאַרטע" — „זאָלן די טויטע מקבר זיין זייערע טויטע. די סאָציאַלע רעוואָלוציע קאָן נישט שעפּן איר פּאָעזיע פון דער פאַרגאַנגענהייט נאָר בלויז פון דער צוקונפט".

אין דער זעלבער צייט, וואָס עס אַנטוויקלט זיך דער א. ג. „וויסנ־שאַפטלעכער סאָציאַליזם", אַנטוויקלען זיך אויך אַנדערע אַרבעטער־באַוועגונגען, כמעט אַלע סאָציאַליסטישע און צווישן זיי אויך די אַנאַרכיס־טישע.

דער אַנאַרכיזם איז נישט קיין פּראָדוקט פון 19־טן יאָרהונדערט, כאָטש דווקא אין דער צווייטער טייל פון דעם יאָרהונדערט איז ער דער־גאַנגען צו זיין רעקאָרד, באַקומען זיין טעאָרעטישע באַגרינדונג און פאַר־נומען אַ בכבודיקן אָרט אין דער סאָציאַלער ליטעראַטור.

געבוירן איז ער געוואָרן אין 2־טן יאָרהונדערט פ. קר. און זיינע „טאַטעס" זענען די שוין דערמאָנטע איסיים, וואָס האָבן געלייקנט די מדינה בכלל און איר עסטאַבלישמענט (ביוראָקראַטיע), זיך אָפּגעטיילט פון איר, פאַרלאָזט אירע ד' אמות און געשאַפן די ערשטע קאָמוניסטישע קיבוצים אין מדבר, ביים טויטן ים, כדי צו זיין ווייט פון מענטשן און זייערע שוואַכקייטן און פעלערן. זייערע אידייען האָבן זיי אויסגעדריקט אין די געפונענע פערגאַמינען, אין וועלכע זיי רופן זיך „בני אור", וואָס קעמפן קעגן „בני חושך". זייערע פאָרזעצער זענען געווען די נזירים אין אַלע פעלקער (כינע, אינדיע, פערסיע און שפּעטער אין אייראָפּע). זיי האָבן זיך פאַרשלאָסן אין זייערע קלויסטערס, לעבנדיק אין קאָמונעס און באַג־נוגנט זיך מיטן קלענסטן מינימום.

אין דער צווייטער טייל פון 19־טן יאָרהונדערט ווערט דער אַנאַר־כיזם וועלטלעך. עס קומט צום אויסדרוק די שנאה צום שטאַט, צום „עסטאַבלישמענט", וואָס איז כמעט שטענדיק אויף דער זייט פון די רייכע, רייכע פּריצים, רייכע בורזשואַ, און קעמפט מיט פּאָליציייאישע און מילי־טערישע מיטלען קעגן די אַרבעטער און פויערים. דער אַנאַרכיזם איז דער אויסדרוק פון סטיכישן בונט. דער „עסטאַבלישמענט" איז דער שטאַט — נידער מיטן שטאַט!

די ערשטע טעאָרעטיקער פון אַנאַרכיזם זענען וויליאַם גאָדווין און

מאַקס שטירנער. דער לעצטער דערגייט אין זיין „טעאָריע" צו אַבסורד. אין זיין ווערק „דער איינציקער און דאָס אייגנטום", דערשינען אין 1844, באַזינגט שטירנער דעם עגאָיזם, דעם „איך", דאָס איינציקע וואָס איג־טערעסירט איז „מיין איך" און אויסער דעם גאָרנישט. נישט די געזעל־שאַפט, נישט די קולטור, נישט דאָס צוזאַמענלעבן פון מענטשן, פעלקער — דאָס אַלץ איז נאָר וויכטיק אויף וויפל עס שטערט נישט דער אַנטוויקלונג פון מיין איך! אין זיין מאָטיוואַציע איז ער אָפט גערעכט, אַרויסברענ־גענדיק די נעגאַטיווע זייטן פון דער רעליגיע, בירגערלעכער און קליינ־בירגערלעכער מאָראַל, צביעות, די שטאָט־געוואַלט א. א. וו. אָבער די נעגאַציע פון די נעגאַטיווע מאָמענטן און פאַקטאָרן ברענגט אים נישט צו נייע אידעאַלן. ער נעגירט די „מענטשהייט" אַלס גאַנצעס און שטעלט איר קעגן דעם „איך" און „מיין אייגנטום" וואָס „איך קאָן פאַרכאַפּן אויף כוח".

ער שרייבט: „און איר ווילט לערנען פון אָט די גלענצנדיקע ביי־שפּילן „אַז דעם עגאָיסט גייט עס אָם בעסטן? (אים אַליין איז גאָרנישט געגאַנגען גוט) איך, פון מיין זייט, נעם מיר אַראָפּ דעם מוסר השכל און אָנשטאָט צו דינען יענעם גרויסן עגאָיסט (דעם קיסר), בעסער אַליין זיין דער עגאָיסט... דאָס געטלעכע איז גאָטס זאַך, דאָס מענטשלעכע איז די זאַך פון מענטשן. מיין זאַך איז נישט דאָס געטלעכע און נישט דאָס מענטשלעכע, נישט דאָס אמתע, גוטע, גערעכטע, פרייע, נאָר דאָס מייניקע און זי איז נישט קיין אַלגעמיינע, נאָר זי איז איינציק, ווי איך בין איינציק. איבער מיר איז פאַר מיר גאָרנישט דאָ!

שטירנער איז קעגן דער פאָדערונג פון פרייהייט. „וואָס באַדייט פּאָליטישע פרייהייט. עס באַדייט אַז דער „פּאָליס", דער שטאָט איז פריי. רעליגיעזע פרייהייט באַדייט, אַז די רעליגיע איז פריי. עס באַדייט נישט מיין פרייהייט, נאָר די פרייהייט פון אַ מאַכט, וואָס באַהערשט און באַ־צווינגט מיך. זי באַדייט, אַז איינער פון מיינע דעספּאָטן, ווי שטאָט, רעליגיע, געוויסן זענען פריי. זיי ווילן אָבער מיך מאַכן פאַר אַ שקלאַף, — זייער פרייהייט באַדייט מיין שקלאַפעריי".

דער דאָזיקער געדאַנק איז אויפגעכאַפּט געוואָרן און פּראָפּאַגירט אין אַנדערע פאָרמען דורכן פראַנצויז פּרודאָן און די רוסן באַקונען און קראָפּאָטקין. יעדער פון זיי מיט זיין אייגענער שול, אייגענע קאָנצעפּציע, אייגענע טעאָריע און... פּראַקטיק.

פיער יוסף פרודאָן (1809—65) איז דער פאָטער פון פראַנצויזישן סינדיקאַליזם, וואָס האָט געשפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָל אין דער געשיכטע פון פראַנצויזישן אַרבעטער־קלאַס ביז די 20־קע יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט, ווען דעם איינפלוס האָבן געווינען די קאָמוניסטן און באַהערשט די צענטראַלע פון די פראָפ פאַריינען (סע. זשע.טע.) היינט איז זי די שטאַרקסטע פראָפעסיאָנעלע צענטראַלע, כאָטש אויסער איר עקזיסטירן נאָך צוויי („פאָרס אָווריער" פון די סאָציאַליסטן און עס. פ. ד. ט. געוועזן קאַטויליש, איצט וועלטלעך).

מאַרקס האָט אים זייער שטאַרק באַקעמפט, כאָטש אָן דערפאָלג. דאָס הויפּט־ווערק פון פרודאָן איז „די פילאָזאָפיע פון דער מיזעריע", אין וועלכער ער דריקט אויס זיין טעאָריע: דאָס פריוואַט־אייגנטום איז גזלה. דער שטאַט איז אַ געווער אין די הענט פון די בעלי־בתים, געלט העלפט איינהאַלטן דאָס פריוואַטע אייגנטום. דער וועג צו שאַפן אַ נייע, פרייע געזעלשאַפט איז: פרייע פאַראייניקונג פון די אַרבעטער, אַרבעטער־קאָאָפעראַטיוון וואָס וועלן האַנדלען איינע מיט דער אַנדערע, אויסבייטן די פּראָדוקטן, וואָס זיי גופא שאַפן, אָן פאַרמיטלער און אָן געלט. די אַרבעטער דאַרפן ווערן די בעלי־בתים פון די פאַבריקן און דאָס איז מעגלעך מיט דער הילף פון זייערע אַרבעטער־בענק, וואָס וועלן זיי דערמעגלעכן אָפּצוקויפן די פאַבריקן פון די פריוואַטע קאַפּיטאַליסטן. מאַרקס האָט אויסגעלאַכט די טעאָריע און פרודאַנען, דערקלערנדיק:

„די דייטשן זענען באַקאַנט אַלס גוטע פילאָזאָפן אָבער שלעכטע עקאָנאָמיסטן, גלויבן זיי אַז פרודאָן איז אַ שלעכטער פילאָזאָף אָבער גוטער עקאָנאָמיסט. די פראַנצויזן, וואָס זענען גוטע עקאָנאָמיסטן אָבער שלעכטע פילאָזאָפן, גלויבן, אַז פרודאָן איז אַ שלעכטער עקאָנאָמיסט אָבער גוטער פילאָזאָף. איך האַלט אַז ער איז אַ שלעכטער פילאָזאָף און אַ שלעכטער עקאָנאָמיסט".

פאַר פרודאַנען „דער שטאַט איז אַן אויסדרוק פון געוואַלט פון די הערשנדיקע קלאַסן" און „די פראָדוציר־קאָאָפעראַטיווע פון די אַרבעטער טאָרן נישט אַרבעטן פאַר דער בורזשואַזיע, דאַרפן נישט צאָלן קיין שטייערן דער רעגירונג".

פרודאַן האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם מאַרקסיסטישן דעטערמיניזם, אַז „די מענטשן זענען נישט פריי צו באַשטימען זייערע פראָדוציר־כוחות און פראָדוציר־באַציִונגען, ווייל די פראָדוציר־כוחות זענען אַ רעזולטאַט

פון פריערדיקע טעטיקייט״. מאַרקס האָט נעגירט די מעגלעכקייט, אַז די מענטשן באַשטימען די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען, דעם רעזשים אין וועלכן זיי לעבן „זענען די מענטשן פריי צו באַשטימען די אָדער אַנדערע פאָרם פון דער געזעלשאַפט? בשום אופן ניין!״ (אין זיין בריוו צו אַנענקאָוו דעם 28.2.46). פרודאָן האַלט פאַרקערט: „דער מענטש מאַכט זיין געשיכטע און ער איז פריי צו ענדערן איר גאַנג. „פּאָליס״ איז שטאַט, געהערט צו דער בורזשואַזיע. דער אַרבעטער־קלאַס איז קעגן דער בורזשואַזיע און קעגן איר „פּאָליס״, איר שטאַט. פּאָליטיק — איז אַן ענין פון דער בורזשואַזיע. דער אַרבעטער־קלאַס פאַרנעמט זיך נישט מיט פּאָליטיק. דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף פירן אַן עקאָנאָמישן קאַמף, ברעכן די בורזשואַזיע און מיט דעם אויך איר שטאַט. צו דעם איז נישט נויטיק קיין פּאָליטישע אַרבעטער־פּאַרטיי נאָר פרייע, פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אייגנטום איז גניבה״ דאָס זענען די צענטראַלע אידייען, וואָס פרודאָן האָט געפּריידיקט אין זיין בראָשור „וואָס איז אייגנטום״ און געוואָרן די „ביבל״ פון אַ שטאַרקער באַוועגונג, באַזונדערס אין די לאַטיינישע לענדער פראַנקרייך, איטאַליע, שפּאַניע, לאַטיין־אַמעריקע און סוף פאַריקן יאָרהונדערט אויך אין די פ. שטאַטן, ווען די איטאַליענער האָבן געבילדעט אַ גרויסע טייל פון אַמעריקאַנער אַרבעטער־קלאַס. די דאָזיקע באַוועגונג האָט באַקומען אַלס נאָמען אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישע.

אַן אַנדער אַנאַרכיסטישע טעאָריע האָט אַנטוויקלט דער רוס, מיכאַל באַקונין (1814—76), וואָס האָט געווירקט שטאַרקער מיט זיינע מעשים ווי מיט זיינע טעאָריעס. דער פאָטער פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, גריגאָרי פּלעכאַנאָוו (1857—1918) האָט כאַראַקטעריזירט באַקונינען מיט די ווערטער „באַקונין איז אַ געמיש פון לאַטיינישן (פרודאָניסטישן) „סאָציאַליזם״ און די פויערשע אידייען פון רוסלאַנד — פרודאָן געמישט מיט סטיענקאַ ראַזין״.

אין קעגנזאַץ צו מאַרקסן און פרודאָנען, איז באַקונין געווען דער מענטש פון מעשים. ער אַליין שטאַמט פון אַן אַלטער רוסישער אַריסטאָקראַטישער משפּחה, האָט באַקומען אַ פרייע דערציִונג, פאַרלאָזט זיין מיליטערישע קאַריערע און אין עלטער פון 20 יאָר פאָרט ער אַוועק פון רוסלאַנד און קומט קיין דייטשלאַנד, ווי ער לערנט פילאָזאָפיע. די פילאָזאָפיע פון קאַנט, לייבניץ און העגעל שטעלט אים נישט צופרידן. ער וויל נישט קיין פילאָזאָפיע נאָר מעשים. נישט ריידן וועגן פרייהייט, נאָר

זי פאַרווירקלעכן. דער שונא איז דער שטאַט. דער שטאַט — דאָס איז די מאַכט פון די פריצים און בורזשואַ. דער שטאַט באַנוצט געוואַלט־קעגן געוואַלט מוז גענוצט ווערן געוואַלט. דער שטאַט איז באַוואָפנט — דאַרפן אויך מיר זיין באַוואָפנט — געווער קעגן געווער, „באָמבע קעגן באָמבע" — דאָס ווערט זיין פילאָזאָפיע.

נאָך אין 1842 שרייבט דער יונגער באַקונין: „די לופט איז שטיקנדיק. מיר פילן די נאָענטקייט פון גרויסן שטורעם, וואָס וועט אויסרייניקן די אַטמאָספער. מיר רופן צו אונדזערע פאַרבלענדעטע ברידער: טוט תשובה, ס'איז משיחס צייטן... עפנט אויף אייערע אויגן. זאָלן די מתים באַגראָבן זייערע טויטע. לאָמיר פאַרטרויען דעם אייביקן גייסט, וואָס צעשטערט און פאַרניכטעט דערפאַר, ווייל ער איז אייביק. ער איז דער שאַפנדיקער קוואַל פון לעבן. די לוסט פון צעשטערונג איז די שאַפנדיקע לוסט".

דעם דאָזיקן פאַרניכטונגס־קרעדאָ האָט ער אָנגעהאַלטן ביזן לעצטן מאָמענט פון זיין לעבן. צעשטערן, אַלץ צעשטערן און „אויף די חורבות וועלן מיר אויפבויען אַ ניי לעבן".

אין 1848 ברעכט אויס די רעוואָלוציע אין פאַריז קעגן קעניג פיליפּ. באַקונין לויפט קיין פאַריז (נישט געווען דאַן קיין עראָפּלאַנען), שלאָפט אין די קאַזאַרמעס, עסט און טרינקט מיט די פראַנצויזישע זעלנער, רופט זיי אָנהאַלטן די רעוואָלוציע אַזוי לאַנג ביז זיי וועלן פאַרניכטן אַלע יסודות פון דער אַלטער געזעלשאַפט, דעם שטאַט, דאָס פּריוואַט־אייגנטום. צוזאַמען מיט אויגוסט בלאַנקי (פראַנצויזישער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַ־ליסט 1805—81) געפינט ער זיך אויף די באַריקאַדן, גאַסן־מיטינגען, אומעטום ווו מען קעמפט, ווו עס עקזיסטירט וועלכע ס'איז געפאַר. אַ רעפּובליקאַנער אָפיציר באַצייכנט אים „באַקונין? וואָס פאַראַ מאַן! דעם ערשטן טאָג פון דער רעוואָלוציע איז ער טייערער פון טויזנט זעל־נער, אין דעם צווייטן — מוז מען אים דערשיסן". און פלאַקאָן, מיניסטער פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג זאָגט: „ווען עס וואָלטן זיך געפונען אין פראַנקרייך 300 מענער ווי באַקונין, וואָלט קיין שום רעגיי־רונג זיך נישט געקאָנט האַלטן".

כדי פטור צו ווערן פון באַקונינען, האָט אים דער מיניסטער געגעבן אַ פראַנצויזישן פּאַס, טויזנט פראַנק און... אים געשיקט קיין דייטשלאַנד, ווו ס'איז אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע (1848 איז געווען דער „פרילינג פון איראָפּע" און די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט אַרומגענומען גאַנץ

מערב־און צענטראַל־אייראָפּע). באַקונין קומט קיין פּראַג, וואָס האָט דאַן געהערט צו עסטרייך. עס אַנטוויקלט זיך דאָרט אַ פּאַן־סלאַווישע באַוועגונג (מיר האָבן וועגן איר דערמאָנט אין פאָריקן קאַפּיטל). די מאַסן זענען אין די גאַסן. עסטרייכישער גענעראַל ווינדישגרעץ באָמבאַרדירט די שטאָט. דער אומבאַקאַנטער באַקונין נעמט איבער די מיליטערישע לייטונג פון אויפשטאַנד. ער קעמפט העלדיש, אָבער ווינדישגרעץ איז שטאַרקער און באַקונין מוז אַנטלויפן.

ער לויפט קיין דייטשלאַנד און דאָרט פאַרפּענטלעכט ער אַ מאַניפעסט צו די „ברידער סלאַוון", אין וועלכן ער זאָגט: „איך גלויב נישט אין קיין שום קאָנסטיטוציע, אין קיין שום געזעצן... מיר דאַרפן שטורם, אַ נייע געזעצלאָזע און דערפאַר פרייע וועלט".

אין דרעזדען ברעכט אויס אַן אויפשטאַנד. באַקונין איז דאָ. ער איז אַ מיטגליד פון רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט און פאַקטישער דיקטאַטאָר פון שטאָט. ער זאַמלט אויפרייס־מאַטעריאַל אין דער געבײַדע פון שטאָטראַט. ווען דער בירגערמייסטער זאָגט אים, אַז דאָס קאָן ברענגען אַן אומגליק, די גאַנצע שטאָט קאָן אויפגעריסן ווערן, ענטפערט באַקונין: „ווער פרעגט נאָך הייזער, זאָלן זיי פליען אין דער לופטן". די פרייסן דערשטיקן דעם אויפשטאַנד, באַקונין ווערט אַרעסטירט און פאַרמשפט צום טויט.

אין זיין לעצטער רעדע פאַרן געריכט זאָגט ער: „אין דער געשיכטע אַנטשיידעט נאָר דער דערפאָלג. וואָלט מיר געלונגען דורכצופירן מיינע פּלענער, וואָלט איר מיך אָנערקענט פאַר אַ גרויסן העלד, אָבער אַזוי ווי איך בין דורכגעפאַלן, פאַרמשפט איר מיך צום טויט!"

די עסטרייכישע רעגירונג פאָדערט מען זאָל איר אַרויסגעבן באַקונינען, כדי צו משפטן אים פאַר זיין אָנטייל אין פּראַגער אויפשטאַנד. די פּרייסישע רעגירונג, וואָס איז נישט שטאַרק פאַראינטערעסירט אין אויספירן דעם טויט־אורטייל, גיט אים איבער דער עסטרייכישער מאַכט און ער ווערט אויך דורך איר פאַרמשפט צו טויט. דאַן מישט זיך אַריין די רוסישע רעגירונג, וואָס פאָדערט אַרויסגעבן איר דעם „בונטאָווששיק". ער ווערט איבערגעגעבן רוסלאַנד און... פאַרמשפט אויף לעבנס־לענגלעכע תפיסה אין דער פּעטראָפּאַוולאַווסקער פעסטונג אין פּעטערבורג. זיינע קרובים באַמיִען זיך פאַרן צאַר אים צו אַמנעסטירן, אָבער דער צאַר ענטפערט: „רוסלאַנד איז צו קליין פאַר אונדז ביידע". נאָכן טויט פון צאַר ניקאָלאַי דעם 1־טן, ווערט ער פאַרשיקט קיין סיביר, פון וואַנען ער אַנטלויפט אין

1861 קיין אויסלאַנד און דורך יאַפּאַן קומט ער קיין לאָנדאָן. די תפיסה האָט אים נישט אָפּגעשוואַכט, אויך נישט זיין צעשטערונגס־גייסט.

אין 1863 ברעכט אויס אַן אויפשטאַנד אין פוילן. באַקונין פאָרט קיין פוילן, אָבער נאָך איידער ער באַוויזט אַהינקומען, איז דער אויפשטאַנד דערשטיקט. די צאַרישע רעגירונג באַשטימט אַ פּרעמיע פון 30 טויזנט רובל (אַ געוואַלטיקע סומע אין יענע צייטן) פאַר זיין קאָפּ, אָבער אַן דערפאָלג. באַקונין פאָרט קיין איטאַליע, וואָס געפינט זיך אין אַ רעוואָ־לוציאָנערע סיטואַציע. בראש פון די רעוואָלוציאָנערן שטייען גאַריבאַלדי און מאַציני, וואָס ווילן ליקווידירן די זעלבשטענדיקע פּויפּסטלעכע מלוכה, וואָס הערשט איבער רוים און אומגעגנט, פאַרטרייבן די עסטרייכער פון לאָמבאַרדיע און פאַרייניקן איטאַליע. באַקונין פירט מיט גרויס דערפאָלג זיין אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדע קעגן יעדער מאַכט, אויך קעגן אַ פאַריי־ניקטער איטאַליע.

אין 1867 שאַפט ער די „פרידנס־און פרייהייטס־־ליגע" און שפּעטער די „אינטערנאַציאָנאַלע אַליאַנץ" אין זשענעוו (שווייץ), וואָס נעמט אַרום די אַנאַרכיסטישע גרופּן פון אַלע לאַטייניש ע לענדער. איר ציל: „קעמפן קעגן שטאַט, פּריוואַט־אייגנטום און רעליגיע". אין 1869 שליסט זיך אָן די „אַליאַנץ" אין דעם „אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל" (דעם א. ג. ערשטן), וואָס איז מיטן אָנטייל פון מאַרקס געגרינדעט געוואָרן אין לאָנדאָן אין יאָר 1864.

באַקונין קעמפט קעגן מאַרקסן און זיין „אני מאמין" האָט ער אויס־געדריקט אין די ווערטער: „אַטעיזם, קאָלעקטיוויזם, אַנאַרכיזם".

ווען ס'איז אויסגעבראָכן די דייטש־פראַנצויזישע מלחמה האָט מאַרקס זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דייטשלאַנד קעגן „פראַנצויזישן שאָווי־ניזם". באַקונין האָט זיך קעגנגעשטעלט דער מלחמה, אָנווייזנדיק (מיט רעכט), אַז דער זיג פון ביסמאַרקן באַדייט דעם זיג פון פּרייסישן מילי־טאַריזם, דער זיג פון באָנאַפּאַרטע — נצחון פון דעספּאָטיזם און קאָ־רופּציע און ער וואָרפט די לאָזונג „רעוואָלוציע" (וועלכע 44 יאָר שפּעטער נעמט אויף לענין קעגן דער וועלט־מלחמה). ווען די רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן אין פראַנקרייך, נעמט ער אָנטייל אין אויפשטאַנד אין דער טעקסטיל־שטאָט ליאָן. דער אויפשטאַנד ווערט דערשטיקט, באַקונין מוז ווידער אַנטלויפן. ער איז קראַנק, פּרווט נאָך אָנטייל נעמען אין אַן אויפשטאַנד אין באָלאָניע (איטאַליע), שטאַרבט אָבער אין בערן, שווייץ,

אין עלטער פון 62 יאָר, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ רייע ביכער, בראָשורן און... אָן אַ שיעור לעגענדעס וועגן זיין פערזענלעכער גבורה.

אין זיין בוך „גאָט און דער שטאַט" שרייבט ער: „געוויינלעך זאָגט מען, אַז די פרייהייט פון מענטשלעכן אינדיווידואום טאָר נישט האָבן קיין אַנדערע גרענעצן ווי די פרייהייט פון אַלע איבעריקע אינדיווידואומס. די דאָזיקע טעאָריע אַנטהאַלט שוין דעם קערן פון אַלע טעאָריעס פון דעספּאָטיזם... איך בין נאָר דעמאָלט פריי, ווען אַלע אַרומיקע זענען אַזוי פריי ווי איך, די פרייהייט פון אַנדערע איז נישט קיין באַגרענעצונג, נאָר אַ נויטווענדיקער באַדינג פאַר מיין אייגענער פרייהייט... דער פרייהייטס־מאָמענט איז אַ נעגאַטיווער, דאָס איז דער רעוואָלט פון יעדן מענטשלעכן אינדיווידואום, קעגן יעדער הערשאַפט, סיי געטלעכער, סיי מענטשלעכער, סיי קאָלעקטיווער, סיי אינדיווידועלער. ס'איז אַ רעוואָלט קעגן גאָט, ווייל ווי לאַנג מיר האָבן אַ האַר אין הימל, וועלן מיר זיין שקלאַפן אויף דער ערד. ס'איז אַ רעוואָלט קעגן דער מענטשלעכער טיראַניע, קעגן דער אינ־דיווידועלער ווי קעגן דער סאָציאַלער הערשאַפט, וואָס איז פאַרטראָטן דורך דעם שטאַט... דער שטאַט איז מאַכט און געוואַלט... די געטלעכע מאָראַל איז די אַבסאָלוטע פאַרלייקענונג פון דער מענטשלעכער מאָראַל".

אין זיין בוך „פעדעראַליזם, סאָציאַליזם און אַנטיטעאָלאָגיזם" שרייבט באַקונין: „אין 1848 איז אומגעקומען נישט דער סאָציאַליזם בכלל, נאָר דער שטאַטלעכער סאָציאַליזם, יענער רעגולירנדיקער, דעספּאָטישער סאָציאַליזם, וואָס האָט געגלויבט, אַז דער שטאַט וועט קאָנען צופרידנ־שטעלן די געזעצלעכע שטרעבונגען פון אַרבעטער־קלאַס. נישט דער סאָציאַליזם איז געשטאָרבן אין יוני (אין יוני 1848 איז אין פּאַריז דער־שטיקט געוואָרן אַן אויפשטאַנד, אָנגעפירט פון אויגוסט בלאַנקי), נאָר דער שטאַט האָט זיך דערקלערט באַנקראָט פאַרן סאָציאַליזם... דער שטאַט מוז זיך אויפלייזן און אַ געזעלשאַפט, וואָס איז אָרגאַניזירט אויף די פּרינציפּן פון גערעכטיקייט (דער פּראָבלעם פון שטאַט איז דאַן דיסקו־טירט געוואָרן. מאַרקס האָט געענטפערט באַקונינען: „מיר וועלן פאַר־ענדיקן מיטן קאַפּיטאַל, עקספּראָפּרירן די פּראָדוקציע־מיטלען און דער שטאַט וועט שטאַרבן פון זיך אַליין. אָן אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע איז די ליקווידאַציע פון שטאַט אַן אַבסורד." אויך לעניןהאָט זיך באַשעפטיקט מיט דער פראַגע פון שטאַט — זע קאַפּיטל „לעניניזם")... יעדער שטאַט, צי זיין אינערלעכע אָרדנונג איז אַ פעדעראַטיווע אָדער נישט, מוז שטרעבן

צו ווערן דער מעכטיקסטער, מוז פאַרשלינגען כדי נישט צו ווערן פאַר־שלונגען, מוז דעראָבערן כדי נישט צו ווערן דעראָבערט, מוז פאַרשקלאַפן, כדי נישט צו ווערן פאַרשקלאַפט. צוויי גלייכע, אין דער זעלבער צייט קעגנזעצלעכע כוחות קאָנען נישט עקזיסטירן, נישט פאַרניכטענדיק איינער דעם צווייטן. דער שטאַט איז די העסלעכסטע, צינישסטע און פולסטע פאַרלייקענונג פון דער מענטשהייט... און אַזוי ווי מיר האָבן באַוויזן, אַז קיין שטאַט קאָן נישט עקזיסטירן, נישט באַגייענדיק קיין פאַרברעכן, קומען מיר צום באַשלוס, אַז ס׳איז אומבאַדינגט נויטיק צו פאַרניכטן דעם שטאַט... די „זעלבסט־רעגירונג פון פאָלק בלייבט שטענדיק אין צושטאַנד פון אַ פיקציע, אין דערווירקלעכקייט איז שטענדיק די מינאָריטעט דער הערשנ־דיקער קלאַס... דער שטאַט איז נישט עפּעס אַנדערש ווי הערשאַפט און עקספּלואַטאַציע. ס׳איז נישטאָ קיין געפערלעכערע זאַך פאַר דער אייגענער מאָראַל פון מענטשן, ווי די געוווינהייט צו באַפעלן (מאַכט פאַרשיכורט !) דער בעסטער, געבילדעסטער, גרויסמוטיקער מענטש ווערט אומפאַרמייד־לעך פאַרדאָרבן ביי אַזעלכע באַדינגונגען... „דאָס פאָלק נויטיקט זיך אין מיר" — איז עס גענוג אויף צו פאַרלירן דעם קאָפּ און צו ווערן משוגע פון גדלות. דער שטאַט איז דער מזבח פון דער פּאָליטישער רעליגיע, אויף וועלכן מ׳איז מקריב די נאַטירלעכע געזעלשאַפט".

דאָס איז דער תמצית פון באַקונינס אַנאַרכיסטישע טעאָריע, וועגן איר שרייבט ענגעלס (אין אַ בריוו צו טעאָדאָר קונאָ, דעם 24.1.72).

„באַקונין האָט אַ ספּעציעלע טעאָריע, געמיש פון פּרודאָניזם און קאָמוניזם. זיין הויפּט־פּונקט איז, אַז נישט דער קאַפּיטאַליזם איז דער הויפּט־שונא, וואָס דאַרף ליקווידירט ווערן, נאָר ס׳איז דער שטאַט. אין דער צייט וואָס מיר אָנערקענען, אַז דער שטאַט איז די אָרגאַניזאַציע פון די גרויסע גרונט־באַזיצער און קאַפּיטאַליסטן, כדי צו פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן, אָנערקענט באַקונין, אַז ס׳איז דער שטאַט, וואָס האָט געשאַפן דעם קאַפּיטאַליזם, אַז דער קאַפּיטאַליסט פאַרמאָגט דעם קאַפּיטאַל אַלס געשאַנק פונעם שטאַט (באַקונין זאָגט דאָס נישט, אַזוי פאַרשטייט אָבער ענגעלס באַקונינס טעאָריע) ד. ה. אַז ס׳וועט זיין גענוג צו ליקווידירן דעם שטאַט, דער קאַפּיטאַליזם וועט שוין אַליין גיין צום טייוול... מיר זאָגן, מען דאַרף ליקווידירן דעם קאַפּיטאַליזם, עקספּראָפּרירן די פּראָ־דוקציע־מיטלען און דער שטאַט וועט אַליין אָפּשטאַרבן (אין ראַטנפאַר־באַנד נאָך 56 יאָר רעוואָלוציע טראַכט נישט דער „שטאַט" צו שטאַרבן).

דער אונטערשייד איז אַ פּרינציפּיעלער: אַן אַ פּאָרויסיקע סאָציאַלע רע־וואָלוציע איז די ליקווידאַציע פון שטאַט אַן אַבסורד״.

אין זיין בוך „די מיזעריע פון דער פילאָזאָפיע״, דיסקוטירנדיק מיט פּרודאָנען, שרייבט מאַרקס:

„מיט דער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וועט דער אַרבעטער־קלאַס פאַרבייטן די אַלטע ציווילע געזעלשאַפט דורך אַן אַסאָ־סאַציע וואָס וועט אָפּמעקן די קלאַסן און זייער אַנטאַגאָניזם און עס וועט נישט עקזיסטירן מער קיין פּאָליטישע מאַכט (אשרי המאמינים. מאַרקס, דער „וויסנשאַפטלער״ חזרט איבער די טרוימען פון די „אוטאָפּיסטן״!), ווייל די פּאָליטישע מאַכט איז אַן אויסדרוק פון די אַנטאַגאָניזמען פון דער געזעלשאַפט... ווען עס וועלן נעלם ווערן די קלאַסן, וועט די ציווילע מאַכט פאַרלירן איר פּאָליטישן כאַראַקטער. די פּאָליטישע מאַכט איז דער אָרגאַניזירטער כוח פון איין קלאַס אויף אונטערצודריקן אַ צווייטן.

אין אַ בריוו צו בעבעלן, שרייבט ענגעלס דעם 18.3.75: „מען וואָלט געדאַרפט אָפּשטעלן די פּלוידערייען וועגן שטאַט, באַזונדערס נאָך דער פּאַריזער קאָמונע, וואָס איז שוין נישט געווען קיין שטאַט אין עקזאַקטן זין פון וואָרט... מיר האָבן פעסטגעשטעלט נאָך אין „קאָמוניסטישן מאַ־ניפעסט״, אַז מיט דער איינשטעלונג פון אַ סאָציאַליסטישן רעזשים וועט דער שטאַט אונטערגיין פון זיך אַליין און פאַרשווינדן. דער שטאַט איז נישט מער, ווי אַ טראַנזיט־אָרגאַניזאַציע, וואָס ווערט גענוצט אין קאַמף כדי צו באַזיגן דעם קעגנער. ס׳איז אַ נאַרישקייט צו רעדן וועגן אַ „פרייעם שטאַט״. ווי לאַנג דער פּראָלעטאַריאַט וועט נוצן דעם שטאַט, וועט ער עס נישט טאָן אין נאָמען פון דער פרייהייט, נאָר כדי צו באַהערשן זיינע קעגנער און ווען עס וועט זיין מעגלעך צו רעדן וועגן פרייהייט, וועט דער שטאַט אויפהערן צו עקזיסטירן.

דעם 18.4.83 שרייבט ענגעלס צו וואַן האַטען: „מיט דער פאַרשווינ־דונג פון דער מינדערהייט, וואָס איז די עקסקלוסיווע אייגנטימערין פון אַלע רייכטומס, וועט אויך פאַרשווינדן די נויטווענדיקייט פון אַ באַוואָפנטן רעפּרעסיע־אַפּאַראַט, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר דער שטאַט. די אַנאַר־כיסטן שטעלן אויס די זאַכן פאַרקערט. זיי האַלטן, אַז די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע דאַרף אָנהויבן מיט דער פאַרניכטונג פון שטאַט, אָבער דער שטאַט איז דאָס איינציקע, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט וועט געפינען נאָך זיין זיג. פאַרניכטן אים אין דעם מאָמענט, הייסט פאַרניכטן דעם איינציקן

אָרגאַניזם, וואָס דערלויבט דעם פּראָלעטאַריאַט איינהאַלטן די געוווּנענע מאַכט, פּאַראַליזירן די קאַפּיטאַליסטישע קעגנער און דורכפירן די עקאָנאָמישע רעוואָלוציע פון דער געזעלשאַפט".

אינטערעסאַנט, אַז אויך באַקונין פאַלט אַריין אין ווידערשפּרוכן. רעדנדיק וועגן דער אַנאַרכיסטישער ליגע, וואָס ער האָט געגרינדעט, פאָדערט ער „אונטעראָרדנען היעראַרכיש אַלע אָרגאַניזאַציעס דעם צענטראַל־קאָמיטעט אין בערן". נישט נאָר לגבי אויסן, נאָר אויך לגבי די אייגענע חברים, אַנאַרכיסטן, פאָדערט ער זיי „אונטעראָרדנען היעראַרכיש" ד. ה. געבן דעם צענטראַל־קאָמיטעט אין בערן גרעסערע און ברייטערע קאָמפּעטענצן לגבי די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס.

דער פּראָבלעם פון שטאַט האָט באַשעפטיקט אַלע סאָציאַליסטישע דענקער, הן פון פאַריקן, הן פון איצטיקן יאָרהונדערט. הייַנט, אין לעצטן דריטל פון 20־טן יאָרהונדערט פאַרמאָגן מיר אַ רייכע עקספּעריענץ: 56 יאָר סאָוויעטישע רעוואָלוציע, כינע, אונגאַרן, טשעכאָסלאָוואַקיע א.א.וו. עס זענען אין משך פון די לעצטע 28 יאָר (זינט דער לעצטער מלחמה) אויפגעשטאַנען פיל מערער מדינות ווי ס'האָבן עקזיסטירט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. (הייַנט צו טאָג ציילט די „אונאָ" 135 מיטגלידער אַנשטאָט 49 אין יאָר 1945). איז ריכטיק די טעאָריע, אַז דער שטאַט איז נישט מער ווי אַ רעפּרעסיע־אַפּאַראַט?

ס'איז אמת, אַז דער שטאַט איז אַ רעפּרעסיע־אַפּאַראַט אין דער פאָרם פון פּאָליציי, אַרמיי א. א. וו. איז ער געשאַפן געוואָרן באַוווּסטזיניק, כדי צו פאַרגוואַלטיקן די רעכט פון אַנדערע קלאַסן?

מיר וועלן נישט אַנאַליזירן דעם שטאַט אין ווייטן אַלטערטום, מיר וועלן נעמען נענטערע ביישפּילן, וואָס איז אונדז לייכטער צו קאָנטראָלירן. מיר נעמען צ. ב. דעם גרעסטן, רייכסטן שטאַט אין דער וועלט, די פאַראייניקטע שטאַטן. ווער האָט אים געשאַפן? די בורזשואַזיע כדי צו פאַרשקלאַפן? עס זענען געווען די שקלאַפן־אייגנטימער, וואָס האָבן זיך רעבעלירט קעגן ענגלאַנד, כאָטש זי האָט זיי נישט געשטערט צו עקספּלואַטירן די שקלאַפן, פאַרקערט, אירע ענגלישע שיפן פלעגן ברענגען די שקלאַפן קיין אַמעריקע. די שקלאַפן־אייגנטימער (און נישט נאָר זיי) האָבן רעבעלירט פאַר זייער פרייהייט, פרייהייט פון האַנדל, פרייהייט פון עקספּלואַטירן שקלאַפן, נישט געוואָלט זיין אָפּהענגיק פון אַ ווייטן קעניג

און קעניגרייך, וואָס עקספּלואַטירט אויך זיי. נאָכן זיג האָבן זיי געשאַפן זייער אייגענעם רעפּרעסיע־אַפּאַראַט איינצוהאַלטן די שקלאַפן און די „אָרדנונג", ווי זיי האָבן זי פאַרשטאַנען.

דער בירגער־קריג פון די יאָרן 1861—65 איז נישט געווען געווענדעט קעגן די פּראָלעטאַריער נאָר קעגן די שקלאַפן־אייגנטימער, כדי צו באַ־פרייען די שקלאַפן און... זיי פאַרוואַנדלען אין „פרייע" פּראָלעטאַריער פאַר די פאַבריקן, וואָס די אויפגעקומענע בורזשואַזיע האָט אויפגעבויט. דער זיגרייכער שטאַט פון דער שטאָטישער בורזשואַזיע האָט אויסגענוצט און אויסגעברייטערט דעם רעפּרעסיע־אַפּאַראַט אויך קעגן די פּראָלע־טאַריער, אָבער ער איז נישט געשאַפן געוואָרן פאַר דעם צוועק.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען אויפגעקומען העכער 80 נייע מדינות אין אַזיע און אַפריקע. זיי זענען מער־ווייניקער זעלבסשטענדיק (אַבסאָלוט זעלבשטענדיק זענען נאָר געציילטע מדינות אויף דער וועלט), זענען די נייע „שטאַטן" געגרינדעט געוואָרן דורך דער אָרטיקער בור־זשואַזיע, דורך די ערד־באַזיצער? נישט געווען קיין זעלכע אין דער מער־הייט פון די אַפריקאַנער מדינות. ס'האָט זיך אַנטוויקלט דאָרט אַ נייער קלאַס, קלאַס פון הויכע באַאַמטע, פון מיליטאַרן, וואָס האָבן פאַרנומען „לעגאַל" אָדער פאַרכאַפּט די מאַכט מיט כוח, מיט זייער פּאָפּולאַריטעט אָדער פון שבט, אויף וועלכן זיי שטיצן זיך. וועמען רעפּרעזענטירט יאָמאָ קעניאַטאַ אין קעניע, אָדער יוליוס נערערע און טאַנזאַניע? די בורזשו־אַזיע? די שקלאַפן־באַזיצער? נישטאָ קיין זעלכע. אין קאָנגאָ־בראַזאַוויל, אין מאַלי, גינעאַ עקזיסטירן כלומרשט „לינקע", „סאָציאַליסטישע" דיק־טאַטאָרן, אין אַנדערע אין גאַנצן אָדער האַלב־משוגעים, ווי אידי אמין פון אוגאַנדאַ — וועלכן קלאַס רעפּרעזענטירן זיי?

אָט איז געגרינדעט געוואָרן אַ שטאַט, ווי ישראל. ווער האָט אים באַשאַפן, די בורזשואַזיע? די ערד־באַזיצער? ניין, דער אַקטיווסטער און שטאַרקסטער קלאַס איז דווקא געווען דער אַרבעטער־קלאַס. ער האָט גע־גרינדעט דעם נייעם שטאַט. צוליב וואָס? כדי זיך צו פאַרטיידיקן קעגן דעם אויסערלעכן שונא, קעגן די 40 מיליאָן אַראַבער, וואָס האָבן געוואָלט פאַרטיליקן דעם נייעם שטאַט. ס'איז אויך איינגעשטעלט געוואָרן אויסער דער אַרמיי, אויך פּאָליציי. קעגן וועמען? קעגן דעם אַרבעטער־קלאַס? קעגן דער בורזשואַזיע? ניין, קעגן די אַסאָציאַלע עלעמענטן אין דער געזעלשאַפט און אַזעלכע זענען לײדער פאַראַן אין יעדער געזעלשאַפט.

מיר וועלן וועגן זיי רעדן באַזונדער. קאָנען פרייע קאָמונעס, אָן אַ צענ־טראַלן אָרגאַן, זיך פאַרטיידיקן קעגן אָרגאַניזירטע און באַוואָפנטע מיט אוויאָנען, טאַנקען און האַרמאַטן אַרמייען? אַ רייע אַזעלכע קאָמונעס אין ישראל, קיבוצים ווי דגניה, נגבה, משמר העמק א. א. האָבן באַוויזן וווּנדער. וואָלטן זיי אָבער געקאָנט לאַנג שטעלן אַ ווידערשטאַנד אָן דער הילף פון אַ צענטראַלער קערפּערשאַפט? בשום אופן. און אַזאַ קערפּער־שאַפט איז דער שטאַט. זיינע בויער האָבן געגלויבט צו שאַפן אַ סאָציאַ־ליסטישן שטאַט, ער איז מיט דער צייט געוואָרן אַ קאַפּיטאַליסטישער (מיט שטאַרקע סאָציאַליסטישע אינדזלען, אָבער נישט מער ווי אינדזלען), כאָטש די מערהייט פון דער רעגירונג געהערט צו דער אַרבעטס־פּאַרטיי.

מיר האָבן זייער אַ טרויעריקע עקספּעריענץ מיט שפּאַניע. אין שפּאַניע האָבן געוווּנען די מאַכט אין 1931 מעסיקע עלעמענטן, אָבער אין פעברואַר 1936 האָט געוווּנען דער „פאָלקס־פראָנט", וואָס איז באַשטאַנען פון סאָ־ציאַליסטן, קאָמוניסטן און לינקע רעפּובליקאַנער. דער פאָלקס־פראָנט האָט געפּרווּט דורכצופירן די אַגראַר־רעפאָרם, קאָנפיסקירן די ערד פון די „גראַנדעס", די גרויסע גרונט־באַזיצער. דאָס האָט געבראַכט צו אַן אויפ־שטאַנד פון אַלע רעאַקציאָנערע און פאַשיסטישע עלעמענטן, וואָס האָבן באַקומען די אַקטיווע שטיצע פון מוסאָליני און היטלער. בראש פון דעם קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד זענען געשטאַנען די גענעראַלן.

קעגן זיי האָט נישט עקזיסטירט קיין צענטראַלער כוח, קיין אָרגאַני־זירטע אַרמיי. דווקא אין שפּאַניע איז געווען זייער שטאַרק די אַנאַרכיס־טישע השפעה און ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפשטאַנד, האָט יעדע פּאַרטיי געשאַפן אַן אייגענע אַרמיי און געקעמפט יעדע איינע אויף איר שטייגער, ווען זי האָט געוואָלט און ווי זי האָט געוואָלט. די אַנאַרכיסטן צ. ב. האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב צו קעמפן הויפּטזעכלעך קעגן... דער רעליגיע און צעשאָסן טויזנטער קריסטוס־דענקמעלער, וואָס האָט גע־שטעלט די קאַטוילישע באַפעלקערונג קעגן דער רעפּובליק. ווען אין נאָוועמבער 1936 איז סוף סוף געשאַפן געוואָרן אַן איינהייטלעכע אַרמיי און באַשטימט אַן אַרמיי־שעף (גענעראַל מיאַכאַ) איז שוין געווען צו שפּעט. די אויפשטענדלער האָבן שוין באַוויזן אַרומרינגלען מאַדריד. שפּאַניע האָט באַוויזן די אָרעמקייט פון אַלע אַנאַרכיסטישע טעאָריעס.

דער שטאַט וועט מעגלעך מיט דער צייט אונטערגיין, וועט ווערן איבעריק און זיין אָרט וועט מעגלעך פאַרנעמען די פרייע אַסאָסיאַציע פון

פרייע קאָמונעס (מוניציפּאַליטעטן, ישובים), אָבער דער פּראָצעס פון אויפ־לייזן די מדינה וועט מוזן זיין אַ לאַנגער. דער אַנאַרכיסט גייט אַרויס פון שטאַנדפּונקט, אַז „דער מענטש איז גוט". אין פּרינציפּ זענען זיי גערעכט. די מערהייט מענטשן זענען, בכלל גענומען, גוט. אָבער ליידער געפינען זיך אין דער בעסטער געזעלשאַפט, אין דער בעסטער משפּחה — אויך שלעכטע עלעמענטן, אויסוואורפן און מענטשן קראַנקע, נישט נאָר פיזיש. די אַבסאָלוטע מערהייט פּראָסטיטוטקעס קומען פון שלעכטע היימען, אָרעמע אָדער צעבראָכענע, דאָך זענען צווישן זיי פאַראַן אויך קינדער פון „גוטע" היימען, וועמען ס'האָט גאָרנישט געפעלט און די פּראָסטיטוציע איז ביי זיי אַן אויסדרוק פון אַ געשלעכטלעכער קראַנקייט (געוועזן פאַלן פון רייכע פרויען, וואָס האָבן „געאַרבעט" אַלס פּראָסטי־טוטקעס 2—3 שעה אַ טאָג כדי זיך געשלעכטלעך צופרידנשטעלן). ס'זענען פאַראַן מענטשן, וואָס ווילן בשום אופן נישט אַרבעטן, ביי וועמען די פוילקייט איז אַן אָרגאַנישע קרענק (ס'טרעפן זיך אַזעלכע אויך אין די קיבוצים) און כדי צו לעבן מוזן זיי גנבנען. אויך קלעפּטאָמאַניע איז אַ קראַנקייט, וואָס נישט שטענדיק קאָן זי לייכט אויסגעהיילט ווערן. ס'זענען פאַראַן כאַלעריקער, וואָס זענען גרייט צו הרגענען און צו די אַלע „שוואַכקייטן" קומען היינט צו די פאַרשיכורונגס־סמים און אַלקאָהאָל מיט אַלע זייערע נאָכווייען. די געזעלשאַפט מוז זיך פאַרטיידיקן קעגן די נע־גאַטיווע עלעמענטן און מוז נוצן רעפּרעסיווע מיטלען, אַפילו ווען זי וויל נישט. ווי אַזוי זיי דאַרפן אויסזען, צי אין פאָרם פון תפיסות אָדער אין פאָרם פון הייל־הייזער איז אַן אַנדער פראַגע, אָבער צוואַנגס־היילונג איז אויך אַ רעפּרעסיווער מיטל.

די אילוזיע פון מאַרקס־ענגעלס, אַז דער שטאַט וועט „אָפּשטאַרבן" נאָך דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן אַלס אילוזיע. רוסלאַנד געפינט זיך שוין אין 57־טן יאָר נאָך איר רעוואָלוציע. די באַלעבאַטים פון די פאַבריקן, די גרויסע גוט־באַזיצער, זענען שוין אַלע געשטאָרבן, 90 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג איז שוין געבוירן געוואָרן אין אַ רעזשים, ווו עס עקזיסטירט נישט קיין פּריוואַט־אייגנטום, ווו אַלץ געהערט צו דער מדינה, אָבער דער שטאַט איז קיינמאָל נישט געווען אַזוי שטאַרק ווי היינט. אויך היינט איז ער אַ קלאַסן־שטאַט, נאָר אָנשטאָט די פריערדיקע קלאַסן, די בורזשואַזיע און פּריצים, שטייט ביי דער מאַכט אַ נייער קלאַס, דער קלאַס פון ביוראָ־און טענכנאָקראַטן, דער

אַפּאַראַט פון דער הערשנדיקער פּאַרטיי, די גענעראַלן און פּאָליציי־אָנפירער, נייע דיקטאַטאָרן מיט אַ נייער געהיים־פּאָליציי, פיל פעיקער פון דער אַלטער צאַרישער מאַכט. פון צאַרישן סיביר האָט געקאָנט אַנטלויפן סטאַלין (4 מאָל) און טויזנטער אַנדערע פּאָליטישע אַרעסטירטע, פון סטאַלינס סיביר — איז כמעט קיינער נישט אַנטלאָפן. ווען דער צאַר האָט אויפגעהאָנגען 5 רעוואָלוציאָנערן איז ער געוועזן פאַרשריגן איבער דער גאַנצער וועלט אַלס בלוטיקער תליין. סטאַלין וואָס האָט דערמאָרדעט 15—20 מיליאָן רוסישע בירגער, איז ביי די „לינקע" געוועזן כמעט אַ גאָט...

אויך אַרבעטער קאָנען זיין עגאָיסטיש. אין יוגאָסלאַוויע געהערן פאָרמעל די פאַבריקן נישט דעם שטאַט, נאָר די אַרבעטער. זיי זענען די באַלעבאַטים, זיי באַשטימען די פרייזן, רווחים און לוינען. האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז די אַרבעטער וואָס האָבן באַקומען מאָנאָפּאָל־פּאָזיציעס, האָבן זיי אויסגענוצט פאַרן אייגענעם געברויך, העכערנדיק די פרייזן, נישט נעמענדיק אין אַכט, אַז די העכערונגען דאַרפן צאָלן אַנדערע אַרבעטער.

אַן ענלעכע דערשיינונג קאָנען מיר זען אין ישראל, ווו צ. ב. דער טראַנספּאָרט פון פּאַסאַזשירן געפינט זיך אין די הענט פון אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון. די רייכערע עלעמענטן אין לאַנד פאָרן מיט אייגענע אוי־טאָמאָבילן, די אויטאָבוסן באַנוצן הויפּטזעכלעך אַרבעטער. דאָס שטערט נישט די „חברים" פון טראַנספּאָרט קאָאָפּעראַטיוון צו פאָדערן כסדר העכערע טאַריפן און זיך באַשטימען געהאַלטן דאָפּלטע און מערער פון די איבעריקע אַרבעטער אין לאַנד.

די יידיש־קריסטלעכע מיטאָלאָגיע (אויך די קריסטלעכע עוואַנגעליע שטיצט זיך אויפן „בראשית") הויבט אָן די געשיכטע פון מענטשן פון... אַ מאָרד, וואָס איז באַגאַנגען איין ברודער (קין) קעגן אַנדערן (הבל) און דער הייליקער תנ"ך איז פול מיט ענלעכע מעשיות. ווען אברהם קומט צום מלך אבימלך, האָט ער מורא, אַז דער קעניג זאָל אים נישט הרגענען צוליב שרה, זיין פרוי, דערציילט ער, אַז שרה איז זיין שוועסטער... יעקב גנבעט ביי זיין פאָטער, יצחק, די ברכה און אַליין, ווערט ער אָפּ־גענאַרט דורך זיין שווער, לבן. אַזעלכע געשיכטעס ווערן דערציילט אָן אַ שיעור. נישט וויכטיק אויב זיי זענען אמתע אָדער נישט, זיי דריקן אָבער אויס די פּסיכאָלאָגיע פון מענטשן און בייטן די פּסיכאָלאָגיע איז מעגלעך, אָבער דאָס איז אַ פּראָצעס פון דורות. נישט צופעליק האָבן אַלע

פעלקער געשאַפן די לעגענדעס וועגן „דעמאָן", דעם „יצר הרע", „אַשמדאַי" א. א. וו. קנאה, שנאה, וועלן נאָך לאַנג עקזיסטירן אַפילו אין דער בעסטער געזעלשאַפט און ווי לאַנג עס וועלן עקזיסטירן שענערע און מיאוסערע פרויען, יונגערע און עלטערע, שוין אָפגערעדט פון סעקסועל קראַנקע מענער (און פרויען) מיט סאַדיסטישע, האָמאָסעקסואַליסטישע, לעסבישע א. א. אָפּווייכונגען, אַזוי לאַנג וועט די געזעלשאַפט זיך מוזן פאַרטיידיקן נישט נאָר מיט גוטע רייד...

באַקונין האָט געפּריידיקט, אַז די אַנאַרכיע קאָן מען רעאַליזירן נאָר מיט כוח, מיט געוואַלט און דערפירן צו אַ רעוואָלוציע קאָן אַ גרופּע, גרעסערע אָדער קלענערע, דער עיקר באַוווסטזיניקע און דעצידירטע. דאָס הויפּט־געווער — די באָמבע. זיינע אָנהענגער האָבן געשאַפן אַזאַ באַוועגונג איבער דער וועלט, אַ פּלעיאַדע פון אַנאַרכיסטן־טעראָריסטן, וואָס האָט געהאַט אַ השפעה הויפּטזעכלעך אויף די מער־אָפּגעשטאַנענע לענדער און באַזונדערס אין די לאַטיינישע. היינט האָבן זיך ווידער געגרינדעט אַזעלכע גרופּעס. צו זיי געהערן די „באַדער־מיינהאָף" אין מערב־דייטש־לאַנד, די „טופּאַמאַרו" אין אורוגוואַי, די „רעוואָלוציאָנערע אַרמיי" אין אַרגענטינע, די „אירישע רעוואָלוציאָנערע אַרמיי" און פאַרשיידענע פּאַלעס־טינער טעראָר־גרופּן.

קעגן דעם טעראָר־אַנאַרכיזם האָט זיך אַנטוויקלט אַן אַנדער אַנאַר־כיסטישע באַוועגונג, אַ פּאַציפיסטישע, פילאָזאָפישע. איר גרינדער איז אויך אַ רוס, פּיאָטר קראָפּאָטקין (1842—1921), וואָס האָט געהערט צו דער צאַרישער משפחה. קראָפּאָטקין איז געווען אַ שיין־גייסט און ווי אַ סך אַנדערע קינדער פון דער רוסישער אַריסטאָקראַטיע, פאַרלאָזט זיין רייכע היים, זיינע פּריווילעגיעס און אַוועק „אין פאָלק". ער האָט אָנגעשריבן אַ צענדליק ווערק, אין וועלכע עס פּילט זיך דער גייסט פון אַ מענטשן, אַ גוטן, אַ פיינעם, אַן איבערגעגעבענעם פריינט פון אַלע ליידנדיקע, וואָס איז אָבער אויך קינדיש־נאַיוו און דאָס טעגלעכע לעבן קאָן ער נישט פון דער גאַס, פון קאַמף, נאָר פון זיין קאַבינעט.

קראָפּאָטקין איז זיכער, אַז ס'איז גענוג ליקווידירן דעם שטאַט — די ערגסטע געשפּענסט — און צוואַנגס אָרגאַניזאַציע און ס'וועט הערשן דער גן־עדן אויף דער ערד...

זיין הויפּט־ווערק איז געווען: „ברויט און פרייהייט" און מיר וועלן ברענגען פון אים אייניקע אויסצוגן. אין אַ הקדמה צו דער אַמעריקאַנער

אויסגאַבע שרייבט די אַנאַרכיסטקע עליזע (רעקלו) : „נאָך דעם ווי דער שטאַט וועט פאַרניכטעט ווערן, וועלן זיך די גרופּן באַפרייטע אַרבעטער, וואָס וועלן נישט מוזן מער האָרעווען פאַר רויבער און פּאַראַזיטן, קאָנען נעמען יעדער פון זיי צו אַן אָנגענעמער אַרבעט, לויט זייער אייגענעם געשמאַק. זיי וועלן אויף אַ וויסנשאַפטלעכן אופן באַאַרבעטן די ערד און בייטראָגן יעדער זיין טייל צו דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע, אויס־נוצנדיק די פרייע שעהן אויף לערנען אָדער פאַרגעניגן". קאָן זיין אַ שענערער חלום ?

אין קאַפּיטל „אַלגעמיינער וווילשטאַנד" שרייבט קראָפּאָטקין : „ס'איז נישט קיין חלום, נישט קיין פאַנטאַזיע, ווען מיר זאָגן, אַז מיר פאַרלאַנגען דעם אַלגעמיינעם וווילשטאַנד, דאָס אַלגעמיינע גליק. אַ דאַנק דער אַרבעט פון פילע פריערדיקע דורות, איז די אַרבעטס־קראַפט אַזוי פּרוכטבאַר געוואָרן, אַז דאָס אַלגעמיינע גליק איז אַ זאַך, וואָס דאַרף דורכגעפירט ווערן, אַ פאַרלאַנג — וואָס קאָן פאַרווירקלעכט ווערן.

„דער וועג ? די מיטלען צו פּראָדוצירן זענען אין דער פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט דערוואָרבן געוואָרן דורך דער אַרבעט פון אַלע מענטשן צוזאַמען, דערפאַר דאַרפן זיי אויך נוצן ברענגען אַלע מענטשן. דערצו איז נויטיק די עקספּראָפּריאַציע פון די רייכטימער, וואָס באַלאַנגען צו איינציקע און אומקערן זיי דעם כלל... אַלע פילן די נויטווענדיקייט פון אַ רעוואָלוציע און אַלע וויסן, אַז די רעוואָלוציע איז נאָענט און קאָן אויסברעכן יעדן טאָג... די רעגירונגען, אָנגעגריפענע פון אַלע זייטן זענען אוממעכטיק און וועלן פאַלן גלייך ביים ערשטן הויך פון דער רעוואָלוציע... ס'איז אונדזער פליכט אַזוי צו האַנדלען, אַז דער אַרבעטער זאָל שוין דעם ערשטן טאָג פון דער רעוואָלוציע וויסן, אַז אַ נייע ערע פאַנגט זיך אָן... אַלץ דאַרף אַלעמען געהערן אין פּרינציפּ און ווירקלעכקייט... „רעכט אויף אַרבעט" באַדייט אייביק צו בלייבן אַ לוין־שקלאַף", „רעכט אויף אַלגעמיינעם וווילשטאַנד" באַדייט די מעגלעכקייט מענטשלעך צו לעבן און דערציִען קינדער, זיי זאָלן זיין נוצלעכע און ווירדיקע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט... יעדע געזעלשאַפט, וואָס מאַכט אַ סוף צום פּריוואַט־אייגנטום איז געצוווּנגען זיך צו אָרגאַניזירן אין אַ קאָמוניסטיש־אַנאַרכיס־טישע פאָרם, ווייל אַנאַרכיע פירט צום קאָמוניזם און קאָמוניזם צו אַנאַרכיע".

קראָפּאָטקינס נאַיִוויטעט קומט צום אויסדרוק, ווען ער שרייבט „ווי קאָן מען דען צווייפלען, אַז אין דעם טאָג, ווען די פּראָדוקציע־מיטלען

וועלן געהערן צו דער געמיינשאַפט, צום כלל, ווען מען וועט אַרבעטן געמיינשאַפטלעך, וועט מען זיכער מערער פּראָדוצירן, ווי מען פאַרברויכט... דעם גרעסטן נוצן, וואָס די קומענדיקע רעוואָלוציע וועט קאָנען ברענגען דער מענטשהייט, וועט זיין צו שאַפן אַ סיטואַציע, אין וועלכער יעדער לוין־סיסטעם וועט ווערן אוממעגלעך...

קראָפּאָטקין באַשרייבט דעם „גן־עדן", דעם „צומאָרגנס נאָך דער רעוואָלוציע". „בירגער און בירגערינס וועלן זיך פרייוויליק נעמען צום פאַרצייכענען, וואָס געפינט זיך אין יעדן מאַגאַזין, אין יעדן סקלאַד (וויפל ס'וועלן גנבענען ביי דער געלעגנהייט, פאַלט נישט איין קראָפּאָטקינען). אין 24 שעה וועט די שטאָט וויסן וויפל פּראָוויזיע (שפּייז) געפינט זיך אין איר (קראָפּאָטקין האָט עס געשריבן אין דער גרעסטער שטאָט אין דער וועלט — צו יענער צייט — לאָנדאָן!) אין צוויי מאָל 24 שעה וועלן זיין אָפּגעדרוקט מיליאָנען גענויע רשימות פון אַלע לעבנס־מיטלען, די ערטער ווו זיי געפינען זיך און ווי אַזוי זיי וועלן צעטיילט ווערן. אין יעדער גאַס, יעדן קוואַרטאַל וועלן זיך אָרגאַניזירן גרופּעס פון פרייוויליקע מענטשן (ספּאָנטאַן!) וואָס וועלן זיך צונויפרעדן און טאָן זייער אַרבעט מיט אַ סדר... זאָל נאָר דאָס פאָלק האָבן אַ פרייע האַנט און אין 8 טעג וועט די צושטעלונג פון שפּייז געמאַכט ווערן מיט אַ וווּנדערלעכער רעגלמעסיקייט..." (די רוסישע רעוואָלוציע האָט טאַקע באַוויזן די „וווּנדערלעכע רעגלמעסיקייט").

אין זיין קינדערישער תמימות זעצט ער פאָר „ווען איינע פון די 4 הויפּט־שטעט פון אייראָפּע (ווין, בערלין, פּאַריז און בריסל — לאָנדאָן ווערט נישט פאַרעכנט אין „אייראָפּע") זאָל זיך אויפהויבן און שטירצן די רעגירונג, איז כמעט ווי זיכער, אַז די דריי איבעריקע שטעט וועלן נאָכטאָן דעם ביישפּיל אין משך פון געציילטע וואָכן. ס'איז אויך מעגלעך, אַז אויך אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, אין לאָנדאָן און פּעטערבורג, וועט די רעוואָלוציע נישט לאָזן וואַרטן אויף זיך...

„אין 1793 (בעת דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע) האָבן די דערפער אויסגעהונגערט די שטעט און געהרגעט די רעוואָלוציע, אָבער... זאָל די שטאָט איבערשיקן אין די דערפער נישט קיין שליחים מיט רויטע לענטעס, וואָס זאָלן איבערגעבן די פויערים דעם באַפעל אָפּפירן די שפּייז אין די שטעט, נאָר שיקן פריינט, ברידער, וואָס וועלן זאָגן די פויערים „ברענגט אונדז אייערע פּראָדוקטן און נעמט ביי אונדז אַלע פאַבריצירטע

זאָכן, וואָס איך געפעלט נאָר (אַז פּויערים האָבן געביטן שפּייז אויף... פּיאַנאָס, ווייסט נישט קראָפּאָטקין) און דאַן... וועלן די לעבנס־מיטלען קומען פון אַלע זייטן..."

דאָך שטעלט קראָפּאָטקין די פראַגע: "ווי אַזוי וועט זיין, אויב ס'וועט דאָך זיין אַ מאַנגל אין שפּייז?" גאַנץ פּשוט "זיך אַליין נעמען צו שאַפן די נויטיקע לעבנס־פּראָדוקטן. די גרויסע שטעט מוזן אָנהויבן באַאַרבעטן די ערד, אַזוי גוט, ווי עס טוען דאָס די דערפער" (שטעלט זיך פאָר, אַז ניו־יאָרק, לאָנדאָן, טאָקיאָ, שאַנגהאַי, קאַלקוטאַ, פּאַריז וועלן זיך נעמען באַאַרבעטן די ערד כדי צו שאַפן די נויטווענדיקע שפּייז פאַר זייער באַ־פעלקערונג, וואָס ציילט 10 מיליאָן נפשות און מערער!)

קראָפּאָטקין אין זיין קאַבינעט לייזט די פראַגע זייער לייכט. ער רעכנט אַפילו אויס גענוי די ערד פון צוויי דעפּאַרטאַמענטן אַרום פּאַריז, וויפל אַקער (אַן אַקער — 4 דונאַם) זיי פאַרנעמען, וויפל שפּייז זיי קאָנען געבן, וויפל שעה אַרבעט מען דאַרף א. א. וו. ער ווייזט אָן צ. ב. "פּאַריז ציילט היינט 3,600.000 איינוווינער. די צוויי דעפּאַרטאַמענטן: 1,5 מיליאָן אַקער. אויף ווייץ און תבואה דאַרף מען 200.000 אַקער, נאַטירלעכע און קינסטלעכע פּאַשע־פעלדער פאַר די רינדער און שאָף — 200.000 אַקער, פאַר גרינס און פרוכט — 10 טויזנט. פאַרבלייבט נאָך אַ מיליאָן אַקער פאַר די פּויערים... ער רעכנט ווייטער. די נויטיקע אַרבעטס־צייט מאַכט אויס 350 מיליאָן שעה. אין פּאַריז לעבט אַ דריטל אַרבעטס־פעיִקע, ד. ה. 1,200.000, פאַלט אויס אויף יעדן נישט מער ווי 300 אַרבעטס־שעה אין יאָר, ווייניקער פון 1 שעה אַ טאָג און... יעדער וועט זיין באַזאָרגט מיט שפּייז. קאָן נאָך זיין עפּעס נאָך פּשוטער?

קראָפּאָטקין באַזאָרגט אונדז נישט נאָר מיט שפּייז. אויך מיט דירות, מאַכט ער אַ פּשוטן חשבון: "אַז די אידייע פון עקספּראָפּריאַציע וועט ווערן פּאָפּולער, וועט נישט זיין שווער זי דורכצופירן... באַלד ווי די עקספּראָפּריאַציע וועט זיך אָנפאַנגען, וועלן זיך אין יעדער גאַס, אין יעדן קוואַרטאַל צונויפקלייבן גרופּעס פרייוויליקע בירגער, וואָס וועלן דערגיין אויף ריכטיק די צאָל פון ליידיקע דירות... די בירגער וועלן אויפזוכן זייערע קאַמראַדן, וואָס וווינען אין קליינע, פאַרשטיקטע הייזקעס און... זיי איבערגעבן די 5־צימערדיקע דירות. ס'איז פאַראַן גענוג אַזעלכע... אַז די מויערער, די שטיין־האַקער, די בוי־אַרבעטער וועלן וויסן, אַז זיי זענען באַזאָרגט מיט לעבנס־מיטלען, וועלן זיי מיט פאַרגעניגן אָפּגעבן

עטלעכע שעה אַ טאָג, פאַר דער אַרבעט צו וועלכער זיי זענען געוווינט...
די עקספּראָפּריאַציע פון די הייזער איז אויף אַזאַ אופן דער וואָרצל פון
דער סאָציאַלער רעוואָלוציע".

קראָפּאָטקין זעט אַלץ פאַר „אויב די דרוקער־אַרבעטער וועלן נישט
וועלן אַרבעטן ביים בליי, וועלן די שרייבער, די דיכטער אַליין אויסזעצן
זייערע ביכער, זייערע לידער"...

קראָפּאָטקין פאַרגעסט נישט די פרויען „עמאַנציפּירן די פרוי, הייסט
באַפרייען זי פון קיך, פון וואַשן וועש, פון אָט דער אַרבעט, וואָס פאַר־
קנעכט זיי. מען דאַרף איר געבן די מעגלעכקייט צו דערציִען אירע קינ־
דער און אין דער זעלבער צייט — האָבן גענוג פרייע צייט אויף אָנטייל־
צונעמען אין סאָציאַלן לעבן".

און פוילענצער? „ווען מען רעדט וועגן פוילענצער, דאַרף מען פאַר־
שטיין, אַז עס האַנדלט זיך אין אַ מינאָריטעט און איידער אַרויסגעבן
געזעצן קעגן זיי, וואָלט געווען גלייכער צו דערקלערן איר סיבה" און
ער קומט צום גליקלעכן אויספיר: „פאַרניכטעט די אורזאַכן, וואָס באַ־
שאַפן די פוילענצער און זייט זיכער, אַז ס'וועלן נישט פאַרבלייבן קיין
מענטשן, וואָס האַסן ווירקלעך אַרבעט און באַזונדערס פרייוויליקע אַרבעט".

קראָפּאָטקין איז קעגן די קאָמוניסטן און סאָציאַליסטן, וואָס זענען
פאַר אַ „קאָמוניסטישן שטאַט" און ער קומט צו דער מסקנה: „ווען אַ
נאַציע אָדער געמיינדע זאָל איינפירן אַזאַ אָרדנונג, קאָן זי אַפילו קיין איין
מאָמענט נישט עקזיסטירן... אַ געזעלשאַפט קאָן זיך נישט אָרגאַניזירן
אויף צוויי קעגנזעצלעכע פּרינציפּן „קאָמוניזם און שטאַט" און אויב זי
וועט זיך דאָך אויף אַזאַ אופן אָרגאַניזירן, וועט זי אין אַ קורצער צייט
זיין געצוווּנגען אָדער זיך אומקערן צום אַלטן רעזשים פון פּריוואַט־
אייגנטום אָדער זיך פאַרוואַנדלען אין אַ פרייע, אַנאַרכיסטישע געזעלשאַפט"
איז צו להכעיס קראָפּאָטקינען געקומען דער ראַטנפאַרבאַנד און האָט זיך
נישט אומגעקערט צום פּריוואַט־אייגנטום און איז הימל־ווייט פון דער
„פרייער געזעלשאַפט". ער איז אויך קעגן מאַרקס'ס לאָזונג „יעדן איינעם
לויט זיין אַרבעט! וואָס פאַראַ אומזין! ליגט אין די דאָזיקע ווערטער.
די מענטשלעכע געזעלשאַפט וואָלט אַפילו 2 דורות נאָכאַנאַנד קיין קיום
נישט געהאַט. זי וואָלט געמוזט פאַרשווינדן אין משך פון 50 יאָר!"

קראָפּאָטקין איז אָפּטימיסטיש, נאָך מערער ער איז אַ מאמין, „באמונה
שלימה". „און דאָס פאָלק וועט זאָגן: לאָמיר זיך נעמען אַלץ, וואָס איז

נויטיק צום לעבן, פאַרגעניגן און פרייהייט און ווען אַלע וועלן שוין האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון דעם דאָזיקן גליק וועלן מיר פאַרניכטן די לעצטע שרידים פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, איר מאָראַל, איר ע דענק־ביכער, איר פילאָזאָפיע פון „מיין" און „דיין" און פאַרניכטנדיק וועלן מיר אויפ־בויען אַ נייע, שיינע וועלט!" ויהי באחרית הימים...

די וועלט האָט זיך נישט אַנטוויקלט לויט די פּראָגנאָזן פון מאַרקס און ענגעלס און אויך נישט פון באַקונין, פּרודאָן און קראָפּאָטקין. דער קאַפּיטאַליזם האָט באַוויזן צו זיין לעבנספעיִקער, ווי די דענקער און סאָציאַלע קעמפער פון 19־טן יאָרהונדערט האָבן געגלויבט. דער קאַפּי־טאַליזם האָט דורכגעמאַכט אַ סך קריזירן, אָבער גובר געווען זיי און אַרויס פון יעדן קריזיס שטאַרקער.

ס'איז געוואַקסן די פּראָדוקציע, דער האַנדל, פאַרקער, נייע אַנטדע־קונגען האָבן געשאַפן נייע מעגלעכקייטן, נייע ענערגיע־קוואַלן זענען אויפ־געקומען. אין 1838 איז פאָרגעקומען אַ קאָנגרעס פון מעדיקער, וואָס האָבן „פעסטגעשטעלט", אַז אויב די באַן וועט פאָרן מיט אַ גיכקייט וואָס וועט איבערשטייגן 30 קילאָמעטער אַ שעה, וועט דאָס מענטשלעכע האַרץ פּלאַצן. היינט האַלטן מיר ביי עראָפּלאַנען, וואָס פליִען מיט דער גיכקייט פון העכער 3 טויזנט קילאָמעטער אַ שעה — און דאָס האַרץ האַלט אויס. אין 1870 איז אַרויסגעגאַנגען אין פּאַריז אַ בוך פון ראָדזשער בייקאָן (1294—1214) אַן ענגלישן פילאָזאָף, וואָס האָט פאָראויסגעזען, אַז ס'וועט קומען אַ צייט ווען מענטשן וועלן פליִען אין עראָפּלאַנען און שווימען אונטער דער אויבערפלאַך פון ים אין אונטערוואַסער־שיפן, האָט דער איבערזעצער געבעטן אַנטשולדיקן דעם פילאָזאָף, וואָס האָט „געחלומט וועגן זאַכן, וואָס היינט ווייסן מיר, אַז זיי זענען אוממעגלעך".

וועלטן זענען אונטערגעגאַנגען, וועלטן זענען אויפגעקומען. קאָלאָניעס זענען געוואָרן זעלבסטשטענדיק, ריזיקע אימפּעריעס, ווי ענגלאַנד זענען געגאַנגען באַרג־אַראָפּ, אַנדערע ווי די פ. שטאַטן און יאַפּאַן האָבן פאַר־נומען דעם אויבן־אָן, איבעריאָגנדיק אַלע אייראָפּעיִשע מדינות און דער „קאָמוניזם" האָט געזיגט נישט אין די אַנטוויקלטע לענדער נאָר דווקא אין די אָפּגעשטאַנענסטע.

דעם קאַפּיטאַליזם איז געלונגען צו שאַפן אַ פּעריאָד פון שפע און לוקסוס, אָבער נאָר אין אַ קליינעם טייל פון דער וועלט, אין צפון־אַמע־

ריקע און מערב־אייראָפּע, וואָס ציילן 500 מיליאָן נפשות פון די קנאַפּע 4 מיליאַרד, וואָס באַוווינען די ערד־קויל. ביי די 3 מיליאַרד נפשות לעבן אויף דער ליניע פון הונגער אָדער הינטער איר און אין דער צייט, ווען די פּראָדוקציע אויף אַ נפש שטייגט איבער אין די פ. שטאַטן די סומע פון 5 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר, זענען פאַראַן לענדער, ווו דער דורכשניט דערגרייכט קוים צו 30 דאָלאַר!

ס׳איז אויך נישט מקוים געוואָרן מאַרקס׳ס פּראָגנאָז, אַז די באַריי־כערונג פון דער בורזשואַזיע וועט אויטאָמאַטיש ברענגען צו דער פאַר־אָרעמונג, פּאַופּעריזאַציע פון די אַרבעטער, צו דער פאַרלענגערונג פון אַרבעטס־טאָג א. א. וו. פאַרקערט, אין די אינדוסטריעלע לענדער איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי גוט די לאַגע פון די אַרבעטער, ווי היינט. דער אַרבעטס־טאָג איז נישט נאָר נישט פאַרלענגערט געוואָרן, נאָר שטאַרק געקירצט (35־שעהדיקע אַרבעטס־וואָך אין די פ. שטאַטן איז אַ נאָרמאַלע דער־שיינונג) און די לוינען פיל געהעכערט (לעצטנס באַשטימט דעם מיני־מום: 2,20 דאָלאַר אַ שעה). דאָס איז אַ רעזולטאַט פון: 1) דער אַרבעטער־באַוועגונג, די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, 2) דעמאָקראַטיזאַציע־פּראָצעס, אַלגעמיינע וואַל־רעכט און קאָנקורענץ אַפילו פון די קאָנסערוואַטיווע, קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען צו באַקומען אַרבעטער־שטימען, 3) די מורא פאַרן „קאָמוניזם", אפשר די איינציקע פּאָזיטיווע דערגרייכונג פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אין רוס־לאַנד און 30 יאָר שפּעטער אין כינע.

די דאָזיקע פאַקטאָרן, וואָס מאַרקס האָט „פאַרזען" (ענגעלס האָט זיי יאָ דערזען אין די 90־קער יאָרן, ערב זיין טויט), האָבן געשאַפן נייע באַדינגונגען, אַ נייע אָרדנונג, וואָס האָט צו־נישט געמאַכט די „וויסנ־שאַפטלעכע" און „עקזאַקטע" פּראָגנאָזן און טעאָריעס און געצוווּנגען די יורשים פון מאַרקס־ענגעלס צו זוכן נייע וועגן, נייע טעאָריעס און נייע פּראָגנאָזן, וואָס האָבן זיך אויך, יעדנפאַלס אין אַ גרויסער מאָס, אַרויס־געוויזן פאַר פעלערהאַפטע און פאַלשע. דער מענטש איז נישט קיין מאַשין און סאָציאָלאָגיע איז נישט נאַטור־וויסנשאַפט. מען קאָן פעסטשטעלן מיט פּרעציזער פּינקטלעכקייט, ווו עס וועט זיך מאָרגן און אין הונדערט יאָר אַרום געפונען דער אָדער אַנדער שטערן, פּלאַנעט אָדער קאָמעט, מען קאָן אָנפירן פון דער ערד אַ קאָסמאָס־שיף, וואָס פליט אַרום דער לבנה, אָבער פאָרויסזען די אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט איז אוממעגלעך.

די אַרבעטער־באַוועגונג איז אויסגעוואַקסן אין לעצטן דריטל פון פאַריקן יאָרהונדערט און אין 20־טן צו אַ גאָר ערנסטן פאַקטאָר, אַפילו, ווי אין פאַל פון די פ. שטאַטן, זי פירט נישט קיין זעלבשטענדיקע פּאָליטיק און איז אַן „אַפּענדיסיט״ פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אין אַ רייע לענדער, אין אייראָפּע, הערשן סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אָדער שטעלן מיט זיך פאָר די „אַלטערנאַטיוו״ מיט וועלכער מען מוז זיך ערנסט רע־כענען, שוין אָפּגערעדט פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען, וואָס הערשן איבער אַ דריטל פון דער מענטשהייט (ביי די 1,2 מיליאַרד מענטשן אין אַזיע און אייראָפּע).

די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן פאָרמעל אָנגעהאַלטן די „מאַרק־סיסטישע טעאָריעס״, אָבער שוין אין די 90־קער יאָרן, האָט אַ מנהיג פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, עדוואַרד בערנשטיין געשריבן, „נישט דער ענד־ציל איז וויכטיק, נאָר די באַוועגונג״.

אויך רוסלאַנד האָט זיך אַנטוויקלט. אין 1861 האָט דער צאַר אַלעק־סאַנדער דער 2־טער אַנולירט די „פּאַנשטשיזנע״, דעם פעאָדאַליזם, אָבער נישט איבערגעגעבן די ערד די פּויערים. זיי האָבן געדאַרפט די ערד אָפּקויפן און צאָלן גאָר הויכע פּראָצענטער. די לאַגע פון דער מערהייט פּויערים איז געוואָרן נישט בעסער, נאָר ערגער, וואָס האָט געבראַכט צו אַ גרויסער אומצופרידנקייט און געשאַפן די באַזע פאַר אַ רעוואָלוציאָ־נערע פּאַרטיי. מיליאָנען פּויערים, פריי פון די פּריצים אָבער אויך פון דער ערד, האָבן פאַרלאָזט די דערפער און געשאַפן דעם לומפּענפּראָלע־טאַריאַט אין די שטעט — די באַזע פאַר דער אינדוסטריאַליזאַציע פון לאַנד, פאַרן אויפקום פון אַ רוסישן פּראָלעטאַריאַט. ער איז געוואַקסן רעלאַטיוו גיך, און פון 700 טויזנט לוין־אַרבעטער אין 1865 איז ער אין 50 יאָר, ביזן 1915 אויסגעוואַקסן צו 18 מיליאָן. רוסלאַנד איז אָבער פאַרבליבן אַ פּויעריש לאַנד ביז ווייט נאָך דער באָלשעוויסטישער רע־וואָלוציע. לויטן צענז פון 1897, איז פון אַ באַפעלקערונג פון 126 מיליאָן געווען 97 מיליאָן פּויערים, ד. ה. 77 פּראָצענט. אמת, די שטאָטישע באַפעלקערונג איז געוואַקסן גיכער ווי די דאָרפישע. אין די יאָרן 1863—97 איז די דאָרפישע באַפעלקערונג אויסגעוואַקסן מיט 48 פּראָצענט, די שטאָטישע אָבער מיט 97 פּראָצענט, ד. ה. דאָפּלט. נאָך אין יאָר 1905 האָבן 30 טויזנט פּריצישע משפחות פאַרמאָגט 70 מיליאָן דעסיאַטין ד. ה. אַ דורכשניט פון 2.333 דעסיאַטין אויף אַ פּריצישער משפחה, 12 מיליאָן

פויערשע משפחות, האָבן פאַרמאָגט 130 מיליאָן דעסיאַטין, ד. ה. קוים 11 דעסיאַטין אויף אַ משפחה, דערבײַ האָט אַ העלפט פון די פויערים פאַרמאָגט ווייניקער פון 5 דעסיאַטין און 2,8 מיליאָן משפחות — ווייניקער פון 3 דעסיאַטין ערד (דער לעבנס־נויטיקער מינימום איז לויט די דעמאָלט־דיקע אויסרעכענונגען געווען 15 דעסיאַטין). 4,3 מיליאָן פויערים, העכער אַ דריטל, האָט בכלל נישט פאַרמאָגט קיין ערד, געווען באַטראַקעס, ערד־אַרבעטער.

די דאָזיקע לאַגע האָט געצווּנגען די רוסישע אינטעליגענץ, אײַנ־שליסלעך די בעסטע קינדער פון די פּריצים — די אַריסטאָקראַטן צו זוכן אַן אויסוועג און זיי האָבן אים געפונען אין קאַמף קעגן צאַריזם אין „נאַראָדניטשעסטוואָ", „גיין צום פאָלק", ווי עס האָט געוואָרפן די לאָזונג ניקאָלאַי טשערנישעווסקי, דער ערשטער סאָציאַליסטישער שרייבער אין רוסלאַנד, וועמענס בוך „וואָס טאָן" געשריבן אין 1863, האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע השפּעה אויף דער רוסישער יוגנט. עס זענען אויפגע־קומען די „זיעמלאַ אי וואָליאַ" (ערד און פרייהייט), „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" (פאָלקס־פרייהייט), אין וועלכע טויזנטער פון די בעסטע זין און טעכטער פון רוסלאַנד האָבן געאָפּפערט זייער לעבן אויפן מזבח פון דער רעוואָ־לוציע, וואָס דאַרף קומען, ליקווידירן דעם צאַריזם און שאַפן אַ פריי רוסלאַנד, געבויט אויף די פרייע „מיר", די דאָרף־מוניציפּאַליטעטן, אידע־אַליזירטע דורך די אַריסטאָקראַטישע רעוואָלוציאָנערן. צווישן די קרבנות פון צאַריזם האָט זיך אויך געפונען אַלעקסאַנדער אוליאַנאָוו, ברודער פון וולאַדימיר אוליאַנאָוו, דעם שפּעטערדיקן „לענין". אַלעקסאַנדער איז אויפ־געהאָנגען געוואָרן דעם 8־טן מאַי 1887 און דער 17־יאָריקער וולאַדימיר דערקלערט „איך וועל נקמה נעמען פאַר זיין טויט, אָבער נישט אויף זיינע וועגן" — און האָט זיין צוזאָג מקיים געווען.

לענין, וועמענס אמתער נאָמען, ווי שוין דערמאָנט איז געווען וולאַ־דימיר אוליאַנאָוו, האָט אָנגעהויבן זיין פּאָליטישע טעטיקייט אין די ערשטע 90־ער יאָרן. אַ זון פון אַ רוסישן שול־אינספּעקטאָר (אַן אייניקל פון אַ יידישקע, בלאַנק), שטודירט אויפן אוניווערסיטעט אין פּעטערבורג יורי, פאַרענדיקט דעם פאַקולטעט אין 1891, אָבער אָנשטאָט מיט יורי פאַרנעמט ער זיך מיט פּאָליטיק.

רוסלאַנד האָט פּאַמעלעך, אָבער אָן איבערייס, זיך אַנטוויקלט, נישט אָן דער הילף פון מערב. אין 1861 איז רוסלאַנד געווען שולדיק אויסלאַנד

500 מיליאָן רובל, אין 1914 — 5,6 מיליאַרד, 11 מאָל מערער. פון די דאָזיקע אינוועסטיציעס זענען געווען 31 פּראָצענט פראַנצויזישע, 24 — ענגלישע, 20 פּראָצענט — דייטשישע. אין די יאָרן 1857—1880 זענען אויפגעבויט געוואָרן אין רוסלאַנד 20 טויזנט קילאָמעטער באַנען, אָבער אין לעצטן צענדליק פון פאַריקן יאָרהונדערט, אין די יאָרן 1893—1902 — 25 טויזנט קילאָמעטער. רוסלאַנד איז געווען כמעט דאָס איינציקע אייראָפּעיש לאַנד, ווו מען האָט אַנטדעקט רייכע נאַפט־קוואַלן, וואָס זענען עקספּלואַטירט געוואָרן דורך אויסלענדער (די מערהייט קאָנצעסיעס האָבן געהערט צום ענגלענדער דעטערינג). די פּראָדוקציע פון נאַפט איז אויסגעוואַקסן פון 21 מיליאָן פּוד (אַ פּוד — 16 קילאָ) אין 1880 אויף... 296 מיליאָן אין 1892, פאַרנעמענדיק דאָס ערשטע אָרט אויף דער וועלט, איבערשטייגנדיק אויך די פאַרייניקטע שטאַטן. עס זענען עקספּלואַטירט געוואָרן די רייכע אייזן־מינעס אויפן אוראַל, קוילן — אין דאָנעץ א. א.

עס זענען אויפגעקומען גרויסע פאַבריקן. אין 1913, ערב דער וועלט־מלחמה, האָבן זיך אין רוסלאַנד געפונען 18 מיליאָן אַרבעטער, פון זיי 3 מיליאָן אין גרויסע פאַבריקן מיט אַ מינימום פון 500 אַרבעטער יעדע. די טעקסטיל־אינדוסטריע האָט אַרומגענומען 900 טויזנט אַרבעטער, די מעטאַל־אינדוסטריע — 600 טויזנט. אין פּעטערבורג איז אויפגעשטעלט געוואָרן די פּוטילאָוו־פאַבריק מיט 14 טויזנט אַרבעטער (אין 1917 דערגאַנגען ביז 40 טויזנט), וואָס האָט פּראָדוצירט לאָקאָמאָטיוון, וואַגאָנען און שפּעטער אויך האַרמאַטן און טאַנקען. די שווערע אינדוסטריע איז געוואַקסן גיכער ווי די לייכטע. אין די יאָרן 1908—13 איז די ערשטע געוואַקסן מיט 86 פּראָצענט, די צווייטע — 41 פּראָצענט.

די אַגריקולטור, וואָס איז געווען ווייט אָפּגעשטאַנען האָט דאָך זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען. אין 1902 האָבן די פּריצים און רייכע פּויערים איינגעפירט אַגראַר־מאַשינען פאַר 28 מיליאָן רובל, אין 1913 — פאַר 109 מיליאָן, 4 מאָל מערער, כאָטש נאָך 3 מיליאָן פּויערים האָבן גענוצט דאַן הילצערנע אַקערס און קוים 3 פּראָצענט פון דער באַאַרבעטער ערד האָט באַקומען כעמישע באַמיסטיקונג. אַ דעסיאַטין ערד אין רוסלאַנד האָט געגעבן 50 פּוד ווייץ (800 קילאָ), אין דייטשלאַנד — 145 פּוד, כאָטש די רוסישע ערד און באַזונדערס די אוקראַאינישע און די וואָלגאַ־געגנטן זענען פיל פּרוכטבאַרער פון דער דייטשישער. דאָך איז אויך די אַגראַר־פּראָדוקציע כסדר געוואַקסן און אין 1917 דערגרייכט צו 4,7 מיליאַרד פּוד, פון

וועלכע זי האָט עקספּאָרטירט קיין אויסלאַנד 20 פּראָצענט (היינט מוז רוסלאַנד קויפן תבואה אין די פ. שטאַטן און קאַנאַדע).

רוסלאַנד האָט זיך אַנטוויקלט, אָבער באַרייכערט האָבן זיך נאָר די קאַפּיטאַליסטן און גרונט־באַזיצער (לגבי רוסלאַנד איז גילטיק געווען מאַרקס׳ס פּראָגנאָז). דער אַרבעטס־טאָג האָט געדויערט דורכשניטלעך 13—14 שעה און נישט זעלטן — 16 שעה. קוים אין 1897 איז דערשיינען דער געזעץ, וואָס באַגרענעצט דעם אַרבעטס־טאָג ביז 12 שעה, אָבער אַפילו דער געזעץ איז פאַרבליבן אויפן פּאַפּיר. דער דורכשניט־לוין האָט אויסגעמאַכט פון 12 ביז 17 רובל אַ מאָנאַט (אַ רובל איז ווערט געווען אַ האַלבן דאָלאַר) און אין דער מעטאַל־אינדוסטריע (די אַם בעסטן באַצאָלטע) פון 18 ביז 23 רובל. פרויען האָבן פאַרדינט 10 רובל און קינדער אונטער 16 יאָר — 5 רובל אַ מאָנאַט! אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע האָבן געאַרבעט 36 פּראָצענט פרויען און 22 פּראָצענט קינדער אונטער 14 יאָר. די מערהייט אַרבעטער זענען געקומען פון דאָרף, האָבן זיי געוווינט אין שמוציקע באַראַקן, פרויען, מענער, קינדער אַלע צוזאַמען, פול מיט וואַנצן און לייז און אַפילו די צאַרישע אַרבעטס־אינספּעקציע האָט פעסטגעשטעלט „די אַרבעטער־קאַזאַרמעס זענען ענלעך צו גרויסע שטייגן פאַר ווילדע חיות, אָבער נישט פאַר מענטשן".

איז נישט קיין וווּנדער, וואָס ביי די באַדינגונגען איז אויפגעקומען אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג.

## די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי

דער ערשטער גרויסער פויערים־בונט איז אויסגעבראָכן אין רוסלאַנד אין 1606, ווען ס׳האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרויסע פויערים־און קאָזאַקן־אַרמיי אונטער דער אָנפירונג פון איוואַן באָלאָטניקאָוו. צו די פויערים האָבן זיך אָנגעשלאָסן (ווי אין דייטשלאַנד בעת דער פויערים־מלחמה) די שטאָטישע פלעבעיער, דער לומפּן־פּראָלעטאַריאַט, בעלי־מלאכה און אַפילו שיכטן פון רוסישן אַדל. דער אויפשטאַנד איז דערשטיקט געוואָרן. באָלאָטניקאָוון האָבן די באָיאַרן אויסגעשטאָכן די אויגן און שפּעטער דערטרונקען אין געפרוירענעם טייך.

אַ ביסל שפּעטער, אין 1670 ברעכט אויס אַ ווייטערער אויפשטאַנד אונטער דער אָנפירונג פון קאָזאַק סטיענקאַ ראַזין. ער האָט אויפגעשטעלט

אַן אַרמיי פון 7 טויזנט קאָזאַקן, פאַרנומען צאַריצין (שפּעטער סטאַלינ־גראַד) און אַסטראַכאַן און זיך געלאָזט קיין צפון, אין דער לענג פון דער וואָלגאַ. עס האָבן זיך אין זיין אַרמיי אָנגעשלאָסן צענדליקער טויזנטער פּויערים און לומפּן־פּראָלעטאַריער. אויך ער איז באַזיגט געוואָרן, אָבער זיין העראָיזם איז פאַראייביקט געוואָרן אין רוסישן פאָלקסליד און לעגענדע (דאָס ליד „וואָלגאַ, וואָלגאַ" ווערט נאָך היינט געזונגען).

הונדערט יאָר שפּעטער, אין 1773, טרעטן אַרויס די אוראַלישע קאָזאַקן אונטער דער אָנפירונג פון עמאַליאַן פּוגאַטשאָוו. ער האָט פאַראָרדנט צו באַפרייען אַלע לייב־אייגענע, דערהרגענען די פּריצים און שאַפן אַ רעגי־רונג „פון פאָלק און פאַרן פאָלק" (נאָך פאַר דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע).

דער 19־טער יאָרהונדערט הויבט זיך אָן מיטן „דעקאַבריסטן־אויפ־שטאַנד", פון יונגע אָפיצירן, זין פון רוסישן אַדל, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער מלחמה קעגן נאַפּאָלעאָנען, אויפגענומען די אידייען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און געוואָלט בייטן דעם רעזשים אין רוסלאַנד. דער אויפשטאַנד איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1825, דער־שטיקט און די אָנפירער אויפגעהאָנגען. איינער פון זיי, בעסטוזשעוו, שרייבט: „ווען נאַפּאָלעאָן האָט אינוואַדירט רוסלאַנד, האָט דאָס פאָלק צום ערשטן מאָל דערפילט זיין אייגענעם כוח אין אַלע הערצער האָט געקלאַפּט די האָפנונג אויף פרייהייט. מיר האָבן געגעבן אונדזער בלוט פאַר דער פרייהייט פון אונדזער פאָטערלאַנד און איצט צווינגט מען אונדז צו ווערן ווידער שקלאַפן פון אונדזערע פּריצים" (ער אַליין איז געווען אַ זון פון אַ פּריץ). צווישן די אויפשטענדלער האָבן זיך געפונען 17 פּרינצן, 25 גענעראַלן און קאָלאָנעלן. מיט זיי זענען געווען די גרעסטע דיכטער פון רוסלאַנד: פּושקין און רילעיעוו. באַזיגט זענען זיי געוואָרן דווקא דורך די „שקלאַפן פון די פּריצים", די פּשוטע זעלנער, וואָס האָבן אויפן באַפעל פון צאַר געשאָסן אויף די אָפיצירן, וואָס האָבן געקעמפט פאַר דער פרייהייט פון די פּויערים־שקלאַפן.

די דעקאַבריסטן זענען אויפגעהאָנגען געוואָרן, אָבער דער פרייהייט־פונק איז פאַרבליבן. נישטאָ קיין פאָלק אויף דער וועלט, וועמענס גרעסטע דיכטער און שרייבער זאָלן זיין אַזוי רעוואָלוציאָנער, ווי די רוסישע. אויסער די דערמאָנטע, פּושקין און רילעיעוו, זענען עס געווען די שרייבער פעדאָר דאָסטאָיעווסקי, טורגעניעוו, ניעקראַסאָוו, אָסטראָווסקי, טשעכאָוו און צום סוף יאָרהונדערט — דער ריז לעוו טאָלסטאָי. פון די מוזיקער:

גלינקאַ, באָראָדין, רימסקי־קאָרסאַקאָוו א. א. ס׳צייכענען זיך אויס דער שוין דערמאָנטער ניקאָלאַי טשערנישעווסקי און אַלעקסאַנדער הערצען, גערופן „רוסישער וואָלטער״, עמיגרירט קיין לאָנדאָן און דאָרט אַרויס־געגעבן די שריפט „קאָלאָקאָל״ (דער גלאָק) וואָס איז געשמוגלט געוואָרן אומלעגאַל קיין רוסלאַנד און באַווירקט די יוגנט. הערצען שרייבט: „מיר גלויבן נישט, אַז ס׳עקזיסטירט אַ געזעץ לויט וועלכן נאָר אין בלוט וועט קומען דער פּראָגרעס און פרייהייט פון רוסלאַנד. מיר גלויבן נישט, אַז די פרייהייט מוז באַגלייט ווערן מיט בערג פון טויטע״. און ער רופט די רוסישע פּריצים „מיידט אויס די בונטן און אויפשטאַנדן, מיידט אויס נייע פּוגאַטשאָווס. איילט זיך צו, מאָרגן קאָן זיין צו שפּעט. ס׳איז די צייט צו באַפרייען די שקלאַפן. לערנט פון דער געשיכטע. פאַרשפּעטיקט נישט!״ די רוסישע פּריצים האָבן אָבער נישט געלערנט, ווי עס ווילן נישט לערנען פון דער געשיכטע אויך היינט, פעלקער גאַנצע און אַפילו קלוגע פעלקער (אויך יידן)

מיט כמעט 70 יאָר פאַר לענינען, האָט דער יונגער ניקאָלאַי טשער־נישעווסקי, אַליין אַ זון פון אַ רוסישן פּאָפּ (גלח) געשריבן אין 1848, ווען דער רוסישער צאַר האָט אויף דער ווענדונג פון עסטרייכישן קייסער, פראַנץ יאָזעף, געשיקט רוסישע קאָזאַקן צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד אין בודאַפּעשט (מיט 108 יאָר פאַר כרושטשאָוון, — דער לעצטער האָט שוין געהאַט אַ גוטן לערער), האָט טשערנישעווסקי געשריבן: „כ׳וואָלט געוואָלט אַז אונדזער מיליטער זאָל דאָרט ליידן אַ מפּלה. איך וואָלט אַוועקגעגעבן מיין לעבן דערפאַר״.

זיין רוף צו דער רוסישער יוגנט איז אויפגעכאַפּט געוואָרן דורך טויזנטער יונגעלייט פון די בעסטע הייזער, וואָס האָבן אַלץ אַוועקגעוואָרפן (ווי די חלוצים פון דער 2־טער עליה), אַוועק אין אָפּגעשטאַנענעם רוסישן דאָרף און דאָרט געאַרבעט אַלס שלאָסער, לערערינס, קראַנקן־שוועסטער, פירנדיק גלייכצייטיק זייער רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע. אין 1861 אָר־גאַניזירט טשערנישעווסקי די ערשטע קרייזן פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״. אַזעלכע קרייזן שאַפן זיך אין אַלע גרעסערע רוסישע שטעט און בלויז די מאָסקווער אָרגאַניזאַציע ציילט 400 מיטגלידער — אַ ריזיקע צאָל פאַר יענער צייט. דער פּראָגראַם: אַראָפּוואַרפן דעם צאַר, צונויפרופן די פאָלקס־רעפּרעזענטאַנץ (קאָנסטיטואַנטע), קאָנפיסקירן די ערד פון די פּריצים און איינשטעלן אַ פריי רוסלאַנד.

די אָרגאַניזאַציע פּראָפּאַגירט דעם טעראָר אַלס קאַמף־מיטל קעגן

צאַריזם און שטעלט זיך אַלס הויפּט־אויפגאַבע דערהרגענען דעם צאַר, אַ זאַך וואָס געלונגט איר אין 1881 נאָך צענדליקער דורכגעפאַלענע פּרוּוון. זי דערגרייכט דעם ציל אָבער פאַר אַ שרעקלעכן פּרייז. אַלע אירע אָנפירער אויפגעהאָנגען אָדער פאַרשיקט קיין סיביר און די אָרגאַניזאַציע גופא — ליקווידירט.

אין 1878 ווערט געגרינדעט דער ערשטער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־קרייז אין פּעטערבורג און אין 1879 קומט פאָר אין וואָראָניעזש אַ שפּאַלטונג אויפן קאָנגרעס פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", ווען די מינדערהייט מיט געאָרג פּלעכאַנאָוו (1856—1918) און פּאַול אַקסעלראָד (1850—1928) בראש שטעלן זיך קעגן דעם טעראָר אַלס ציל און שאַפן די אָרגאַניזאַציע „טשאָרני פּערעדעל" (שוואַרצע צעטיילונג, צעטיילונג פון דער ערד) — די באַזע פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וואָס ווערט געשאַפן 10 יאָר שפּעטער (1898) אין מינסק.

ווי שוין דערמאָנט, וואַקסט דער קאַפּיטאַליזם און מיט דעם דער אַרבעטער־קלאַס און אַ טייל פון דער רוסישער אינטעליגענץ, וואָס איז קעגן אינדיווידועלן טעראָר, נעמט איבער דעם „מאַרקסיזם". מאַרקסיסטישע קרייזן שאַפן זיך אין אַלע גרויסע רוסישע שטעט, קאָנצענטרירן זיך הויפּטזעכלעך אין פּעטערבורג (דער פאַרבאַנד פון „צפון") און אין אָדעס (פאַרבאַנד פון „דרום"). באַזונדער שאַפן זיך סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין די ראַנד־לענדער, אין פּוילן, קאַווקאַז, עס קומט אויף די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי „בונד". אין פּעטערבורג אַרבעט אין דער נייער אָרגאַניזאַציע וולאַדימיר אוליאַנאָוו. אין 1898 קומט פאָר דער ערשטער גרינדונגס־קאָנגרעס פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין מינסק. פון די 9 דעלעגאַטן, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין קאָנגרעס, איז איינער געווען אַ פּאָליצײ־פּראָוואָקאַטאָר און אַלע אָנטיילנעמער מיטן נאָר וואָס געשאַפענעם צענטראַל־קאָמיטעט, זענען אַרעסטירט געוואָרן.

די פּאַרטיי איז אָבער געגרינדעט געוואָרן, כאָטש איר באַזע זענען געווען נישט די אַרבעטער־מאַסן און אַוודאי נישט די פּויערים, נאָר אינטעליגענטן, וועלכע זענען געזעסן אין אויסלאַנד, הויפּטזעכלעך אין דער שווייץ.

3 יאָר שפּעטער, אין 1901, האָבן די יורשים פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" געשאַפן די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, וואָס האָט אָנגעהאַלטן די ליניע פון אירע פאָרגענגער, אַרויסרוקנדיק דעם טעראָר אַלס

הויפּט־מיטל פון קאַמף קעגן צאַריזם, קעגן די פּריצים, פאַר אַ פריי, סאָציאַליסטיש רוסלאַנד. בראש פון דער נייער פּאַרטיי איז געשטאַנען דער יידישער אַפּטייקער פון מינסק, גרעגאָרי גערשוני. צווישן אירע מנהיגים האָבן זיך אויסגעצייכנט ד״ר חיים זשיטלאָווסקי (1865—1943), וויקטאָר טשערנאָוו (1873—1952) און די „באַבושקאַ״ ברעשקאָ־ברעש־קאָווסקאַיאַ.

צווישן די צוויי פּאַרטייען קומט פאָר אַ כסדרדיקער טעאָרעטישער קאַמף, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט אין נאָוועמבער 1917 מיטן פאַרכאַפּן די מאַכט דורך די באָלשעוויקעס.

## לעניניזם קעגן מענשעוויזם

לענין איז אַרעסטירט געוואָרן אין 1895 אין פּעטערבורג, פאַרשיקט קיין סיביר, פון וואַנען ער באַפרייט זיך אין 1900. ער פאָרט אָפּ קיין אויסלאַנד און באַזעצט זיך אין דער שווייץ, ווו עס געפינט זיך אַ גרויסע קאָלאָניע פון רוסישע פּליטים, צווישן זיי די דערמאָנטע פּלעכאַנאָוו, אַקסעלראָד, ווערא זאַסוליטש א. א. דאָרט שרייבט ער זיך אונטער צום ערשטן מאָל וו. לענין — און דער פּסיידאָנים פאַרבלייבט אים שוין אויף אייביק. דאָרט, אין דער שווייץ, גיבן אַרויס די ס. ד. דעם טעאָרעטישן אָרגאַן „איסקראַ״, וואָס איז געוואָרן די „ביבל״ פון דער רוסישער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג.

נאָך אין סיביר שרייבט ער זיין ערשטע גרויסע אַרבעט „די קאַפּי־טאַליסטישע אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד״, אין וועלכער ער באַקעמפט די „נאַראָדניקעס״, וואָס האָבן געגלויבט, אַז רוסלאַנד קאָן אויסמיידן דעם קאַפּיטאַליזם און איבערגיין פון פּויערישן „מיר״ צום סאָציאַליזם. ער ווייזט אָן אויפן וווּקס פון קאַפּיטאַליזם און פון רוסישן אַרבעטער־קלאַס, וועמען ער האַלט לויט מאַרקסן אַלס די באַזע פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אין דער שווייץ, אין 1902 שרייבט ער אָן אַ בראָשור „וואָס טאָן״ (לויטן בוך פון נ. טשערנישעווסקי), אין וועלכן ער דיסקוטירט מיט די א. ג. „עקאָנאָמיסטן״ מיט וו. באַגדאַנאָוו בראש, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז אַזוי ווי די רוסישע אַרבעטער זענען אָפּגעשטאַנען, נאָך פאַרבונדן מיטן דאָרף, דאַרף מען רעזיגנירן פון פּאָליטישן קאַמף, וועלכער קאָסט צו פיל

קרבנות, און זיך ווידמען לעגאַלער אַרבעט, פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, קראַנקן־קאַסעס, לייַ־ קאַסעס א. א. וו. קעמפן פאַר אַ קלענערן אַרבעטס־טאָג, העכערע לוינען, זאַכן וואָס דער אַרבעטער פאַרשטייט און איז גרייט פאַר זיי צו קעמפן. לעניין איז מסכים מיט די „עקאָנאָמיסטן", אַז דער רוסישער אַרבעטער איז אָפּגעשטאַנען, דעריבער „דאַרף מען דעם סאָציאַליסטישן באַוווסטזיין ברענגען פון דרויסן". ווער דאַרף אים ברענגען? פאַרשטענדלעך די אינטעליגענץ, וואָס דאַרף שאַפן אַ „רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע". די אָרגאַניזאַציע דאַרף אַרומנעמען מענטשן, וועמענס פּראָפעסיע וועט זיין די „רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט", ד. ה. פאַרווירקלעכן די אידייע פון אויגוסט בלאַנקי פון אַ גרופּע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיי מיט זייער רעוואָלוציאָנערן ווילן, באַוווסטזיין און אויסדויער, זיי וועלן אַדורכפירן די רעוואָלוציע און די מאַסע... וועט זיי נאָכגיין. לעניין שרייבט „די באַוועגונג קאָן זיך נישט אַנטוויקלען אָן אַ פעסטער און דויערהאַפטער פירער־אָרגאַניזאַציע... אין אַ לאַנד פון אַבסאָלוטיזם, ווי ס'איז רוסלאַנד, וועט דער פּאָליציי זיין שווערער צו פאַרניכטן אַן אָרגאַניזאַציע, אַ באַגרענעצטע, וואָס נעמט אַרום נאָר מיטגלידער וואָס זענען פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן". ער שטעלט זיך קעגן אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע, ווייל זי איז אויסגעשטעלט אויף פּראָוואָקאַציעס און ס'איז אוממעגלעך זי פאַרקאָנספּירירן. ער איז פאַר מאַסן־פאַריינען, זעלבסט־בילדונג־גרופּן, פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס א. א. וו. אָבער „צען פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן וועלן צענטראַליזירן די קאָנספּיראַטיווע אַרבעט". לעניין פאַרענדיקט זיין בראָשור מיט דער לאָזונג „גיט אונדז אַן אָרגאַניזאַציע פון פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן און מיר וועלן גאַנץ רוסלאַנד אויפהויבן"...

די דאָזיקע בראָשור און לעניס שטעלונג האָבן אַרויסגערופן אַ שאַרפע דיסקוסיע אינערהאַלב דער „איסקראַ" און אין דער ס. ד. פּאַרטיי בכלל. און ברענגט שפּעטער צו אַ שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי.

אין 1903, 5 יאָר נאָכן ערשטן קאָנגרעס, קומט זיך צונויף דער צווייטער קאָנגרעס פון דער ס. ד. פּאַרטיי. ער קומט זיך שוין נישט צונויף אין רוסלאַנד, ווי דער ערשטער, נאָר אין אויסלאַנד, אין בריסל און לאָנדאָן, כדי אויסצומיידן די הענט פון דער רוסישער „אָכראַנאַ" (געהיים־פּאָליציי, פיל שוואַכער פון דער שפּעטערדיקער באָלשעוויסטישער „טשעקאַ", „ג. פּ. או", נ. ק. וו. ד. אָדער ק. ג. ב.). דער קאָנגרעס דויערט 22 טעג און ס'נעמען אין אים אָנטייל 43 דעלעגאַטן, פון זיי...

3 אַרבעטער. עס האָבן אין אים אָנטייל גענומען אויך דער „בונד״, די עקאָנאָמיסטן און די ראַנד־פּאַרטייען. דער „בונד״ האָט פאַרלאָזט דעם קאָנגרעס, ווייל די מערהייט האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אָנערקענען דעם „בונד״ אַלס איינציקן רעפּרעזענטאַנט פון יידישן אַרבעטער־קלאַס און די פאָדע־רונג פון אַ „נאַציאָנאַל־קולטורעלע־אויטאָנאָמיע״ (זע קאַפּיטל וועגן נאַ־ציאָנאַליזם). די עקאָנאָמיסטן האָבן אויך פאַרלאָזט דעם קאָנגרעס, ווען ער האָט אָפּגעוואָרפן זייער שטעלונג וועגן ווידמען זיך הויפּטזעכלעך דער לעגאַלער, פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט. אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן אַ סיטואַציע, אַז די אָנהענגער פון לענין האָבן באַקומען אַ מערהייט שטימען און פון דעם דער נאָמען „באָלשעוויקעס״ („באָלשינסטוואָ״ — מערהייט) און די קעגנער „מענשעוויקעס״ („מענשענסטוואָ״ — מינדערהייט).

די שפּאַלטונג איז געקומען אַרום אַ כלומרשט ריין־אָרגאַניזאַציאָנעלן פּונקט: ווער קאָן זיין מיטגליד פון דער פּאַרטיי? די „מענשעוויקעס״, די פּאַקטישע גרינדער פון דער פּאַרטיי: פּלעכאַנאָוו, אַקסעלראָד, מאַרטאָוו, מאַרטינאָוו, וועראַ זאַסוליטש א. א. ווי אויך טראָצקי, וואָס האָט זיך נישט אָנגעשלאָסן אין דער מענשעוויסטישער גרופּע, האָבן געהאַלטן, אַז די פּאַרטיי דאַרף זיין אַ מאַסן־פּאַרטיי לויטן סטיל פון דער דייטשישער ס. ד. און „עס קאָנען געהערן צו דער פּאַרטיי אַלע, וואָס זענען מסכים מיט איר פּראָגראַם״. לענין און זיינע אָנהענגער האָבן געהאַלטן, אַז „צו דער פּאַרטיי קאָנען געהערן נאָר די, וואָס זענען מסכים מיט איר פּראָגראַם און פירן אויס די פּאָראָרדנונגען פון דער פּאַרטיי״, מיינענדיק, אַז נאָר פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן, מענטשן וואָס זענען גרייט מקריב צו זיין די משפחה, דעם פּאָסטן, דאָס ווינאָרט, אַלץ — פאַר דער רעוואָ־לוציע, פאַר דער פּאַרטיי, נאָר אַזעלכע זענען ראוי צו זיין פּאַרטיי־מיט־גלידער. לענין רוקט אַרויס די פּאָדערונג פון „דעמאָקראַטישן צענטראַ־ליזם״, וואָס האָט שפּעטער דערמעגלעכט, אַז אַ טיראַן ווי סטאַלין זאָל קאָנען באַהערשן די פּאַרטיי אין רוסלאַנד. לענין לייגט פאַר צו באַשטימען 2 קערפּערשאַפטן: אַ צענטראַל־קאָמיטעט וואָס דאַרף זיך געפינען אין רוסלאַנד און די רעדאַקציע פון פּאַרטיי־אָרגאַן, וואָס דאַרף פאַרבלייבן אין אויסלאַנד. דער צענטראַל־קאָמיטעט איז אַלמעכטיק און „די פליכט פון אַלע אָרטיקע קאָמיטעטן איז אונטערצוואָרפן זיך און אויספירן די באַ־שלוסן פון צענטראַל־קאָמיטעט״, אָבער... די רעדאַקציע פון פּאַרטיי־אָרגאַן, זי דאַרף זיין זעלבשטענדיק, אומאָפּהענגיק פון צענטראַל־קאָמיטעט און אונטערגעוואָרפן נאָר דעם פּאַרטיי־קאָנגרעס. פאַר וואָס? ס׳איז דאָך

לאָגיש, אַז אַ פּאַרטיי־אָרגאַן זאָל זיין אונטערגעוואָרפן דעם צענטראַל־קאָמיטעט? יאָ, אָבער... בראש פון דער רעדאַקציע שטייט ער, לענין און ער וויל נישט זיין אונטערגעוואָרפן קיינעם, אויך נישט דעם צענטראַל־קאָמיטעט.

אין דער ס.ד.־פּאַרטיי האָט מען גערופן לענינען (די מענשעוויקעס) „דער הילצערנער קאָפּ״, נישט ווייל ער איז נישט געווען אינטעליגענט, נאָר ווייל ער איז געווען איינגעעקשנט, ווי קיינער. ער איז שטענדיק געווען גערעכט! (דאָס האָט פון אים געירשנט סטאַלין) און פּלעכאַנאָוו האָט נאָך דאַן דערקלערט „לענין איז געשניטן לויט דעם מאָס פון ראָבעספּיער״. ס׳זענען אַוועק קוים 14 יאָר און לענין איז געוואָרן דער ראָבעספּיער פון רוסלאַנד. קעגן לענינען איז אויך אַרויסגעטרעטן די פּויליש־יידישע רע־וואָלוציאָנערין, ראָזאַ לוקסעמבורג, וואָס האָט זיך געפונען אין דייטש־לאַנד. זי האָט שוין דאַן, אין 1903, געוואָרנט, אַז לענינס שטעלונג איז אַ בלאַנקיסטישע און באַדראָט די אינערלעכע פּאַרטיי־דעמאָקראַטיע און וועט ברענגען צו אַ דיקטאַטור פון אַ הייפל מענטשן (וועגן דער דיקטאַ־טור פון איין פּערזאָן, האָט אויך ראָזאַ לוקסעמבורג נישט געחלומט) איבערן פּראָלעטאַריאַט.

כדי צו פאַרטיידיקן זיין שטעלונג, האָט לענין אַרויסגעלאָזט אַ נייע בראָשור אין 1904 „איין טריט פאָרויס, צוויי צוריק״, אין וועלכן ער שטרייכט אונטער: 1) איך האָב נישט געהאַלטן די פראַגע פאַר אַ קאַר־דינאַלע, 2) אָבער אויך אַ קליינע מיינונגס־פאַרשידנהייט קאָן ווערן גרויס, ווען מען זוכט די וואָרצלען פון דער מיינונגס־פאַרשידנהייט „אין מאַר־טאָווס פאָרמולירונג שפּיגלט זיך אָפּ זיין אומזיכערקייט און פּאָליטישע צעשווימענקייט, זיין אָפּנויג צו זשאָרעס (זשאַן זשאָרעס [1914—1859], דערמאָרדעט ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה. געווען דער הייסטער מלחמה־קעגנער, מנהיג פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אַ גלענצענדער טריבון, גרינדער פון דער „הומאַניטע״ אין 1904, היינט אָרגאַן פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי) און אַנאַרכיזם. לענין באַנייט זיינע פאָרשלאָגן: בויען די פּאַרטיי אויף דער באַזע: 1) אָרגאַניזאַציע פון פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן; 2) מאַסן־אָרגאַני־זאַציעס פון אַרבעטער, וואָס שטיצן די פּאַרטיי, אָבער געהערן נישט צו איר און האָבן נישט קיין שטים־רעכט אין די פּאַרטיי־אינסטאַנצן. לענין, וואָס איז אַ 100־פּראָצענטיקער אינטעליגענט, וואַרפט פאָר מאַרטאָוון און די מענשעוויקעס, אַז זייער שטעלונג „דינט די אינטערעסן פון די ביר־

גערלעכע אינטעלעקטואַלן, וואָס האָבן מורא פאַר דער פּראָלעטאַרישער דיסציפּלין (ער פערזענלעך וויל זיך נישט אונטערוואַרפן דעם צענטראַל־קאָמיטעט)... די אינטעליגענץ, אַלס אַ באַזונדערע שיכט פון דער קאַפּי־טאַליסטישער געזעלשאַפט, איז גרויסן און גאַנצן, איז באַקאַנט אַלס איג־דיווידואַליסטיש און אומפעיִק צו דיסציפּלין און אָרגאַניזאַציע".

אַן אַבסורד, ווייל אומעטום זענען דווקא געווען די אינטעליגענטן, וואָס האָבן אָרגאַניזירט ביי די ערגסטע באַדינגונגען, די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג און נישט די אַרבעטער. דער בעסטער ביישפּיל — אַפילו אויף דעם דערמאָנטן 2־טן קאָנגרעס זענען געווען פאַרטראָטן נאָר 3 אַרבעטער און 40 אינטעליגענטן! די גאַנצע רוסישע — און נישט נאָר רוסישע, רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, אין אַלע אירע פאָרמען, „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", „סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן", „מענשעוויקעס" און „באָלשעוויקעס" זענען געווען אָנגעפירט דורך אינטעליגענטן. נישט מאַרקס, נישט ענגעלס, נישט בלאַנקי, נישט ראָבעספּיער און אויך נישט לענין און סטאַלין זענען געווען אַרבעטער, נאָר אינטעליגענטן. וואָס איז יאָ אמת, איז אַז אינטעליגענטן איז שווערער צו באַהערשן און דערפאַר האָט סטאַלין געפּריידיקט „פּראָ־לעטאַריזאַציע" און געמאָרדעט אינטעליגענטן, אָבער אויך אַרבעטער...

די דיסקוסיע אַרום דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן פּראָבלעם איז גיך אויס־געברייטערט געוואָרן, ווייל ס'איז אויסגעבראָכן די רוסישע רעוואָלוציע פון 1905.

## די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע

אין זיין בוך „די געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע" שרייבט לעוו טראָצקי (זע קאַפּיטל „טראָצקיזם") „רוסלאַנד איז געליגן צווישן אייראָפּע און אַזיע און נישט נאָר געאָגראַפיש, נאָר אויך סאָציאַל און היסטאָריש און אין משך פון פאַרשידענע פּעריאָדן האָט זי זיך דערנענ־טערט אין פאַרשידענעם הינזיכטן דאָ צום מערב, דאָ צו מזרח (מערער צו מזרח, צו דזשינגיס־כאַן ווי צום מערב כאָטש אויך אין מערב האָט נישט געפעלט קיין ראָבעספּיער און נישט קיין היטלער)... אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד, פאַראייניקט די מאַטעריעלע און גייסטיקע דערגרייכונגען פון פאָר־געשריטענע לענדער (פאַרקריפּלענדיק זיי, צופּאַסנדיק צו זייער גייסטיקן צושטאַנד און פּסיכיק)... אונטער דער בייטש פון אויסערלעכער נויט־

װענדיקײט איז די אָפּגעשטאַנענקײט געצװוּנגען צו מאַכן שפּרונגען״ (װי כינע, װאָס האָט געמאַכט אַ שפּרונג פון פּאַטריאַרכאַלן דאָרף צו... דער אַטאָמישער באָמבע). רוסלאַנד, װי שױן דערמאָנט, האָט זיך דװקא גיך אַנטװיקלט אין די יאָרן נאָכן 1861, אָבער נאָך געװען שטאַרק אָפּגעשטאַנען לגבי אײראָפּע און אויך... יאַפּאַן אויפן װײטן מזרח. אין 1913 האָט רוסלאַנד פאַרמאָגט אַ באַן־נעץ פון 70 טויזנט קילאָמעטער, אָבער דאָס האָט אויסגעמאַכט קוים 0,4 קילאָמעטער אויף יעדע 100 קװאַדראַט קילאָמעטער שטח, אין דער צײט, װאָס דײטשלאַנד האָט דאַן פאַרמאָגט 11,7 קילאָמעטער אויף יעדע 100 קװאַדראַט־קילאָמעטער, ד. ה. 40 מאָל מערער! כאָטש אין דער זעלבער צײט האָבן די גרויסע פאַבריקן, מיט טויזנט אַרבעטער און מערער, געציילט אין רוסלאַנד 41 פּראָצענט פון אַלע אינדוסטריע־אַרבעטער, װען אין די פ. שטאַטן האָט דער פּראָצענט אויסגעמאַכט נישט מער װי 18!

צוזאַמען מיטן װוּקס פון דער צאָל אַרבעטער, איז געװאַקסן אויך זײער קאַמפּס־װילן. אין 1894 האָבן געשטרײקט 17 טויזנט אַרבעטער, אין 1895 — 48 טויזנט, אין 1899 — שױן 130 טויזנט. רוסלאַנד האָט כסדר אויסגעברײטערט אירע גרענעצן און אין אָנהויב דעם יאָרהונדערט געלײגט באַזונדערע אַכט אויף די סלאַװישע פעלקער אין עסטרײך (פּאַנסלאַװיזם) און אויף טערקיי, װאָס נאָך יאָרן פון עקספּאַנסיע, איז קאָרומפּירט און אָפּגעשװאַכט געװאָרן. נאָך אין 1878 האָט רוסלאַנד פאַרטריבן די טערקן פון בעסאַראַביע און רומעניע און געצילט צו פאַרנעמען קאָנסטאַנטינאָפּאָל (סטאַמבול), װאָס איז געלעגן אויפן װעג פון שװאַרצן ים צום מיטללענדישן ים און סועץ־קאַנאַל. זי האָט אויך אויסגעברײטערט אירע גרענעצן אין װײטן מזרח אויפן חשבון פון כינע, אָבער זיך צונויפגעטראָפן מיט יאַפּאַן, װאָס האָט אויך געזוכט צו פאַרנעמען אויב נישט גאַנץ כינע איז כאָטש גרויסע טײל אירע, באַזונדערס מאַנדזשוריע, װאָס איז רײך אין אײזן און נאַפט. אין 1903 שרײבט דער צאַרישער גענעראַל קוראָפּאַטקין „דער צאַר האָט גראַנדיעזע פּלענער. ער גרײט זיך צו פאַרנעמען מאַנדזשוריע, קאָרעאַ, אײנשטעלן אַ פּראָטעקטאָראַט איבער טיבעט און פאַרנעמען פּערסיע, דעם באָספּאָר און די דאַרדאַנעלן״.

דעם 8־טן פעברואַר 1904 האָט, אָן שום פאָרויסדיקע מעלדונג, דער יאַפּאַנישער פלאָט אָנגעגריפן און דערטרונקען דעם רוסישן קריגס־פלאָט אין פּאָרט־אַרטור ביים כינעזישן ים. פּרינץ טרובעצקוי שרײבט: „די קלײנע צאָל פון זעלנער אין מאַנדזשוריע, די אומפעיקײט פון אײנהאַלטן די טראַנס־

סיבירער באַן, די שלעכטע באַדינגונגען אין פּאָרט — דאָס אַלץ האָט געווירקט, אַז מיר זאָלן ליידן אַ מפּלה. ווער איז שולדיק? די גאַנצע רוסישע געזעלשאַפט. מיר שלאָפן, ווי עס באַפעלט אונדז די רעגירונג. ביוראָקראַטיע קעמפט, אָבער נישט קעגן אויסערלעכן שונא, נאָר קעגן דעם אינערלעכן. אויפן פראָנט זענען געשיקט געוואָרן שטיוול מיט זוילן פון קאַרטאָן, צעפוילטע קאָנסערוון, ענגע מונדירן, וואָס האָבן געבראַכט גרויסע רווחים די צושטעלער און זייער פריינט אין דער רעגירונג. אָפיצירן — גנבים, האָבן צוגעשטעלט די ערגסטע סחורות. די קאָמיסאַרן האָבן אויסגעליידיקט די מיליטער־סקלאַדן און זיי אַלע זענען שולדיק אין דער מפּלה".

אין די ערשטע טעג האָט רוסלאַנד געיובלט „שאפקאמי זאקידאיעם" (מיט די היטלען וועלן מיר זיי פאַרדעקן). אָבער ווען ס'זענען געקומען די ידיעות וועגן די מפּלות (דעם 1־טן יאַנואַר 1905 איז געפאַלן פּאָרט־אַרטור) האָט זיך די שטימונג געביטן.

קעגן דער וואַקסנדיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע (אין 1902 פאַלט איבער די צאַרישע פּאָליציי 4 דרוקערייען פון די ס. ר., אין 1904 — 7, אין 1905 — 11) פּרוּווט די „אָכראַנע" צו שאַפן אַן אייגענע אַרבעטער־פּאַרטיי, אויך אַ יידישע. בראש פון דער דאָזיקער באַוועגונג, וואָס דאַרף זיין „די אַרבעטער פאַרן צאַר" שטייט דער „אכראנא"־קאַלאָנעל זובאַטאָוו, וועלכער מאָביליזירט פאַר דעם צוועק דעם גלח גאפּאָן און באַשטימט אים אַלס „פירער" פון די פּעטער־בורגער אַרבעטער.

גאַפּאָן נעמט אויף די אויפגאַבע ערנסט, אָרגאַניזירט פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, שטרייקן, (אייניקע געווינט ער מיט דער הילף פון דער „אָכראַנע", וואָס צווינגט די פאַבריקאַנטן נאָכצוגעבן) און געווינט אַ גרויסע פּאָפּולאַריטעט אין פּעטערבורג.

דעם 9־טן יאַנואַר 1905 (לויטן אַלטן קאַלענדאַר) האָט דער „אכראנע" גלח גאפּאָן אָרגאַניזירט אַ מאַסן־מאַניפעסטאַציע, אין וועלכער ס'האָבן אָנטייל גענומען הונדערטער טויזנטער פּעטערבורגער אַרבעטער מיט זייערע פרויען און קינדער. זיי זענען געגאַנגען בעטן דעם „צאַר באַטיושקאַ" (פּאָטערל צאַר) ער זאָל זיי העלפן קעגן די פאַבריקאַנטן, וואָס עקספּלואַטירן זיי נידער־טרעכטיק. די מאַניפעסטאַציע האָט נישט געטראָגן קיין רויטע פענער נאָר פּאָרטרעטן פון צאַר און „איקאָנעס" פון דער קירכע. זי איז געווען אָרגאַניזירט מיט דער ברכה פון דער „אָכראַנע". דאָך האָבן זיך די פאַבריקאַנטן און רעאַקציאָנערע מיניסטאָרן פון צאַר דערשראָקן און געהייסן שיסן אויף

דער מאַסע. קאָזאַקן זענען געריטן מיט זייערע שווערדן אויף דער מאַסע — אין רעזולטאַט — העכער טויזנט דערמאָרדעטע און פיל טויזנטער פאַר־וווּנדעט. (גאַפּאָן איז שפּעטער אין דער שווייץ דערהרגעט געוואָרן דורכן יידישן ס. ר. רוטענבערג).

די שחיטה נעבן קעניגלעכן פּאַלאַץ איז געווען דער רעקאָרד פון אידיאָטיזם פון צאַר און זיינע ראַטגעבער, צווישן וועלכע ס׳האָט זיך געפונען דער טרויעריק באַרימטער גלח ראַספּוטין, וואָס האָט פאַרגוואַלטיקט הונ־דערטער פון די אַריסטאָקראַטישע דאַמען און זייערע „פּרינצעסינס" — טעכטער — און געטאָן האָט ער דאָס אין נאָמען פון גאָט.

אין משך פון יאָרן, האָט דאָס פאָלק געגלויבט, אַז די פּריצים זענען שלעכט, די בורזשויען, די „טשינאָווניקעס" (הויכע באַאַמטע), די כל־מיני „קניאַזן" (פּרינצן) א. א. וו. אָבער ער, דער צאַר באַטיושקאַ איז גוט, ער האָט דאָך באַפרייט די פויערים פון דער פּאַנשטשינע. די סאָציאַליסטן האָבן אויפגעקלערט, געפירט פּראָפּאַגאַנדע, אַרויסגעגעבן מיליאָנען בראָשורן, צייטונגען, בלעטלעך — אָן גרעסערן דערפאָלג. וואָס די סאָציאַליסטן (אַלע) האָבן נישט באַוויזן, האָט באַוויזן גאַפּאָן מיט זיין מאַניפעסטאַציע. דאָס פאָלק האָט אין איין טאָג פאַרלוירן דעם צוטרוי צום צאַר און די רעוואָלוציע האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע לאַנד: פון וואַרשע און לאָדזש דורך מינסק, מאָסקווע, קיעוו, כאַרקאָוו ביז אָדעס פון איין זייט און באַקו פון דער צווייטער, אין 122 שטעט איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער גענעראַל־שטרייק. שוין אין יאַנואַר האָבן געשטרייקט 450 טויזנט אַרבעטער און זייער צאָל איז כסדר געוואַקסן. אין דער זעלבער צייט האָט רוסלאַנד געליטן אַ שווערע מפּלה אויף דער יבשה אין מוקדען, הויפּט־שטאָט פון מאַנדזשוריע און דער באַלטישער פלאָט, וואָס איז אָנגעקומען נאָכן אַרומרינגלען אַפריקע (די ענגלענדער האָבן אים נישט דורכגעלאָזט דורכן סועץ־קאַנאַל) איז פאַר־ניכטעט געוואָרן דורך די יאַפּאַנער. רוסלאַנד האָט זיך געמוזט אונטערגעבן און אונטערשרייבן אַ שענדלעכן קאַפּיטולאַציע־שלום מיט יאַפּאַן.

טרובעצקוי האָט שוין געשריבן „נישט קאָנענדיק שלאָגן דעם אויסער־לעכן שונא, שלאָגט דער צאַר דעם אינערלעכן" און די פּאָליציי צוזאַמען מיט די ביטערסטע רעאַקציאָנערן מיט פורישקעוויטשן בראָש, האָבן גע־גרינדעט די „שוואַרצע מאה", אָרגאַניזירט מאַסן־פּאָגראָמען אויף יידן, וואָס האָבן געבראַכט 4 טויזנט קרבנות, אָבער אויך געשאַפן די „הגנה"־ אָרגאַ־ניזאַציעס, וואָס האָבן נישט איין מאָל געשלאָגן און שטאַרק געשלאָגן די פּאָגראָמשטשיקעס צוזאַמען מיט דער פּאָליציי. די ס. ר. האָבן געהרגעט דעם

גרויס־פרינץ סערגיי און דעם רעאַקציאָנערן פרעמיער פלעווע (מיט 3 יאָר פריער האָט ער אויפגענומען הערצלען, איצט — אָרגאַניזירט די פּאָגראָמען). די רעגירונג און דער צאַר האָבן זיך דערשראָקן און אין אויגוסט 1905 געמאָלדן, אַז דער צאַר פאַרופט וואַלן צו דער „דומא", דער פאַרלאַמענט פון רוסלאַנד.

אין וואָזניעסענסק, אַ צענטער פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע דויערט דער אַלגעמיינער שטרייק פון 70 טויזנט אַרבעטער 4 חדשים און דאָרט ווערט ספּאָנטאַן געגרינדעט דער ערשטער רוסישער אַרבעטער־ראַט (סאָוויעט), וואָס וועט 12 יאָר שפּעטער שפּילן אַ גרויסע ראָל אין דער געשיכטע פון רוסלאַנד.

די רעוואָלוציע אַנטוויקלט זיך. באַריקאַדן ווערן אויפגעשטעלט אין לאָדזש, באַקו א. א. שטעט. אין 185 קרייזן אָרגאַניזירן די ס ר. אויפשטאַנדן פון פּויערים און טויזנטער פּריצישע הויפנס ווערן אונטערגעצונדן און די פּריצים פאַריאָגט. אין אָקטאָבער קומט זיך צונויף לעגאַל דער ערשטער קאָנגרעס פון די באַן־אַרבעטער, וואָס פאָדערן 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, העכערע לוינען און... קאָנסטיטוציע. אין אָדעס רעבעלירן די מאַטראָסן פון קרייצער „פּאָטיאָמקין" און שליסן זיך אָן צו די שטרייקנדיקע אַרבעטער. גראַף וויטע, וואָס פאַרנעמט דעם אַמט פון פלעווע, איז דער קלוגסטער פון די צאַרישע ראַטגעבער און אין זיין מעמאָראַנדום שרייבט ער: „דער היסטאָרישער פּראָגרעס איז אומצושטערבאַר. די ציווילע פרייהייטן מוזן גאַראַנטירט ווערן דורך רעפאָרמען אָדער זיי וועלן דעראַבערט ווערן דורך אַ רעוואָלוציע. די רוסישע רעוואָלוציע וועט אויסקערן אַלע טראַדיציעס אָן פּאַרדאָן (אַנטשולדיקונגען), פאַרניכטנדיק אַלץ, די שרעק פון דער רוסישער רעוואָלוציע וועט איבערשטייגן אַלץ, וואָס מיר ווייסן פון דער געשיכטע".

וויטע האָט אפשר אַליין נישט געוווסט ווי ווייט ער האָט געטראָפן. 12 יאָר שפּעטער זענען געקומען צו דער מאַכט די באָלשעוויקעס און זייער רעוואָלוציע האָט געבראַכט מיט זיך סטאַלינען, לגבי וועמען ראַבעספּיער איז געווען אַן אומשולדיק קינד.

אין אָקטאָבער 1905 ווערט געגרינדעט דער „סאָוויעט" אין פּעטערבורג מיטן אָנטייל פון 562 דעלעגאַטן, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט 140 פאַבריקן און 16 פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, ד. ה. דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס פון פּעטערבורג. אַלס פאָרזיצנדער פון סאָוויעט ווערט אויסגעוויילט דער ייד לעוו טראָצקי, וואָס האָט נישט קיין פּאַרטיי הינטער זיך. דער סאָוויעט

האָט געלעבט 40 טעג לעגאַל, מורא האָבנדיק די פּאָליציי אים אָנצורירן, אָבער אין דעצעמבער האָט דעם סאָוויעט אַרומגענומען די אַרמיי און אַלע דעפּוטאַטן מיט טראָצקין בראש אַרעסטירט.

דעם 7־טן דעצעמבער איז אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד אין מאָסקווע, וועגן וועלכן עס שרייבט יאָרן שפּעטער יאָסיף סטאַלין: „אין דער באַשטימטער שעה דורך די באָלשעוויקעס, האָבן זיך אָפּגעשטעלט די פאַבריקן, די באַנען, די עלעקטרי". אַ פיינע מעשה, נאָר אַ גרויסער שקר. ווי ס'איז די גאַנצע „געשיכטע" וואָס סטאַלין האָט „צוגעפּראַוועט" אויף זיין קאַפּיטע. אויך „געשיכטע" קאָן מען באַשרייבן ווי מען וויל... סטאַלין איז אין מאָסקווע נישט געווען, געווען איז אָבער יאָ מאַקסים גאָרקי, אָנערקענט דורך דער באָלשעוויסטישער רעגירונג אַלס גרעסטער שרייבער פון ראַטנפאַרבאַנד. גאָרקי דערציילט „אַ ביסל אַנדערש" „אַ סך גלויבן, אַז ס'זענען געווען די רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן אָנגעהויבן בויען די באַריקאַדעס. דאָס איז נישט אמת. באַריקאַדן האָט אָנגעהויבן בויען דאָס גאַנצע פאָלק, מענטשן וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום שייכות צו קיין רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע. און דאָס איז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון אונדזער צייט".

אין אַ שפּעטערדיקן ווערק, געווידמעט דער רעוואָלוציע פון 1917, שרייבט טראָצקי: „די מאַסן פירן דורך די רעוואָלוציע אָן אַ באַשטימטן פּלאַן און נישט ווייסנדיק ווי אַזוי ס'וועט אויסזען דער נייער רעזשים, נאָר מיטן באַוווסטזיין, אַז דער אַלטער טויג נישט".

אַזוי האָבן אויסגעזען אַלע אמתע רעוואָלוציעס, אָנהויבנדיק פון דער ענגלישער אין מיטן פון 17־טן יאָרהונדערט, די פראַנצויזישע פון 1789 און ביידע רוסישע רעוואָלוציעס פון 1917, 1905.

אין 1905 איז די רעוואָלוציע געווען אַ פאָלקס־רעוואָלוציע, אין וועלכער ס'האָבן אָנטיילגענומען אַלע שיכטן פון רוסישן פאָלק, איינשליסלעך אַ געוויסער טייל פון אדלטום, אַלע פּאַרטייען פון לינקס ביז די „קאַדעטן" און די שטאַרקסטע פון זיי אַלע איז געווען די ס. ר. די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס האָבן געשפּילט אַ צווייט־ראַנגיקע ראָל אין דער רעוואָלוציע, אָבער אַן ערשט־ראַנגיקע אין... דער דיסקוסיע. באַזונדערס אַקטיוו זענען געווען לענין און טראָצקי.

די „מענשעוויקעס", ווי אמתע, גוטע שילער פון מאַרקסן, האָבן געהאַלטן, אַז די רוסישע רעוואָלוציע איז אַ בירגערלעך־דעמאָקראַטישע און דערפאַר איז די פליכט פון די סאָציאַליסטן צו שטיצן די ליבעראַלע בורזשואַזיע קעגן דעם צאַריזם, איינשטעלן אין רוסלאַנד אַ דעמאָקראַטישע

רעפובליק, צעטיילן די ערד צווישן די פויערים, איינשטעלן אַן 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, צונויפרופן די קאָנסטיטואַנטע — ד. ה. פאַרוואַנדלען רוסלאַנד אין אַ מאָדערן, אינדוסטריעלן לאַנד און שאַפן די באַדינגונגען, וואָס זאָלן דערמעגלעכן מיט דער צייט רעאַליזירן די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע.

לענין האָט די דאָזיקע ריין־מאַרקסיסטישע שטעלונג אָפּגעוואָרפן. אמת, די רעוואָלוציע איז אַ בירגערלעך־דעמאָקראַטישע, אָבער די רוסישע בור־זשואַזיע איז שוין נישט פעיִק דורכצופירן די רעוואָלוציע. די איינציקע, וואָס קאָנען זי דורכפירן זענען די אַרבעטער און פויערים. דערפאַר מוז די פּאַרטיי צילן איבערפירן די רעוואָלוציע אויפן צווייטן שטאַפּל, ד. ה. אָנהאַלטן די רעוואָלוציע ביז זי וועט טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע (פּאַקטיש די שטעלונג פון „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע" פון טראָצקי). די מאַכט טאָר מען נישט איבערגעבן דער בורזשואַזיע, וואָס איז שוין קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, נאָר איינשטעלן די „דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פויערים" געשטיצט אויף דער אַרבעטערשאַפט און פויערטום, באַזונדערס דעם אָרעמען פויערטום.

אין 1905, געפינענדיק זיך ווייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע (קוים אין אָקטאָבער אָנגעקומען קיין פינלאַנד), באַקעמפט לענין דעם אַגראַר־פּראָגראַם פון די ס. ר., וואָס איז נישט „געגוג סאָציאַליסטיש" און רעדט וועגן צעטיילן די ערד צווישן די פויערים און פאַרוואַרפט אויך די לאָזונג פון „סאָוויעטן", ווייל... די באָלשעוויקעס האָבן נישט אויף זיי קיין איינפלוס.

בעת עס זענען אָנגעגאַנגען די דיסקוסיעס, איז דעם צאַריזם געלונגען צו באַהערשן די לאַגע, באַזיגן די רעוואָלוציאָנערן אין פּעטערבורג (דעם 3־טן דעצעמבער) און מאָסקווע (אַ וואָך שפּעטער) און די רעוואָלוציע האָט אָנגעהויבן איר וועג באַרג אַראָפּ. די שטרייקן האָבן זיך פּאַרלאָשן (ווי לאַנג קאָנען אַרבעטער שטרייקן אָן צו באַקומען הילף?), פון 2,8 שטרייקנדיקע אין 1905 געפאַלן אויף 1,1 מיליאָן אין 1906. דער צאַריזם האָט געזיגט, אָבער געמוזט גיין אויף געוויסע פּשרות, פון זיי די וויכטיקסטע: צונויפרופן די „דומע". לענין האָט זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן, געוואַרט אויפן „צווייטן" שטאַפּל און גערופן... באָיקאָטירן די וואַלן.

דער באָיקאָט איז דורכגעפאַלן, די מאַסן האָבן געשטימט און רעלאַטיוו „לינק". די ערשטע וואַלן האָבן געגעבן פאָלגנדיקע רעזולטאַטן: די „קאַדעטן" (קאָנסטיטוציאָנעל - דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, מער - וויניקער אַ צענטער־פּאַרטיי) האָבן באַקומען 166 דעפּוטאַטן, די ס. ר. און זייערע פאַרבינדעטע („טרודאָוויקעס") 140, די „מענשעוויקעס" 18, אומפּאַרטייאישע, גענויגט

צו די קאַדעטן — 141 און שוואַרץ־מאהניקעס, אָנהענגער פון פורישקעוויטש — 37 מאַנדאַטן. נאָר די 37 האָבן געשטיצט דעם צאַר, איז פאַרשטענדלעך, אַז נאָך 2 חדשים האָט דער צאַר זי פאַנאַנדערגעיאָגט (די רעוואָלוציע איז שוין געווען באַזיגט) און גערופן נייע וואַלן, וועלכע לענין און די באָלשע־וויקעס האָבן שוין נישט בויקאָטירט. די רעזולטאַטן — נישט בעסערע פאַרן צאַר: די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון ביידע גרופעס — 65 דעפּוטאַטן, קאַדעטן 98, ס. רן און „טרודאָוויקעס" — 141, די „שוואַרצע מאה" — 52, קוים 10 פּראָצענט פון 516 דעפּוטאַטן. די „דומע" האָט געקעמפט קעגן צאַר און זיין ראַספּוטין־ביוראָקראַטיע, קעגן דער „אכראַנע", אויך קעגן פּאָגראָמען, דער צאַר האָט געקעמפט קעגן דער „דומע". אין לאַנד איז דאָך געוואָרן אַ ביסל פרייער. די פרעסע איז געווען פרייער ווי פריער, אין 1912 האָבן אַפילו די באָלשעוויקעס אַרויסגעגעבן לעגאַל די „פּראַוודאַ" (היינט איז עס אומ־מעגלעך אַזאַ זאַך אין „דעמאָקראַטישן" ראַטנפאַרבאַנד) כאָטש דער אָפּי־ציעלער רעדאַקטאָר איז געווען אַ „דומע"־דעפּוטאַט און... אַגענט פון דער „אכראַנע" — מאַלינאָווסקי. דער נייער פּרעמיער־מיניסטער, סטאָליפּין, איז געווען אַ קלוגער מאָנאַרכיסט און געזוכט צו שאַפן אַ מאַסן־אָנשפּאַר פאַרן צאַריזם אין געשטאַלט פון אַ רייך פויערטום, און אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, לויט וועלכן עס ווערט דערלויבט די פויערים צו פאַרלאָזן דעם „מיר" און אויסקויפן די ערד מיט דער הילף פון גרויסע באַנק־הלוואות. אין משך פון 9 יאָר 16—1907 האָבן פון דעם גענאָסן 2 מיליאָן פויערים, די שפּע־טערדיקע „קולאַקעס".

## די ערשטע וועלט־מלחמה

דער סך־הכל פון דער רעוואָלוציע איז געווען אַ טרויעריקער: 2.117 רעוואָלוציאָנערן געהאָנגען, 6.020 — דעפּאָרטירט קיין סיביר, 3.875 — פאַרמשפּט צו קאַטאָרגע, 8.347 — תפיסה. צוזאַמען פאַרמשפּט 22 טויזנט מאַן אויסער די פילע צענדליקער טויזנטער וואָס זענען געפאַלן אין קאַמף (בלויז אין לאָדזש זענען געהרגעט געוואָרן העכער 3 טויזנט מאַן).

אויפן דריטן קאָנגרעס פון די „באָלשעוויקעס" האָט לענין געמאַכט אַ סך־הכל: „אין אַזיגע לענדער ווי רוסלאַנד, ליידט דער אַרבעטער נישט אַזוי פיל פון קאַפּיטאַליזם ווי פון דער שוואַכער אַנטוויקלונג פון קאַפּי־טאַליזם. דער אַרבעטער איז דעריבער פאַראינטערעסירט אין דער ברייטער,

פרייער, שנעלער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם. דעריבער לויִנט דעם פּראָ־לעטאַריאַט אַ בורזשואַזע רעוואָלוציע (ביז איצט — די שטעלונג פון די „מענשעוויקעס"), זי לוינט מערער דעם פּראָלעטאַריאַט ווי דער בורזשואַזיע, ווייל דער פּראָלעטאַריאַט וועט וואַקסן מיטן וווּקס פון קאַפּיטאַליזם און שפּעטער וועט ער קאָנען באַגראָבן דעם קאַפּיטאַליזם און אַליין איבערנעמען די מאַכט, דורכפירנדיק די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע... אונדזער איינפלוס אין דער פּראָלעטאַרישער מאַסע איז נאָך זייער אַ קליינער (אין גרעסטן שוונג פון דער רעוואָלוציע, האָט די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי נישט געהאַט מער פון 13 טויזנט מיטגלידער) די ווירקונג אויפן פּויערטום אַ נישטיקע", אָבער לעניך, וואָס האָט פון ערשטן טאָג אָנגענומען אַ בלאַנקיסטישע ליניע, זעצט פּאָר: „דער פּראָלעטאַריאַט (וועלכער? דער שוואַכער, אַנאַלפאַבעטישער? ווי לעניך כאַראַקטעריזירט אים) מוז דורכפירן ביזן סוף די דעמאָקראַטישע איבערקערעניש, אָנשליסנדיק אין זיך די מאַסע פּויערטום, כדי צו דערשטיקן דעם ווידערשטאַנד פון דער זעלבסט־הערשאַפט (צאַריזם) און פּאַראַליזירן די נישט־שטאַנדהאַפטיקייט פון דער בורזשואַזיע. דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף דורכפירן די סאָציאַלע רעוואָלוציע, אָנשליסנדיק אין זיך די האַלב־פּראָלעטאַרישע עלעמענטן פון דער באַפעל־קערונג, כדי צעברעכן דעם ווידערשטאַנד פון דער בורזשואַזיע און פּאַראַליזירן די נישט־שטאַנדהאַפטיקייט פון פּויערטום און קליינבירגערטום" — אַ פולשטענדיקער פּראָגראַם פון דער „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע" פון לעוו טראָצקי, וואָס האָט פּאָרגעלייגט, אַז די רעוואָלוציע טאָר נישט איבער־געריסן ווערן, זי דאַרף זיך אַנטוויקלען פון דער בורזשואַזער, דעמאָקראַ־טישער רעוואָלוציע צו דער... פּראָלעטאַרישער, סאָציאַליסטישער רעוואָ־לוציע און „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט". דער פּראָלעטאַריאַט דער רוסישער איז שוואַך? ס'מאַכט נישט, מיטן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד וועט קומען... די רעוואָלוציע אין מערב־אייראָפּע (ווי ס'האָט שוין אויסגעחלומט קראָפּאָטקין) און דער פּראָלעטאַריאַט פון מערב וועט קומען צוהילף דעם רוסישן אַרבעטער און אים העלפן איינשטעלן די „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט"...

לעניך אין זיין זיכערער באַהעלטניש אין דער שווייץ האָט געחלומט וועגן דער „סאָציאַלער רעוואָלוציע", דערווייל איז אין רוסלאַנד די באַוועגונג געגאַנגען באַרג־אַראָפּ און דער קאַפּיטאַליזם — באַרג־אַרויף. די באַן־נעץ, וואַקסט אין די פ. שטאַטן מיט 54 פּראָצענט, אין דייטשלאַנד — 58 פּראָצענט, אין רוסלאַנד — 143 פּראָצענט. די פּראָדוקציע פון בייוול

אין טורקעסטאַן שטייגט פון 5 מיליאָן פוד אין יאָר 1900 אויף 14 מיליאָן אין 1913, די שווערע אינדוסטרי שטייגט אין די יאָרן 13—1908 מיט 96 פּראָצענט, פיל גיכער ווי ביי די באָלשעוויקעס. די פּראָדוקציע פון אייזן און שטאָל — 67 פּראָצענט א. א. וו. דער רעוואָלוציאָנערער גייסט שטאַרבט, ווי עס באַשרייבט אים טאָמסקי (שפּעטערדיקער פּאָרזיצנדער פון די פּראָפעסיאָנעסע פאַריינען אין ראַטנפאַרבאַנד, דערמאָרדעט דורך סטאַלינען). „דער גייסט פון די אַרבעטער איז זייער אַ דערשלאָגענער און קוים אייניקע הונדערט זענען פאַרבליבן טריי די אידעאַלן פון דער רעוואָלוציע. די אַרבעטער־זין לערנען כדי צו באַקומען אַ טיטל און זיך ראַטעווען פון זיין אַרבעטער" (אין חדש תחת השמש!). די „אָכראַנע" אָרגאַניזירט „קרייזן פון דער גרינער שלאַנג" פון סטודענטישער יוגנט, אָרגאַניזירט סעקסועלע אָרגיעס, שיכרות, כדי דערוויטערן די יוגנט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די ליטעראַטור דריקט אויס דעקאַדענ־טישע טענדענצן.

אָבער שוין אין 1912 קומט אַן איבערברוך. אין פעברואַר ברעכט אויס אַ שטרייק אין די גאָלד־גרובן פון לענאַ, אין סיביר. דאָס מיליטער שיסט אויף די שטרייקענדיקע, 270 מאַן ווערן דערהרגעט, הונדערטער פאַרוואונדעט. כמעט ספּאָנטאַן ברעכן אויס סאָלידאַריטעט־שטרייקן איבער גאַנץ רוסלאַנד, וואָס נעמען אַרום ביי אַ מיליאָן אַרבעטער. אין דער ערשטער העלפט פון 1914 שטרייקן ווידער 1,5 מיליאָן מאַן, נאָך 47 טויזנט אין 1910.

אין די באַדינגונגען טרעט אַריין רוסלאַנד אין די ערשטע וועלט־מלחמה. די מלחמה איז אַ ריין־אימפּעריאַליסטישע. אַלע, אַן אויסנאַם, מדינות, וואָס נעמען אין איר אָנטייל האָבן אימפּעריאַליסטישע צילן. די הויפּט־סכנה —דייטשלאַנד. דייטשלאַנד האָט זיך פאַראייניקט אין 1870, ווען די וועלט איז שוין געווען צעטיילט צווישן ענגלאַנד און פראַנקרייך. ענגלאַנד האָט פאַרנומען צום סוף פון פאַריקן יאָרהונדערט אַ שטח פון 30 מיליאָן קוואַדראַט־קילאָמעטער, אַ פערטל פון גאַנצן ערד־קויל מיט אַ באַפעלקערונג פון... איבער 500 מיליאָן נפשות, אַ דריטל פון דער ערד־באַפעלקערונג. פראַנקרייך האָט באַהערשט 9 מיליאָן קוואַדראַט־קילאָ־מעטער, הויפּטזעכלעך אין אַפריקע, אָבער אויך אין ווייטן מזרח. דייטש־לאַנד האָט געצילט צו אַ „לעבנס־ראַום" אויפן חשבון פון ענגלאַנד און פראַנקרייך אין דער ערשטער ריי, אָבער אויך אויפן חשבון פון רוסלאַנד. רוסלאַנד האָט זיך אין ווייטן מזרח אָנגעשטויסן אין יאַפּאַן און געזוכט

זיך אויסצוברייטערן אויפן חשבון פון עסטרייך־אונגאַרן און טערקיי. אין די יאָרן 1890—1914 האָבן די ענגלענדער פאַרגרעסערט זייער האַנדלס־פלאָט פון 3,7 מיליאָן טאָן ביז 6 מיליאָן, דייטשלאַנד אָבער פון 250 טויזנט טאָן אויף... 2 מיליאָן. דייטשלאַנד האָט געוואָלט באַהערשן טאַנזשער און מאַראָקאָ אין אַפריקע און דורך טערקיי דערגרייכן די גרענעץ פון דער רייכסטער ענגלישער קאָלאָניע, אינדיע, בויענדיק אַ באַן־ליניע פון בערלין ביז... באַגדאַד.

פון אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט האָט געהאַלטן אין אויסברעכן די וועלט־מלחמה. דייטשלאַנד האָט געגרינדעט דעם „צענטראַל־בלאָק״, איינ־שליסנדיק אין אים: עסטרייך, בולגאַריע און טערקיי, ווי אויך איטאַליע, וואָס האָט שפּעטער פאַרראַטן דעם „צענטראַל־בלאָק״ און אַריבער צום צווייטן צד. דער צווייטער צד איז באַשטאַנען פון די א. ג. „אַלירטע מלוכות״: ענגלאַנד, פראַנקרייך און רוסלאַנד. צו זיי זענען צוגעשטאַנען רומעניע, גריכנלאַנד און איטאַליע, סערביע א. א.

די מלחמה גופא איז אויסגעבראָכן דעם 1־טן אויגוסט 1914. דער אָפיציעלער תירוץ איז געווען דער מאָרד פון עסטרייכישן קרוינפּרינץ אין סעראַיעוואָ (סערביע) דורך אַ קראָאַטישן נאַציאָנאַליסט. עסטרייך האָט געשיקט אַן אולטימאַטום צו סערביע, רוסלאַנד האָט דערקלערט, אַז זי וועט פאַרטיידיקן סערביע, דייטשלאַנד האָט דערקלערט איר סאָלידאַרי־טעט מיט עסטרייך — און די מלחמה איז געוואָרן אַ פאַקט.

דער צאַר האָט זיך געוואַקלט. רוסלאַנד איז נישט געווען גרייט צו דער מלחמה. רוסלאַנד האָט פאַרמאָגט 2.200 האַרמאַטן, דייטשלאַנד און עסטרייך — 11 טויזנט. די רוסן האָבן פאַרמאָגט 240 שווערע האַרמאַטן, דייטשלאַנד און עסטרייך — 7 טויזנט. די דייטשישע אַדמיניסטראַציע איז געווען אַ פּערפעקטע, די רוסישע — אַ קאָרומפּירטע. פאַר דער מלחמה זענען אָבער געווען די „צאַריצאַ״ (דעם צאַרס פרוי) און דער „הייליקער״ מאַן — ראַספּוטין און זיי האָבן געוווּנען.

אין ערשטן מאָמענט האָט דאָס רוסישע פאָלק, כמעט דאָס גאַנצע פאָלק, אויפגענומען די מלחמה מיט ענטוזיאַזם און זיך מאָביליזירט אין דער אַרמיי מיט התלהבות. דער דייטשישער גענעראַל־שטאַב האָט מורא געהאַט פאַר אַ מלחמה אויף 2 פראָנטן (זע די סטראַטעגיע פון ענגעלס) און האָט אָנגענומען דעם פּלאַן פון פאָן שלייפער: 80 פּראָצענט שיקן קעגן פראַנקרייך און נאָר 20 פּראָצענט קיין מזרח־פּרייסן קעגן די רוסן,

נישט אַנגרייפן רוסלאַנד, נאָר פירן אַ פּאַרטיידיקונגס־מלחמה ביזן זיג איבער פראַנקרייך, דאַן זיך איבערוואַרפן אויף רוסלאַנד.

די דייטשישע אַרמיי איז אַריינגעדרונגען קיין פראַנקרייך, פאַרגוואַל־טיקט דאָס נייטראַלע בעלגיע און מאַרשירט אויף פּאַריז. די פראַנצויזישע רעגירונג האָט געבעטן די הילף פון צאַר און ער האָט געשיקט אַן אַרמיי פון 500 טויזנט מאַן קיין מזרח־פּרייסן, אין דער ריכטונג פון קעניגסבערג. אין אָנהויב איז דער רוסישער מאַרש געגאַנגען מיט דערפאָלג, אָבער די דייטשן אונטער דער אָנפירונג פון פאָן הינדענבורג, האָבן אָפּגעצויגן אייניקע דיוויזיעס פון פראַנצויזישן פראָנט און צעקלאַפּט די רוסישע אַרמיי (זע א. סאָלזשעניצין „אויגוסט 1914״), וואָס האָט פאַרלוירן אַ העלפט פון אירע זעלנער. די דייטשן זענען אַריבער די רוסישע גרענעץ און אין משך פון אַ יאָר פאַרנומען פּוילן און דערגרייכט צו די פּינסקער בלאָטעס, ווו זיי זענען געבליבן שטיין. רוסלאַנד האָט געהאַט גענוג „האַרמאַטן־פלייש״, אָבער ווי עס שרייבט טראָצקי, „צווישן דעם ניוואָ פון רוסישן פויער און ניוואָ פון דער מאָדערנער קריגס־טעכניק איז געליגן אַ טיפער תהום. אין רוסישן אָפיצירן־קאָרפּוס איז געקומען צום אויסדרוק די קול־טורלאָזיקייט, פוילקייט און גנבה. די רוסישע אינדוסטריע און טראַנספּאָרט האָבן אַרויסגעוויזן זייער אומפעיִקייט און די רוסישע אַרמיי איז גיך פאַר־בליבן, ווי מיט 10 יאָר פריִער אין מאַנדזשוריע, אָן אַמוניציע און אָן שטיוול״. די רוסישע אַרמיי האָט פאַרמאָגט אייניקע גוטע גענעראַלן, אמתע פּאַטריאָטן און פעיִקע מיליטער־לייט, אָבער בראש פון קריגס־מיניסטעריום איז געשטאַנען אַ גענעראַל פּאָליוואַנאָוו, וואָס האָט דעם 4 אויגוסט 1915 (שוין נאָך די גרויסע מפּלות) דערקלערט: „איך גלויב אין אונדזערע גרויסע שטחים אָן וועגן, אין אונדזערע אומענדלעכע בלאָטעס און... אין הייליקן מיר ליקערסקי, דעם הייליקן אַפּוטרופּוס פון אונדזער הייליקן רוסלאַנד״ (געגליכן צו אַ... רב אונטערמאַן בראש פון דער ישראל־אַרמיי אין יוני 1967). אַ צווייטער גענעראַל, רעאַליסטישער פון פּאָליוואַנאָוו, גענעראַל רוסקי דערקלערט: „די פאָדערונגען פון דער מאָדערנער טעכניק זענען העכער פון אונדזערע כוחות. מיר קאָנען נישט קעמפן קעגן דער דייטשישער מאַשין״ און דער גענעראַל קוראָפּאַטקין שרייבט „די זעלנער זענען געגאַנגען מיט התלהבות צו דער מלחמה, איצט זענען זיי מיד און דעמאָראַליזירט פון די פערמאַנענטע ריקצוגן״ — און דאָס אַלץ נאָכן ערשטן מלחמה־יאָר.

די רעגירונג האָט מאָביליזירט די אינדוסטריע. פון 4.500 גרויסע

אונטער־נעמונגען, זענען 3.900 פאַרבונדן געוואָרן דירעקט מיט דער מלחמה און אירע באַדערפעניש. אין 1916 איז די ביקסן־פּראָדוקציע געשטיגן 10־פאַכיק. די צאָל האַרמאַטן־קוילן איז געשטיגן פון 290 טויזנט פאַר דער מלחמה — אויף 50 מיליאָן אין 1916. ס׳זענען אויפגעקומען פּאַט־ריאָטישע פאַבריקאַנטן־קאָמיטעטן, אָנגעפירט פון די „קאַדעטן", כאָטש, ווי ס׳זאָגט דער צאַרישער אינערן־מיניסטער פּראָטאָפּאָוו „אַלע מענטשן, וואָס האָבן אַ ביסל שכל הישר, צווישן די קאַדעטן, זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז רוסלאַנד קאָן נישט פאַרזעצן די מלחמה" און דער שעף פון זשאַנדאַרמעריע איז מודה, „די מיליטערישע רעזערוון, ווי אויך דאָס מיליטער אויפן פראָנט איז פול מיט עלעמענטן, וואָס קאָנען זיך לייכט פאַרוואַנדלען אין אַקטיווע כוחות פון אַן אויפשטאַנד און די איבע־ריקע — וועלן זיך אָפּזאָגן צו קעמפן קעגן די אויפשטענדלער".

און דער צאַר? דער שוין דערמאָנטער גראַף וויטע שרייבט: „איך וויל און אַזוי דאַרף זיין. די לאָזונג חזרט זיך איבער אין אַלע אַקטן פון שוואַכן צאַר, וועמענס הערשאַפט האָט זיך אויסגעדריקט אין פּערמאַנענ־טער בלוט־פאַרגיסונג, אין די מערסטע פאַלן אַבסאָלוט אומנויטיק. ניקאָלאַי האָט אַרויסגעוואָרפן אַלע פעיקע און ווערטפולע מענטשן און האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אומפעיקע, פאַלשע, „הייליקע" (ראַספּוטין), מיט מענטשן וואָס זענען נישט בעסער און נישט קלוגער פון אים". די „צאַריצאַ", וואָס געפינט זיך אונטערן איינפלוס פון „הייליקן" מוזשיק ראַספּוטין און האָט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף איר מאַן, שרייבט סוף 1916 (כמעט ערב דער רעוואָלוציע) „אויב דו האָסט דערקלערט, אַז דו ווילסט פּראָטאָפּאָוון, ווי דערלויבט ער זיך (פּרעמיער־מיניסטער טרעפּאָוו) זיין קעגן. זיי שטאַרק. אונדזער פריינט ראַספּוטין האָט צוטרוי צו אונדז" און אין אַ צווייטן בריוו: „רוסלאַנד האָט ליב דעם קאַנטשיק. דאָס איז איר נאַטור. די תפילות און די הילף פון אונדזער פריינט (ראַספּוטין) וועלן לייזן אַלע פּראָבלעמען. אָן אים — וואָלט אַלץ געווען פאַרלוירן". די זשאַנדאַרמעריע, וואָס שפּירט נאָך דעם „הייליקן" מאַן באַריכטעט: „שיכור", „זייער שיכור", „פאַר־לוירן דעם באַוווסטזיין פון שיכרות". דער פאַרזיצנדער פון דער „דומע" ראַדזיאַנקאָ שרייבט: „אין מיין באַזיץ הונדערטער בריוו פון מוטערס, וועמענס טעכטער זענען פאַרגוואַלטיקט געוואָרן דורך דעם מנוול" און דער דאָזיקער „הייליקער" האָט עס אָנגעפירט מיט רוסלאַנד, אַ מדינה פון 180 מיליאָן נפשות! אַ גרופּע פאַטריאָטן מיטן פירשט יוסופּאָוו האָט

סוף יאָר 1916 באַפרייט רוסלאַנד פון ראַספּוטינען, דערהרגענענדיק אים, אָבער... צו שפּעט.

און די ס. ד.? די „מענשעוויקעס", „באָלשעוויקעס", די ס. ר.? זיי זענען אַלע געווען קעגן דער מלחמה, אָבער אין אָנהויב פון דער מלחמה, איז די שטימונג פון פאָלק געווען אַזוי ענטוזיאַסטיש, אַז די דעפּוטאַטן פון דער „דומע" (9 „מענשעוויקעס" און 6 „באָלשעוויקעס") האָבן נישט געוואַגט צו שטימען קעגן און זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען (די 6 באָל־שעוויקעס זענען דעפּאָרטירט געוואָרן קיין סיביר) אין קעגנזאַץ פון זייערע חברים פון דייטשלאַנד, פראַנקרייך און ענגלאַנד. אין די אינטערנאַציאָ־נאַלע שלום־קאָנפערענצן אין צימערוואַלד און קינטאַל האָבן אָנטייל גע־נומען אַזוי די באָלשעוויקעס, ווי די מענשעוויקעס, און מאַרטאָוו האָט פאַרטיידיקט די שטעלונג פון די „אינטערנאַציאָנאַליסטן".

לענין איז געווען דער עקסטרעמער קעגנער פון דער מלחמה פון ערשטן מאָמענט אָן. זיין לאָזונג איז געווען „פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַ־ליסטישע מלחמה אין אַ מלחמה קעגן צאַריזם, קאַפּיטאַליזם און אימ־פּעריאַליזם" אין זיין בוך „אימפּעריאַליזם — די לעצטע שטופע פון קאַ־פּיטאַליזם", דערשינען אין 1916, שרייבט ער:

„דער אימפּעריאַליזם איז די העכסטע שטופע פון דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם. דער קאַפּיטאַל אין די אַנטוויקלטע לענדער איז איבער־געוואַקסן די ראַמען פון די נאַציאָנאַלע שטאַטן... דערפאַר שטייט אויפן טאָג־אָרדנונג אין מערב־אייראָפּע און די פ. שטאַטן דער רעוואָלוציאָנע־רער קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט פאַר דער ליקווידאַציע פון די קאַפּיטאַ־ליסטישע רעגירונגען און די עקספּראָפּריאַציע פון דער בורזשואַזיע... דער פּראָלעטאַריאַט וועט קעמפן פאַר די רעכט פון די אונטערגעדריקטע פעלקער זיך צו באַפרייען און אָפּרייסן פון די הערשנדיקע נאַציעס... דער קאַפּיטאַליזם ווערט צום אימפּעריאַליזם נאָר ווען ער דערגרייכט אַ הויכע אַנטוויקלונגס־שטופע און בייט איניקע פון זיינע הויפּט־יסודות, ווי די ליקווידאַציע פון דער פרייער קאַפּיטאַליסטישער קאָנקורענץ און גייט איבער צו קאַפּיטאַליסטישן מאָנאָפּאָל. דער מאָנאָפּאָל איז דער דירעקטער קעגנזאַץ צו דער פרייער קאָנקורענץ" (היינט, מיט 57 יאָר שפּעטער, זעען מיר, אַזביידע פּראָצעסן קומען פאָר גלייכצייטיק, אינערהאַלב די פאַרשידענע לענדער שאַפן זיך נאַציאָנאַלע מאָנאָפּאָל־קאַרטעלן, עס אַנט־שטייען ריזיקע צווישן־נאַציאָנאַלע קאָנצערנען, וואָס רעפּרעזענטירן ביי די 15 פּראָצענט פון דער וועלט־פּראָדוקציע, 450 מיליאַרד פון 3 טויזנט

מיליאַרד דאָלאַר, אָבער גלייכצייטיק גייט אָן אַ שאַרפע קאָנקורענץ צווישן די פ. שטאַטן, יאַפּאַן און מערב־איירָאָפּע). „דער מאָנאָפּאָל (זעצט פאָר לענין), איז דער איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו אַ העכערער אָרדנונג. דער אימפּעריאַליזם דריקט זיך אויס אין דער צעטיילונג פון דער וועלט, דעם איבערגאַנג פון אַ קאָלאָניאַל־פּאָליטיק, וואָס שטיצט זיך אויף אויס־שפּרייטונג פון דער מאַכט איבער לענדער, וואָס זענען נאָך נישט באַזעצט דורך אַן אַנדער קאַפּיטאַליסטישער מאַכט צו אַ קאָלאָניאַל־פּאָליטיק פון מאָנאָפּאָליסטישער באַהערשונג פון דער ערד, וואָס וועט פולשטענדיק צעטיילט ווערן". (אין דער פּראַקטיק האָבן מיר געזען, אַז ענגלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיע, האָלאַנד און די פ. שטאַטן האָבן באַפרייט זייערע קאָלאָניעס, אָנערקענט זייער זעלבשטענדיקייט און וואַגן נישט אָנצונעמען קיין מיליטערישע שריט אַפילו קעגן אַזעלכע שוואַכע מדינות ווי ליביע, קוווייט א. א. וואָס באַדראָען די צושטעלונג פון נאַפט, דעם וויכטיקסטן ענערגיע־מקור היינט צו טאָג)... „אין אימפּעריאַליזם, ווי אין יעדן אַנדערן מאָנאָפּאָל אַנטוויקלט זיך אומפאַרמיידלעך די טענדענץ צו סטאַגנאַציע, עס פאַרשווינדט דער דראַנג צום טעכנישן פאָרשריט" (אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז אויך דאָס איז פאַלש. פון 1916 האָט די וועלט זיך אַנטוויקלט ווי קיינמאָל נישט פריִער. ס'איז אויפגעקומען די אויטאָמאַציע און קיבער־נעטיק (עלעקטראָנישע מוחות), וואָס שאַפן די מעגלעכקייט צו רעדוצירן די אַרבעטס־צייט פון אַרבעטער צו אַ מינימום, ס'האָט זיך אַנטוויקלט די אַעראָנאַוטיק, קאָסמאָנאַוטיק און דער עיקר... די אַטאָמישע ענערגיע (נישט נאָר די אַטאָמישע און הידראָגען־באָמבע). דאָס אַלץ לייקנט נישט אַז די מלחמה פון 1914—18 איז געווען אַ ריין אימפּעריאַליסטישע מלחמה, וועמענס צילן זענען געווען אימפּעריאַליסטישע, די איבערפאַרטיילונג פון דער וועלט.

אַזוי ווי ביי מאַרקסן, זענען אויך די פּראָגנאָזן פון לענינען פאַלשע. „דער אָפּאָרטוניזם קאָן איצט נישט פאַרבלייבן קיין זיגער איבער צענד־ליקער יאָר, אַזוי ווי ער האָט געזיגט אין ענגלאַנד אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט". 57 יאָר שפּעטער בוקן זיך די סאָוויע־טישע קאָמוניסטן וואָס רעכענען זיך אָפיציעל פאַר לענינס חסידים, פאַרן אָפּאָרטוניזם פון מערב. אויך דער סוף פון זיין בוך „דער אימפּעריאַ־ליזם דאַרף כאַראַקטעריזירט ווערן אַלס איבערגאַנגס־קאַפּיטאַליזם, אַלס שטאַרבנדיקער קאַפּיטאַליזם". די צרה איז, אַז דער „טויטער" געניסט

פון בעסטן געזונט און לעבינס אייניקל לעאָניד ברעזשניעוו פליט קיין וואַשינגטאָן בעטן הילף פאַרן קאָמוניסטישן רוסלאַנד...

אין אַן אַרטיקל, וואָס ער שרייבט דעם זעלבן יאָר א. ג. „אימפּעריאַליזם און די שפּאַלטונג פון סאָציאַליזם" זאָגט ער: „דער אימפּעריאַליזם אַלס שטאַרבנדיקער קאַפּיטאַליזם איז דער איבערגאַנג צום סאָציאַליזם. דער מאָנאָפּאָל וואָס איז אויסגעוואַקסן פון קאַפּיטאַליזם פירט צו זיין טויט און איז דער אָנהויב פון איבערגאַנג צום סאָציאַליזם". דער דאָזיקער מאַרקסיסטישער דעטערמיניזם איז פאַלש. דער אימפּעריאַליזם קאָן זיין אָדער נישט אַן איבערגאַנג צום סאָציאַליזם, אָפּהענגיק פון מענטשן, אויב ער וועט זיך פאַרוואַנדלען פון אַן אָביעקט פון דער געשיכטע און ווערן זיין סוביעקט, שאַפן די געשיכטע לויט זיין פאַרשטאַנד.

פאַלש איז אויך אַ צווייטע „מאַרקסיסטישע" פעסטשטעלונג: „די פינאַנץ־אָליגאַרכיע באַשטעכט (גיט שוחד) אַ דינעם אויבערשיכט פון אַרבעטער־קלאַס און מיט זיין הילף דריקן זיי די מאַסן פון פּראָלעטאַריאַט אַלץ מער און מער". היינט ווערט נישט „באַשטעכט" אַ דינער שיכט, נאָר די ריזיקע אַרבעטער־מאַסן אין אַלע אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער לעבן בעסער ווי קיינמאָל און ווילן נישט קיין רעוואָלוציע, טרעטן אַרויס אַפילו קעגן רעבעלירנדיקע סטודענטן.

פונקט אַזוי פאַלש איז אַן אַנדער פעסטשטעלונג: „מיר וויסן מיט זיכערקייט, אַז די פּאָטערלאַנד־פאַרטיידיקער בילדן נאָר אַ קליינע מינ־דערהייט". און דאָס איז געווען פאַלש אויף דער גאַנצער וועלט און אַפילו אין רוסלאַנד, וועגן וועלכע עס שרייבט טראָצקי „פון די רוסישע אָרגאַ־ניזאַציעס און פאַרטיי־גרופּן איז קיין איין און איינציקער נישט געשטאַ־נען אָפן אויף דער דעפעטיסטישער (מפּלה) פּאָזיציע, ווי לענין האָט זי פּראָקלאַמירט".

אין זיין אַרטיקל „סאָציאַליזם און מלחמה" שרייבט לענין: „די אָנ־הענגער פון זיג פון דער אייגענער רעגירונג, ווי אויך די אָנהענגער פון דער לאָזונג „נישט נצחון, נישט מפּלה" שטייען ביידע אויפן שטאַנדפּונקט פון די סאָציאַל־שאָוויניסטן. דער רעוואָלוציאָנערער קלאַס קאָן נישט אין אַ רעאַקציאָנערער מלחמה נישט ווינטשן אַ מפּלה פאַר דער אייגענער רעגירונג, ווייל נאָר מיליטערישע מפּלות פאַרלייכטערן דעם קאַמף קעגן דער רעגירונג. די אמתע סאָציאַליסטן פון אַלע קריגס־פירנדיקע לענדער מוזן ווינטשן די מפּלה פון זייערע רעגירונגען" — ריכטיק, אָבער ליידער זענען געווען זייער ווייניק אַזעלכע אמתע סאָציאַליסטן אויף דער וועלט.

# די צווייטע רוסישע רעוואָלוציע

דער צאַריזם איז געווען די שוואַכסטע מאַכט צווישן די קעמפנדיקע צדדים. מיליטעריש האָט רוסלאַנד געליטן אפשר ווייניקער פון פראַנק־רייך, ווייל סוף כל סוף האָט דייטשלאַנד ביז סוף 1916 נישט פאַרנומען קיין רייך־רוסישע פראָווינץ, נאָר ראַנד־לענדער: פוילן ליטע, ווייסרוסלאַנד, אָבער דאָס רוסישע פאָלק איז געווען מיד, מיד פון צעפוילטן רעזשים, פון זיין אומפעיִקייט, פון דעם שלעכטן טראַנספּאָרט און פון מאַנגל פון אַלע פּראָדוקטן.

ווען עס ווערט געהרגעט ראַספּוטין, שיקט די שוועסטער פון צאַריצאַ אַ טעלעגראַמע: „איך דאַוון פאַר די רוצחים און בענטש זיי" און אַ צווייטער פּרינץ, טשערבאַקאָוו שרייבט „דער צאַר און זיינע מיניסטאָרן זענען קעגן דער גאַנצער געזעלשאַפט, קעגן די נאָטאַבלען, קעגן די סוחרים, קעגן די פאַבריקאַנטן און אפילו קעגן מיליטער". די הויפּט־שטאָט, פּעטראָגראַד, האָט געליטן פון ברויט־מאַנגל. לאַנגע רייען פון פרויען זענען געשטאַנען ביי די בעקערייען, געשעפטן, געוואַרט אויף ברויט — און נישט באַקומען. קיין קוילן צו באַהייצן די קאַלטע וווינונגען נישט געווען. 14 מיליאָן זעלנער, 90 פּראָצענט פון זיי פּויערים זענען געווען מאָביליזירט און די מערהייט געליגן אין די שמוציקע און קאַלטע אָקאָפּעס, וווּ דאָס איינציקע וואָס האָט נישט געפעלט זענען געווען לייז, אָבער ברויט, אַמוניציע, וואַרעמע בגדים, שטיוול — האָבן שטענדיק גע־פעלט. חדשים און יאָרן פון מפּלות האָבן דעמאָראַליזירט נישט נאָר די זעלנער, וואָס האָבן געבענקט צו זייערע משפּחות, צו זייער ערד, נאָר אויך די אָפיצירן.

נאָך אין אויגוסט 1914 שרייבט דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר, בו־כאַנאַן „די דייטשישע אַמבאַסאַדע האָט פאָרויסגעזאָגט, אַז אַ קריגס־דערקלערונג וועט אַרויסרופן די רעוואָלוציע". נאָך דעם 2־טן יוני 1915 שרייבט דער פראַנצויזישער אַמבאַסאַדאָר, פּאַלעאָלאָג „כ׳האָב היינט גע־געסן אָוונט־ברויט מיט פּוטילאָוון (דעם גרעסטן פאַבריקאַנט פון רוסלאַנד) ער האָט פריי אַרויסגעבראַכט זיין פּעסימיזם,, האָט גערעדט וועגן דער אָנקומענדיקער קאַטאַסטראָפע, דעם צוזאַמענברוך וואָס באַדראָט רוסלאַנד". דעם 16־טן פעברואַר 1916 שרייבט פּרינץ לוואָוו אין אַ בריוו צום צאַר „מיר זענען געצוווּנגען צו זאָגן אייער מאַיעסטעט, אַז דער אינערלעכער פרידן אין אונדזער טייערן פאָטערלאַנד איז באַדראָט. עס וואַקסט די

אומצופרידנקייט. די רעגירונג האָט אַריינגעוואָרפן דאָס לאַנד אין אַ שרעקלעכן אומגליק״.

די „צאַריצאַ״, זי גיט נישט נאָך ביזן לעצטן מאָמענט. זי שרייבט צ. ב. צו איר מאַן „ליבלינג. איך האָב געהערט, אַז דער דרעקישער ראַדזיאַנקאָ (פאָרזיצער פון דער „דומאַ״) האָט באַזוכט גאָרעמיקין (פרעמיער־מיניסטער אין יענעם מאָמענט) מיט דער ביטע צו פאַרופן די „דומאַ״. דאָס איז נישט זייער זאַך. פון זיי קומט נאָר שלעכטס. זיי ריידן צו פיל. גלויבסטו נישט, אַז אַ מענטש וואָס פאַרראַט אַ גאָטעסמאַן (דער מענטש — דאָס איז ניקאָלאַי אַלעקסאַנדראָוויטש, פעטער פון צאַר און הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער רוסישער אַרמיי, דער „גאָטעסמאַן״ איז ראַספּוטין), גאָט וועט אים נישט העלפן... דו מוזט באַווייזן, אַז דו נעמסט אָן דיינע באַשלוסן, דיין ווילן און זיי מוזן זיך אונטערגעבן״.

אויך דער צאַר לעבט אין זיבעטן הימל. אין זיין טאָג־בוך שרייבט ער: „אַ גוטער טאָג. אין דער פרי בין איך געפאָרן מיט מאַריאַ און אַנאַסטאַסיאַ (זיינע טעכטער) צום גאָטעס־דינסט. נאָך מיטאָג האָב איך אונטערגעשריבן דעם מאַניפעסט וועגן דער מלחמה־דערקלערונג... 6 אַזייגער זענען מיר געפאָרן שפּאַצירן מיט אונדזער מאָטאָר־שיף. דער אָוונט איז אַדורך רויִק״. אַזוי פאַרצייכנט דער צאַר אַזאַ קאַרדינאַלן שריט, ווי די פּראָקלאַמירונג פון דער מלחמה...

דעם 18־טן אויגוסט 1916 שרייבט דער דערמאָנטער בוכאַנאַן „אויב דער צאַר וועט נישט בייטן זיינע רעאַקציאָנערע ראַטגעבער, וועט די רעוואָלוציע זיכער אויסברעכן. די באַפעלקערונג איז אויפגערעגט״ — אָבער די „צאַריצאַ״ שרייבט דעם 17־טן נאָוועמבער 1916 "וואָלטן מיר אים (ראַספּוטינען) נישט געהאַט, וואָלט שוין אַלץ געווען „קאַפּוט״. גאָט וועט אונדז נישט פאַרלאָזן אַ דאַנק די תפילות פון אונדזער פריינט״.

דעם 26־טן דעצעמבער שרייבט די „צאַריצאַ״: „רוסלאַנד האָט ליב די בייטש, דאָס איז איר נאַטור... זיי דער לייב אין דער שלאַכט קעגן די בעסטיעס און רעפּובליקאַנער״...

דעם 2־טן יאַנואַר 1917 שרייבט פּאַלעאָלאָג „ווען דאָס פאָלק האָט זיך דערוווּסט וועגן ראַספּוטינס טויט, האָט עס געיובלט פון שמחה. די שטימונג איז „סאַבאַקאַ — סאָבאַטשיאַ סמערט״ (אַ הונט קומט אַ הינטישער טויט)...

אין 1916 איז די קוילן־פּראָדוקציע געפאַלן מיט 30 פּראָצענט, מעטאַל — 25 פּראָצענט, תבואות — געפאַלן מיט 20 פּראָצענט. דער

פרעזידענט פון דער „דומע" ראַדזיאַנקאָ פאַרצייכנט אין יאַנואַר 1917 „גענעראַל קרימאָוו איז געקומען פון פראָנט. זיין באַריכט איז טרויעריק און פורכטבאַר. נישטאָ קיין שום האָפענונג אויף קיין זיג. די אַרמיי וויסט, אַז די רעוואָלוציע איז אומפאַרמיידלעך".

יאָ, זי איז געווען אומפאַרמיידלעך. קיין שום פּאַרטיי האָט זי נישט אָנגעפירט. עס האָבן פאַרשטענדלעך געווירקט די לאָזונגען, געהערטע צענדליקער מאָל, די בלעטלעך, ביכלעך, צייטונגען פון דער אָפּאָזיציע, לעגאַלע און אומלעגאַלע. זיי האָבן באַווירקט די פסיכיק פון דער באַפעלקערונג, אָבער געקומען איז די רעוואָלוציע אָן שום צוגרייטונג, אָן אָנפירונג, אויסגעבראָכן ווי אַלע אמתע פאָלקס-רעוואָלוציעס — ספּאָנטאַן.

אין די ערשטע טעג פון פעברואַר 1917 שרייבט דער שעף פון דער פעטערבורגער פּאָליציי: „אין יאַנואַר זענען די פרייזן אַזוי שטאַרק געשטיגן, אַז אפילו פאַר די רייכע שיכטן איז שווער זיי נאָכצוקומען. אַ סך קליינע קלייטן, בעקערייען, יאַטקעס, מילך-קלייטן האָבן זיך געשלאָסן. די פרייזן זענען געשטיגן מיט 50 און 100 פּראָצענט. אַ סך אַרטיקלען זענען נישט בנמצא. די שטימונג פון די מאַסן איז אַ נערוועזע".

די רעוואָלוציע איז געהאָנגען אין דער לופטן. „אַלע האָבן מיט איר געאָטעמט. אַלע פאָלקס-שיכטן: דער אַדל, די בורזשואַזיע, די סוחרים, פאַבריקאַנטן, פּריצים, אַפילו די פּרינצן פון דער ראָמאַנאָוו-משפחה". די „אָכראַנע" האָט געאַרבעט זייער טעטיק. אין באָלשעוויסטישן קאָמיטעט פון פעטערבורג זענען פון 7 מיטגלידער — געווען 3 פּאָליציי-אַגענטן. די מערהייט פון די רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך געפונען אין די תפיסות, אין סיביר און אין אויסלאַנד. דאָרט האָבן זיי „זיך געקאָכט אין אייגענער יויך". די פּאָליטישע עמיגראַנטן, הויפּטזעכלעך אין דער שווייץ, זיי זענען געווען אָפּגעריסן פון לאַנד און נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך. אין יאַנואַר 1917, איין מאָנאַט פאַר דער רעוואָלוציע דערקלערט לענין אַ גרופּע סטודענטן אין ציריך: „איך האָב מורא, אַז אונדזער דור וועט שוין נישט דערלעבן צו אַ נייער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד".

די באַוועגונג הויבט זיך אָן דעם 23-טן פעברואַר (לויטן אַלטן רוסישן קאַלענדאַר). נישטאָ קיין ברויט. צענדליקער טויזנטער פרויען פאַרלאָזן אויפגערעגט די ליידיקע בעקערייען און קלייטן און מאַניפעסטירן איבער „ניעווסקי פּראָספּעקט" (די הויפּט-גאַס פון פעטערבורג — לענינגראַד) שרייענדיק „ברויט! ברויט!". צו זיי האָבן זיך נאָכמיטאָג אָנגעשלאָסן 87 טויזנט אַרבעטער פון וויבאָרג (אינדוסטריע-קוואַרטאַל

פון פעטערבורג). צומאַרגנס, דעם 24־טן שטרייקן שוין 200 טויזנט מאַן. דער גענעראַל כאַבאַלאָוו טעלעגראַפירט דעם צאַר „צוליבן מאַנגל אין ברויט זענען אויסגעבראָכן אומרוען". די „אָכראַנע" באַריכטעט: „צווישן די מאַניפעסטאַנטן אויף ניעווסקי פּראָספּעקט האָט זיך געזען אַ מאַסנהאַפטע באַטייליקונג פון יונגע אָפיצירן, וואָס האָבן צוזאַמען מיט די סטודענטן געזונגען די „מאַרסיליעזע". אָפיצירן האָבן זיך קעגנגעשטעלט דער פּאָליציי". די טראַמווייען גייען נישט. איין טראַמוויי־קאָנדוקטאָר (שאָפער) האָט אָפּגעשטעלט דעם טראַמוויי און געמאָלדן „מער נישט". „איך דערוואַרט, אַז דו וועסט באַפעלן דעם „דומאַ"־קע־דרינסקי (קערענסקי) אויפהענגען", שרייבט די „צאַריצאַ". דאָס מיליטער זאָגט זיך אָפּ צו שיסן אויף די מאַניפעסטאַנטן.

דעם 25־טן טעלעגראַפירט דער צאַר „איך באַפעל צו ליקווידירן די אומרוען". גענעראַל כאַבאַלאָוו פּאַראָרדנט אויסנאַם־צושטאַנד. די פּאָליציי מעלדעט, אַז זי האָט נישט קיין קליי צו קלעפּן די מעלדונגען. גענעראַל כאַבאַלאָוו באַריכטעט „דעמאָנסטראַנטן האָבן געטראָגן רויטע פענער און געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער". די דראַגאָנען (קאַוואַלע־ריע) האָבן געשאָסן. 3 טויטע און 10 פאַרוווּנדעטע. די צאָל שטרייקנדיקע — 240 טויזנט מאַן. ראַדזיאַנקאָ טעלעגראַפירט צום שעף פון גענעראַל־שטאַב, גענעראַל אַלעקסעיעוו (איינער פון די פּעטקסטע רוסישע גע־נעראַלן) „די אייזנבאַן־נעץ איז פולשטענדיק פּאַראַליזירט. אין דרום אַרבעטן נאָר 28 פון די 63 מאַרטין־אויוונס אין דער מעטאַל־אינדוסטריע, ווייל ס'פעלן ברענשטאָף און רוי־שטאָפן. אויף די אוראַלן זענען פּאַראַ־ליזירט 44 פון די 92 מאַרטין־אויוונס. די ברויט־מילן אַרבעטן נישט. רוסלאַנד דראָט פאַרניכטונג און שאַנדע". ראַדזיאַנקאָ געהערט צו די מעסיקע עלעמענטן אין רוסלאַנד.

דעם 26־טן האָט די פּאָליציי אויפגעהויבן די בריקן איבער דער נעוואַ. די אַרבעטער מאַרשירן איבערן אייז. דער ניעווסקי פּראָספּעקט איז שוואַרץ פון מענטשן. עס מאַניפעסטירן אַרבעטער, סטודענטן, פּראָפע־סאָרן, אָפיצירן און סאָלדאַטן. אַ קאָזאַקישער אָפיציר האָט דערשאָסן אַ פּאָליציאַנט, וואָס האָט געשאָסן אויף די מאַסע. דער וואָלינער פּולק, וואָס איז אין 1905 געווען דער טרייסטער כוח פון צאַר, האָט זיך צעבונ־טעוועט און זיך אָנגעשלאָסן אין די מאַניפעסטאַנטן. דווקא אין דעם מאָמענט, האָט די באָלשעוויסטישע גרופּע אין וויבאָרג גערופן... אומקערן זיך צו דער אַרבעט און אָפּשטעלן די מהומות...

דעם 27־טן עקזיסטירט שוין נישט קיין רעגירונג. דער פרעמיער־מיניסטער גאַליצין, מעלדעט אַז ער האָט דעמיסיאָנירט און בעט אים נישט באַלעסטיקן, די מאַכט ליגט אין מיטן גאַס. די פּאָליציי באַהאַלט זיך, קאָזאַקן שליסן זיך אָן מאַסנהאַפט צו די מאַניפעסטאַנטן. דער צאַר געפינט זיך אין דער באַן, וואָס פירט אים פון פראָנט קיין פּעטערבורג. די מענשעוויקעס פאַרופן די דעלעגאַטן פון די פאַבריקן. מיטן אָנטייל פון טויזנט דעלעגאַטן ווערט באַשטימט צו שאַפן דעם „אַרבעטער־ראַט" (סאָוויעט) פון פּעטערבורג. אַלס פאָרזיצנדער פון סאָוויעט ווערט באַשטימט דער מענשעוויק טשכעידזע, וויצע־פאָרזיצנדער דער ס. ר. אַלעקסאַנדער קערענסקי. קערענסקי פאַרנעמט דעם טאַווּרישן פּאַלאַץ, וואָס פאַרוואַנדלט זיך אין צענטער פון דער רעוואָלוציע.

אונטערן דרוק פון סאָוויעט קומט זיך צונויף די „דומע" און באַשטימט אַ נייע רעגירונג: פּרעמיער — פּרינץ לוואָוו, אויסערן־מיניסטער — מילוקאָוו, יוסטיץ־מיניסטער — אַלעקסאַנדער קערענסקי.

די רעוואָלוציע האָט געזיגט און כמעט אָן בלוט־פאַרגיסונג. די צאָל טויטע און פאַרוואונדעטע — 1.443, פון דעם 869 פּאָליציאַנטן און זעלנער און כמעט אָן דעם אָנטייל פון די פּאַרטייען. ס'איז נישט געווען קיין סאָציאַל־רעוואָלוציע, נאָר אַ פאָלקס־רעוואָלוציע, אין וועלכער ס'האָט אָנטייל גענומען דאָס גאַנצע פאָלק.

אין קריטישן מאָמענט, דעם 27־טן פעברואַר האָבן די איניציאַטיוו איבערגענומען די מענשעוויקעס און עסערן, די באָלשעוויקעס האָבן כמעט נישט געשפּילט קיין שום ראָל. זייערע מנהיגים זענען געזעסן אין דער שווייץ, סיביר און תפיסות.

דעם 28־טן האָט די נייע רעגירונג פון פּרינץ לוואָוו פאַראָרדנט: 1) פולשטענדיקע אַמנעסטיע פאַר אַלע פּאָליטישע און רעליגיעזע אַרעסטירטע. 2)אַבסאָלוטע פרייהייט פון דער פּרעסע, פאַרזאַמלונג, וואָרט און שטרייק. 3) עס ווערן בטול אַלע נאַציאָנאַלע, רעליגיעזע און סאָציאַלע דיסקרימינאַציעס. 4) אָנשטאָט דער פאַרהאַסטער פּאָליציי ווערט געשאַפן אַ פאָלקס־מיליץ. 5) עס ווערן פאַרופן תיכף מוניציפּאַלע וואַלן איבערן גאַנצן לאַנד.

די רעוואָלוציע האָט אין געציילטע טעג אַרומגענומען דאָס גאַנצע לאַנד. אין כאַרקאָוו איז בראש פון דער פאָלקס־מאַניפעסטאַציע געפאָרן דער פּאָליציי־שעף און געגרופן „זאָל לעבן די רעוואָלוציע".

דער חלום פון דורות איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. הונדערטער יאָרן

האָט דאָס רוסישע פאָלק געוואַרט אויף דעם מאָמענט. רוסלאַנד — אַ פרייע מדינה!

## פון פעברואַר ביז אָקטאָבער

די רעוואָלוציע האָט געזיגט, אָבער די פּראָבלעמען, די שווערע פּראָבלעמען זענען נישט געלייזט געוואָרן און זיי וועלן ברענגען 8 חדשים שפּעטער צום זיג פון דער וואַקסטער פראַקציע, פון די באָלשעוויקעס.

אין מאָמענט פון דער רעוואָלוציע, אין פעברואַר 1917, האָט די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי געציילט 7.600 מיטגלידער, די אַבסאָלוטע מערהייט אין אויסלאַנד, סיביר, תפיסות. אין פּעטערבורג האָט די פּאַרטיי געציילט 1.400 מיטגלידער, אין מאָסקווע — 500. די פּאַרטיי, וואָס געניסט פון דער אַלגעמיינער סימפּאַטיע איז די ס. ר. און איר מנהיג — אַלעקסאַנדער קערענסקי. די מערהייט פון די פּעטערבורגער אַרבעטער — זענען מענשעוויקעס און זיי שטיצן די מענשעוויסטישע לידערס: פּלעכאַנאָוו, וועראַ זאַסוליטש, מאַרטאָוו, מאַרטינאָוו, דאַן, טשכעידזע, צעטערעלי, סקאָבעלעוו, אַקסעלראָד. עס געניסן פון מאַסן־סימפּאַטיע פון די ס. ר. אויסער קערענסקי, די אַלטע „באָבע פון דער רעוואָלוציע" ברעשקאָ־ברעשקאָווסקאַיאַ, טשערנאָוו, גאָץ. מיט דער אַמנעסטיע עפענען זיך די תפיסות און עס קומען צופאָרן די פאַרשיקטע אין סיביר באָלשעוויקעס. עס באַווייזט זיך די באָלשעוויסטישע „פּראַוודאַ" אונטער דער רעדאַקציע פריער פון מאָלאָטאָוו און שלאַפּניקאָוו, נאָך אייניקע טעג מיטן אָנטייל פון סטאַלין און קאַמענעוו, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון סיביר.

אין לאַנד איז ששון ושמחה. נאָך קיינמאָל איז דאָס פאָלק נישט געווען אַזוי פריי. אויף שריט און טריט מיטינגען, פאַרזאַמלונגען, מאַניפעסטאַציעס.

אַ שלל פון צייטונגען, בלעטלעך, רויטע פענער, בענדלעך. דער בורזשואַזער ליבעראַל סטאַנקעוויטש שרייבט שפּעטער, „אַלע שיכטן, אויך די רייכסטע, האָבן געפייערט די רעוואָלוציע, געשריגן „הוראַ"! און אַפילו זיך באַצירט מיט רויטע בענדלעך. אָבער אין דער אמתן איז מען געווען

איבערגעשראָקן. מען האָט זיך געפּילט געפּאַנגען פון אַ סטיכיע, וואָס האָט נישט קיין פּנים און איז געגאַנגען אויף אַן אומבאַקאַנטן וועג״.

און פון ערשטן מאָמענט עקזיסטירן 2 רעגירונגען: איינע — די אָפיציעלע, באַשטימטע דורך דער „דומאַ״ אונטערן פּאָרזיץ פון פּרינץ לוואָוו, די צווייטע — דער סאָוויעט. „דער סאָוויעט האָט פאַרנומען אַלע פּאָסט־און טעלעגראַף־סטאַנציעס, דעם ראַדיאָ, די באַן־וואָקזאַלן, די דרוקערייען. אָן זיין דערלויבעניש האָט מען נישט געקאָנט אָפּשיקן קיין טעלעגראַמע, נישט פאַרלאָזן פּעטערבורג, נישט אָפּדרוקן קיין בלעטל״ — קלאָגט זיך דער רעכטער דעפּוטאַט שידלאָווסקי.

די מענשעוויקעס האָבן איינגעלאַדן אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען אָנטייל־צונעמען אין סאָוויעט, אַפילו דעם יידישן „בונד״, וואָס האָט נישט געהאַט קיין סך אָנהענגער אין פּעטערבורג. זיי האָבן גערופן די אַרבעטער צו שיקן אין דעלעגאַט אויף יעדע טויזנט אַרבעטער און גלייכצייטיק שאַפן אַן אַרבעטער־מיליץ, צו וועלכער עס דאַרפן געהערן 10 פּראָצענט פון די אַרבעטער אין יעדער פאַבריק. צו דער זיצונג פון סאָוויעט זענען געקומען אויך פאָרשטייער פון די זעלנער (אין פּעטערבורג האָבן זיך דאַן געפונען 450 טויזנט זעלנער) און געפאָדערט, אַז דער סאָוויעט זאָל זיין אַ געמיינזאַמער פון אַרבעטער און זעלנער. דער פּאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן.

און דער אַרבעטער־און זעלנער־סאָוויעט פאַרעפנטלעכט זיין באַפעל נר. 1: א) אין אַלע קאָמפּאַניעס, באַטאַליאָנען, פּולקן, אויף אַלע קריגס־שיפן דאַרפן אויסגעוויילט ווערן אָרטיקע סאָוויעטן; ב) אין אַלע פּאָלי־טישע אָנגעלעגנהייטן זענען די מיליטער־טיילן אונטערגעוואָרפן זייערע סאָוויעטן; ג) די פאַראָרדנונגען פון דער רעגירונג דאַרפן אויסגעפירט ווערן, אויב זיי זענען נישט קעגנזעצלעך די באַשלוסן פון סאָוויעט; ד) דאָס געווער, פאַנצער־אויטאָס א. א. וו. געפינט זיך אונטערן קאָנטראָל פון די באַטאַליאָן־קאָמיטעטן און טאָרן נישט אַרויסגעגעבן ווערן די אָפיצירן; ה) בעת דער מיליטערישער דינסט מוז אָפּגעהיט ווערן די שטרענגסטע דיסציפּלין. נאָך דער דינסט איז דער סאָלדאַט אַ גלייכער בירגער ווי אַלע און דאַרף נישט סאַלוטירן; ו) עס ווערן בטול אַלע טיטלען ווי עקסצעלענץ א. א. די ווענדונגען דאַרפן זיין: הער אָפיציר, הער גענעראַל א. א. וו.״

די גענעראַלן און אָפיצירן האָבן געקריצט מיט די ציין, געקריצט מיט די ציין האָבן די פאָרשטייער פון די רעכטע פּאַרטייען אין דער רעגירונג, ווי גוטשקאָוו און אַנדערע האָבן אָבער גאָרנישט געקאָנט מאַכן,

ווייל ווי גוטשקאָוו האָט זיך דאַן אויסגעדריקט „די רעגירונג עקזיסטירט, ווי לאַנג דער סאָוויעט טאָלערירט אים". די פּאַקטישע מאַכט האָט געהערט צום סאָוויעט.

און די באָלשעוויקעס? אַז זיי זענען געווען שוואַך, זייער שוואַך, האָבן מיר שוין געשריבן. דעם 15־טן מערץ פּאַרעפנטלעכט „פּראַווּדאַ" אַן אַר־טיקל פון סטאַלין וואָס זאָגט: „ווי לאַנג דער דייטשישער זעלנער פּילט אויס די פּאַראָרדנונגען פון קייסער, דאַרף דער רוסישער זעלנער פּאַר־בלייבן אויף זיין פּאָסטן און ענטפערן אויף אַ קויל מיט אַ קויל. דער דעפעטיזם (מפּלה־שטימונג) וואָס האָט געהערשט אין פּאָלק איז גע־שטאָרבן מיטן זיג פון דער רעוואָלוציע". אַנדערש אָבער האָט געטראַכט לענין.

לענין זיצט אין זשענעווע און זיצט אויף שפּילקעס. די אויסגעחלומטע רעוואָלוציע איז אַ פּאַקט און ער, דער פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער, דער מנהיג, דער טעאָרעטיקער, געפינט זיך 2 טויזנט קילאָמעטער ווייט פון רוסלאַנד. און דערצו, זיין פּאַרטיי, די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי, אויך זי פּאַראַט אים, איר שטעלונג איז אַ פּאַלשע, אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע. דעם 6־טן מערץ טעלעגראַפירט ער דער „פּראַווּדאַ": „אונדזער טאַקטיק מוז זיין: אַבסאָלוטער אומצוטרוי, קיין שום צוזאַמענאַרבעט מיט אַנדערע פּאַרטייען, קיין שום הילף דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג". אַ מאָנאַט שפּעטער, נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען מיט דעם דייטשישן גענעראַל־שטאַב, באַקומט לענין צוזאַמען מיט אַ גרופּע זיינע חברים דערלויבעניש דורכצופאָרן דייטשלאַנד אין אַ „פּלאָמבירטן וואַגאָן". דער דייטשישער גענעראַל־שטאַב ווייסט, אַז לענין איז קעגן דער מלחמה, קעגן דער רע־גירונג פון רוסלאַנד — וועט זיין טעטיקייט אין רוסלאַנד אָפּשוואַכן די רוסישע אַרמיי און דאָס איז לטובת דייטשלאַנד. נאָך מערער ווען אין יענע טעג איז אַריינגעטראָטן צפון־אַמעריקע אין דער מלחמה קעגן דייטשלאַנד. ניִשט באַשטעטיקטע ידיעות זאָגן, אַז די דייטשן האָבן אַפילו פינאַנסירט די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי.

דעם 3־טן אַפּריל קומט אָן לענין קיין פּעטערבורג. ער ווערט אויפ־גענומען מיט אַ ריזיקער מאַניפעסטאַציע און דער פּאָרזיצער פון סאָוויעט, דער מענשעוויק טשכעידזע באַגריסט אים: „אין נאָמען פון סאָוויעט און דער רעוואָלוציע באַגריסן מיר דיך און דערוואַרטן, אַז דו וועסט מיט־אַרבעטן מיט אונדז ביזן פולשטענדיקן זיג פון דער רעוואָלוציע" — אויף

דעם ענטפערט לעניו, ווענדנדיק זיך צו דער מאַסע און איגנאָרירנדיק טשכעידזען:

„איך בין גליקלעך צו באַגריסן דורך אייך און אייער פאַרמיטלונג די רעוואָלוציע, וואָס דאַרף זיין דער אַוואַנגאַרד פון דער וועלט־רעוואָלוציע. זאָל לעבן די וועלט־רעוואָלוציע".

אַ פּאָר שעה שפּעטער, אויף אַ זיצונג פון דער פּאַרטיי־אָנפירערשאַפט דערקלערט ער: „מיר דאַרפן נישט קיין שום פּאַרלאַמענטאַרישע רעפּובליק, קיין שום בורזשואַזע דעמאָקראַטיע, קיין שום אַנדער רעגירונג אויסער דעם סאָוויעט פון אַרבעטער, סאָלדאַטן און אַגראַר־אַרבעטער" — דאָס איז געווען אַ באָמבע נישט נאָר פאַר זיינע קעגנער, מענשעוויקעס און עסערן, נאָר אויך פאַר אַלע זיינע חברים און חסידים, די באָלשעוויקעס.

אויפן באָלשעוויסטישן קאָנגרעס אין 1905, אין לאָנדאָן, האָט לענין געטענהעט: „דער גראַד פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד און דער גראַד פון באַוווסטזיין פון די ברייטע פּראָלעטאַרישע מאַסן מאַכן פאַר אוממעגלעך די תיכפדיקע באַפרייונג פונעם אַרבעטער־קלאַס און נאָר די גרעסטע עם־הארצים קאָנען איגנאָרירן דעם בורזשואַזן כאַראַקטער פון דער אָנקומענדיקער דעמאָקראַטישער איבערקערעניש". אויף אַן אַנדער אָרט שטרייכט אונטער לענין: „רוסלאַנד ליידט נישט פון קאַפּיטאַליזם נאָר פון דער שוואַכער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג" און נאָך אין זיינע „בריוו פון דערווייטנס" געשריבן מיט איין מאָנאַט פריער, שרייבט ער: „אונדזער רעוואָלוציע איז אַ בורזשואַזע: — און פּלוצים: „מיר דאַרפן נישט קיין בורזשואַזע דעמאָקראַטיע" — דאָס איז געווען אומדערוואַרטעט פאַר אַלעמען און אין דער ערשטער רייע, פאַר די באָלשעוויקעס גופא.

דער ליבעראַלער זשורנאַליסט סוכאָנאָוו דערציילט אין זיינע זכרונות:

„כ'וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די דאָזיקע פייערדיקע רעדע, וואָס האָט פאַרוווּנדערט און פאַרדאַגעט נישט נאָר מיך, וואָס כ'בין אַן אַפּיקורס, נאָר אויך די אַלטע באָלשעוויקעס. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי אַלע שדים פון גהינום האָבן זיך צעבונטעוועט און ס'האָט זיך באַוויזן אַ גאון פון דעסטרוקציע, פאַרניכטונג, וואָס קאָן נישט קיין שום גרענעצן".

נאָך דעם 29־טן מערץ, מיט 5 טעג פריער האָט סטאַלין צוגעשטעלט אַ באַריכט, וואָס זאָגט „די פּראָוויזאָרישע רעגירונג פירט דורך אַ גלענצענדיקע אַרבעט צו פאַרזיכערן די דערגרייכונגען פון רעוואָלוציאָנערן פאָלק" און דעם 4־טן אַפּריל שטעלט צו לענין זיינע טעזיסן, דעם צ. ק. וואָס זאָגן: „די רעפּובליק איז נישט אונדזער רעפּובליק. די מלחמה איז

נישט אונדזער מלחמה. די פליכט פון די באָלשעוויקעס איז אַראָפּוואַרפן די אימפּעריאַליסטישע רעגירונג. מיר הויבן אָן אַן אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָלוציע און נאָר זי וועט זיכערן אונדזער זיג אויפן וועג פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט". שוין נישט מער דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע, אויך נישט קיין „דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום" געשטיצט אויף די פּויערים־מאַסן, נאָר פּשוט — „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט" אין אַ לאַנד פון 180 מיליאָן נפשות, ווו העכסטנס 15 מיליאָן זענען אַרבעטער, איינגערעכנט די אָפּגעשטאַנענע אַגראַר־אַרבעטער.

לענינס טעזן ווערן איינשטימיק אָפּגעוואָרפן דורכן באָלשעוויסטישן צענטראַל־קאָמיטעט. קיין איין מיטגליד פון צ. ק. האָט אים נישט געשטיצט.

פּלעכאַנאָוו, דער פֿאָטער פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און לענינס לערער דערקלערט: „דאָס זענען ווערטער פון אַ משוגענעם", אַ צווייטער מענשעוויק, סטאַנקעוויטש, זאָגט: „אַ מענטש וואָס פּלוידערט אַזעלכע נאַרישקייטן איז נישט געפערלעך". באָגדאַנאָוו, אַן עקאָנאָמיסט און געווו. מיטגליד פון באָלשעוויסטישן צ. ק. דעפינירט „אין משך פון לאַנגע יאָרן איז באַקונינס אָרט געווען ליידיק. איצט האָט אים פאַרנומען לענין".

קערענסקי, פירער פון די ס. ר. און צוקונפטיקער פּרעמיער־מיניסטער שרייבט וועגן לענינען: „ער לעבט אין אַן אַנדער אַטמאָספער, ווייסט גאָר־נישט, זעט אַלץ דורך דיברילן פון אַ פאַנאַטיקער. אַרום אים — נישטאָ קיינער, וואָס זאָל אים אָנווייזן, וואָס עס קומט פאָר אין לאַנד".

7 חדשים שפּעטער איז קערענסקי געווען אין גלות און לענין האָט פאַרנומען זיין אָרט.

לענינס טעזן האָבן געבראַכט אַ צערודערונג אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. נאָך דעם 29־טן מערץ שרייבט די „פּראַוודאַ" אונטער סטאַלינס רעדאַקציע: „ווי לאַנג די פּראָוויזאָרישע רעגירונג פירט דורך די רעוואָלוציע, דאַרפן מיר זי שטיצן". דערפאַר שרייבט זי דעם 8־טן אַפּריל: „די טעזן פון חבר לענין זענען נישט אָננעמבאַרע". טאָמסקי (שפּעטערדיקער „פירער" פון די רוסישע פּראָפּ. פאַריינען) שרייבט: „אונדזער לאָזונג איז די דעמאָקראַטישע דיקטאַטור", ריקאָוו (צוקונפטיקער פּרעמיער־מיניסטער), זאָגט: „פאַר אונדז שטייען געוואַלטיקע אויפגאַבן, וואָס דאַרפן רעאַליזירט ווערן אינערהאַלב דעם בורזשואַזן רעזשים"...

לענין גיט זיך נישט אונטער. אין זיינע טעזן זענען באַהאַלטן אַלע זיינע פּלענער פאַר דער נישט־ווייטער צוקונפט. ער איז, ווי שוין דער־

מאָנט, אַ „האַרטער קאָפּ", אַן עקשן און שרעקט זיך נישט אָפּ פון פאַקט, אַז ער איז אַליין. אין די דערמאָנטע טעזן (שפּעטער אָנגערופן „אַפּריל־טעזן") שטעלט ער פעסט:

1. דער קריג, וואָס ווערט געפירט דורך דער רעגירונג פון פרינץ לוואָוו און חברים, צוליבן קאַפּיטאַליסטישן כאַראַקטער פון קריג, איז אַן אימפּעריאַליסטישע רויב־מלחמה און מיר טאָרן איר נישט העלפן. אַ רע־וואָלוציאָנערן קריג קאָן דער פּראָלעטאַריאַט אָנערקענען נאָר אונטער פּאָלגנדיקע באַדינגונגען: א) איבערגעבן די מאַכט אין די הענט פון פּראָלעטאַריאַט און די אָרעמסטע טיילן פון פּויערטום, ב) אָפּזאָגן זיך נישט נאָר אין ווערטער, נאָר אויך אין מעשים פון וועלכער ס'איז אַנעקסיע ג) ברעכן אַלע אינטערעסן פון קאַפּיטאַל;

2. די אייגנאַרטיקייט פון דער קעגנוואַרטיקער לאַגע פון רוסלאַנד באַשטייט פון איבערגאַנג פון ערשטן עטאַפּ פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָט געבראַכט צו דער מאַכט די בורזשואַזיע צום צווייטן עטאַפּ: די מאַכט אין די הענט פון פּראָלעטאַריאַט און די אָרעמע פּויערים;

3. קיין שום אונטערשטיצונג דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג;

4. אונדזער ציל איז נישט קיין בורזשואַזע רעפּובליק, נאָר אַ רע־פּובליק פון אַרבעטער און פּויערים־ראַטן;

5. אָפּשאַפן די פּאָליציי, אַרמיי, ביוראָקראַטיע. די באַאַמטע דאַרפן זיין געוויילטע און זייער געהאַלט נישט העכער ווי פון די קוואַליפיצירטע אַרבעטער (לויטן מוסטער פון דער „פּאַריזער קאָמונע" אין 1871);

6. קאָנפיסקירן די ערד ביי די פּריצים, נאַציאָנאַליזירן זי און אײַ־בערגעבן זי די ערד־אַרבעטער און פּויערים־ראַטן. שאַפן באַזונדערע ראַטן פון אָרעמע פּויערים. שאַפן מוסטער־ווירטשאַפטן פון די גרויסע גיטער;

7. איבערנעמען דעם קאָנטראָל פון דער פּראָדוקציע און דורכפירן די פאַרטיילונג דורך די אַרבעטער־ראַטן.

טראָצקי דערציילט שפּעטער: „די צענטראַלע אינסטאַנצן און די גאַנצע פּאַרטיי האָבן באַגעגנט די טעזן מיט פיינטשאַפט. קיין שום אָרגאַ־ניזאַציע, קיין שום גרופּע האָט זיך מיט זיי נישט סאָלידאַריזירט".

לענין לויפט פון איין פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע צו אַ צווייטער, אַגיטירט, צייגט איבער און... 20 טעג שפּעטער ווערן זיי אָנגענומען דורך דער פּעטראָגראַדער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

ווי שוין דערמאָנט, האָבן זיינע קעגנער אים געהאַלטן פאַר משוגע: „ער קען נישט די סיטואַציע". ליידער זענען עס געווען זיי, קערענסקי,

פלעכאַנאָוו, מאַרטאָוו א. א. „וואָס האָבן נישט געקענט די סיטואַציע״. אמת, אין אַפּריל זענען אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון די אַרבעטער־און סאָלדאַטן־ראַטן, געווען נאָר 144 באַלשעוויקעס פון 2 טויזנט דעלע־גאַטן און דער קאָנגרעס האָט געשטיצט די ליניע און פּאָליטיק פון דער רעגירונג, אָבער... דער צענטראַלער פּראָבלעם, וואָס איז דאַן געשטאַנען פאַר רוסלאַנד איז געווען די מלחמה.

דעם 5־טן סעפּטעמבער 1914 האָבן די רעגירונגען פון ענגלאַנד, פראַנקרייך און רוסלאַנד אונטערגעשריבן אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן זיי פאַרפליכטן זיך, אין קיין שום פאַל, נישט צו שליסן קיין סעפּאַראַטן שלום מיט די פיינטלעכע שטאַטן. דערביי איז באַשטימט געוואָרן די צעטיילונג פון עסטרייך־אונגאַרן און קאָנסטאַנטינאָפּאָל און די דאַרדאַנעלן זענען צוגעזאָגט געוואָרן רוסלאַנד.

דעם 4־טן מערץ 1917, מעלדעט מילוקאָוו, דער אויסערן־מיניסטער פון דער פּראָוויזאָרישער רעגרונג: „מיר וועלן מקיים זיין אַלע אינטער־נאַציאָנאַלע פאַרפליכטונגען פון דער צאַרישער רעגירונג און פאָרזעצן די מלחמה ביזן אַנטגילטיקן זיג איבער אונדזער געמיינזאַמען שונא״. דאָס פאָלק האָט אָבער נישט געוואָלט קיין שום מלחמה. מלחמה באַדייט הונגער, ליידן, טויט. די מאַסן אין די שטעט האָבן געפאָדערט ברויט. זיי זענען נישט געגאַנגען צו דער רעוואָלוציע אין נאָמען פון סאָציאַליזם, נאָר אין נאָמען פון ברויט. די פּויערים האָבן נישט געוואָלט הערן אַפילו וועגן סאָציאַליזם, האָבן אָבער געפאָדערט ערד און די סאָלדאַטן, וואָס זענען געווען פּאַקטיש פּויערים אין מונדירן, האָבן נישט געוואָלט ליגן אין די שמוציקע, נאַסע, פאַרלייזטע אָקאָפּעס — און אַלע צוזאַמען האָבן זיי געפאָדערט שלום!

דאָס האָבן נישט פאַרשטאַנען ליידער נישט די מענשעוויקעס, נישט די ס. ר., נישט די קלוגע פּאָליטיקער און נישט די מיניסטאָרן, דאָס האָט אָבער יאָ פאַרשטאַנען לענין און אויף דעם האָט ער געבויט. זיין לאָזונג איז געווען: „ברויט, ערד און שלום״ און מיט דער לאָזונג האָט ער דעם קאַמף געוואונען.

דערוויילן... דערוויל האָט געהערשט אַ כאַאָס אין רוסלאַנד. ס׳האָבן עקזיסטירט 2 רעגירונגען, איינע „דע פאַקטאָ״ — דער סאָוויעט, די צווייטע „דע יורע״ די אָפיציעלע פּראָוויזאָרישע רעגירונג און צווישן ביידע אַ פּערמאַנענטער קאַמף... די מענשעוויקעס האָבן נישט געוואָלט אָנטיילנעמען אין אַ בורזשואַזער רעגירונג און דער צווייטער באַפעל פון

סאָוויעט (דער ערשטער געווידמעט די זעלנער) זאָגט: „יעדער דעקרעט פון דער רעגירונג דאַרף באַשטעטיקט ווערן דורכן סאָוויעט", ד. ה. אַן אַזאַ באַשטעטיקונג איז קיין שום רעגירונגס־דעקרעט נישט גילטיק.

דעם 18־טן אַפּריל שיקט מילוקאָוו אַ נאָטע צו די אַלירטע מדינות און פאָדערט „גאַראַנטיעס און סאַנקציעס קעגן שונא", וואָס רופט אַרויס פּראָטעסטן פון פּעטערבורגער סאָוויעט און פון די זעלנער, וואָס מאַני־פעסטירן פאַרן רעגירונגס־פּאַלאַץ און שרייען „נידער מיט מילוקאָוון, נידער מיט גוטשקאָוון". קאַמעניעוו לייגט פאַר דעם פּעטערבורגער ראַט איבערצונעמען די מאַכט. דער פאַרשלאַג ווערט אָפּגעוואָרפן מיט 400 קעגן 13 שטימען. דער ראַט האָט אַרויסגעלאָזט אַ רוף צו די פעלקער „די הויפּט־שטיצע פון דער וועלט־רעאַקציע, דער צאַריזם געהערט צו דער פאַרגאַנגענהייט. זאָל ער בלייבן טיף באַגראָבן. ס'איז געקומען די צייט צו מאַכן אַ סוף צו די רויבערישע שטרעמונגען פון די רעגירונגען פון אַלע לענדער. ס'איז געקומען די צייט, אַז די פעלקער גופא זאָלן נעמען אין זייערע הענט די אַנטשיידונג וועגן מלחמה און שלום. מיר רופן אייך: באַפרייט אייך פון די האַלב־אויטאָקראַטישע רעגירונגען און צוזאַמען מיט אונדז, לאָמיר פאַרענדיקן די מלחמה, וואָס איז אַ שאַנד פאַר דער מענטשהייט".

דער דאָזיקער רוף איז אָבער געווען אַ „קול קורא במדבר", האָט נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג נישט אין די אַלירטע און נישט אין די קעגנערישע לענדער און ליידער אויך נישט אין די הערשנדיקע קרייזן פון רוסלאַנד, וואָס איז געגאַנגען צו דער קאַטאַסטראָפע.

דעם 3־טן מאַי האָט מילוקאָוו דעמיסיאָנירט. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ נייע רעגירונג, אין וועלכער עס האָבן יאָ אָנטיילגענומען די עסערן און מענשעוויקעס (צוזאַמען 6). זי איז געווען „לינקער", „דעמאָקראַטי־שער" פון דער פריערדיקער אָבער אויך זי האָט נישט געלייזט נישט די פראַגע פון שלום, נישט די פראַגע פון ערד און נישט דעם ברויט־מאַנגל. די רעגירונג איז געווען פאַר שלום, אָבער נישט געוואָגט צו שליסן אַ סעפּאַראַטן שלום. עסטרייך־אונגאַרן, וואָס איז געווען אויסגעשעפּט נישט ווייניקער פון רוסלאַנד, און דערצו געליטן פון דער נאַציאָנאַליטעטן־פראַגע נאָך מער ווי רוסלאַנד, האָט געבעטן סעפּאַראַטן שלום. לויד דזשאָרדזש, וואָס איז דאַן געווען פּרעמיער פון ענגלאַנד איז געווען גע־נויגט דערצו. די פראַנצויזן, וואָס האָבן באַקומען אַמעריקאַנער פאַר־

שטאַרקונג, האָבן זיך קעגנגעשטעלט. און דער קריג איז פאַרגעזעצט געוואָרן.

אַ צווייטער פאַטאַלער פעלער איז געווען דער באַשלוס אָפּצוּוואַרטן ביז דער קאָנסטיטואַנטע מיט דער לייזונג פון דער אַגראַר־רעפאָרם. די ס. ר. איז געווען פאַר צעטיילן די ערד צווישן די פויערים. ווען זיי רעאַליזירן דאָס, וואָלטן אַלע פויערים און ממילא אויך די סאָלדאַטן געשטיצט די רעגירונג. די מנהיגים זענען אָבער געווען „פויפּסטלעכער פון פויפּסט" און געוואָלט געבן דער אַגראַר־רעפאָרם אַן אָפיציעלע הסכמה פון דער קאָנסטיטואַנטע, וואָס האָט געדאַרפט זיך צונויפקומען סוף יאָר. די פויערים האָבן אָבער נישט געוואָלט וואַרטן. זיי האָבן די ערד אַליין גענומען און דאָס האָט נישט געווירקט לטובת דער רעגירונג.

אויך דעם דריטן פּראָבלעם: מאַנגל פון ברויט, האָט די רעגירונג נישט באַוויזן צו לייזן. 14 מיליאָן פויערים זענען געווען מאָביליזירט אין דער אַרמיי. דער טראַנספּאָרט איז געווען אין אַ שלעכטן מצב און געדינט הויפּטזעכלעך דער אַרמיי, האָט אין די שטעט פּערמאַנענט געפעלט ברויט — און אויך דאָס האָט געווירקט לטובת די באָלשעוויקעס.

דעם 3־טן יוני איז זיך צונויפגעקומען דער אַל־רוסישער קאָנגרעס פון די סאָוויעטן. פון די 1090 דעלעגאַטן, האָבן די באָלשעוויקעס געהאַט נישט מער ווי 103, אָבער „חוצפּה" האָבן זיי געהאַט פיל מערער. ווען צערעטעלי האָט פאַרטיידיקט די קאָאַליציע־פּאָליטיק און דערקלערט, אַז אין רוסלאַנד איז נישט פאַראַן קיין שום פּאַרטיי, וואָס וויל נעמען די מאַכט, האָט אים איינער איבערגעריסן „ס'איז יאָ פאַראַן אַזאַ פּאַרטיי, אונדזערע". געווען איז עס לעניִן. דער קאָנגרעס האָט געענטפערט מיט אַ הילכיקן געלעכטער, אָבער „לאַכן גוט, לאַכט דער לעצטער". אין דרויסן איז פאָרגעקומען אַ מאַניפעסטאַציע פון הונדערטער טויזנטער אַרבעטער און זעלנער. זייער צענטראַלע לאָזונג איז געווען: „בידער מיט דער מלחמה! די גאַנצע מאַכט די סאָוויעטן!" דער מענשעוויק ר. אַבראַמאָוויטש שרייבט אין זיינע זכרונות: „גליקלעך זענען די וואָס שווימען מיטן שטראָם, לאָזן זיך מיט־רייסן מיטן שטורם. אומגליקלעך זענען די, וואָס באַמיען זיך צו בייטן דעם קורס". די באָלשעוויקעס אונטער לענינס אָנפירשאַפט האָבן פאַרשטאַנען אויסנוצן די אומצופרידנקייט און זייער פּאַרטיי איז כסדר געוואַקסן. אויב ביים אָנהויב פון דער רעוואָלוציע, האָט די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי געציילט קוים 7.600 מיטגלידער, האָט זי סוף אַפּריל שוין געציילט 79 טויזנט און אין אָקטאָבער 240 טויזנט. און אַז „גאָט וויל עמיצן שטראָפן, נעמט

ער אים צו דעם שכל״. דאָס איז לײדער געװען דער גורל פון די מענ־שעװיקעס און עסערן.

דער גענעראַל גורקאָ האָט באַריכטעט : „פון יולי 1914 זענען מאָביליזירט געװאָרן 14 מיליאָן זעלנער. פון זײ זענען געהרגעט אָדער שװער פאַרװונדעט 2 מיליאָן, נאָך 2 מיליאָן גענומען געפאַנגען. אױפן פראָנט איז פאַרבליבן נאָר אַ קלײנער טײל״. דער גראַף איגנאַטיעװ זאָגט : „מען מוז פעסטשטעלן, אַז די מלחמה איז פאַרענדיקט און מיר קאָנען נישט און װילן נישט זי פאָרזעצן״. דער קאָמאַנדיר פון דער 7־טער אַרמײ מעלדעט : „דער 48־טער פאָלק האָט זיך פּרעזענטירט אינגאַנצן, די פאָלקן 46, 45 קוים אַ העלפט, דער 47־טער זאָגט זיך אָפּ צו קעמפן, דער 52־טער האָט אַרעסטירט אַלע זײנע אָפיצירן״. אָבער קערענסקי און זײנע חברים עקשנען זיך אײַן צו פּראָקלאַמירן אַ נײַע אָפענסיװע קעגן די דײטשן. נאָך אײניקע טעג דערפאָלגן, האָבן די דײטשן אונטערגענומען אַ קאָנטער־אָפענסיװע און אין װײניקע שעהן צעקלאַפּט די רוסישע אַרמײ. דער פּעטערבורגער סאָװיעט האָט נאָך אױסגעדריקט צוטרױ דער רעגירונג, אָבער אױב אין מערץ־אַפּריל איז עס געװען מיט אַ מערהײט פון 400 קעגן 13, איז עס אין יוני שױן געװען מיט אַ מערהײט פון 472 קעגן 271, אַן אָנזאָג אױף ביטערע צײטן פון דער רעגירונג און די פּאַרטײען, װאָס האָבן אין איר אָנטײלגענומען.

די באָלשעװיקעס פילן זיך אַזױ שטאַרק און באַזונדערס לעניז, אַז זײ אָרגאַניזירן אַ באַװאָפנטע מאַניפעסטאַציע דעם 3־טן יולי, אין װעלכער ס׳נעמען אָנטײל צענדליקער טױזנטער אַרבעטער און זעלנער. דעם 5־טן יולי קומט צום טאַורישן פּאַלאַץ אַ פּולק זעלנער, װאָס איז טרײ דער רעגירונג און צעטרײבט די באָלשעװיסטישע מאַניפעסטאַציע. אין די 3 טעג זענען געפאַלן 400 טױטע. דער באָלשעװיסטישער פּרוּװ איז דורכ־געפאַלן. קערענסקי איז פרײלעך — אַרעסטירט די באָלשעװיסטישע פירער (לעניז אַנטלױפט קײן פינלאַנד) און די פּרעסע שרײבט װעגן די באָלשע־װיקעס, אַז זײ זענען דײטשישע אַגענטן, אױסנוצנדיק דעם פאַקט, װאָס לעניז איז געקומען אין אַ דײטשישן צוג.

אין דעם מאָמענט שליסט זיך אָן אין דער באָלשעװיסטישער פּאַרטײ די קלײנע פּאַרטײ פון לעװ טראָצקי מיט זײנע 4 טױזנט חסידים. טראָצקי איז אַן אױסערגעװײנלעכער טריבון. ער איז פעיק צו באַגײסטערן די מאַסן און באַזונדערס די זעלנער. די באָלשעװיסטישע פּאַרטײ האָט באַקומען מיט טראָצקיס אָנשלוס אַ געװאַלטיקע שטיצע. אין דער צײט, װאָס לעניז איז

געווען דער מוח, דער גייסט פון באָלשעוויזם, איז טראָצקי געווען דער געניאַלער אָרגאַניזאַטאָר.

די געלעגנהייט איז געקומען פרי. די לאַגע אין רוסלאַנד איז געוואָרן ערגער און ערגער. אַ סך פאַבריקן האָבן זיך געשלאָסן, טיילווייז צוליבן פעלן פון רוי־און ברען־שטאָפן, טיילווייז צוליבן לאָקאַוט פון די פאַבריקאַנטן. אַ העלפט פון די לאָקאָמאָטיוון האָבן נישט געאַרבעט. די פויערים האָבן ווייניקער געזייט און געשניטן, געווען פאַרנומען מיט פאַרכאַפּן די פּריצישע ערד. הונדערטער טויזנטער זעלנער האָבן דעזערטירט פון פראָנט, לויפנדיק אין זייערע דערפער, כדי אויך צו געניסן פון אַ שטיקל ערד. כדי צו צאָלן די געהאַלטן, האָט די רעגירונג געדרוקט געלט־באַנקנאָטן, די א. ג. „קערענקעס". אין פעברואַר זענען געווען אין צירקולאַציע 1,6 מיליאַרד רובל, אין אויגוסט — 14 מיליאַרד דעוואַלואירטע רובל.

די רוסישע בורזשואַזיע, די קאַדעטן און די פּריצים האָבן געזען די שוואַכקייט פון דער קערענסקי־רעגירונג. געזען, אַז עס קומט אונטער אַ באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע, און באַשטימט צו פאַרכאַפּן די מאַכט, איינשטעלן אַ מיליטערישן רעזשים. פאַר דעם ציל איז אויסגעוויילט געוואָרן דער גענעראַל קאָרנילאָוו, שעף פון דער רוסישער אַרמיי.

קאָרנילאָוו האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיטן קאָזאַקישן אַטאַמאַן קראַסנאָוו און דעם 25־טן אויגוסט געפּרוווט פאַרנעמען פעטערבורג. קערענסקי האָט גערופן דאָס פאָלק צוהילף, באַפרייט די באָלשעוויסטישע פירער פון די תפיסות. דער פעטערבורגער סאָוויעט האָט מאָביליזירט זיינע כוחות, די באַן־אַרבעטער האָבן סאַבאָטירט דאָס איבערפירן קאָרנילאָווס זעלנער קיין פעטראָגראַד. קראַסנאָוו, דער קאָזאַקישער אַטאַמאַן האָט אים פאַראַטן (ער האָט געחלומט צו ווערן אַליין דיקטאַטאָר פון רוסלאַנד) — און די „קאָרנילאָווטשינע" האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פולשטענדיקן דורכפאַל. געוווּנען האָט אָבער נישט קערענסקי, נאָר די באָלשעוויקעס.

מאַרטאָוו, וואָס איז געווען איינער פון די אינטעליגענטסטע און קלוגסטע מענשעוויקעס האָט דערקלערט ביי דער געלעגנהייט „אָדער מיר וועלן ליקווידירן די מלחמה, אָדער די מלחמה וועט אונדז ליקווידירן". ליידער האָט די רעגירונג אויך די וואָרנונג נישט גענומען אין אַכט, געווען טריי די אַלירטע און די רעזולטאַטן האָבן נישט געלאָזט וואַרטן אויף זיך.

דעם 2־טן סעפּטעמבער קומט פאָר אין מאָסקווע די „דעמאָקראַטישע קאָנפערענץ" פאַרופן דורך קערענסקין מיטן אָנטייל פון די אַרבעטער־און

סאָלדאַטן־ראַטן, שטאָטישע „דומעס", דעמאָקראַטישע פּאַרטייען א. א. וו. טראָצקי לייגט פאַר איבערגעבן די מאַכט די סאָוויעטן. פאַר דעם פאַר־שלאַג שטימען דאָס מאָל 688 מאָן קעגן 866, וואָס שטיצן די קערענסקי־רעגירונג. דער זייגער גייט אויף לינקס. 67 פּראָצענט פון טראַנספּאָרט איז געווען קראַנק. די באַוועגונג פון די באַנען איז געפאַלן פון 50 טויזנט וואַגאָנען טעגלעך אין אָקטאָבער 1916 אויף 16 טויזנט — אַ יאָר שפּעטער.

די „דעמאָקראַטישע קאָנפערענץ" האָט באַשטימט אויפצופאָדערן די פאַרבינדעטע לענדער (ענגלאַנד, פראַנקרייך, אַמעריקע) צו שליסן תיכף אַ שלום און שיקט אַרויס אַ דעלעגאַט, סקאָבעלעוו, קיין פּאַריז און לאָנדאָן צו אונטערהאַנדלען מיט די אָרטיקע רעגירונגען.

לענין און טראָצקי פילן, אַז ס׳איז געקומען זייער ריי. לענין געפינט זיך אין פינלאַנד און זיין לאָזונג איז: איצט אָדער קיינמאָל נישט. לענין באָמבאַרדירט די פּאַרטיי מיט כסדרדיקע בריוו, אין וועלכע ער פאָדערט אויף דעם צענטראַל־קאָמיטעט אַרויסטרעטן אין אויפשטאַנד. דעם 15.9 שרייבט ער: „כדי דער אויפשטאַנד זאָל נישט זיין קיין בלאַנקיסטישע פאַרשווערונג מוז ער זיך שטיצן נישט אויף אַ פּאַרטיי, נאָר אויף די ברייטע מאַסן פון אַרבעטער און אָרעמע פּויערים. דער אויפשטאַנד מוז פאָרקומען אין אַ מאָמענט, וואָס איז אַ ווענדפּונקט אין דער געשיכטע, ווען די אַקטיוויטעט פון דער מאַסע איז אַממשטאַרקסטן און די רייסערייען אינערהאַלב דעם שונא אויך די שטאַרקסטע. מיט די באַדינגונגען אונטער־שיידעט זיך דער מאַרקסיזם פון בלאַנקיזם. מען מוז זיך באַציִען צום אויפשטאַנד ווי צו אַ קונסט". די באָלשעוויקעס וואַקלען זיך נאָך, שרייבט לענין אין אַ צווייטן בריוו דעם 14־טן אָקטאָבער: „וועלן די באָלשעוויקעס קאָנען אַליין איבערנעמען די מאַכט און זי איינהאַלטן? יאָ... נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 האָבן רוסלאַנד אָנגעפירט 130 טויזנט פּריצים, וועלן די 240 טויזנט באָלשעוויקעס נישט זיין אומשטאַנד צו רעגירן לטובת די מיליאָנען אָרעמע און קעגן דעם הייפל רייכע... די רעוואָלוציע איז דער שאַרפסטער, ווילדעסטער, פאַרצווייפלהאַפטער קלאַסן־קאַמף... אויף דער גאַנצער וועלט וועט נישט זיין קיין מאַכט, וואָס וועט אונדז קאָנען באַזיגן, ווען מיר וועלן די מאַכט איבערנעמען און זי אָנהאַלטן ביזן זיג פון דער סאָציאַליסטישער וועלט־רעוואָלוציע".

דעם 15־טן סעפּטעמבער האָט זיך די מערהייט פון צ. ק. אַרויסגע־זאָגט קעגן דער רעוואָלוציע. שאַרף קעגן איר זענען זינאָוויעוו, קאַמעניעוו, ריקאָוו, נאָגין, מילוטין.

די סיטואַציע איז לטובת די באָלשעוויקעס. אין מאָסקווער סאָוויעט געווונען די באָלשעוויקעס 206 מאַנדאַטן קעגן 172 פון די מענשעוויקעס און 110 ס. ר. אין קראָנשטאַט, די באַזע פון באַלטישן קריגס־פלאָט, ציילט שוין דער סאָוויעט 107 באָלשעוויקעס קעגן 112 ס. ר. 30 מענ־שעוויקעס און 97 אומפּאַרטייאישע (אַ טייל פון זיי אַנאַרכיסטן), וואָס ווען שטיצן די באָלשעוויקעס. אַזוי קומט פאָר אויך אין פּעטערבורג. אָבער אַפילו די אַרבעטער, וואָס האָבן אויסגעוויילט באָלשעוויסטישע דע־לעגאַטן, אויך זיי ווילן נישט קיין אויפשטאַנד קעגן דעם „וציק", דעם אַלרוסישן סאָוויעטישן צענטראַל־קאָמיטעט, ווילן נישט קיין אויסשליסלעך באָלשעוויסטישע רעגירונג. ווער עס איז יאָ גרייט דערצו זענען די זעלנער, די 450 טויזנט זעלנער, וואָס געפינען זיך אין די פּעטערבורגער קאַזאַרמעס און ווילן נישט גיין אויפן פראָנט. עס זענען פאַר דעם אויפשטאַנד אויך די מאַטראָזן פון קראָנשטאַט, ווו עס הערשן שטאַרקע אַנאַרכיסטישע טענדענצן און ווילן אויך נישט די מלחמה.

לעניין איילט זיך. ער ווייסט, אַז די אידייע פון סעפּאַראַטן שלום געווינט אַלץ מער אָנהענגער אין דער רעגירונג גופא און דעם טאָג, ווען די רעגירונג וועט פאַרענדיקן די מלחמה, וועלן די 450 טויזנט זעלנער פון פּעטערבורג אָפּפאָרן אין די דערפער און אויפהערן שטיצן די באָלשעוויקעס. דעריבער דאַרף מען אויסנוצן דעם מאָמענט, נאָך מערער ווען מען קאָן אויסנוצן די קלאַנגען, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן פאַרשפּרייט אַז קערענסקי וויל איבערגעבן פּעטערבורג די דייטשן, כדי זיך צו באַפרייען פון „רעוואָלוציאָנערן דרוק".

לעניין שרייבט: „דער הויפּט־פּראָבלעם פון יעדער רעוואָלוציע איז די מלוכה־געוואַלט. אַלץ ווערט אַנטשידן לויט דעם, אין וועמענס הענט עס געפינט זיך די מאַכט. נאָר אַ ראַטנמאַכט קאָן זיכערן דעם פרידלעכן קאַמף צווישן די פּאַרטייען אינערהאַלב די ראַטן (האָט לעניין אין דעם געגלויבט? אַ חודש שפּעטער האָט ער אין דער פּראַקטיק דאָס אָפּגע־לייקנט).

די פּויליש־יידישע רעוואָלוציאָנערין, ראָזאַ לוקסעמבורג, וואָס געפינט זיך אין דער צייט אין אַ דייטשישער תפיסה, שרייבט דאַן: „די אונטער־דריקונג פון פּאָליטישן לעבן איבערן גאַנצן לאַנד מוז ברענגען צום פּאַ־ראַליזש פון די סאָוויעטן גופא. אָן אַלגעמיינעם שטים־רעכט, אָן פרייהייט פון פּרעסע, אָרגאַניזאַציע, צוזאַמענקונפט, וועט דאָס פּאָליטישע לעבן פאַרגליווערט ווערן, וועט נישט זיין מער ווי אַ שלעכטער ערזאַץ און נאָר

די ביוראָקראַטיע וועט ווערן דער הערשנדיקער כוח. דאָס געזעלשאַפט־לעכע לעבן וועט איינגעשרומפּט ווערן און נאָר אַ פּאָר טוץ פון פּאַרטיי־מנהיגים וועלן אָנהאַלטן די מאַכט. אַ טוץ פון די מוחות וועט זיך אויס־שיידן צווישן די מנהיגים און זיי וועלן אָנפירן די מדינה (ראָזאַ איז נאָך געווען אָפּטימיסטיש. סטאַלין האָט באַוויזן, אַז ער איז דער „איינציקער מוח״) און די עליטע (די אויסדערוויילטע) פון די אַרבעטער וועט פון צייט צו צייט גערופן ווערן צו פאַרזאַמלונגען צו אַפּלאָדירן די רעדעס פון די מנהיגים און באַשטעטיקן איינשטימיק די רעזאָלוציעס, וואָס זענען זיי פאָרגעלייגט געוואָרן. אמת, אַ דיקטאַטור, אָבער נישט קיין דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, נאָר פון אַ הייפל פּאָליטיקער״.

אין דער ווייטער תפיסה, האָט ראָזאַ לוקסעמבורג געזען און פאָרגעזען די פּערספּעקטיוון פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. לענין, וואָס האָט זיך געפונען ביים טויער פון פּעטערבורג (פון יענער זייט פינלענ־דישער גרענעץ) ער האָט געהאַט איין ציל און ווי ער שרייבט דעם 24־טן אָקטאָבער, אַ טאָג פאַרן אויפשטאַנד „דער ציל — פאַרכאַפּן די מאַכט. דעם פּאָליטישן ציל וועלן מיר שפּעטער פעסטשטעלן״. וועגן אַזעלכע רעוואָלוציאָנערן האָט געשריבן מיט צענדליקער יאָר פריער ענגעלס: „נישט זעלטן דערקענען נישט די רעוואָלוציאָנערן די רעוואָלוציע צו־מאָרגנס נאָך איר רעאַליזירונג״.

„מוט, מוט און נאָכאַמאָל מוט, ד. ה. קאָאָרדינירן די אָפענסיווע פון אינעווייניק, פון פינלאַנד, רעוואַל, קראָנשטאַט און די אַרבעטער־קוואַר־טאַלן; אַן אָפענסיווע פון גאַנצן קריגס־פלאָט קעגן די 20 ־ 15 טויזנט קאַדעטן און קאָזאַקן... אונדזערע כוחות, דער פלאָט, די סאָלדאַטן, די אַרבעטער דאַרפן קאָמבינירט ווערן אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זאָלן קאָנען תיכף פאַרנעמען די פּאָסט און טעלעגראַף, די בריקן, באַן־סטאַציעס און נישט טראַכטן וועגן מעגלעכע פאַרלוסטן. דער דערפאָלג פון דער רוסישער און אַלוועלטלעכער רעוואָלוציע וועט זיין אָפּהענגיק פון די ערשטע 3־2 טעג״.

די באָלשעוויקעס דערגרייכן אין אָנהייב אָקטאָבער אַ מערהייט אין פּעטערבורגער סאָוויעט. לעוו טראָצקי ווערט אויסגעוויילט אַלס פאַר־זיצנדער (צום ערשטן מאָל אין 1905, 12 יאָר פריער) און גלייכצייטיק אַלס פאָרזיצנדער פון „רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט״. ער ווערט דער פּאַק־טישער בעל־הבית פון פּעטערבורג. לויט דער ווענדונג פון סאָוויעט,

באַשטימט דער „ווציק" צונויפרופן דעם 2־טן קאָנגרעס פון די סאָוויעטן אויפן 24־טן אָקטאָבער.

ס׳איז לעוו טראָצקי, וואָס לייגט פאָר דורכפירן דעם אויפשטאַנד דעם 25־טן אָקטאָבער, אַ פאָרשלאַג, וואָס ווערט ענטוזיאַסטיש געשטיצט דורך לענינען „דעם 24־טן איז צו פרי, דער קאָנגרעס וועט נישט באַ־ווייזן זיך צונויפצוקומען, דעם 26־טן צו שפעט, די מענשעוויקעס און ס.ר.׳ן וועלן אים באַוויי‍זן צו באַהערשן. דעריבער דעם 25־טן, וועלן מיר קאָנען שטעלן דעם קאָנגרעס פאַר אַ געשעענעם פאַקט".

דער צענטראַלער קאָמיטעט, קעגן דער שטעלונג פון די פריער דער־מאָנטע, זינאָוויעוו, קאָמעניעוו א. א., באַשטעטיקט דעם פאָרשלאַג פון לענין־טראָצקי. די קאָרטן זענען געוואָרפן.

טראָצקי איז געלאָפן פון פאַרזאַמלונג צו פאַרזאַמלונג. די גרעסטע פאַרזאַמלונגען זענען פאָרגעקומען אין זאַל פון צירק מיטן אָנטייל פון צענדליקער טויזנטער זעלנער און אַרבעטער. דער דערמאָנטער סוכאַנאָוו פאַרצייכנט אין זיינע „זכרונות": „אַרום מיר האָט געהערשט דער העכסטער עקסטאַז. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז די מאַסע איז גרייט צו יעדן מאָמענט זינגען אַ רעליגיעזן הימן. טראָצקי דערקלערט „מיר וועלן פאַרטיידיקן די זאַך פון די אַרבעטער און פויערים ביזן לעצטן טראָפּן בלוט". ווער איז דערפאַר? ווי איינער האָבן די צענדליקער טויזנטער געברומט זייער יאָ און אויסגעצויגן זייער האַנט ווי צו אַ שבועה. טראָצקי האָט פאָרגע־זעצט צו ריידן און די הענט זענען געבליבן אויסגעשטרעקט" (פאַר דעם „חטא" האָט שפּעטער טראָצקי באַצאָלט מיט זיין לעבן).

## דער אויפשטאַנד

אין צענטער פון פעטערבורג האָט זיך געפינען די פעסטונג פעטראָ־פּאַוולאָווסק,, וואָס האָט אין די צאַרישע צייטן געדינט אַלס די שרעק־לעכסטע תפיסה. דאָרט האָט זיך געפונען דער געווער־אַרסענאַל מיט 110 טויזנט ביקסן. די מיליטערישע אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען, איז געווען געשטימט עסעריש. טראָצקי איז אַוועק אַהין און נאָך אַ פאָר שעה — האָט זיך די מערהייט אַרויסגעזאָגט פאַר דער רעוואָלוציע. קע־רענסקי האָט געוווסט וועגן צוגעגרייטן אויפשטאַנד און זיך פון זיין זייט געגרייט אים צו באַקעמפן. גענעראַל ברוסילאָוו איז געוואָרן באַשטימט

אַלס שעף פון אַן אויסדערוויילטן שטורעם־קאָרפּוס, וואָס האָט געציילט 50 טויזנט זעלנער. פּרויען, אָנהענגערינס פון קערענסקין האָבן אָרגאַניזירט „טויט־באַטאַליאָנען". אין סיביר אָרגאַניזירט זיך פון די טשעכישע געפאַנגענע אַ טשעכישע קאָמפּס־דיוויזיע. דער ווינטער־פּאַלאַץ גופא, ווו ס'האָט זיך געפונען די רעגירונג, איז געווען געהיט פון 700 קאַדעטן, 37 אָפיצירן און אַ פּרויען־באַטאַליאָן. צו זייער דיספּאָזיציע 6 האַרמאַטן און 19 קוילנוואַרפער. דער פאָר־פאַרלאַמענט־קאָנגרעס, וואָס קומט דאַן פאָר, רופט די פויערים צו שטיצן די קערענסקי־רעגירונג און צו וואַרטן געדולדיק ביז דער קאָנסטיטואַנטע, וואָס דאַרף זיך צונויפקומען דעם 18־טן יאַנואַר. אין די קעגנערישע אַרבעטער־פּאַרטייען, מענשעוויקעס און עסערן קומען פאָר שפּאַלטונגען. צווישן די מענשעוויקעס שאַפט זיך אַ באַזונדערע פראַקציע פון מאַרטאָוו, וואָס איז פאַר אַ באַלדיקן שלום, אפילו סעפּאַראַטן. די עסערן טיילן זיך אויף דריי פראַקציעס: רעכטע, צענטער און לינקע. די לעצטע מיט ספּירידאָנאָוואַ, נאַטאַנזאָן און שטיינבערג ציט צו די באָלשעוויקעס, איז מסכים מיט דער לאָזונג „די גאַנצע מאַכט די סאָוויעטן".

טראָצקי אַלס פאָרזיצער פון רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט פאַראָרדנט די באַוואָפענונג פון דער אַרבעטער־מיליץ און באַפעלט איר אַרויסגעבן דאָס געווער, וואָס געפינט זיך אין די מיליטערישע אַרסענאַלן. פון קראָנשטאַט קומען אָן די קרייצערס „אוראָראַ" און „זאַריאַ סוואָבאָדי" (פרימאָרגן פון דער פרייהייט) און שטעלן אָן די האַרמאַטן אויפן ווינטער־פּאַלאַץ.

דעם 24־טן אָקטאָבער קומט זיך צונויף דער „וציק", צענטראַל־קאָמיטעט פון די אַלרוסישע סאָוויעטן. דער מענשעוויק דאַן אַפּעלירט צו די באָלשעוויקעס נישט אַרויסצוטרעטן קעגן דער מאַכט, ווייל די „קאָנטער־רעוואָלוציע וועט אייך אַראָפּשווענקען". טראָצקי, וואָס איז שוין זיכער אין זיג, ענטפערט: „האָט נישט קיין מורא, ס'וועט נישט זיין קיין בירגער־קריג. דער שונא וועט קאַפּיטולירן און איר וועט זיין די באַלעבאַטים פון דער רוסישער ערד". קערענסקי האָט פאַרלאָזט פּעטערבורג, געלאָפן צום פראָנט כדי צו ברענגען מיליטערישע הילף קעגן די באָלשעוויקעס.

25־טער אָקטאָבער. מיט 8 חדשים פריער איז פאָרגעקומען די צווייטע פאָלקס־רעוואָלוציע. די גאַסן זענען געווען פאַרפלייצט פון פרויען, וואָס האָבן געשריען „ברויט", פון אַרבעטער, זעלנער, סטודענטן.

דער 25־טער אָקטאָבער איז אַ רויקער טאָג. די פאַבריקן אַרבעטן. נישטאָ קיין טראַמוויי־קאָנדוקטאָר, וואָס זאָל זאָגן „וויטער נישט".

וויקטאָר סערזש, טראָצקיס זון, שרייבט „די שטאָט איז רויִק. אין די גאַסן נאָרמאַלע באַוועגונג. די אַדמיניסטראַציע אַרבעט נאָרמאַל. אויך די קאָמערץ. די טעאַטערס, די שולן, פונקציאָנירן ווי שטענדיק. די נאַכט־קלובן זענען פול מיט אָפיצירן, וואָס פאַרוויילן זיך. די בורזשואַזיע איז צופרידן. סוף סוף וועט זיך די לאַגע אויפקלערן. דערוואַרטן, אַז די באָלשעוויקעס וועלן ליידן אַ שווערע מפלה, עס פאַלט אַ דריבנער רעגן".

אַ גרויסער טייל פון דער אַרבעטערשאַפט איז קעגן אויפשטאַנד. די אַרבעטער פון פּוטילאָוו און אַבוכאָוו (די 2 גרעסטע פאַבריקן אין רוסלאַנד) זענען קעגן. די באַן־אַרבעטער, די פּאָסט־ און טעלעגראַפן־אָנגעשטעלטע, די גראַפיקער, די שוללערער, די מלוכה־באַאַמטע זענען קעגן אויפשטאַנד און פאַר דער קערענסקי־רעגירונג. אָבער פאַרטיידיקן זי וועט נאָר אַ קליין הייפעלע. אויך די קאָזאַקן זאָגן זיך אָפּ צו פאַרטיידיקן קערענסקין. זייער לאָזונג: „די ערשטע — די מענשעוויקעס, נאָך זיי — באָלשעוויקעס, שפּעטער די אַנאַרכיסטן און דאַן — מיר, די מאָנאַרכיסטן!"

5 אינדערפרי קומען אָן פון קראָנשטאָט גרופּעס מאַטראָסן. 6 אַזייגער — די מאַטראָסן פאַרנעמען אָן שום ווידערשטאַנד די צענטראַל־באַנק. 7 אַזייגער — מיליטער־אָפּטיילונגען פאַרנעמען די טעלעגראַפן־צענטראַלע. 8 פרי — פאַרנומען דעם וואַרשעווער וואָקזאַל פון דער באַן־ליניע. 9 פרי — דער סעמיענאָוו־פּאָלק פאַרנעמט די גרעסטע דרוקערייען.

אין מאַרינסקי־פּאַלאַץ דעבאַטירט דער „ראַט פון דער רעפּובליק". אַ מיליטערישע אָפּטיילונג אונטער דער אויפזיכט פון באָלשעוויק טשודנאָווסקי באַפעלט די ראַטמענער צו פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ. דער איינציקער וואָס שטעלט זיך קעגן איז דער „בונדאָוויעץ" גוטמאַן.

2 נ. מ. קומען אָן נייע קריגס־שיפן פון קראָנשטאָט מיט 5 טויזנט מאַטראָסן. 6 פאַרנאַכט — פאַנצער־אויטאָמאָבילן פון „רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט" רינגלען אַרום דעם ווינטער־פּאַלאַץ. טראָצקיס געהילף אַנטאָנאָוו אָווסענקאָ פאָדערט אויף די פאַרזאַמלטע רעגירונג זיך אונטערגעבן. די מיניסטאָרן זאָגן זיך אָפּ. 11 אָוונט האָבן די האַרמאַטן פון פּעטראָפּאַוולאָווסק און די קראָנשטאָטער קריגס־שיפן געעפנט אַ פייער אויפן ווינטער־פּאַלאַץ. 2.30 בייניאַכט, דרינגען אַריין די מיליטער־אָפּטיילונגען אין פּאַלאַץ. די קאַדעטן און פרויען קעמפן העלדיש, אָבער אומזיסט. נאָך אַ קורצן קאַמף ווערט דער פּאַלאַץ גענומען. דער אויפשטאַנד האָט טריומפירט, כמעט אָן אָנטייל פון די אַרבעטער, אפילו די „רויטע מיליץ" האָט כמעט נישט אָנטייל גענומען אין דער דעראָבערונג. די גאַנצע

„אַרבעט״ האָבן דורכגעפירט זעלנער און מאַטראָסן. כמעט אַ ריין־מילי־טערישע איבערקערעניש. און כמעט אָן קרבנות.

אין דער צייט קומט זיך צונויף דער צווייטער קאָנגרעס פון די סאָ־וויעטן.. אין ערשטן האָבן אָנטיילגענומען 1090 דעלעגאַטן, אין צווייטן, צוליב די טראַנספּאָרט שוועריקייטן — 750. די באָלשעוויקעס האָבן אַן אַבסאָלוטע מערהייט: 382 דעלעגאַטן און צו זיי שליסן זיך אָן די לינקע ס.ר. מיט נאָך 70 דעלעגאַטן. 2.30 ביינאַכט מעלדעט טראָצקי: „די מאַכט געפינט זיך אין די הענט פון רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט. דאָס רוסישע פאָלק האָט געזיגט. אונדזער פּראָגראַם: תיכפדיקער שלום אויף דעמאָ־קראַטישע יסודות, קאָנפיסקאַציע פון דער פּריצישער ערד, קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע און די פאָרמירונג פון אַ סאָוויעטישער רעגירונג.״

און לענין, וואָס איז אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און דורכגעמאַכט די נאַכט אין סמאָלני־פּאַלאַץ דערקלערט:

„די אַלטע שטאַט־אָרגאַניזאַציע וועט ווערן אויסגעריסן מיטן וואָרצל און ס׳וועט געשאַפן ווערן אַ נייע, אַ סאָוויעטישע (4 יאָר שפּעטער זאָגט ער פאַרביטערט: „אונדזער ביוראָקראַטיע איז די זעלבע צאַרישע ביוראָ־קראַטיע, נאָר באַשמירט מיט סאָוויעטישן בוימל״)... מיר אַלע זענען מסכים, אַז די מלחמה איז ענג געבונדן מיטן קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם, דעריבער איז נויטיק פאַרצוזעצן דעם קאַמף ביז דער קאַפּיטאַל וועט באַזיגט ווערן אויף דער גאַנצער וועלט. אין דעם דאָזיקן קאַמף וועלן מיר האָבן די הילף פון פּראָלעטאַריאַט פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע און דייטשלאַנד, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו באַוועגן... דער תיכפדיקער שלום וועט געפונען זיין אָפּקלאַנג אין די אַרבעטער־מאַסן פון דער גאַנצער וועלט. זאָל לעבן די וועלט־רעוואָלוציע!״

מיט 6 חדשים פריער, האָט טשכעידזע, דער מענשעוויסטישער פאָר־זיצנדער פון סאָוויעט דערקלערט: „לענין וועט פאַרבלייבן באַזייטיקט דורך דער רעוואָלוציע, מיר וועלן פאָרזעצן אונדזער זיגרייכן וועג״ — דעם 25־טן אָקטאָבער געפינט זיך טשכעידזע מיט אַלע מיניסטאָרן אין דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג אַלס אַרעסטאַנט און לענין — איז דער זיגער. זיגער נישט פון אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, נאָר פון אַ מיליטערישן שטאַטס־קלאַפּ, מיליטערישן אויפשטאַנד. נישט די אַרבעטער האָבן דורכגעפירט די באָלשעוויסטישע רעוואָלציע, נאָר סאָלדאַטן און מאַטראָסן. דערגרייכט דעם זיג האָט לענין צוליב די שווערע פעלערן פון דער רעגירונג פון קערענסקי און הויפּטזעכלעך צוליב 2 גרונט־

פעלערן: נישט שליסן קיין סעפּאַראַטן שלום, נישט קאָנענדיק אָנפירן די מלחמה און נישט צעטיילן די ערד, וואַרטנדיק אויף דער קאָנסטיטואַנטע. די 2 גרונט־פעלערן האָבן געשטעלט די פויערים־סאָלדאַטן אויף דער זייט פון די באָלשעוויקעס און זיי דערמעגלעכט דעם זיג.

טראָצקי האָט ביי דער געלעגנהייט דערקלערט, אַז ער „קען נישט קיין רעוואָלוציע, וואָס זאָל זיגן מיט אַזוי ווייניק בלוט־פאַרגיסונג". ער האָט דאַן נישט געוווּסט, אַז דער בירגער־קריג הויבט זיך נאָר אָן און מיליאָנען מענטשן וועלן אין אים פאַרלירן זייער לעבן און אין רעזולטאַט פון זיג, וועט אויך ער פאַרלירן זיין לעבן און פון די הענט פון זיינע געוועזענע חברים.

## דעמאָקראַטיע און דיקטאַטור

נישט מאַרקס און נישט ענגעלס, די „פאָטערס" פון א. ג. „וויסנשאַפט־לעכן סאָציאַליזם" און זיידעס פון דעם קאָמוניסטישן רעזשים, האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט ברייטער אויפן קאַרדינאַלן פּראָבלעם, פון רעזשים, וואָס דאַרף קומען נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

ביידע האָבן געלעבט מיט דער אילוזיע, אַז די דאָזיקע רעוואָלוציע איז נאָענט און „עס וועט קומען אונדזער צייט", ווי זי דאַרף אָבער אויס־זען, די „אונדזער צייט" האָבן זיי נישט געזאָגט.

ביי מאַרקסן געפינען זיך קוים געציילטע שורות געווידמעט דעם פּראָבלעם. אין 1852 אין זיין בריוו צו ווידערמאַיער, שרייבט ער: „דער קלאַסן־קאַמף מוז אומבאַדינגט פירן צו דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, 2) די דאָזיקע דיקטאַטור פירט צו דער ליקווידאַציע פון אַלע קלאַסן און צו אַ געזעלשאַפט אָן קלאַסן.

אין דער שווערער דיסקוסיע מיט באַקונינען, קעגנשטעלנדיק זיך דעם אַנאַרכיזם קומט מאַרקס צו פאָלגנדיקע אויספירן: 1)די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז געווענדעט נישט קעגן דער מדינה־מאַכט נאָר קעגן קאַפּיטאַליזם, 2) כדי צו ליקווידירן דעם קאַפּיטאַליזם און אונטערדריקן דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס, וואָס וועט נישט וועלן אָפּטרעטן פּריוויליק, איז נויטיק אַ רעפּרעסיווער אַפּאַראַט און דאָס וועט זיין די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, 3) דער פּראָלעטאַריאַט וועט אויסנוצן דעם מלוכה־אַפּאַראַט אויף צו ליקווידירן אַלע קלאַסן, 4) די נייע געזעלשאַפט, ד. ה. די גע־זעלשאַפט אָן קלאַסן וועט נישט דאַרפן מער קיין רעפּרעסיוון אַפּאַראַט,

זי וועט נישט דאַרפֿן קיינעם אונטערדריקן, דעריבער וועט דער שטאַט אַלס אַזעלכער אָפּשטאַרבן.

נאָך אין 1848 פּראָטעסטירט מאַרקס שאַרף קעגן זיינע דייטשישע קריטיקער, וואָס וואַרפֿן אים פֿאָר, אַז ער וויל איינשטעלן אַ פּאָליציייִשן רעזשים. „מיר און אַ פּאָליציייִשער רעזשים? איז עס נישט לעכערלעך?"

אין 1871, נאָך דער פּאַריזער קאָמונע שטעלט ער פֿעסט אין דער בראָשור „דער 18־טער ברומער": „די קאָמונע פֿון פּאַריז — דאָס איז די דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט".

און ענגעלס, אין זיין בריוו צו בעבעל אין 1875, שרייבט: „מען דאַרף מאַכן אַ סוף צו דער פּלוידעריי וועגן מדינה, באַזונדערס נאָך דער קאָמונע, וואָס איז שוין פּאַקטיש נישט געווען קיין מדינה".

דאָס איז טיילווייז אמת. די פּאַריזער קאָמונע האָט עקזיסטירט 70 טעג. זי האָט אַרומגענומען נאָר די שטאָט פּאַריז, אַרומגערינגלט פֿון דייטשן און די אַרמיי פֿון ווערסאַיל. ס'איז געווען אַ שטאָט, אַ גרויסע שטאָט, אין מלחמה. אַ מין סטאַלינגראַד. די הערשנדיקע פּאַרטייען: בלאַנקיסטן פֿון איין זייט, פּרודאָניסטישע אַנאַרכיסטן פֿון דער צווייטער. אירע אויטאָריטעטן — צייטווייליקע, איר פּראָגראַם און ציל — פּאַרטיידיקונג פֿון דער שטאָט, אַפֿילו נישט געמאַכט די קלענסטע פּרווון פֿון אָנרירן דעם שכנותדיקן ווערסאַיל, ווו ס'איז געזעסן דער שונא. די אוצרות פֿון דער נאַציאָנאַלער באַנק נישט אָנגערירט. דאָס איז נישט איר — דאָס געהערט צו גאַנץ פֿראַנקרייך. זענען אויך די פֿאַראָרדנונגען געווען צייטווייליקע: די באַאַמטע געווילטע, קיינער קאָן נישט באַקומען קיין העכערן געהאַלט פֿון אַ קוואַליפֿיצירטן אַרבעטער א. א. איז דאָס געווען זייער אידעאַל? פֿון 2 חדשים עקזיסטענץ און אין באַדינגונגען פֿון פֿערמאַנענטער מלחמה — קאָן מען נישט מאַכן קיין אויספֿירן. מאַאָ־טסע־טונג קאָן נעמען די פּאַריזער קאָמונע אַלסביישפּיל, אָבער מיט דעם ווערט נישט דער פּראָבלעם געלייזט.

לענין האָט שוין אָפּגעגעבן דעם פּראָבלעם פֿיל מער אַכט. מיר האָבן שוין דערמאָנט זיין באַרימטע רעדע אין אָקטאָבער 1917 „דער צאַר האָט געהערשט מיט דער הילף פֿון 130 טויזנט ערד־באַזיצער, ווועלן מיר נישט קאָנען הערשן מיט דער הילף פֿון 240 טויזנט באָלשעוויקעס?"

אויגוסט בלאַנקי האָט געחלומט וועגן פֿאַרכאַפּן די מאַכט מיט אַ הייפּל פֿאַרשווערער. לענין האָט זיך געשטיצט אויף אַ „מאַסן־פּאַרטיי" פֿון 240 טויזנט מאַן, 240 טויזנט אויף אַ באַפֿעלקערונג פֿון 150 מיליאָן. (נאָכן אָראָפּרעכענען פּוילן, פֿינלאַנד א. א. ראַנד־לענדער). עפּעס מער ווי איין

פּאַרטיי־חבר אויף טויזנט איינוווינער! פּאַר לענינען דאַרפן די 240 טויזנט זיין אַלע „פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן", וואָס וועלן זיך אָפּגעבן מיט לייב און לעבן דער רעוואָלוציע. איז דאָס אין בעסטן פאַל אויך נישט קיין „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט" נאָר „דיקטאַטור פון איין פּאַרטיי"...

אין זיין ווערק „דער שטאַט", געשריבן אין 1917, שטעלט זיך לענין אָפּ ברייטער אויף די שטאַפּלען פון דער רעוואָלוציע: דער ערשטער שטאַפּל איז די בורזשואַזע רעוואָלוציע, אָבער אַזוי ווי די בורזשואַזיע פאַראַט איר אייגענע רעוואָלוציע אַלס רעזולטאַט פון מורא פאַרן פּראָלעטאַריאַט, דאַרף די בורזשואַזע רעוואָלוציע דורכגעפירט ווערן דורכן פּראָלעטאַריאַט און פויערטום. ווען דאָס פויערטום באַקומט די ערד, דאַן זענען די רייכע פויערים אויך קעגן פּראָלעטאַריאַט. דאַרף דעריבער דער פּראָלעטאַריאַט איבערגיין צום צווייטן שטאַפּל דורכפירן זיין, סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, שטיצנדיק זיך נישט אויפן גאַנצן פויערטום, נאָר אויף די אָרעמע פויערים, נייטראַליזירנדיק די מיטעלע פויערים און דאָס קליינבירגערטום פון דער שטאָט. די דאָזיקע רעוואָלוציע האָט אַלס ציל איינצושטעלן נישט קיין פּאַרלאַמענטאַרישע, בורזשואַזע רעפּובליק, נאָר אַ רעפּובליק פון אַרבעטער — לאַנדאַרבעטער און אָרעמע פויערים־ראַטן". „די דאָזיקע מאַכט איז אַ מאַכט פון דער זעלבער קאַטעגאָריע, ווי די פּאַריזער קאָמונע פון 1871".

די „רעפּובליק פון אַרבעטער־לאַנדאַרבעטער און אָרעמע פויערים־ראַטן" דאָס איז די „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט", וואָס גאַראַנטירט די „פולשטענדיקע דעמאָקראַטיע" די אַרבעטער און אָרעמע פויערים און זיין אַ דיקטאַטור נאָר קעגן די שונאים פון דער ראַטן־מאַכט, קעגן דער בורזשואַזיע און פריצטום. די „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט" וועט גאַראַנטירן די פולשטענדיקע פרייהייט פון געדאַנק, וואָרט, אָרגאַניזאַציע א. א. וו. פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן, דעם פרידלעכן קאַמף צווישן די פאַרשידענע אַרבעטער־פּאַרטייען אינערהאַלב די סאָוויעטן" און ער פירט אויס:

„די מאַכט פון די סאָוויעטן באַדייט די ראַדיקאַלע ענדערונג פון גאַנצן שטאַט־אַפּאַראַט, פון דעם דאָזיקן שטאַט־אַפּאַראַט, וואָס העמט די דעמאָקראַטיע, באַדייט אַן אמתן דעמאָקראַטישן אַפּאַראַט געשאַפן דורך דער אָרגאַניזירטער און באַוואָפנטער מערהייט פון פאָלק, ד. ה. דורך די אַרבעטער, סאָלדאַטן און פויערים, באַדייט איניציאַטיוו און זעלבשטענדיקייט פון דער מערהייט פון פאָלק נישט נאָר ביים ווילן די דעפּוטאַטן, נאָר

אויך אין דער פאַרוואַלטונג פון שטאַט". דער דאָזיקער שטאַט וועט דאַרפן דורכפירן זיין מיסיע, פאַרניכטן דעם ווידערשטאַנד פון די קאַפּיטאַליסטן און ערד־באַזיצער און נאָך דער דערפילונג פון דער מיסיע, וועט „דער שטאַט פון זיך זעלבסט אָפּשטאַרבן".

דאָס אַלץ ביזן פאַרכאַפּן די מאַכט און שפּעטער ?

אין 1918, אַ האַלב יאָר נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע שרייבט לענין („איבער די אויפגאַבן פון דער סאָוויעטן־מאַכט"): „אָדער דיקטאַטור פון קאָרנילאָוו אָדער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט — קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ פאַר אונדזער לאַנד. מיר מוזן אָנערקענען די נויטווענדיקייט פון שטאַט, ד. ה. דעם צוואַנג אין איבערגאַנגס־פּעריאָד פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם. ס'עקזיסטירן נישט קיין פּרינציפּיעלע ווידערשפּרוכן צווישן דער ראַטן־דעמאָקראַטיע און די אָנווענדונג פון דיקטאַטאָרישער מאַכט פון איינצלנע פּערזאָנען (אין אָט דער פעסטשטעלונג ליגט דער צוקונפטיקער „פּערזאָנען קולט", די זעלבסטהערשערישע און טיראַנישע דיקטאַטור פון סטאַלינען, ער האָט געצויגן זיין יניקה פון לענינען) איבער דער באַדייטונג פון דיקטאַטאָרישער מאַכט פון איינצלנע פּערזאָנען מוז מען זאָגן, אַז יעדע גרויס־אינדוסטריע פאָדערט די שטאַרקע האַנט פון אַ דירעקטאָר מיט אַ שטרענגן ווילן, וואָס פאַרוואַלטערט די געמיינזאַמע אַרבעט פון הונדערטער, טויזנטער און צענדליקער טויזנטער מענטשן. אָבער ווי קאָן די שטרענגע איינהייט פון ווילן געזיכערט ווערן ? נאָר דורך דער אונטעראָרדנונג פון דעם ווילן פון טויזנטער מענטשן, דעם ווילן פון איינצלנעם".

אין די דאָזיקע איינציקע זאַצן קומט צום אויסדרוק אַם קלאָרסטן דער באַקונינים־בלאַנקיזם, וואָס איז געווען איינגעוואָרצלט אין לענין אין קעגנזאַץ צו דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן צוגאַנג. זיין כלומרשטע „סאָוויעטישע דעמאָקראַטיע" דאַרף באַדייטן די אונטעראָרדנונג פון ווילן פון טויזנטער, דעם איינצלנעם און דער איינצלנער — דאָס איז געוואָרן סטאַלין !

מורא האָבנדיק פאַר אַן אַלגעמיינעם שטרייק מיט וועלכן ס'האָבן געדראָט די באַן־און פּאָסט־אַרבעטער, האָט דער צ. ק. פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי איינגעלאַדן דעם 30־טן אָקטאָבער די מענשעוויקעס און ס. ר. צו שיקן זייערע פאָרשטייער אין דער נייער רעגירונג, אָבער כמעט גלייכצייטיק, דעם 7־טן דעצעמבער געשאַפן די „טשעקאַ", וואָס האָט געדאַרפט פאַרבייטן די צאַרישע „אָכראַנע" און זי איז געווען אַזוי

פלייסיק און „פערפעקט", דערמאָרדנדיק מיליאָנען רוסישע בירגער לגבי געציילטע צענדליקער, וואָס עס האָט באַוויזן די צאַרישע „אָכראַנע".

אין מערץ 1918 באַשטימט דער קאָנגרעס פון דער באָלשעוויסטי־שער פאַרטיי אונטער לענינס פרעזידענץ „אָננעמען די ענערגישסטע און דראַקאָנישסטע מיטלען כדי צו זיכערן די דיסציפּלין און געהאָרכזאַמקייט פון די רוסישע אַרבעטער און פּויערים" — אַזוי הויבט אָן איר הערשאַפט אַ כלומרשט־אַרבעטער און „סאָציאַליסטישע" פּאַרטיי...

מיר קאָנען זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויפן בלוטיקן בירגער־קריג, וואָס איז געקומען אין קאָנסעקווענץ פון דער „בלוטלאָזער" אָקטאָבער־איבערקערעניש און האָט געדויערט העכער 3 יאָר, מיר ווילן נאָר דער־מאָנען 1 רינגעלע פון דער בלוטיקער טעראָר־קייט, וואָס האָט זיך אָנ־געהויבן דעם 26־טן אָקטאָבער 1917 (אַ טאָג נאָכן זיג) און געדויערט ביזן 5 מערץ 1953 ד. ה. ביז סטאַלינס טויט. דאָס רינגעלע הייסט קראָנשטאַט.

קראָנשטאַט איז געווען די הויפּט־באַזע פון רוסישן קריגס־פלאָט אין באַלטישן ים. „דאָרט האָט געהערשט אין די צייטן פון צאַריזם אַ באַזונ־דערס האַרטער און אוממענטשלעכער רעזשים" — דערציילט צערעטעלי. ס'איז דעריבער געווען פאַרשטענדלעך, אַז מיטן אויסברוך פון דער רע־וואָלוציע זאָלן די מאַטראָסן נעמען נקמה אין די אָם שטאַרקסטן פאַר־האַסטע אָפיצירן, דערמאָרדעט דעם אַדמיראַל וויכען, שעף פון פלאָט, אַ סך פון די אָפיצירן אַרעסטירט און אַריינגעוואָרפן אין תפיסה. צווישן די מאַטראָסן האָבן געהערשט אַנאַרכיסטישע שטימונגען און דער קראָנ־שטאַטער סאָוויעט איז שוין אין מאַי 1917 געווען דער „לינקסטער" אין גאַנץ רוסלאַנד. ס'איז אויך נישט קיין צופאַל, אַז דווקא די מאַטראָסן פון קראָנשטאַט און די קרייצערס האָבן געשפּילט די דעצידירנדיקע ראָל אין דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש.

די באָלשעוויקעס האָבן אָבער גיך באַוויזן זייער אומפעיקייט אויפן ווירטשאַפטלעכן פראָנט (וואָס האַלט אָן ביזן היינטיקן טאָג) און זייער דראַקאָנישע באַציונג צו די אַרבעטער, פּויערים, שוין אָפּגערעדט וועגן אַנדערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. דער א. ג. „מיליטערישער קאָמו־ניזם" האָט די שפּייז־קאַטאַסטראָפע נאָך פאַרערגערט און אין 1920 איז דאָס גאַנצע לאַנד געשטאַנען פאַר אַ הונגער־טויט.

די קראָנשטאַטער מאַטראָסן, וואָס האָבן געדינט געטריי די באָלשע־וויקעס פון ערשטן טאָג אָן, האָבן נישט געקאָנט משלים זיין מיט די נייע טיראַנען און הונגער־טויט און דעם 1־טן מערץ 1921 האָבן צענדליקער

טויזנטער מאַטראָסן, זעלנער און אַרבעטער פֿון קראָנשטאַט אויף אַן אַל־געמיינעם מיטינג איינשטימיק (ביי 20 אָפּגעהאַלטענע) באַשטימט:

1. נעמענדיק אין אַכט, אַז די עקזיסטירנדיקע סאָוויעטן דריקן נישט אויס דעם ווילן פון די אַרבעטער און פּויערים, דאַרפֿן גלייך דורכגעפירט ווערן) נייע, געהיימע וואַלן ביי דער פולשטענדיקער פרייהייט פון וואָרט פאַר אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען;

2. באַפרייען אַלע סאָציאַליסטישע אַרעסטירטע, ווי אויך אַלע אַר־בעטער, פּויערים, זעלנער און מאַטראָסן, וואָס זענען אַרעסטירט געוואָרן צוליב זייער פּאָליטישער טעטיקייט;

3. פעסטשטעלן גלייכע שפּייז־פּאָרציעס פאַר אַלע אַרבעטער (די „קאָמיסאַרן", „טשעקאַ"־אַגענטן א. א. פלעגן באַקומען אַ ספּעציעלן שפּייז־„פּאַיאָק");

4. ליקווידירן אַלע קאָמוניסטישע שטורם־אָפּטיילונגען אין מיליטער און אָפּרופן אַלע קאָמוניסטישע פּאָליט־רוקן אין די פאַבריקן;

5. געבן אַ מעגלעכקייט די פּויערים צו באַאַרבעטן די גאַנצע ערד און אַנטוויקלען די פּי־צוכט אויף דער באַזע פון פּערזענלעכער, נישט געדונגענער אַרבעט;

6. דערלויבן די האַנטווערקער צו אַרבעטן פריי, אָן באַנוצן געדונ־גענע אַרבעט.

די לעצטע 2 באַדינגונגען זענען געווען געווענדעט קעגן דעם מאַנגל פון שפּייז און אינדוסטריעלע פאַבריקאַטן, אַלס רעזולטאַט פון דעם „מיליטערישן קאָמוניזם".

צומאָרגנס, דעם 2־טן מערץ, זענען אַרעסטירט געוואָרן די 2 באָל־שעוויסטישע „פּאָליטרוקן" און אויסגעוויילט אַ נייעם סאָוויעט. די רעגי־רונג ,אונטער לענינס פאַרזיץ, האָט מאָביליזירט גרויסע מיליטערישע כוחות, צווישן זיי 300 דעלעגאַטן צום 10־טן פּאַרטיי־קאָנגרעס און אונטער דער אָנפירערשאַפט פון לעוו טראָצקי, זיי געשיקט קיין קראָנשטאַט „איינצושטעלן די אָרדנונג".

700 פון די זעלנער האָבן דעזערטירט און זיך אָנגעשלאָסן אין די קראָנשטאַטער מאַטראָסן. דאָך איז געלונגען טראָצקין נאָך 15 טעג בלו־טיקע קאַמפן צו באַהערשן, באַזיגן די קראָנשטאַטער אַרבעטער און מאַ־טראָסן און „איינשטעלן אָרדנונג". דער רעזולטאַט: 527 טויטע, 4.127 פאַרוואונדעטע, 2 טויזנט מאַטראָסן דערמאָרדעט אין די קעלערן פון דער

באָלשעוויסטישער „טשעקאַ“, 15 טויזנט פאַרשיקט אין די דרום־פּלאָטן און 8 טויזנט האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן קיין פינלאַנד.

די רעגירונג פון דער „סאָוויעטישער דעמאָקראַטיע“ האָט גענומען נקמה אין די קראָנשטאַטער מאַטראָסן מיט נישט ווייניקער ווילדקייט און אכזריות, ווי די ווערסאַילער בורזשואַזע רעגירונג אין דער „פּאַריזער קאָמונע“ אין 1871.

קראָנשטאַט איז געווען די „קרוין“ פון לענינס „דעמאָקראַטיע“, אָבער נישט די איינציקע. אַ סך אַזעלכע בלוט־בעדער זענען דורכגעפירט גע־וואָרן אין רוסלאַנד שוין אין די ערשטע יאָרן פון דער באָלשעוויסטישער דיקטאַטור, בלוט־בעדער לגבי וועלכע די צאַרישע רעפּרעסיעס פון 1905—06 זעען אויס ווי אומשולדיקע קינדער־געשלעגן.

לייכט איז וואַרפן לאָזונגען, לייכט איז צוזאָגן, לייכט איז צו קריטי־קירן די קעגנער. שווערער, פיל שווערער איז אָנצופירן אַ מדינה, אַ ווירטשאַפט, וואָס איז האַלב־פּאַראַליזירט, שטילן דעם הונגער פון 150 מיליאָן נפשות. נאָך מערער, ווען דער גאַנצער כמעט אַדמיניסטראַטיווער אַפּאַראַט איז געווען קעגן די באָלשעוויקעס און ווען אַפילו די באָלשע־וויקעס וואָלטן נישט געצילט „צו ברעכן דעם צאַרישן אַפּאַראַט“, וואָלט סיי ווי קיינער פון די באַאַמטע נישט פאַרבליבן. די אַלטע האָבן פאַרלאָזט אָדער אַרויסגעוואָרפן געוואָרן, קיין נייע — נישט געווען. געווען קעמפער, בעסערע אָדער ערגערע, געווען מאַטראָסן, געווען „פּאָליטרוקן“, אָבער אַדמיניסטראַטאָרן — אָנפירער, פאַרוואַלטער פאַר די פאַבריקן, פאַר די מיניסטעריומס א. א. וו. איז נישט געווען. דאָס האָט מען געדאַרפט שאַפן און דאָס „באַקט“ זיך נישט. מיט דריי לאָזונגען האָבן די באָלשעוויקעס געזיגט: ברויט, ערד, שלום. דעם שלום האָט מען געשלאָסן נאָך אַ פּאָר חדשים ביטערע דיסקוסיעס און פאַרלוסט פון ריזיקע שטחים, צווישן זיי די פרוכטבאַרסטע אוקראַינער ערד. ערד — האָט לענין פאַרוואָרפן זיין „סאָציאַליסטישן“ פּלאַן און איבערגענומען לעבעדיקערהייט דעם ס. ר.־שן פּראָגראַם: די ערד ווערט נאַציאָנאַליזירט, זי געהערט צו דער מדינה און זי ווערט באַאַרבעט דורך די פּויערים און צו זיי געהערן די פרוכטן פון דער אַרבעט. אַם שווערסטן איז געווען צו רעאַליזירן די דריטע לאָזונג: ברויט. אויבנאויפיק, האָט געדאַרפט זיין פאַרקערט: די אַרמיי איז פאַ־נאַנדערגעלאָזט געוואָרן, 10 מיליאָן פּויערים האָבן זיך אומגעקערט אין דאָרף, דאָרט וועלן זיי אַקערן, זייען און שניידן, וועט זיין ברויט פאַר זיי און פאַר דער באַפעלקערונג פון שטאָט. אָבער נישט אַזוי גיך טוט זיך,

ווי עס רעדט זיך. ראשית, האָט געפעלט זריעה, ווייל די פּויערים (און די אַרבעטער) האָבן אויפגעגעסן אויך די קערנער, וואָס האָבן געדאַרפט פאַרזייט ווערן. שנית, שאַפן ברויט צוליב וואָס? די אינדוסטריע איז פאַראַליזירט. אין שטאָט קאָן מען נישט באַקומען קיין קוילן, קיין מאַ־כאָרקע, קיין קעראָסין, קיין זאַלץ, שוין אָפּגערעדט פון אַ שטיקל „ציץ״ אויף אַ קליידל, קיין שטיוול, איז צו וואָס אַרבעטן? באַקומען „קערענקעס״ אָדער אַנדערע פּאַפּיר־געלט, וואָס האָט נישט קיין שום ווערט?

וואָס טוט לענין? דעקרעטירט און אַז די דעקרעטן געבן נישט קיין ברויט, שיקט מען אָפּטיילונגען באַוואָפנטע מיליץ מיטן באַפעל צו „רעק־ווירירן״ ברויט און פליש. זענען געגאַנגען מיליץ־אָפּטיילונגען, צוגענומען ביים פּויער די לעצטע קערנער, דאָס לעצטע ביסל מעל, די לעצטע קו און חזיר — און דאָס האָט אַרויסגערופן בונטן, צוזאַמענשטויסן, מאַסן־עקזעקוציעס אָבער גאָר ווייניק ברויט. אין 1917 האָבן די פּויערים פאַר־קויפט 776 מיליאָן פוד (אַ פוד — 16 קילאָ) תבואה, אין 1918 מיט אַלע רעקוויזיציעס איז געלונגען צו „רעקווירירן״ קוים 74 מיליאָן פוד, 10 מאָל ווייניקער!

איז ממילא דער הונגער געוואָרן אַלמעכטיק אויך אין שטאָט. שוין דעם 2־טן יאַנואַר 1918, 2 חדשים נאָכן איינשטעלן די „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט״ האָבן מאַרשירט צענדליקער טויזנטער אַרבעטער און זייערע פרויען אין מינסק אונטער דער איינציקער לאָזונג: ברויט! די „רויטע מיליץ״ פון דער „אַרבעטער־רעגירונג״ האָט געשאָסן אויף די אַרבעטער געננוי ווי ס׳האָט דאָס געטאָן די צאַרישע אַרמיי אין יאַנואַר 1905 אין פּעטערבורג און הונדערטער זענען געפאַלן טויט. דאָס בילדל האָט זיך איבערגעחזרט איבערן גאַנצן לאַנד. אין אַ קליין שטעטל סאַלי־גאַליטש האָבן די אַרבעטער אַרעסטירט דעם „סאָוויעט״ און אויסגעווילט אַ נייעם. איז געקומען די „רויטע מיליץ״, אַרעסטירט 52 „בונטאָוושטשי־קעס״ און 20 פון זיי דערשאָסן. אויף דער פאָדערונג פון ברויט, האָט לענינס רעגירונג געענטפערט מיט קוילן...

נאָך אין 1870 שרייבט ענגעלס צו מאַרקסן: „טעראָר באַדייט די דורכפירונג פון אומנוצלעכער אַכזריות דורכגעפירט דורך איבערגעשראָ־קענע מענטשן, כדי צו זיכערן זייער אייגענעם לעבן״.

מיטן טעראָר פון דער „טשעקאַ״ און די נאַרישקייט און אומפעיקייט פון די „ווייסע״ גענעראַלן (קאָלטשאַק, דעניקין, יודעניטש, בולאַק־באַלאַ־כאָוויטש, וואַנגעל, פּעטלוראַ א. א.) איז די באָלשעוויקעס דאָך געלונגען

צו זיגן אין בלוטיקן בירגער־קריג, וואָס האָט געקאָסט אָפיציעל 9 מיליאָן קרבנות. די באַפעלקערונג האָט זיך לויט דער אָפיציעלער, באָלשעוויס־טישער סטאַטיסטיק פאַרקלענערט אין די יאָרן 1917—20 פון 143 אויף 134 מיליאָן נפשות. דער לעבנס־סטאַנדאַרט פון רוסישן אַרבעטער האָט אין יאָר 1920 אויסגעמאַכט קוים 30 פּראָצענט פון דעם נידעריקן סטאַנ־דאַרט אין די צייטן פון צאַר, דערפאַר איז די צאָל טיפוס־קראַנקע גע־שטיגן מיט 3.600 פּראָצענט!

די רעוואָלוציע האָט פאַרשאַרפט דעם הונגער. הונגער אין די אָפּ־געשטאַנענע לענדער איז נישט קיין נייעס. ער איז אַ „נאָרמאַלע" דער־שיינונג אין אינדיע, געווען אַ „נאָרמאַלע" דערשיינונג אין כינע ביזן יאָר 1949, איז היינט אין אַפריקע. די אָפּגעשטאַנענע לענדער מיט זייער פּרי־מיטיווער אַגריקולטור פאַרמאָגן נישט קיין רעזערוון און אַז ס'קומט אַ טריקעניש אָדער אַ פאַרפלייצונג — קומט דער הונגער. איז ער אויך אין צאַרישן רוסלאַנד געווען „נאָרמאַל", מיט דער רעוואָלוציע האָט ער אָנ־גענומען קאַטאַסטראָפאַלע מאָסן. 35 פון די 50 רוסישע גובערניעס און דווקא די פּרוכטבאַרע — וואָלגאַ־ראַיאָנען זענען געוואָרן אָנגעגריפן. 35 מיליאָן זענען פאַרבליבן אָן אַ שטיקל ברויט, אָן קאַרטאָפל, אָן שום שפּייז. מיליאָנען זענען געשטאָרבן פון הונגער. אין זייער פאַרצווייפלונג האָבן עלטערן געגעסן זייערע אייגענע טויטע קינדער. קאַניבאַליזם איז געוואָרן אַ מאַסן־דערשיינונג. נאָך אין 1919 האָט זיך די רעגירונג פון לענין געוואָנדן צום... קאַפּיטאַליסטישן מערב, דעם פאַרהאַסטן קאַפּיטאַ־ליסטישן רעזשים, ער זאָל ראַטעווען די הונגער־שטאַרבנדיקע פון דער וואָלגאַ. אין 1921 האָט זיך מאַקסים גאָרקי געוואָנדן צו די „גוטהאַרציקע מענטשן פון דער וועלט" און צו הערבערט הווער, דעם „אימפּעריאַליס־טישן "דירעקטאָר פון דער הילפס־אָרגאַניזאַציע ביי דער „פעלקער־ליגע" (געגרינדעט אין 1919) בעטנדיק שפּייז פאַר די הונגעריקע. 6 מיליאָן נפשות זענען דאַן געשטאָרבן פון הונגער.

לענין האָט דערזען דעם שוידערלעכן גהינום, אין וועלכן ער האָט אַריינגעוואָרפן רוסלאַנד. אין אָנהויב 1918, אין די האָניק־חדשים פון דער רעוואָלוציע, האָט נאָך לענין געשריבן (אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דיס־קוסיע וועגן שליסן אָדער נישט דעם דראַקאָנישן שלום מיט דייטשלאַנד) „פאַרן דערפאָלג פון סאָציאַליזם אין רוסלאַנד דאַרפן מיר אַ „פּערעדישקע" (אַן אָטאָם־פּויזע) פון לכל הפּחות אייניקע חדשים" און אין 1924, נאָך לענינס טויט, דערציילט טראָצקי: „איך געדענק, אַז אויף די ערשטע

זיצונגען פון ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן (די רעגירונג) פלעגט לענין אָפּט איבערחזרן, אַז איין משך פון אַ האַלב יאָר וועט דער סאָציאַליזם טריאומפירן און מיר וועלן זיין די שטאַרקסטע מדינה אויף דער וועלט". די דאָזיקע אילוזיעס האָבן געפּלאַצט. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פון אומר ביז עושה איז אַ גאַר ווייטער מהלך, אַז דער וועג טויג אויף „צען טיסיאַטשי" און אויפן קאָנגרעס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דעם 16־טן מערץ 1921 הערן מיר שוין גאָר נייע טענער!

„די פראַגע פון פאַרבייטן דעם הערשנדיקן סיסטעם פון אָבליגאַטאָ־רישער תבואה־ליפערונג אויף אַ שטייער איז אַ פּאָליטישע פראַגע, וועמענס עיקר איז די באַציִונג צום פויערטום. דער גורל פון אונדזער גאַנצער רעוואָלוציע איז אָפּהענגיק פון דער רעוויזיע. אין די אַנטוויקלטע לענדער עקזיסטירט אַ קלאַס פון אַגראַר־אַרבעטער, וואָס קאָן סאָציאַל, עקאָנאָמיש און פּאָליטיש זיין אַ שטיצע פאַרן איבערגאַנג צום סאָציאַליזם. ביי אונדז, אין רוסלאַנד, עקזיסטירט נישט קיין זעלכער קלאַס. מיר פאַרמאָגן אַ קליינע מינדערהייט אינדוסטריע־אַרבעטער און אַן אומגעהויערע מאַסע פון פויערים. די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע ביי אונדז קאָן זיגן (הייסט עס, אַז זי האָט נאָך נישט געזיגט, כאָטש די מאַכט געהערט צו די קאָ־מוניסטן!) נאָר אונטער 2 באַדינגונגען: 1) אַז די רעוואָלוציע זאָל זיין געשטיצט דורך אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע פון איינער אָדער צוויי פאָרגעשריטענע לענדער; 2) פאַרשטענדיקונג פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס האַלט אָן די מאַכט מיט דער מערהייט פון פויערטום. מיר מוזן דערפילן די פאָדערונגען פון פויערטום, וואָס איז אומבאַפרידיקט, אומצופרידן, מיט רעכט אומצופרידן און קאָן נישט זיין צופרידן. מיר מוזן זיי זאָגן אָפן: אַזאַ לאַגע קאָן מער נישט אָנהאַלטן. מיר קאָנען די פאָדערונגער פון די פויערים: ערשטנס, איז נויטיק אַ געוויסע פרייהייט פון האַנדלען, פריי־הייט פון קליינע לאַנדווירטן און צווייטנס, מוזן מיר פּראָדוצירן סחורות. וואָס פאַראַ פרייהייט פון האַנדל קאָן עס זיין, ווען ס'איז נישטאָ מיט וואָס צו האַנדלען... פרייהייט פון האַנדל באַדייט אָבער צוריק צום קאַפּי־טאַליזם... ווי אַזוי האָבן מיר ביז איצט געהאַנדלט? מיר האָבן איינגעפירט די פליכט פון ליפערונג, ד.ה. די ליפערונג פון דער גאַנצער תבואה, וואָס האָט זיך געפונען אין די הענט פון פויער. מיר האָבן איינגעשטעלט אַ שטאַט־מאָנאָפּאָל. מיר האָבן אַנדערש נישט געקאָנט האַנדלען, ווייל מיר האָבן זיך געפונען אין אַן אויסערגעוויינלעכער נויט... איצט מוזן מיר איבערגיין צו אַן אַנדער פּאָליטיק, צום פרייען האַנדל. דער פרייער האַנדל

וועט דינען דעם פויער אַלס שטויס־און טרייב־מקור. ער וועט אין זיינע אייגענע אינטערעסן, אַרבעטן פלייסיק, ווייל מ׳וועט ביי אים נישט צו־נעמען דעם עודף, נאָר אַ פאָרויסבאַשטימטן שטייער. מיר מוזן אונדזער ווירטשאַפט צופּאַסן צו דער ווירטשאַפט פון מיטעלן פויער (שוין נישט בויען „סאָציאַליזם״ און אַפילו נישט בויען אויפן „ביעדניאַק״, דעם אָרעמען פויער). מיר מוזן די באַציונגען צווישן פּראָלעטאַריאַט און פויערטום קאָרעגירן״.

אַזוי האָט לענין פּראָקלאַמירט דעם נ. ע. פּ., די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק, וואָס האָט אָנגעהאַלטן פון 1921 ביז 1928. לענין האָט נאָכגעגעבן די קראַנשטאַטער מאַטראָסן — נאָכן אויסהרגענען זיי, ער האָט נאָכגעגעבן די פויערים, נאָך דעם ווי 6 מיליאָן זענען געשטאָרבן פון הונגער און אַנדערע מיליאָנען געהרגעט אין די צוזאַמענשטויסן מיט דער „רויטער״ „פּראָלעטאַרישער״ מיליץ. די רעזולטאַטן פון „נעפּ״ זענען געווען גלענצנ־דיקע. שוין אין 1922 האָבן די באַפרייטע פויערים דערגרייכט דעם פּראָ־דוקציע־ניוואָ פון 1916 און באַזיגט דעם שרעקלעכן הונגער. דער פויער האָט דערפילט, אַז די ערד איז זיינע און די פּראָדוקציע איז זיינע, האָט ער געאַקערט (אָפּט איינשפּאַנענדיק זיין פרוי, ווייל די פערד זענען רע־קוויזירט געוואָרן אָדער געפּגרט פון הונגער), געזייט און געשניטן, גע־בראַכט אין שטאָט און פאַרקויפט. דאָס האָט געצווונגען צו בייטן די באַציונג צום האַנטווערקער און ביז סוף 1922 האָט די סאָוויעטישע מאַכט אַרויסגעגעבן 667 טויזנט קאָנצעסיעס (דערלויבענישן) פאַר פרייער מלאכה און האַנדל און זיי האָבן פּראָדוצירט 87 פּראָצענט פון דער גאַנצער פּראָדוקציע, אין דער צייט ווען די גרויס־אינדוסטריע מיט אירע מיליאָנען אַרבעטער האָט קוים פּראָדוצירט 13 פּראָצענט. לענין איז געגאַנגען נאָך ווייטער און פאָרגעלייגט קאָנצעסיעס די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע און אימפּעריאַליסטישע אונטערנעמונגען אין מערב־אייראָפּע, צווישן זיי לאָרד דעטערינג פון דער ענגלישער פּעטראָלעאום־פּראָדוקציע. לענין האָט פאַר־וואָרפן די א. ג. „אוראָוונילאָווקע״, דעם פּרינציפּ פון גלייכע לוינען פאַר אַלע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, פאַר די אינזשיניערן און שוואַרץ־אַרבעטער לויטן מוסטער פון דער פאַריזער קאָמונע. לענין האָט געחוזקט פון די „אויסגעלינקטע קאָמוניסטן״, וואָס האָבן די „אוראָוונילאָווקע״ געמאַכט פאַרן הויפּט־פּרינציפּ פון קאָמוניזם, פאַרטיידיקנדיק די לוין־אונטערשיידן. „די העכערונג פון די לוינען מוז זיין אָפּהענגיק פון דער

פראָגרעסירונג פון דער פראָדוקציע, פון אַנטייל פון יעדן אַרבעטער אין דער פּאַרגרעסערונג".

די באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן עסן און... זיך פאַרמערן און זייער גיך. אויב ביזן יאָר 1922 איז זי געפאַלן ביז 134 מיליאָן, ציילט זי שוין אין 1929 153 מיליאָן, אַ צוּוואוקס פון 19 מיליאָן. ס'איז געוואַקסן די שטאָטישע באַפעלקערונג, אָבער אויך די דאָרפישע. די צאָל פּויערישע משפחות איז אויסגעוואַקסן פון 16,5 מיליאָן אויף 26 מיליאָן.

אין אַ רעדע, וואָס לענין האָט געהאַלטן אין 1921 זאָגט ער: „וויפל פעלערן זענען מיר באַגאַנגען... ס'וואָלט געווען אַ פאַרברעכן נישט צו אָנערקענען, אַז מיר זענען אַריבער אַלע גרענעצן... מיר זענען דורכגע־פאַלן אין אונדזער פרווו אויפצובויען מיט אַ מאָל דעם סאָציאַליזם... די דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאַט באַדייט, אַז נאָך קיינמאָל האָט זיך דער פראָלעטאַריאַט נישט געפונען אין אַזאַ שרעקלעכער סיטואַציע, ווי היינט... מיר מוזן אָפּלאָזן דאָס בויען תיכף דעם סאָציאַליזם און זיך צוריקציִען אויפן עקאָנאָמישן געביט צום שטאַטס־קאַפּיטאַליזם... מיר זענען עם־הארצים, מיר לעבן אין אַן אַדמיניסטראַטיוון כאַאָס..."

קיין שאַרפערער באַשולדיקונג האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין שום קעגנער. פאַר פיל ווייניקער פלעגט די „טשעקאַ" אַרעסטירן און נישט זעלטן אויך הרגענען...

דעם 13־טן נאָוועמבער 1922, דעם 5־טן יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער רעוואָלוציע, האָט לענין געהאַלטן איינע פון זיינע לעצטע רעדעס. מאַכנדיק אַ סך הכל פון די 5 יאָר, זאָגט ער: „אין 1918 האָב איך געהאַלטן, אַז אין צושטאַנד אין וועלכן עס געפינט זיך די סאָוויעטן־רעפּובליק, איז דער שטאַטס־קאַפּיטאַליזם געווען אַ שריט פאָרויס. עס קלינגט אפשר ווילד, ווייל אונדזער רעפּובליק איז דאָך אַ סאָציאַליסטישע. מיר פלעגן צו יענער צייט אָננעמען יעדן טאָג מיט גרויס איילעניש, געניייער מיט צו גרויסער איילעניש נייע מאָסמיטלען, וואָס האָבן געדאַרפט זיין סאָציאַליסטיש. אין 1921 נאָך אונדזער זיג אין בירגער־קריג, האָט זיך די ראַטנ־רעגירונג געפונען אין דעם העכסטן פּאָליטישן קריזיס, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט די אומצופרידנקייט נישט נאָר פון פּויערטום, נאָר אויך פון דער אַרבע־טערשאַפט. דאָס איז געווען, איך גלויב אַז צום לעצטן מאָל, ווען די גרויסע מאַסן פון פויערטום זענען געווען קעגן אונדז. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל מיר זענען אין דער עקאָנאָמישער אָפענסיווע געגאַנגען צו ווייט, מיר האָבן נישט פאַרזיכערט קיין גענוגנדיקע באַזע. די מאַסן

האָבן דערפילט, וואָס מיר האָבן פאַרשטאַנען וואָכן שפּעטער, אַז דער אוממיטלבאַרער איבערגאַנג צו ריין־סאָציאַליסטישע פאָרמען האָט איבער־געשטיגן אונדזערע כוחות און באַדראָט מיט אונטערגאַנג (קראָנשטאַטער אויפשטאַנד!). דער קריזיס איז אויסגעבראָכן און מיר האָבן באַשלאָסן איינשטימיק איבערגיין צו דער נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק... האָט אונדז דער ריקצוג גערעטעוועט? איך גלויב, אַז יאָ. דאָס פּויערטום געפינט זיך היינט אין אַזאַ לאַגע, אַז ס'עקזיסטירט נישט קיין געפאַר פון אַן ערנסטער באַוועגונג קעגן אונדז. דאָס פּויערטום קאָן זיין אומצופרידן, ווייל אונדזער אַפּאַראַט און שטאַטס־ווירטשאַפט זענען נאָך זייער שלעכטע. די לייכט־אינדוסטריע אַנטוויקלט זיך. די בעסערונג פון דער לאַגע פון די פּעטער־בורגער און מאָסקווער אַרבעטער איז אַן שום צווייפל. אָנהויב 1921 האָט געהערשט אומצופרידנקייט צווישן די אַרבעטער פון אונדזערעביידע הויפּט־שטעט. היינט איז עס שוין אַנדערש... ס'איז קלאָר, אַז מיר האָבן אָפּגעטאָן אַן אַ שיעור נאַרישקייטן און נאָך אַ סך וועלן מיר אָפּטאָן. די סיבות? מיר זענען אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד. די בילדונג ביי אונדז איז אַ מינימאַלע און מיר באַקומען נישט קיין הילף. אויך אונדזער מלוכה־אַפּאַראַט איז שולדיק. מיר האָבן איבערגענומען דעם אַלטן אַפּאַראַט און דאָס איז געווען אונדזער אומגליק. מיר פאַרמאָגן געוואַלטיקע מאַסן אָנגעשטעלטע, מיר האָבן אָבער נישט געשולטע קאַדרן... מיר מוזן זיי צוגרייטן און דאָס וועט דויערן פילע יאָרן".

די דאָזיקע טענות האָבן אַרויסגעבראַכט די מענשעוויקעס, אָבער פאַר אַרויסברענגען וועלכע ס'איז קריטיק, פלעגן זיי ווערן אַרעסטירט און באַדראָט מיט טויט־שטראָף. נאָר די פּערזענלעכע אינטערווענץ פון לענינען האָט גערעטעוועט די מענשעוויסטישע מנהיגים פון טויט און זיי דער־לויבט צו פאַרלאָזן רוסלאַנד.

די רעדע, וואָס מיר פאַרעפנטלעכן אויבן איז געווען פאַקטיש לענינס לעצטע רעדע. ער האָט געליטן פון אַרטעריאָ־סקלעראָזע פאַרשאַרפט דורך דער קויל, וואָס ער האָט באַקומען אין אויגוסט 1918 (געשאָסן דורך דער ס.ר. דאָראַ קאַפּלאַן). לענין איז געפאַלן אין בעט און נישט אויפגעשטאַנען מערער ביז זיין טויט דעם 24־טן יאַנואַר 1924.

# לענינס באַציִונג צו דער מלחמה און וועלט־רעוואָלוציע

לענין האָט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געהערט צו די גאָר ווייניקע אמתע אינטערנאַציאָנאַליסטן, און קאַטעגאָרישע קעגנער פון דעם אימפּעריאַליסטישן קריג. זיי זענען געווען ווייניק די סאָציאַליסטן אין מערב־אייראָפּע, וואָס האָבן געוואַגט אויפצוהויבן זייער שטימע קעגן דער מלחמה. צום רום פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דאַרף מען פעסטשטעלן, אַז כמעט אַלע רוסישע סאָציאַליסטן זענען געווען קעגנער פון דער מלחמה און לענין האָט געהערט צו די עקסטרעמסטע. זיין שטעלונג איז געווען אַ קלאָרע, ווי זי ווערט דעפינירט אין זיין אַרטיקל „סאָציאַליזם און מלחמה״, דערשינען אין 1915 :

„די אָנהענגער פון זיג פון דער אייגענער רעגירונג, ווי אויך די אָנהענגער פון „נישט נצחון, נישט מפּלה״ שטייען ביידע אויפן שטאַנדפונקט פון די סאָציאַל־שאָוויניסטן. דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט קאָן נישט אין אַ רעאַקציאָנערער מלחמה נישט ווינטשן אַ מפּלה דער אייגענער רעגירונג, ווייל נאָר מיליטערישע מפּלות פאַרלייכטערן דעם קאַמף קעגן דער רעגירונג״.

ווען ער קומט אין אַפּריל 1917 קיין רוסלאַנד ווייסט לענין, אַז דאָס פאָלק איז מיד פון דער מלחמה, אָבער ס׳האָט גלייכצייטיק נאָך געהערשט אַ מין ווידערווילן קעגן אַ סעפּאַראַטן שלום מיט דייטשלאַנד, פאַראַטן די פאַרבינדעטע ענגלאַנד און פראַנקרייך איז נישט געווען פּאָפּולער. לענין גיט נאָך די שטימונגען און שרייבט אין אַפּריל (21־טן) „די פּאַרטייאַגיטאַטאָרן מוזן כסדר פּראָטעסטירן קעגן די נידערטרעכטיקע פאַרלוימדונגען, אַז אונדזער פּאַרטיי איז פאַר אַ סעפּאַראַטן שלום מיט דייטשלאַנד. מיר זענען קעגן פאַרהאַנדלונגען מיט די קאַפּיטאַליסטן... נאָר דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט וועט פאַרענדיקן די מלחמה דורכפירנדיק די פּראָלעטאַרישע וועלט־רעוואָלוציע.״

אין סעפּטעמבער, נאָכן דורכפאַל פון דער יולי־אָפענסיווע פון קערענסקי, ווען די פאָדערונג פון אַ סעפּאַראַטן שלום איז געוואָרן פּאָפּולער און אויך די מענשעוויקעס האָבן זי אָנגענומען, שרייבט לענין : „ווען אונדזער שלום פאָרשלאַג וועט אָפּגעוואָרפן ווערן, וועלן מיר ווערן „פאַרטיידיקער פון פאָטערלאַנד. מיר וועלן זיין די קריגערישסטע פון אַלע

פּאַרטייען, מיר וועלן אָנפירן די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי" (לויטן ביישפּיל פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע) — דאָס איז אָבער נישט געווען מער ווי אַ פראַזע, ווייל ווי ריכטיק האָט דאָס שפּעטער פעסט־געשטעלט לענין, „די סאָלדאַטן האָבן מיט זייערע שטיוול געשטימט פאַר שלום" (פאַרלאָזנדיק מאַסנווייז די אָקאָפּעס און דעם פראָנט) און דורכגעפירט די אָקטאָבער־איבערקערעניש, ווי מיר האָבן דאָס פריער פעסטגעשטעלט, האָבן נישט די אַרבעטער, נאָר די סאָלדאַטן און מאַטראָסן הויפּטזעכלעך דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט גיין אויפן פראָנט.

נאָך דער איבערקערעניש, גלייך צומאָרגנס, דעם 26־טן אָקטאָבער, האָט דער קאָנגרעס פון די סאָוויעטן אויפן פאָרשלאָג פון די באָלשעוויקעס זיך געווענדט צו אַלע רעגירונגען פון דער וועלט, רופנדיק זיי צו תיכפדיקע שלום־אונטערהאַנדלונגען. קיינער האָט נישט געענטפערט.

10 טעג שפּעטער האָט לענין פאַראָרדנט דעם קאָמאַנדיר פון מערב־פראָנט, גענעראַל דוכאָנין, בעטן וואָפנשטילשטאַנד. דער קאָמאַנדיר האָט געענטפערט, אַז ער אָנערקענט נישט לענינס רעגירונג. ער איז גלייך אַראָפּגענומען געוואָרן און דערשאָסן און דעם אַמט האָט איבערגענומען דער באָלשעוויק קירילענקאָ. קירילענקאָ האָט זיך געוואָנדן צום דייטשן צד פון יענער זייט פראָנט און נאָך וואַקלענישן, איז דעם 2־טן דעצעמבער געשלאָסן געוואָרן דער וואָפנשטילשטאַנד אין ברעסט ליטאָווסק (בריסק) די דייטשן זענען געווען אין אַ לאַגע, נישט קיין סך קיין בעסערע ווי די רוסן. אין דייטשלאַנד האָט געהערשט הונגער און ס׳זענען שוין אויסגע־בראָכן די ערשטע שטרייקן און אַפילו בונטן, אין רור־געביט און קיל־קאַנאַל. אויפן מערב־פראָנט האָבן זיך באַוויזן פרישע אַמעריקאַנער מיליטער־כוחות און דייטשלאַנד האָט קיין רעזערוון נישט פאַרמאָגט. אין עסטרייך האָט געהערשט אַ רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע און די עסטרייכישע רעגירונג האָט געבעטן סעפּאַראַטן שלום און דער דייטשישער גענעראַל־שטאַב האָט געגלויבט, אַז מיט דער הילף פון די דיוויזיעס, וואָס וועלן באַפרייט ווערן פון רוסישן פראָנט וועט ער קאָנען זיך קעגנשטעלן אויפן מערב־פראָנט. אין דער קאָנפערענץ האָבן דייטשלאַנד רעפּרעזענטירט גענעראַל האָפמאַן און פרינץ לעאָפּאָלד, רוסלאַנד — קאַמעניעוו און זינאָוויעוו. קאַמעניעוו האָט געפאָדערט: 1) וואָפנשטילשטאַנד ביז דער קאָנפערענץ פון אַלע מלחמה־האַלטנדיקע לענדער, 2) דייטשלאַנד איז פאַרבאָטן איבערצופירן זעלנער פון מזרח־פראָנט קיין מערב, כדי די מערב־אַרבעטער זאָלן נישט קאָנען פאָרוואַרפן די באָלשעוויקעס, אַז זיי

האָבן זיי פאַראַטן. די דייטשן האָבן מסכים געווען אויף אַ וואָפנשטילשטאַנד פון 90 טעג אָבער אָן שום באַדינגונגען.

די דייטשן האָבן אָרגאַניזירט פאַרשידענע קיסלינג־רעגירונגען אין די פאַרנומענע דורך זיי לענדער און געבראַכט צו דער שלום־קאָנפערענץ אַ פאָרשטייערשאַפט פון דער אוקראַיִנישער „ראַדע", פעטלוראַן און אַטאַמאַן סקאָראַפּאַדסקי, וואָס האָבן געפאָדערט אַן אומאָפּהענגיקע אוקראַיִנע. אַנדערע האָבן געפאָדערט אַן אומאָפּהענגיקע לעטלאַנד, עסטאָניע, ליטע, שליסנדיק אַ „בונד" מיט דייטשלאַנד. בראש פון דער סאָוויעטישער דעלעגאַציע איז געשטעלט געוואָרן טראָצקי. פאַרצווייפלט פון דעם דייטשישן „שלום"־טריק, האָט ער טעלעגראַפירט קיין לאָנדאָן און פּאַריז, בעטנדיק זייער אָנטייל אין דער שלום־קאָנפערענץ. די אַליִרטע האָבן נישט געענטפערט און טראָצקי דערקלערט דעם 28־טן יאַנואַר 1918 „די דייטשן צילן צו אונטערדריקן די פרייע פעלקער, וואָס האָבן געהערט צו דער רוסישער מלוכה. מיר קאָנען קיין זעלכן שלום נישט אונטערשרייבן. דערפאַר דערקלערן מיר „נישט מלחמה און נישט שלום". די דייטשן האָבן אויף דעם געענטפערט, אַז אין פאַל די רוסישע רעגירונג וועט נישט אונטערשרייבן דעם שלום־אָפּמאַך, וועלן די דייטשישע מיליטער־טיילן אַוואַנסירן אויף פּעטערבורג און מאָסקווע.

אין דעם צ. ק. פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי (ווי אויך ביי די ס. ר.) האָבן די דייטשישע שלום־באַדינגונגען אַרויסגערופן אַ שטורעם. אַ גרויסער טייל פון די מיטגלידער פון צ. ק. האָבן געפאָדערט אַ „רעוואָלוציאָנערע מלחמה", מאָביליזירן די אַרמיי, די אַרבעטער, די פּויערים און שלאָגן די דייטשן. טראָצקי האָט געוווּסט און דערקלערט, „נישט האָבנדיק קיין אַרמיי (די אַרמיי האָט נישט וואַרטנדיק אויף קיין דערלויבעניש, דעזערטירט און אַנטלאָפן פון די אָקאָפּעס) קאָנען מיר נישט פאָרזעצן די מלחמה, מיר קאָנען אָבער אויך נישט אונטערשרייבן קיין שענדלעכן שלום, וואָס וועט אונדז פאַרוואַנדלען אין פּאַרעטער פון רוסלאַנד. דערפאַר איז אונדזער לאָזונג: נישט מלחמה אָבער אויך נישט שלום מיט די דייטשישע אימפּעריאַליסטן. מיר וועלן וואַרטן ביז די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד וועט דורכפירן אַ „קייזער־שניט" און פאַרענדיקן מיטן קייזער און זיין רעזשים".

לענין איז געווען דער רעאַליסטישער פון אַלע. ער האָט געוווּסט, אַז קיין רוסישע אַרמיי איז מער נישט פאַראַן. קיין מלחמה־ענטוזיאַזם צווישן די אַרבעטער און פּויערים איז אויך נישט פאַראַן און נישטאָ קיין

ברירה ווי צו שליסן דעם שלום מיטן גלויבן, אַז פריער־שפּעטער וועט אויסברעכן די וועלט־רעוואָלוציע וואָס וועט דעם שלום־אָפּמאַך אַנולירן.

זיין שטאַנדפּונקט איז געווען: „מען מוז ראַטעווען די רעוואָלוציע פאַר יעדן פּרייז. ווען מיר וואָלטן פאַרמאָגט אַזוי פיל דיסציפּלינירטע באַטאַליאָנען וויפל מיר האָבן רעזאָלוציעס, וואָלטן מיר זיך געקאָנט קעגנ־שטעלן דער גאַנצער אימפּעריאַליסטישער וועלט". קעגן די אויסרופן „פאַרעטער", האָט לענין פאַרגעזעצט „לאָמיר נישט זיין קיין שקלאַפן פון אונדזערע ווערטער. גיט מיר אַן אַרמיי פון 10 טויזנט, (צען טויזנט, נישט צען מיליאָן ווי ס'האָט געציילט די צאַרישע אַרמיי) וואָס וויל קעמפן קעגן שונא — וועל איך נישט אונטערשרייבן דעם שלום." אויף אַ זיצונג פון אַקטיוו פון פּעטערבורגער פאַרטיי האָט לענין געליטן אַ מפּלה. 32 האָבן געשטימט פאַר בוכאַרינס פאָרשלאָג „פּראָקלאַמירן אַ רעוואָלוציאָ־נערע מלחמה", 16 האָבן געשטימט פאַר טראָצקיס פאָרשלאָג (נישט מלחמה, נישט שלום) און נאָר 15 פאַר לענינס פאָרשלאָג — אונטער־צושרייבן דעם שלום. אין צ. ק. האָט געזיגט טראָצקיס שטעלונג. דעם 18־טן פעברואַר האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אַ נייע אָפּענסיווע, אָן ווידער־שטאַנד פאַרנומען אין געציילטע טעג דווינסק, פּסקאָוו, לעטלאַנד און עסטלאַנד און אויף דער דרינגענד־פאַרופענע זיצונג פון צ. ק. האָט לענין דערקלערט „די צייט פון רעוואָלוציאָנערע פראַזן איז פאַרענדיקט. איך דעמיסיאָניר". אונטער דער דראָונג האָט דער צ. ק. מיט 7 שטימען פאַר, 4 קעגן און 4 אָפּגעהאַלטענע באַשטעטיגט לענינס שטעלונג. אין עק־זעקוטיוו פון די סאָוויעטן איז לענין אויפגענומען געוואָרן מיט „פאַרעטער", „יודאַש", „דייטשער שפּיאָן", אָבער דאָך געזיגט. דער „וציק" האָט אָנגענומען לענינס פאָרשלאָג, מיט 116 שטימען קעגן 84 און 26 אָפּגעהאַלטענע, ד. ה. מיט דער קליינער מערהייט פון 6 שטימען.

דעם 3־טן מערץ איז דער „שלום" אונטערגעשריבן געוואָרן. לענין האָט נאָך אַ מאָל געזיגט. ער האָט געגלויבט, אַז ס'וועט אין קורצן אויסברעכן די וועלט־רעוואָלוציע. 8 חדשים שפּעטער. דעם 9־טן נאָ־וועמבער איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, דער קייזער איז אַנטלאָפן, אָבער די רעוואָלוציע איז נישט געווען קיין סאָציאַלע. דייטשלאַנד האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רעפּובליק און דער קאַמף פון די דייטשישע קאָמוניסטן קעגן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט געשאַפן די באַדינגונגען פאַר היטלערס קומען צו דער מאַכט — 14 יאָר שפּעטער. לענין איז געווען זיכער, אַז די סאָציאַלע וועלט־רעוואָלוציע „שטייט

הינטער דער טיר". בעת זיין 17־יעריקן „גלות" אין דער שווייץ, איז ער געווען ווייניק פאַרבונדן מיט די מערב־אייראָפּעיִשע אַרבעטער. ער האָט געלעבט כמעט אויסשליסלעך צווישן די רוסישע עמיגראַנטן און פאַר אים איז געווען אַן אַקסיאָמע, אַן אַבסאָלוטע זיכערקייט, מאַרקס׳ס דעטערמי־ניסטישע פעסטשטעלונג, „אַז דער סאָציאַליזם מוז קומען" און נאָר די סאָציאַל־רעפאָרמיסטן, סאָציאַל־שאָוויניסטן זיי שטערן דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

נאָך דער מלחמה האָט זיך געדאַכט, אַז די סאָציאַלע וועלט־רעוואָ־לוציע קומט טאַקע אויף אַן אמת. אין אַ סך לענדער האָבן זיך געגרינדעט „סאָוויעטן", אין דייטשלאַנד, איטאַליע, ענגלאַנד. אין אונגאַרן איז אויפ־געשטעלט געוואָרן אַ סאָוויעטן־רעגירונג מיט בעלאַ קון בראש. אין פראַנ־קרייך איז די סאָציאַליסטישע פאַרטיי געשטיגן פון 18 טויזנט אין יאָר 1917 אויף 180 טויזנט און די לינקע, פּראָסאָוויעטישע עלעמענטן האָבן געהאַט אַ שטאַרקע השפעה. אין ענגלאַנד איז די לייבאָר־פאַרטיי געשטיגן פון 2,5 מיליאָן אויף 4,5 מיליאָן און די לינקע „אומאָפּהענגיקע פאַרטיי" איז געוואַקסן גיך. אין איטאַליע האָבן די סאָציאַליסטן באַקומען 40 פּראָ־צענט שטימען ביי די פאַרלאַמענט־וואַלן און אין צפון האָבן אַרבעטער פאַרכאַפּט פאַבריקן. אין בייערן איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ ראַטן־רעפּובליק (וואָס האָט אָנגעהאַלטן קוים 3 וואָכן) און לענין איז געווען זייער אָפּטימיסטיש.

ער איז דער „פאָטער" פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט געזאָלט זיין דער „גענעראַל־שטאַב" פון דער וועלט־רעוואָלוציע און איז געגרינדעט געוואָרן דעם 2־טן מערץ 1919 אין מאָסקווע. אין זיין רע־פעראַט, ביים עפענען דעם קאָנגרעס האָט לענין דערקלערט: „דער דריטער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל (דער ערשטער געגרינדעט אין 1864 אין לאָנדאָן, דער צווייטער אין 1889 אין פאַריז) וואַרפט אָפּ די אָפּאָרטו־ניסטן, נאַציאָנאַל־שאָוויניסטן, דאָס בירגערלעכע און קליינבירגערלעכע ווילדגראָז און האָט אָנגעהויבן פאַרווירקלעכן די דיקטאַטור פון פּראָלע־טאַריאַט... פאַר אַ געוויסער צייט, זעלבסטפאַרשטענדלעך פאַר אַ קורצער צייט איז די העגעמאָניע איבערגעגאַנגען צו די רוסן... אין פאַרגלייך מיט די פאָרגעשריטענע לענדער איז די רוסן געווען לייכטער אָנצוהויבן די רעוואָלוציע, ס׳וועט אָבער אַלץ שווערער זי פאָרצוזעצן און פירן ביזן אַנטגילטיקן זיג און די פולשטענדיקע אָרגאַניזירונג פון דער סאָציאַליס־טישער געזעלשאַפט... די סאָוויעט־רעפובליקן אין די לענדער פון העכערער

קולטור שטופע, מיט אַ גרעסערן אַנטייל און איינפלוסן פון פּראָלעטאַריאַט, האָבן אַלע אויסזיכטן איבערצויאָגן רוסלאַנד״ (אין די לענדער פון „העכערער קולטור־שטופע״ זענען אָבער קיין סאָוויעט־רעפּובליקן נישט אויפגעקומען און רוסלאַנד איז געבליבן אַן אַזיאַטיש לאַנד).

סוף דעם זעלבן יאָר, נישט פאַרלירנדיק די אילוזיעס, זאָגט לענין אויף אַ צוזאַמענקונפט פון אַזיאַטישע קאָמוניסטן: „יעדער איינער ווייסט, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין אייראָפּע, ענגלאַנד און אַמעריקע ווערט רייף... עס ווערט אַלץ קלאָרער, אַז די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, וואָס נעמט אַרום די גאַנצע וועלט, קאָן זיך נישט באַגרענעצן צום זיג פון פּראָלעטאַריאַט פון יעדן לאַנד איבער איר בורזשואַזיע, נאָר ווערט אויך דער קאַמף פון די אונטערדריקטע קאָלאָניעס קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן אימפּעריאַליזם... דער בירגער־קריג פון די אַרבעטער קעגן די אימפּע־ריאַליסטן פאַראייניקט זיך מיטן נאַציאָנאַלן קריג קעגן אימפּעריאַליזם... זעלבסטפאַרשטענדלעך, דעם אַנטגילטיקן זיג קאָן דערגרייכן נאָר דער פּראָלעטאַריאַט פון די פאָרגעשריטענע לענדער... אונדזער איינציקע האָפענונג איז דער זיג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע״ (עס וואָלט מעגלעך אַנדערש אויסגעזען דער קאָמוניזם, ווען ער זיגט אין מערב־אייראָפּע און נישט אין אָפּגעשטאַנענעם, האַלב־אַזיאַטישן רוסלאַנד, כאָטש פון דער אַנדערער זייט איז היטלער נישט קיין פּראָדוקט פון אַזיע נאָר דווקא פון „קולטורעלן״ דייטשלאַנד און עסטרייך).

## לענינס צוואה

די קראַנקייט, וואָס האָט אים צוגעשמידט צום בעט, אין משך פון העכער אַ יאָר צייט, האָט אים דערלויבט זען פון דער זייט דעם אמתן מצב פון דער רעוואָלוציע. ער האָט דערזען, אַז די רעאַליטעט איז שרעקלעך ווייט פון זיינע חלומות און ליגנדיק אין בעט, דיקטירט ער זיין סעקרעטאַרשע און זיין פרוי בריוו און אַרטיקלען, וואָס ריידן אין גאָר אַן אַנדער טאָן.

דעם 2־טן יאַנואַר 1923 „מיר פלוידערן וועגן פּראָלעטאַרישער קול־טור, אָבער סע האַנדלט זיך וועגן אונדזער האַלב־אַזיאַטישער קולטור־לאָזיקייט, פון וועלכער מיר זענען נאָך נישט אַרויס. מיר מוזן אָנפאַנגען מיט אַ קולטור־פאַרקער צווישן שטאָט און דאָרף אַן דעם ציל פון פאַר־

פלאַנצן דעם קאָמוניזם אין דאָרף. שטעלן זיך היינט אַזאַ ציל, וועט ברענגען מער שאָדן ווי נוצן".

אין מאַי 1923 שרייבט ער: „מיר מוזן איבערבויען אונדזער אַפּאַראַט וואָס מיר האָבן איבערגענומען פון פריער און וואָס טויג צו גאָרנישט". לענין רופט צו אַ „קולטור־רעוואָלוציע" (נישט לויטן סטיל פון מאַאָ) „ווייל מיר זענען אַנאַלפאַבעטן".

אין זיין אַרטיקל „אַרבעטער און פּויערים אינספּעקציע" שרייבט לענין: „דער ערשטער פינפיאָר האָט אונדז אָנגעזאָפּט... מיט אומגלויבן און סקעפּטיציזם... מיטן שטאָטס־אַפּאַראַט שטייט ביי אונדז זייער טרויעריק, כדי נישט צו זאָגן אָפּשיילעך. מען מוז באַצייטנס קומען צום שכל. מיר פאַרמאָגן אַ ביסל גוטע עלעמענטן, זיי וויסן אָבער נישט, ווי אַזוי בעסער צו אַרבעטן... ס'איז נויטיק קולטור. מיר מוזן לערנען, צווייטנס לערנען און דריטנס ווידער לערנען, כדי די וויסנשאַפט זאָל נישט פאַרבלייבן אַ טויטער בוכשטאַב... מיר האָבן צעשטערט די קאַפּיטאַליסטישע אינדוס־טריע, דעם גרויסן גרונט־באַזיץ און אויף זיין אָרט געשאַפן אַן אָפּגע־שטאַנענע קליין־ווירטשאַפט... רוסלאַנד איז איצט אָפּגעשטאַנענער ווי פריער, די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבעט נידעריקער ווי פאַר דער מלחמה... וועט אונדז געלינגען איבערצוהאַלטן ביז די מערב־אייראָפּעיִשע קאַפּיטאַליסטישע לענדער וועלן איינוואַקסן אין סאָציאַליזם?" אפילו אין מאָמענט פון אַבסאָלוטן יאוש, גלויבט נאָך לענין אין דער וועלט־רעוואָ־לוציע. „מיר האָבן אויף אונדזער זייט דעם פּלוס, אַז די סאָציאַליסטישע וועלט־רעוואָלוציע דערנענטערט זיך אַלץ מערער"...

טרויעריק איז דער מצב פון אַ מנהיג, וואָס זעט ווי אַלע זיינע חלומות האָבן געפּלאַצט ווי זייפן־בלאָזן און גערעכט איז נישט געווען ער, נאָר זיינע קעגנער די מענשעוויקעס. צערעכטמאַכן דעם מצב האָט ער שוין נישט געקאָנט, ווייל דערווייל איז ער באַגאַנגען נאָך אַ קאַרדינאַלן טעות, וואָס האָט געקאָסט די וועלט דירעקט און אומדירעקט ביי די 80 מיליאָן קרבנות, פון דעם בלויז רוסלאַנד ביי די 50 מיליאָן. דער דאָזיקער טעות האָט געהייסן סטאַלין.

אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט אין קיין איין מאָמענט נישט עקזיסטירט קיין איינשטימיקייט. נישט זעלטן איז לענין געווען אין דער מינדערהייט. עס האָבן זיך געפונען „אולטראַ־לינקע" קעגנער פון ג. ע. פּ. מיט שאַלאַפּניקאָוו און קאָלאָנטאַי בראש, עס האָבן זיך געפונען „רעכטע" ווי ריקאָוו־טאָמסקי, ס'האָט אויך עקזיסטירט

אַ פערמאַנענטער ווידערשטאַנד פון זינאָוויעוו־קאַמיענעוו קעגן טראָצקין, דעם „נייעם באָלשעוויק״ (זיך אָנגעשלאָסן אין יולי 1917) און אַ שטילע אָבער זייער ווירקזאַמע מלחמה קעגן טראָצקי פון סטאַלין, וואָס האָט זיך געפילט געטראָפן, פאַרקלענערט דורך דעם לייכטענדיקן שטערן פון טראָצקי. טראָצקי איז געווען דער גרויסער בויער פון דער „רויטער אַרמיי״, דער גרויסער זיגער פון בירגער־קריג, דער גרויסער אָרגאַניזאַטאָר פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע גופא און זיין אַנטייל, סטאַלינס איז געווען נישטיק. לענין האָט מורא געהאַט, אַז נאָך אים קאָן קומען צו אַ שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי און מיט דעם די צעפאַלונג פון דער סאָוויעטישער מדינה. ער האָט געזוכט אַ קאַנדידאַט, וואָס זאָל נישט געהערן צו קיין איינער פון די פאַרשידענע פראַקציעס, איינעם, וואָס האָט שטענדיק געשטיצט זיין, לענינס, שטעלונג און ער האָט געגלויבט, אַז אַזאַ פּאַסיקער קאַנדידאַט וועט זיין דער גרויער סטאַלין, ער וועט נישט זיין גרעסער פון אַנדערע און דעריבער וועט ער זאָרגן פאַר איינהאַלטן די אייניקייט. סטאַלין האָט נאָר געוואַרט אויף אַזאַ געלעגנהייט, ער האָט זיך געמאַכט „נידעריקער ווי גראָז״ ביז... ער האָט באַקומען די מאַכט. לענין האָט פאַרגעלייגט אין 1922 באַשטימען סטאַלינען אַלס גענעראַלסעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי און דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן דורכן פּאַרטיי־קאָנגרעס. אויף דעם האָט געוואַרט סטאַלין. נאָך אין תפיסה האָט סטאַלין שטודירט דעם איטאַליענישן שטאַטס־מאַן מאַקיאַוועלי און ביי אים געלערנט אַז „דער בעסטער סיסטעם צו רעגירן איז אַרומרינגלען זיך מיט אינדיווידואומס, וואָס האָבן נישט קיין אייגענעם שטאַנדפּונקט און זענען אינגאַנצן אָפּהענגיק פון באַלעבאָס. זיי זענען זיינע דינער, ער שיקט זיי אין פאַרשידענע פּראָווינצן, ער באַשטימט זייערע פּאָסטנס, פון אים זענען זיי אָפּהענגיק און אים מוזן זיי זיין דאַנקבאַר״. — סטאַלין האָט פאַרשטאַנען אויפשטעלן זייער גיך אַן אייגענעם אַפּאַראַט, באַהערשן דעם אָרגאַניזאַציע־דעפּאַרטאַמענט, „אויסריינקן״ פון דער פּאַרטיי אין משך פון איין יאָר 200 טויזנט פּאַרטיי־מיטגלידער, צווישן זיי אַלע וואָס האָבן געקאָנט זיין אומבאַקוועם. דער פּראָצענט אַרבעטער אין דער פּאַרטיי איז געפאַלן און זייער אָרט האָבן פאַרנומען מלוכהשע און פּאַרטייאישע אָנגעשטעלטע, וואָס זענען מערער געווען אָפּהענגיק פון גענעראַלסעקרעטאַר ווי די אַרבעטער.

לענין האָט דערפילט זיין פעלער, אָבער צו שפּעט. סוף דעצעמבער 1922 שרייבט ער אַ בריוו צום 12־טן פּאַרטיי־קאָנגרעס, אַ בריוו, וואָס האָט

שוין געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ צוואה. אין דעם בריוו שרייבט ער:
„טראַכטנדיק וועגן דער סטאַביליטעט פון דער פּאַרטיי, האַלט איך אַז דער שליסל געפינט זיך אין די הענט פון די חברים סטאַלין און טראָצקי. די באַציאונגען צווישן זייביידע באַדראָען די סטאַביליטעט פון דער פּאַרטיי. חבר סטאַלין מיט זיין אַמט האָט אַ געוואַלטיקן כוח אין זיינע הענט און איך בין נישט זיכער, אַז ער וועט דעם כוח אויסצונוצן מיט דער נויטיקער פאַרזיכטיקייט. חבר טראָצקי איז פּערזענלעך דער פעיִקסטער מיטגליד פון צ. ק. ער איז אַ גאון, ליידט אָבער פון אַ צו הויכער אָפּשאַצונג פון זיינע פעיִקייטן און האָט אַ טענדענץ צו לייזן אַלע פּראָבלעמען אויפן אַדמיניס־טראַטיוון וועג. דער קאַמף צווישן זיי קאָן ברענגען צו אַ שפּאַלטונג. וועגן די איבעריקע חברים, וויל איך באַמערקן, אַז די פּאָזיציע פון זינאָוויעוו און קאַמעניעוו אין אָקטאָבער (זיי זענען געווען קעגן אויפשטאַנד) איז נישט געווען קיין צופעליקע, מען דאַרף זיי אָבער דאָס נישט דערמאָנען, ווי מען דאַרף נישט דערמאָנען, אַז טראָצקי איז אַ נייער. בוכאַרין איז אַ פעיִקער טעאָרעטיקער און ליבלינג פון דער פּאַרטיי, אָבער זיין געדאַנקען־גאַנג איז נישט שטענדיק מאַרקסיסטיש". אייניקע טעג שפּעטער, האָט לענינס פרוי, נאַדיעזשדאַ קרופּסקאַיאַ, זיך געקלאָגט אויף דער גראָבער באַהאַנדלונג פון סטאַלינען און דעם 4־טן יאַנואַר 1923 שטעלט צו לענין צו זיין צוואה „סטאַלין איז צו ברוטאַל און אויב דעם דאָזיקן פעלער איז בכלל שווער צו טאָלערירן, קען מען אים נישט טאָלערירן ביי אַ גענעראַל־סעקרעטאַר. דערפאַר לייג איך פאָר די חברים אָראָפּנעמען סטאַלינען פון אַמט פון גענעראַל־סעקרעטאַר און באַשטימען אַן אַנדער חבר".

מיט דער הילף פון זינאָוויעוו און קאַמעניעוו, האָט דאָס פּאָליט־ביוראָ באַשטימט נישט צושטעלן דעם בריוו דעם פּאַרטיי־קאָנגרעס און אים באַהאַלטן אין אַרכיוו. סטאַלין איז פאַרבליבן גענעראַל־סעקרעטאַר און באַצאָלט זיינע רעטער, דערמאָרדנדיק זיי 13 יאָר שפּעטער. טראָצקי האָט די צוואה פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1930 און כרושטשאָוו אין פעברואַר 1956 אויפן 20־טן קאָנגרעס פון דער סאָוויעטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

דעם 21־טן יאַנואַר 1924 איז לענין געשטאָרבן. ווי עס גיט איבער נאַדיעזשדאַ קרופּסקאַיאַ זענען זיינע לעצטע ווערטער „איך בעט מחילה ביים רוסישן פּראָלעטאַריאַט" — ער האָט געהאַט אויף וואָס און פאַר וואָס צו בעטן מחילה. די רעוואָלוציע, וואָס ער האָט אָנגעפירט, האָט צו טייער געקאָסט דאָס רוסישע פאָלק און באַזונדערס דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט.

דאָס רוסישע פאָלק האָט נישט פאַרדינט פון דער רעוואָלוציע. עס

האָט אים געקאָסט אַ סך ליידן און אַ סך קרבנות און ביי אַ דעמאָקראַטישער רעגירונג פון טיפ קערענסקי, וואָלט רוסלאַנד היינט געווען רייכער און גליקלעכער, אָבער געוווּנען פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָבן די אַרבעטער אין מערב, וועמענס מצב האָט זיך פיל פאַרבעסערט נישט ווייניק אַ דאַנק דער מורא פון דער בורזשואַזיע און די רעגירונגען פאַרן קאָמוניזם און עס האָבן פאַרדינט די פעלקער פון אַזיע און אַפריקע, וואָס וואָלטן זיכער נישט באַקומען זייער זעלבסטשטענדיקייט ווען נישט די דערמאָנטע מורא פאַרן קאָמוניזם.

העכער 30 יאָר, פון 1923 ביז 5־טן מערץ 1953, האָט סטאַלין געהערשט אין רוסלאַנד. ער איז געשטאָרבן 2 מאָל, — פיזיש דעם דערמאָנטן 5־טן מערץ 1953, פּאָליטיש — אין פעברואַר 1956 ווען כרושטשאָוו האָט דערציילט דעם רוסישן פּאַרטיי־קאָנגרעס און דער וועלט די פאַרברעכנס, וואָס סטאַלין איז באַגאַנגען. ער איז אויך 2 מאָל באַגראָבן געוואָרן: אין מערץ 1953 אין לענין־מאַוזאָלעאום, שפּעטער אַרויסגענומען פון דאָרט און באַגראָבן אין אַ קרעמלין־וואַנט.

ביזן יאָר 1922 כמעט אומבאַקאַנט אין רוסלאַנד און אומבאַקאַנט דער וועלט. אין דער אָקטאָבער־איבערקערעניש אין פּעטערבורג נישט גענומען קיין אָנטייל, אין בירגער־קריג סאַבאָטירט סוכאָטשעווסקיס מאַרש אויף וואַרשע און פאַרלוירן צאַריצין (שפּעטערדיקן סטאַלינגראַד) צו דעניקינען. דער שוין דערמאָנטער סוכאַנאָוו שרייבט וועגן אים אין 1917 „צווישן די פירער פון די באָלשעוויקעס דרייט זיך אַרום אַ גרוי מענטשעלע — סטאַלין איז זיין נאָמען". 18 יאָר שפּעטער דעפינירט אים בוכאַרין „גענוג פאַר אים צו וויסן, אַז ער איז נישט העכער פון יעדן אַנדערן אויף צו מאַכן אים אומגליקלעך. דאָס איז זיין אומגליק און דאָס איז זיין איינציקער מענטש־לעכער געפיל. זיין רעאַקציע איז אָבער נישט קיין מענטשלעכע נאָר אַ טייוולשע. דערפאַר מוז ער נקמה נעמען אין יעדן מענטשן, וואָס איז פעיִקער פון אים, וואָס ווייסט מערער פון אים. יעדער מענטש, וואָס רעדט שענער פון אים, איז זיין גורל באַשטימט. סטאַלין וועט אים נישט דערלויבן לעבן, ווייל דער מענטש וועט אים דערמאָנען, אַז נישט ער, סטאַלין, איז דער בעסטער רעדנער. אויב אַ מענטש שרייבט בעסער פון אים, איז ער מיט דעם אַ פאַרמשפּטער. נאָר ער, סטאַלין, איז דער בעסטער רעדנער, דער בעסטער שרייבער. ער מוז זיין דער גרעסטער קינסטלער, וויסנשאַפט־לער. ער איז נישט קיין מענטש, נאָר אַ טייוול", — דאָס האָט בוכאַרין געזאָגט נאָך פאַר די מאָסקווער פּראָצעסן אין אַ שמועס מיטן מענשעוויק, דאַן. מען דערציילט, אַז אין תפיסה פלעגט ער זיך פרייען, ווען 2 אַרעס־טאַנטן פלעגן זיך צעשלאָגן ביז בלוט. דאָס האָט אים פאַרשאַפט פאַרגעניגן. דאָך זענען עס געווען זיינע שפּעטערדיקע קרבנות, פריער זינאָוויעוו און קאַמעניעוו, שפּעטער בוכאַרין, ריקאָוו, טאָמסקי, וואָס האָבן געהאָלפן סטאַלינען צו ווערן דער אַלמעכטיקער טיראַן.

סטאַלין, געבוירענער יוסף דזשוגאַשווילי איז געבוירן געוואָרן אין 1879 אין גרוזיע. זיין פאָטער — אַ שיכורער שוסטער, די מוטער — אַ טייערע,

איבערגעגעבענע מוטער. איר אידעאַל — מאַכן פון איר יוסוף אַ „פּאָפּ״, אַ גלח. זי שיקט אים אין דער טעאָלאָגישער שולע אין טיפליס. דאָרט שליסט ער זיך אָן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, ווערט אַ „באָלשע־וויק״ און צייכנט זיך אויס. די פּאַרטיי דאַרף געלט — אָרגאַניזירט סטאַלין אַן איבערפאַל אויף דער צאַרישער פּאָסט. סטאַלין ווערט אַרעסטירט, פאַרמשפּט אויף קאַטאָרגע, אַנטלויפט 3 מאָל פון סיביר. די פעברואַר־רעוואָלוציע באַפרייט אים. ער קומט קיין פּעטערבורג און צוזאַמען מיט מוכאַנאָוו און קאַמעניעוו נעמט ער איבער די רעדאַקציע פון דער „פּראַווודאַ״. זיין שטעלונג — אַ פּאָזיטיווע לגבי דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג און פאַר דער פאַראייניקונג פון די באָלשעוויקעס מיט די מענשעוויקעס. 3 וואָכן שפּעטער קומט לענין, ער קריטיקירט די ליניע פון דער „פּראַווודאַ״. קאַמעניעוו דיסקוטירט, שטעלט זיך קעגן, סטאַלין — שווייגט. אין דער פּאַרטיי דיסקוטירט מען אויך האַסטיק. עס שאַפן זיך גרופּן, פראַקציעס, לינקע, רעכטע. סטאַלין — שווייגט, ער געהערט נישט צו קיין שום פון די פראַקציעס. אין אַלגעמיין — מסכים מיט לענינען. צייכנט זיך נישט אויס, איז נישט מער ווי אַ „גרוי מענטשעלע״ עד... שיבוא הזמן, ביז ס׳וועט קומען זיין געלעגנהייט. אויסערגעוויינלעך כיטרע. אויף דעם געביט נישטאָ ווער זאָל זיך גלייכן צו אים.

לענין זוכט אַ סעקרעטאַר, אַ מענטש וואָס איז נישט פאַרבונדן מיט קיין שום פראַקציע, אַ פעיִקן אָרגאַניזאַטאָר און אַ מענטש „וואָס זאָל קאָנען אָנהאַלטן אַ גלייכגעוויכט אין דער פּאַרטיי.״ סטאַלין איז דער אידעאַלסטער קאַנדידאַט, נישט אויף לאַנג. שוין אַ יאָר שפּעטער דערזעט לענין זיין טעות, אָבער צו שפּעט. אין משך פון איין יאָר באַווייזט סטאַלין צו דערוויטערן אַלע אומבאַקוועמע עלעמענטן נישט אין דער הויפּט־שטאָט, נישט אין מאָסקווע און נישט אין פּעטערבורג, דאָס וואָלט געוועזן צו פיל אָנזעבאַר, אָבער יאָ — אין דער גרויסער רוסישער פּראָווינץ. סטאַלין באַזעצט אַלע פּאָסטנס מיט זיינע מענטשן, דערוויטערט, שליסט אויס פון דער פּאַרטיי אין 2 יאָר 350 טויזנט פּאַרטיי־מיטגלידער און... דער פּאַרטיי־קאָנגרעס אין יאָר 1923 איז שוין אין זיינע הענט. זיין שונא נר. 1 — טראָצקי, שליסט ער אַ בונד מיט זינאָוויעוון און קאַמעניעוון, ווען עס טוט אויך ווי, אַז טראָצקי, דער נייער באָלשעוויק, ער איז דער ליבלינג פון דער פּאַרטיי, פון פאָלק. אין 1924, ווען עס שטאַרבט לענין, פאַלט אַריין אין סטאַלינס האַנט טראָצקיס בוך „די לעקציעס פון אָקטאָבער״ און ער ווייסט ווי אויסנוצן דעם בוך. טראָצקי קריטיקירט זינאָוויעווס און קאַמעניעווס

שטעלונג און סטאַלינען דערמאָנט ער נישט. דאָס איז זיין גרעסטער „פאַרברעכן", אים, סטאַלינען, נישט דערמאָנען! די שנאה דערגרייכט די העכסטע שטופּע. דעם 2־טן יאַנואַר 1925 ווערט טראָצקי אַראָפּגענומען פון זיין אַמט, אַלס פאָרזיצנדער פון מלחמה־דעפּאַרטאַמענט — און פאַר דעם שטימען אַלע מיטגלידער פון פּאָליט־ביוראָ און... באַצאָלן שפּעטער מיט זייער לעבן נישט מצד טראָצקי, נאָר פון זייער „חבר" סטאַלין. אַ ביסל שפּעטער דערפילן זינאָוויעוו און קאַמעניעוו, אַז סטאַלין זוכט אויך זיי צו ליקווידירן (דערווייל נאָר פּאָליטיש) און אין דעצעמבער 1925, אויפן 14־טן קאָנגרעס פון דער פּאַרטיי דערקלערט קאַמעניעוו „מיר זענען קעגן דער טעאָריע פון „שעף". מיר ווילן נישט קיין סעקרעטאַריאַט, וואָס זאָל הערשן איבערן פּאָליט־ביוראָ. חבר סטאַלין קאָן נישט פאַרזיכערן די אייניקייט פון דער פּאַרטיי". זיין טויט־אורטייל איז אונטערגעשריבן און איצט דווקא די גרופּע בוכאַרין־ריקאָוו־טאָמסקי, די א. ג. „רעכטע", וואָס זענען צופרידן צו שלאָגן די „לינקע" און זיי... שטיצן סטאַלינען און... זיגן. דער ניי־געווײלטער פּאָליט־ביוראָ נעמט אַרום סטאַלינען און די דערמאָנטע „רעכטע". זינאָוויעוו און קאַמעניעוו שליסן זיך אָן צו טראָצקין, אָבער צו שפּעט. סטאַלין איז דער „באָס", ער פאַרמאָגט אויף זיין זייט דעם גאַנצן פּאַרטיי־אַפּאַראַט, ווי אויך די ג. פּ. או., די געהיים־פּאָליציי, וואָס האָט געירשנט די פריערדיקע „טשעקאַ".

די גרופּע טראָצקי־זינאָוויעוו־קאַמעניעוו טרעט אַרויס קעגן „נעפּ" (געניער אין נעכסטן קאַפּיטל: טראָצקיזם), אָבער דאָס פאָלק איז פאַרן „נעפּ". דאָס פאָלק און די אַרבעטער געדענקען נאָך דעם שרעקלעכן הונגער און ווילן זיך נישט אומקערן צו דעם דעמאָלטדיקן צושטאַנד. איצט איז נישט גוט, אָבער ברויט, קאַרטאָפל, קרויט איז דאָך פאַראַן און די פאַבריקן אַרבעטן. סטאַלין ווייסט דאָס, טראָצקי און זיינע חברים — ניין. זיי געפינען אָן אָפּקלאַנג צווישן דער סטודענטישער יוגנט, אָבער נישט מער. דאָס מילטער איז שוין ניי, זיי קענען שוין נישט טראָצקין, קענען אָבער יאָ — סטאַלינען, וואָס דאגעט, אַז דער פויער, דער האַנטווערקער זאָלן קאָנען פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן אויפן מאַרק. און די מערהייט זעלנער זענען דאָך פויערים־זין. די ג. פּ. או. איז אין סטאַלינס הענט — איז דער פּרווו פון טראָצקי־זינאָוויעוו־קאַמעניעוו פאַרמשפּט פון פאָרויס אויף אַ דורכפאַל.

אויפן קאָנגרעס פון דער פּאַרטיי אין 1927 לאָזט מען זיי שוין נישט ריידן און זינאָוויעוו שרייט: „אָדער איר לאָזט אונדז ריידן, אָדער איר וואַרפט אונדז אַריין אין תפיסה". ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז

ס'איז עפּעס ערגערס וואָס וואַרט אויף אים. דער צ. ק. שליסט אויס פון דער פּאַרטיי זיי מיטגלידער: טראָצקי, זינאָוויעוו, קאַמעניעוו, ראַדעק, פּרעאָבראַזשענסקי (אַ באַקאַנטער טעאָרעטיקער), פּיאַטאַקאָוו, סמירנאָוו, סמילגאַ א. א. — אַלע אַלטע באָלשעוויקעס, אַלע, וואָס האָבן זיך אויסגע־צייכנט אין דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אין 1917. אָבער, שלאָגנדיק די אָפּאָזיציע, נעמט איבער סטאַלין איר פּראָגראַם און דער 15־טער קאָנגרעס אין דעצעמבער 1927 באַשטימט: „ענדיקן מיטן „נעפּ", קאָלעק־טיוויזירן די אַגראַר־ווירטשאַפט, אויפהויבן אַן אַקציע קעגן די „קולאַקן" (די רייכע פּויערים), איינצוימען דעם קאַפּיטאַליזם אין דאָרף און אַנטוויקלען דעם „סאָציאַליזם". די פאַרבינדעטע פון סטאַלין, די גרופּע בוכאַרין־ריקאָוו איז קעגן, אָבער סטאַלין דאַרף זיי שוין נישט, זיי האָבן זייער אויפגאַבע דורכגעפירט, איצט דאַרפן זיי אויך גיין. סטאַלין דאַרף פאַרבלייבן אַליין. דער איינציקער...

30 יאָר שפּעטער, אין פעברואַר 1956 זאָגט כרושטשאָוו וועגן סטאַלינען: „די נעגאַטיווע שטריכן פון סטאַלינען, וואָס זענען קוים באַמערקט געוואָרן אין לעבינס צייטן, זענען שאַרפער געוואָרן און אים געבראַכט צו מיס־ברויכן מיט דער מאַכט, וואָס האָט פאַרשאַפט שווערע פאַרלוסטן דער פּאַרטיי. סטאַלין האָט נישט טאָלערירט קיין שום קאָלעקטיווע פירערשאַפט און האָט באַנוצט דעם ברוטאַלסטן געוואַלט און נישט נאָר קעגן דער אָפּאָזיציע, נאָר אויך קעגן יעדן, וואָס האָט זיך אים געדוכט, אַז ער קאָן זיך קעגנשטעלן זיין כיטרער און דעספּאָטישער מאַכט. ווער ס'האָט זיך קעגנגעשטעלט זיינע מיינונגען איז געוואָרן מאָראַליש און פיזיש ליקווידירט. באַזונדערס שאַרף איז געווען די ליקווידאַציע נאָכן 17־טן פּאַרטיי־קאָנגרעס, בעת זייער אַ סך מנהיגים און פּשוטע פּאַרטיי־מיטגלידער זענען געוואָרן קרבנות פון סטאַלינישן דעספּאָטיזם".

אַלס פּראָטעסט קעגן די רדיפות, באַגייען זעלבסטמאָרד אַדאָלף יאָפע, איינער פון די אינטעליגענסטע מענטשן פון ראַטנפאַרבאַנד. ער האָט געקאָנט 70 שפּראַכן ווי אויך די דיכטער מאַיאַקאָווסקי און בלאָק — דאָס האָט אויף סטאַלינען נישט געווירקט.

סטאַלין האָט ווי דערמאָנט באַשטימט דורכצופירן די „קאָלעקטיווי־זאַציע" פון רוסישן דאָרף. דער דאָרף איז קוים געקומען צו זיך נאָך די רעקוויזיציעס פון „מיליטערישן קאָמוניזם". איניקע יאָר פרייהייט — און דער דאָרף האָט אָנגעהויבן צו בליען. אין 1928 האָט דאָס דאָרף באַוויזן איבערצושטייגן דעם מצב פון 1914. די צאָל פערד איז דערגאַנגען צו 35

מיליאָן, רינדער — 70 מיליאָן, שאָף — 147 מיליאָן, חזירים — 26 מיליאָן א. א. וו. 5 יאָר שפּעטער, אַלס רעזולטאַט פון סטאַלינס „קאָלעקטיוויזאַציע" איז די צאָל פערד געפאַלן מיט 57%, רינדער — 40 פּראָצענט, שאָף — 64 א. א. וו.

סטאַלין דערציילט אין זיין „קורצע היסטאָריע פון ראַטנפאַרבאַנד":
ווי נאָר די פּאַרטיי איז אַריבער אין אָפענסיווע און אָנגענומען אויסער־געוויינלעכע מיטלען (וואָס דאָס איז וויסן מיר ליידער צו גוט) קעגן די קולאַקן, האָט די גרופּע בוכאַרין־ריקאָוו אַראָפּגעוואָרפן די מאַסקע און זיך געשטעלט קעגן דער פּאַרטיי. די קולאַקישע נשמה פון דער גרופּע האָט זיי געצוווּנגען אַרויסטרעטן אין דער פּאַרטיידיקונג פון די קולאַקן. זיי האָבן געפאָדערט אָפּצושטעלן די „אויסערגעוויינלעכע מיטלען" דראָענדיק מיט הונגער. דער זיג פון דער דאָזיקער רעכטער גרופּע וואָלט געבראַכט צום זיג פון קאַפּיטאַליזם, וואָלט מינירט די רעוואָלוציאָנערע באַזעס פון פּראָלע־טאַריאַט און באַדראָט מיט דעם אומקער פון קאַפּיטאַליזם אין אונדזער לאַנד."

סטאַלין האָט אָנגענומען „אויסערגעוויינלעכע מיטלען" און זיי האָבן באַדייט טויט פאַר מיליאָנען פּויערים און נישט נאָר רייכע און אַ שווידער־לעכער הונגער פאַרן גאַנצן לאַנד. מיליאָנען פּויערים־משפּחות זענען געהרגעט אָדער פאַריאָגט געוואָרן פון זייער ערד און דעפּאָרטירט קיין סיביר. מיליאָנען זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שקלאַפן און געצוווּנגען צו בויען די טראַנס־טורקעסטאַנער באַן אין די שווידערלעכע היצן פון טורקעסטאַנער מדבר און דאָרט געשטאָרבן פון היץ, הונגער און דורשט.[1] פון די 26 מיליאָן פּויערישע משפּחות, וואָס האָבן אין 1928 באַאַרבעט די ערד און צוגעשטעלט געגוג שפּייז די שטעט, זענען אין 1933 פאַרבליבן בלויז 20 מיליאָן; 6 מיליאָן משפּחות, 25 פּראָצענט פון פּויערטום איז ליקווידירט געוואָרן און נאָך יאָרן שפּעטער האָט רוסלאַנד געליטן פון סטאַלינס „אויסערגעוויינלעכע מיטלען". אין 1928 האָבן די סאָוויעטישע איינוווינער באַקומען 26,3 קילאָ פליייש אויף אַ נפש, אין 1940 — קוים 6,1 קילאָ אַ יאָר. אָבער סטאַלין איז געווען צופרידן און פאַרצייכנט אין זיין „געשיכטע": אין 1928 האָבן די קאָלכאָזן (נאָך פריוויליקע) באַאַרבעט 1,3 מיליאָן העקטאַר, אין 1930 האָבן זיי שוין געקאָנט באַאַרבעטן 15 מיליאָן

[1]) אַנדערע האָבן געמוזט בויען דעם קאַנאַל פון באַלטישן ים צום אַרקטישן אָקעאַן און געשטאָרבן פון קעלט.

ה״אַ. אַ גרויסער דערפאָלג, נאָך סטאַלין האָט „פאַרגעסן״ אַז אין 1928 האָבן די פויערים באַאַרבעט 150 מיליאָן העקטאַר און מיטן גאַנצן סטאַלינישן דרוק, האָבן זיי אין 1930 געקאָנט באַאַרבעטן קוים 10 פראָצענט!

סטאַלינס „קאָלעקטיוויזאַציע״ האָט געלייגט איר נעגאַטיוו שטעמפּל אויף דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד און נאָך היינט, 45 יאָר שפּעטער, נאָך זיין רעקאָרד, איז די רוסישע לאַנדווירטשאַפט די אָפּגעשטאַנענסטע אין אייראָפּע און אָנשטאָט צו עקספּאָרטירן תבואה פון אירע פרוכטבאַרע פעלדער, וואָס האָבן אין צייטן פון די צאַרן געדינט אַלס תבואה־שפּייכלער פאַר גאַנץ אייראָפּע, מוז דער ראַטנפאַרבאַנד אימפּאָרטירן צענדליקער מיליאָנען טאָן שפּייז פון קאַפּיטאַליסטישן מערב און דער מצב וועט מסתמא אָנהאַלטן ביז... די נייע מנהיגים וועלן קלוגער ווערן און ליקווידירן די צוואַנגס־קאָלעקטיוויזאַציע. די סאָוויעטישע רעגירונג מאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען אויף צו בויען די אַגראַר־ווירטשאַפט, זי אינוועסטירט אין איר שווערע מיליאַרדן, צוגעשטעלט מיליאָנען טראַקטאָרן און קאָמביינען. אין 1971 האָט די סאָוויעטישע רעגירונג אינוועסטירט אין דער אַגריקולטור די קאָלאָסאַלע סומע פון 22,5 מיליאַרד רובל (אַ רובל — 1,20 דאָלאַר) און בלויז טראַקטאָרן צוגעשטעלט (אין 1 יאָר) 316 טויזנט! און נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם באַריכטעט כרושטשאָוו נאָך 30 יאָר „קאָלעקטיוויזאַציע״ (אין 1957), אַז „אין אַ סך ראַיאָנען פון נאָווגאראָד, קאסטראמא, א. א. געגנטן פון רוסלאַנד און ווייסרוסלאַנד מאַכט אויס די גערעטעניש 3,4 קינטאַל (100 קילאָ) אויף אַ העקטאַר, אין דער צייט, וואָס אין אַ סך ווייניקער פרוכטבאַרן ישראל דערגרייכט די גערעטעניש צו 70 קינטאַל אויף אַ העקטאַר! אַ סאָוויעטישע קו, נישט קוקנדיק אויף דער ריזיקער פּראָפּאַגאַנדע, גיט טויזנט ליטער מילך אַ יאָר און נאָך אויסנאַמווייז „סטאַכאַנאָווצעס״ — מעלקערינס באַקומען 3 טויזנט ליטער. זיי באַקומען דאַן ספּעציעלע פּרעמיעס, זייערע „פּיקטשעס״ ווערן פאַרעפנטלעכט אין אַלע סאָוויעטישע צייטונגען און זשורנאַלן און די מעלקערינס ווערן באַשטימט אַלס דעפּוטאַטקעס צו העכסטן אַלסאָוויעטישן סאָוויעט. אין דער זעלבער צייט גיט א ישראל־קו אין דורכשניט 6 טויזנט ליטער און פאַראַן קיבוצים וואָס באַקומען 9 טויזנט ליטער מילך אַ יאָר אויף אַ קו.

די צוואַנגס־קאָלעקטיוויזאַציע און די אומזיסטע שקלאַפן־אַרבעט פון די מיליאָנען אַרעסטירטע און פאַרשיקטע איז געווען די באַזע פון דער אינדוסטריאַליזאַציע פון ראַטנפאַרבאַנד. סטאַלין האָט פאַרווירקלעכט דעם פּראָגראַם פון דער „לינקער אָפּאָזיציע״, פון טראָצקי־זינאָוויעוו־קאַמעניעוו

צו פאַרוואַנדלען דעם סאָוויעטישן פויער אין דער „אינערלעכער קאָלאָניע" פון רוסלאַנד און מיט די מיטלען, וואָס וועלן עקספּלואַטירט ווערן פון פויער — אויפבויען די אינדוסטריע. פאַר דעם האָט ער געהאַט אַ גלענצנדיקן לערער — פּיאָטר דעם גרויסן, דעם ערשטן רוסישן צאַר, וואָס האָט אויך געוואָלט אַנטוויקלען גיך רוסלאַנד, פאַרוואַנדלען זי אין אַ פאָרגעשריטענע מדינה, בויענדיק פעטערבורג מיט דער שקלאַפן־אַרבעט פון מיליאָנען פויערים, מיטן זעלבן סיסטעם, מיט וועלכן די מצרישע פּרעות האָבן געבויט די מעכטיקע פּיראַמידעס...

מען קען נישט לייקענען, די אינדוסטריאַליזאַציע איז רעלאַטיוו געלונגען און היינט (1973) פאַרנעמט רוסלאַנד דאָס צווייטע אָרט אין דער וועלט (נאָך די פ. שטאַטן) מיט איר גלאָבאַלער פּראָדוקציע פון 240 מיליאַרד דאָלאַר יערלעך לגבי 930 מיליאַרד (אין 1971) אין די פ. שטאַטן און 220 מיליאַרד פון יאַפּאַן (ביי אַ באַפעלקערונג פון 245 מיליאָן אין ראַטנפאַרבאַנד — 210 מיליאָן אין די פ. שטאַטן און 100 מיליאָן אין יאַפּאַן), אָבער אויף אַ נפש איז דער ראַטנפאַרבאַנד ווייט הינטערשטעליק לגבי וועלכן ס׳איז לאַנד אין מערב־איראָפּע, דערגרייכנדיק קוים צו 1.200 דאָלאַר פּראָדוקציע אויף אַ נפש, ווען אין שכנותדיקן, פיל אָרעמערן שוועדן ווערט דערגרייכט צו 6 טויזנט דאָלאַר.

אָן שקלאַפעריי, פאַרקערט, אַנולירנדיק דאָס לייב־אייגנטום, האָט רוסלאַנד, אין די שלעכטע, קאָרומפּירטע צאַרישע צייטן פאַרגרעסערט די צאָל אַרבעטער אין משך פון 50 יאָר (פון 1865 ביז 1915) פון 700 טויזנט אויף 10 מיליאָן, ד. ה. 15 מאָל, אַ זאַך, וואָס דער באָלשעוויסטישער רעזשים האָט נישט דערגרייכט אין 56 יאָר פון זיין עקזיסטענץ.

סטאַלינען האָט באַזונדערס שטאַרק אימפּאָנירט אַן אַנדער רוסישער צאַר: איוואַן דער גרויזאַמער, אָנגערופן אַזוי אַפילו אין די שוואַרצסטע צאַרישע צייטן. איוואַן האָט גובר געווען די פעאָדאַלע „באיארן" און איינגע־שטעלט זיין זעלבסטהערשאַפט מיט דער הילף פון דער „אפּריטשינא", זיין מעכטיקע פּאָליציי־אָרגאַניזאַציע — אויך סטאַלין האָט געבויט זיין זעלבסט־מאַכט אויף דער ג. פּ. או און אויף דעם מאָרד פון מיליאָנען. איוואַן האָט דערמאָרדעט זיין אייגענע מוטער, סטאַלין האָט דערמאָרדעט זיין פרוי, נאַדיעזשדאַ.

נאָך אין 1928, 8 יאָר פאַר די מאַסן־פּראָצעסן, האָט בוכאַרין אין אַ שמועס מיט קאַמעניעוון דערקלערט: „אויב מיר וועלן אַרויסטרעטן עפנטלעך, וועט ער אונדז דערשטיקן. אויב דאָס לאַנד וועט אונטערגיין, וועלן

מיר אונטערגיין צוזאַמען מיטן לאַנד, אויב ס'וועט אים געלונגען אַרויסגיין פון קריזיס, וועט ער אונדז אויך דערשטיקן. ער איז גינגיס־כאַן.

„סטאַלין טראַכט נאָר וועגן מאַכט און ער הרגעט הינטעראַרום" — די טראַגעדיע פון רוסלאַנד איז טאַקע געווען אין דעם, וואָס קיינער האָט נישט געוואַגט אַרויסטרעטן קעגן סטאַלינען. קעגן די צאַרן האָבן געקעמפט די ס. ר., זיי זענען ליקווידירט געוואָרן אין די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע. די פאַרבליבענע קאָמוניסטן זענען געווען דערשלאָגענע שמאַטעס, וואָס האָבן נישט געוואַגט, אין דער צייט וואָס סטאַלין האָט יאָ געוואַגט, נישט רעכענענדיק זיך מיט קיין שום קרבנות. ער איז געווען דער „באָס" פון דער ג. פּ. או. און מיט איר הילף האָט ער געמאָרדעט און ליקווי־דירט. דאָס ערגסטע — זיינע קרבנות האָבן געגלויבט ביזן מאָמענט ווען ער האָט זיי אָנגערירט פּערזענלעך, אַז ער איז גערעכט, אַז די פּראָצעסירטע און דערמאָרדעטע זענען אויף אַן אמת שונאים פון ראַטנפאַרבאַנד, שפּיאָנען, פאַרעטער און אַלץ וואָס סטאַלין האָט זיי פאָרגעוואָרפן.

אין 1933 האָט סטאַלין אַנטדעקט אַ נייעם לערער, וואָס האָט אים זייער שטאַרק אימפּאָנירט: אַדאָלף היטלער און זיין בליץ־ליקווידאַציע פון דער אָפּאָזיציע: ריים־שלייכער. אין איין נאַכט האָט ער אויסגעהרגעט הונדערטער פון די אָפּאָזיציאָנערן און קיינער מער האָט נישט געוואַגט צו דיסקוטירן זיין זעלבסטהערשאַפט. אויך סטאַלין האָט געחלומט וועגן אַזאַ בליץ־ליקווידאַציע. ער האָט נאָר געדאַרפט אַ תירוץ און האָט אים אויך באַשאַפן. היטלער האָט פאַרברענט דאָס רייכסטאַג. אין רוסלאַנד איז קיין רייכסטאַג נישט געווען, האָט ער פאַראָרדנט צו דערמאָרדן... זיין „בעסטן" חבר סערגיי קיראָוו, מיטגליד פון פּאָליט־ביוראָ און סעקרעטאַר פון דער לענינגראַדער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

מיט קיראָווס מאָרד האָט ער פאַרדינט צוויי זאַכן: ראשית, האָט קיראָוו געוואַגט אין פּאָליט־ביוראָ שטימען קעגן דערשיסן דעם געוו. צ. ק. מיטגליד און אַלטן באָלשעוויק ריוטין — איז ער, קיראָוו, אויך אַ שונא, שנית, מען קאָן דעם מאָרד צושרייבן דער אָפּאָזיציע און פּטור ווערן אויך פון זיי. אָבער סתם פּטור ווערן טויג נישט. דאָס זענען דאָך אַלטע באָלשעוויקעס, די אָנפירער פון דער רעוואָלוציע אין 1917, דאַרף מען זיי פאַרוואַנדלען אין שפּיאָנען פון אימפּעריאַליזם, זיי דערנידעריקן ביזן אָפּגרונט, מאַכן פון זיי שמאַטעס — און דאַן ערשט דערשיסן. מיט דער הילף פון פּעיקן זשוליק — יוריסט און „דיפּלאָמאַט" אַנדריי ווישינסקי, מיט דער הילף פון דער ג. פּ. או. האָט סטאַלין אָרגאַניזירט און אַראַנזשירט דעם בלוטיקסטן און

שווידערלעכסטן ספּעקטאַקל, וואָס די מענטשהייט האָט ווען עס איז געזען: די מאָסקווער שוי־פּראָצעסן, ווו מענטשן, געוועזענע שטאָלצע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין מורא פאַרן צאַר, אכראַנע, סיביר און טויט, האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין מיאוסע שמאַטעס, וואָס האָבן זיך מודה געווען אין אַלע נישט געשטויגענע פאַרברעכנס, זיך מודה געווען, אַז זיי זענען געווען שפּיאָנען און אין אויפטראַג פון אַמעריקאַנער, ענגלישן, פראַנצויזישן, דייטשישן, יאַפּאַנישן און אַפילו... פאַראַגוואיער אימפּעריאַליזם, געדינט דעם קאַפּיטאַליזם, געווען שפּיאָנען נאָך פאַר דער רעוואָלוציע, שיעור נישט אין מאָמעס בויך...

און ווער? מענטשן ווי זינאָוויעוו, קאָמעניעוו, בוכאַרין, פּרעאבראזשענסקי, קאַרל ראַדעק און צענדליקער אַנדערע. ווישינסקי האָט דיריגירט, סופלירט און זיי האָבן נאָכגעזאָגט, אַזוי ווייט, אַז אַפילו אַמבאַסאַדאָרן פון מערב ווי דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע האָבן געשריבן ביכער וועגן די „פאַרברעכנס פון דער אָפּאָזיציע." אייניקע פון די באַשולדיקטע, ווי בוכאַרין, קרעסטינסקי האָבן געפּרוּווט זיך ווערן. בוכאַרין דערקלערט: „איך דערקלער מיך שולדיק אין אַלעם וואָס כ'האָב יאָ געטאָן און נישט געטאָן", אָבער די מערהייט באַשולדיקטע האָבן זיך פּשוט מודה געווען און ווי קאַרל ראַדעק באַשולדיקט אַנדערע חברים.

ווי אַזוי האָט דאָס סטאַלין דערגרייכט? 20 יאָר שפּעטער, אין 1956 דערציילט כרושטשאָוו: „אין די יאָרן 38־1935 האָט סטאַלין פּראָוואָצירט אַ מאַסן־טעראָר. אין אָנהויב איז ער געוואָנדן געוואָרן קעגן די טראָצקיסטן, זינאָוויעוויסטן און בוכאַריניסטן, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זיי זענען שוין געווען אידעאָלאָגיש באַזיגט. שפּעטער האָט דער טעראָר אַרומגעכאַפּט גוטע, ערלעכע קאָמוניסטן, וואָס האָבן געקעמפּט קעגן טראָצקיזם און די רעכטע אָפּווייכונג. סטאַלין איז געווען דער דערפינדער פון באַגריף „שונא פון פאָלק". די דאָזיקע קוואַליפיקאַציע האָט פאַרמשפּט אַ'פּריאָרי (פאָרויס) יעדן באַשולדיקטן, נישט געבנדיק אים קיין שום פאַרטיידיקונגס־מעגלעכקייט. דאָס האָט דערמעגלעכט די אכזריותדיקע געוואַלט און פּייניקונגען און צו אַנולירן יעדע רעוואָלוציאָנערע יוסטיץ. אַלס באַשטעטיקונג האָט מען אָנגענומען דעם וידוי פון באַשולדיקטן, וועלכע מ'האָט אַרויסבאַקומען מיט די שווידערלעכסטע פּייניקונגען... סטאַלין האָט מינירט און אונטערגעגראָבן יעדן באַגריף פון סאָוויעטישער מאָראַל און יוסטיץ. די מאַסן־אַרעסטן האָבן אַרומגענומען טויזנטער חברים. די דערשיסונגען, אָן שום יורידישער

אויספאָרשונג, האָבן געשאַפן אַ קלימאַט פון אומזיכערקייט און שרעק, דערפירנדיק ביז יאוש.

„דער צ. ק. האָט באַשטימט אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע. די דאָזיקע קאָמיסיע האָט פעסטגעשטעלט, אַז די ג. פּ. או. האָט צוגעגרייט די פאַלשע דאָקומענטן, וואָס האָבן געבראַכט די אומשולדיקע צום טויט. די קאָמיסיע האָט פעסטגעשטעלט, אַז די מערהייט פון די דערמאָרדעטע חברים אין די יאָרן 1935־38 זענען נישט געווען קיין שפּיאָנען, נאָר גוטע, ערלעכע קאָמוניסטן. זיי האָבן זיך מודה געווען, ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט אויס־האַלטן די באַרבאַרישע ענויים, וועלכע ס׳האָט באַנוצט נ. ק. וו. ד.

„דער 17־טער קאָנגרעס האָט אויסגעוויילט אַ צ. ק. אין באַשטאַנד פון 139 חברים. 98 חברים, 70 פּראָצענט פון זיי, זענען דערמאָרדעט געוואָרן, 80 פּראָצענט פון זיי באַלשעוויקעס פון פאַר דער רעוואָלוציע. פון די 1966 דעלעגאַטן צום קאָנגרעס, זענען אַרעסטירט און פאַרמשפּט געוואָרן 1.108, העכער אַ העלפט. די קאָמיסיע וואָס האָט קאָנטראָלירט די באַשולדיקונגען, האָט פעסטגעשטעלט, אַז קיין איינציקער פון זיי איז נישט געווען קיין שפּיאָן, קיין פאַררעטער...

כרושטשאָוו זעצט פאָר: „ווי אַזוי האָט די נ. ק. וו. ד. אַרויסבאַקומען דעם ווידוי? דאָס באַווייזט אונדז דער פאַל פון חבר ראָזענבלום. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי פון 1906 און אַרעסטירט אין 1937. „ווען מ׳האָט מיך אַרעסטירט, האָט מען מיך אונטערגעוואָרפן די שרעקלעכסטע פּייניקונגען, וועלכע כ׳האָב נישט געקאָנט אויסהאַלטן און נאָך אייניקע וואָכן אונטערגעשריבן די באַשולדיקונגען קעגן מיר און אַ רייע חברים. דאַן האָט מיר דער שעף פון נ. ק. וו. ד. אין לענינגראַד סאַקאָוווסקי דערקלערט: מיר וועלן אַלץ צוגרייטן, איר וועט דאַרפן זיך אויסלערנען פון אויסנווייניק און עס איבערחזרן פאַרן געריכט. אויב איר וועט דאָס טאָן, וועט איר ראַטעווען אייער לעבן און לעבן אַ סך יאָרן אויפן חשבון פון דער מדינה. אין קעגנפאַל וועלן מיר פאָרזעצן אייך פּייניקן ביז איר וועט פּגרן, ווי אַ משוגענער הונט". אַזוי האָט מען געהאַנדלט אויך קעגן די מנהיגים פון דער פּאַרטיי און רעגירונג קאָזיאָר, טשובאַר, פּאָסטישעוו א. א.

„אין די יאָרן 1937־38 זענען צוגעגרייט געוואָרן 338 רויטע רשימות, וואָס האָבן ארומגענומען צענדליקער טויזנטער נעמען פון פּאַרטיי־מיט־גלידער, „קאָמסאָמאָל" (קאָמוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע), מיליטער און אַדמיניסטראַציע. פון 1954 זענען רעאַביליטירט געוואָרן 1.679 פּערזאָן, די מערהייט — טויטע. נישט יעזשאָוו איז שולדיק, נאָר סטאַלין. סטאַלין האָט

זיך נישט באַגרענעצט צו די צוגעשטעלטע רשימות, און צוגעגרייט אייגענע. סטאַלין איז געווען אַ קראַנקער מענטש, געליטן פון פאַרפאָלגונגס־מאַניע און ציטערנדיק פאַרן אייגענעם שאָטן, געזען אין אַלעמען שונאים און שפּיאָנען.

„נאָך דעם 1־טן דעצעמבער 1934 האָט סטאַלין פאַראָרדנט: „די אויס־פאָרשונגס־אָרגאַנען ווערן באַאויפטראָגן תיכף ומיד ליקווידירן אַלע באַשול־דיקטע אין טעראָר. די ריכטער ווערן אויפגעפאָדערט נישט צו בעטן קיין באַגנעדיקונג פאַר די פאַרמשפּטע צו טויט־שטראָף. די זיכערקייטס־אָרגאַנען ווערט באַפוילן תיכף דערשיסן די פאַרמשפּטע". און דעם 20־טן יאַנואַר 1939 האָט סטאַלין געשיקט פאָלגנדיקע טעלעגראַמע צו אַלע פּאַרטיי־סעקרעטאַרן און קאָמיסאַרן פון דער נ. ק. וו. ד. „דער צ. ק. דערקלערט, אַז פון 1937 זענען דערלויבט די פּייניקונגען פון די אַרעסטירטע. מיר ווייסן, אַז די קאַפּיטאַליסטישע פּאָליציי באַנוצט זיי קעגן די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציאָנערן. נישטאָ קיין סיבה, אַז די „סאָציאַליסטישע" פּאָליציי זאָל זיין בעסער. דער צ. ק. אָנערקענט, אַז אין פאַל פון פאָלקס־שונאים זענען די טאָרטורן באַרעכטיקט און אָבליגאַטאָריש."

אויף אַזוי פיל כרושטשאָוו, סטאַלינס יורש און זיין געוועזענער סעק־רעטאַר, אין 1956, דער זעלבער, וואָס האָט פאַרענדיקט זיין רעדע אויפן 18־טן פּאַרטיי־קאָנגרעס אין מערץ 1939 מיטן אויסרוף „זאָל לעבן דער גרעסטער גאון פון דער מענטשהייט, אונדזער לערער און לידער, וואָס פירט אונדז צום קאָמוניזם, אונדזער באַליבטער חבר סטאַלין"...

פרעגט זיך, ווו זענען זיי אַלע געווען פריער, פאַר וואָס האָבן זיי געדולדט אַזאַ משוגענעם טיראַן, לגבי וועלכן דער רוימישער קאַליגולא, דער מאָנ־גאָלישער דזשינגיס־כאַן און אַפילו דער ווילדער רוצח אַדאָלף היטלער זענען געווען אומשולדיקע מפּל־קינדער?

דער פאַרשטאָרבענער מנהיג פון דער גרעסטער מערב־אייראָפּעישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דער איטאַליענישער, פּאַלמירא טאָגליאַטי שרייבט אין דער צייטונג „יוניטאַ" דעם 17־טן יוני 1956: „די סאָוויעטישע קאָמוניסטן האָבן אָנגעהויבן רעווידירן די געשיכטע, פאַרקלענערן די באַדייטונג פון סטאַלינען. סטאַלין האָט מיסגעברויכט די רעוואָלוציאָנערע יוסטיץ, פאַרניכטעט די קאָלעקטיווע אָנפירערשאַפט, איינשטעלנדיק זיין פערזענלעכע דיקטאַטור און דעגענערירט די גאַנצע געזעלשאַפט. דאָס האָבן געוווסט נישט נאָר די מנהיגים, נאָר אויך די ברייטע שיכטן פון דער געזעלשאַפט. אין ראַטנפאַרבאַנד האָט געהערשט דער ווילדעסטער מיסברויך פון דער יוסטיץ און פאַראַליזירט די דעמאָקראַטישע אַנטוויקלונג. טעאָרעטיש

איז עס מעגלעך, ווייל סאָציאַליזם גאַראַנטירט נישט קעגן פעלערן און געפאַרן (פאַר טאָגליאַטי איז אויך דאָס „סאָציאַליזם"). מען מוז קומען צו אַן אויספיר: אָדער די מנהיגים האָבן נישט געוווּסט דערפון און דאָס קאָן נישט אַנטשולדיקט ווערן, אָדער, וואָס איז וואַרשיינלעכער, זיי האָבן נישט געהאַלטן, אַז סטאַלינס פּאָזיציע איז אַ פאַלשע. ס'זענען געווען מאָמענטן (נאָר מאָמענטן?) ווען זיי זענען געווען מסכים מיט סטאַלינען... פריער, איז אַלץ דאָס גוטע פאַרשריבן געוואָרן אויף זיין חשבון, איצט פאַרשרייבן זיי אַלע חסרונות, פאַרברעכנס, אויף אים... מען דאַרף זוכן די סיבות, וואָס האָבן דערפירט צו דער דעגענעראַציע... אונדז האָט מען געזאָגט, אַז מיר מוזן פאַרלייקענען די ליידן פון דער סאָוויעטישער באַפעלקערונג, ווייל וואָס וועלן זאָגן דעם טראַכטן די אַרבעטער פון מערב?"

אין 1937 בין איך נאָך געווען אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין אורוגוויי. ווען ס'זענען אָנגעקומען די שוידערלעכע ידיעות וועגן דעם מאַסן טעראָר, האָב איך געפאָדערט צו באַשטימען אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָמוניסטישע קאָמיסיע, וואָס זאָל אויספאָרשן די שרעקלעכע באַשולדיקונגען אין די מאָסקווער פּראָצעסן. פאַר מיר איז געווען קלאָר, אַז זיי זענען אויסגעזויגן פון פינגער. דער ענטפער איז געווען „וואָס הייסט? נישט גלויבן מאָסקווע?" איך האָב דאַן פאַרלאָזט די באַוועגונג. עס האָבן דאָס געטאָן נאָך איניקע, אָבער אַרום און אַרום געציילטע — די קאָמוניסטישע מאַסע האָט אויך די פאַלשקייטן אָראָפּגעשלונגען. מאָסקווע איז געווען הייליק און סטאַלין איז געווען דער אָפּגאָט, וועמען מען טאָר נישט דיסקוטירן...

סטאַלין האָט די „רייניקונג" דורכגעפירט נישט נאָר צווישן די ציווילע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי, נאָר אויך אין דער אַרמיי און האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט צו שטעלן אין געפאַר גאַנץ רוסלאַנד, אבי צו זיכערן זיין זעלבסטהערשאַפט.

אין רוסלאַנד האָט פון די צאַרישע צייטן געהערשט אַ שרעק פאַר דייטשלאַנד. די רוסן, די רעגירער און מיליטער־פירער האָבן געוווּסט, אַז רוסלאַנד איז שטאַרק אָפּגעשטאַנען, באַזונדערס אין דער אָרגאַניזאַציע און טעכניק און געהאַט מורא פאַר אַ מלחמה מיט דייטשלאַנד. אין ערשטן מאָמענט, ווען היטלער האָט פאַרנומען די מאַכט, האָבן די קאָמוניסטן געגלויבט, אַז ער וועט זיך נישט האַלטן מער ווי 6 חדשים, ווען אויך די אילוזיעס זענען צערונען געוואָרן, האָט סטאַלין געזוכט 2 וועגן: פון איין זייט שאַפן אַן אינטערנאַציאָנאַלן פראָנט קעגן נאַציזם, פון דער צוויי־

טער — זוכן אַ פאַרשטענדיקונג מיט היטלערן. פון איין זייט — ליטווינאָוו (סאָוו. אויסערן־מיניסטער) רעדט אין דער „אונאַ", אַז דער „שלום איז איינציק און אומצעטיילבאַר" און זוכט צו שאַפן אַ בלאָק מיט ענגלאַנד און פראַנקרייך קעגן דער פאַשיסטישער אַקס בערלין—רוים. די „קאָמינטערן" (קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל אונטער דימיטראָווס, דער קאָמוניסטישער העלד פון דער רייכסטאַג־שריפה) אָנפירונג רופט צו אַ „פאָלקס פראָנט קעגן פאַשיזם" און פון דער צווייטער: געהיימע אונטער־האַנדלונגען אין בערלין, פאַרהאַנדלונגען מיט היטלערן, מיט דער „גע־שטאַפּאָ", מיטן דייטשישן גענעראַל־שטאַב, אָנהאַלטן אין רוסלאַנד דייטשי־שע באַזעס, דייטשישע אַוויאַציע — און כעמישע פאַבריקן (וועלכע דער ווערסאַילער אָפּמאַך האָט פאַרבאָטן דייטשלאַנד צו בויען), דייטשישע מיליטערישע איבונגס־פעלדער (דאָס אַלץ לויטן ראַפּאַלאָ־אָפּמאַך אין 1922), וועלכע סטאַלין האָט טאָלערירט אַפילו נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט און זענען ליקווידירט געוואָרן דורך די נאַציס אין 1935, ווען זיי האָבן באַשטימט איבערצופירן די פאַבריקן קיין דייטשלאַנד אַלס אַרויסרוף קעגן ווערסאַילער טראַקטאַט.

דער פּאָליטישער ראַטגעבער סטאַלינס איז דאַן געווען קאַרל ראַדעק. (ווי מען האָט שפּעטער איבערגעגעבן, האָט ער די פונקציע דערפילט אויך אין תפיסה) און ראַדעק דערקלערט אין 1935: „נאַר נאַראָנים קאָנען גלויבן, אַז מיר קאָנען איבעררייסן מיט דייטשלאַנד. קיינער קאָן אונדז נישט געבן דאָס, וואָס די דייטשן האָבן אונדז געגעבן". און סטאַלין דער־קלערט: „פאַרשטענדלעך, אַז מיר זענען ווייט צו זיין ענטוזיאַסטיש גע־שטימט לגבי דעם פאַשיסטישן רעזשים אין דייטשלאַנד. אָבער דער פאַ־שיסטישער רעזשים אין איטאַליע האָט אָנגעהאַלטן מיט אונדז גוטע באַציונגען. נישטאָ קיין סיבות אַז די באַציונגען מיט דייטשלאַנד זאָלן זיין אַנדערע".

אַנדערש אָבער האָט געטראַכט היטלער און די „געשטאַפּאָ". ביי זיי איז דער „דראַנג נאָך אָסטן" (דער קער צו מזרח) נישט קלענער געוואָרן, כאָטש היטלער האָט געלערנט די טעאָריע פון דעם דייטשישן מיליטער־סטראַטעג קלויזוויץ און גענעראַל שליפער, אַז דייטשלאַנד טאָר נישט גלייכצייטיק פירן קיין מלחמה אויף 2 פראָנטן. זיין סטראַטעגיע איז געווען: נייטראַליזירן רוסלאַנד און ענגלאַנד און צעשלאָגן פראַנקרייך, נאָך דעם זיך וואַרפן אויף רוסלאַנד, אָבער שוין אין ערשטן פעריאָד אָפּשוואַכן ביז אַ מינימום רוסלאַנד און איר רויטע אַרמיי.

אַזוי איז געבוירן געוואָרן אין דער „געשטאַפּאָ" דער „קאָמפּלאָט", וואָס די רוסישע גענעראַלן האָבן כלומרשט געוואָלט דורכפירן קעגן סטאַלינען. די „געשטאַפּאָ" האָט געוווּסט וועגן דער פאַרפאָלגונגס־מאַניע פון סטאַלינען און געזוכט אַ וועג, ווי אַזוי צו אַנטוויקלען אין אים דעם אומצוטרוי צום רוסישן גענעראַל־שטאַב, אויסנוצנדיק דערביי די שנאה, וואָס סטאַלין האָט געטראָגן אויפן בעסטן סאָוויעטישן גענעראַל, מאַרשאַל טוכאַטשעווסקי, אַ שנאה, וואָס שטאַמט נאָך פון דער מלחמה קעגן פוילן אין 1920, בעת ווען סטאַלין, זייענדיק פּאָליטישער קאָמיסאַר פון לעמבערגער פראָנט, האָט סאַבאָטירט די פאַראָרדנונגען צו העלפן טוכאַטשעווסקין אין זיין מאַרש אויף וואַרשע.

די „געשטאַפּאָ" האָט אויסגענוצט פאַר דעם צוועק דעם טשעכאָסלאָוואַקישן פּרעזידענט בענעש, און אים „פאַרקויפט" די פאַבריקירטע אין בערלין „דאָקומענטן" וועגן טוכאַטשעווסקיס צוגעגרייטן קאָמפּלאָט. בענעש האָט זיך געאיילט צוצושטעלן די „דאָקומענטן" סטאַלינען און די רעשט איז שוין געווען קלאָר. טוכאַטשעווסקי און אַלע כמעט גענעראַלן זענען פאַרמשפּט געוואָרן דורך סטאַלינען צום טויט.

צוזאַמען מיט טוכאַטשעווסקין זענען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט די גענעראַלן פּוטנא, גאַמאַרניק, יאַקיר, אובאַראָוויטש, בלוכער, שטערן, אַכט פון די בעסטע סאָוויעטישע גענעראַלן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין בירגער־קריג און צוזאַמען מיט זיי אַלע אָן אויסנאַם, אַרמיי־שעפן, 80 פּראָצענט פון די בריגאַדע און דיוויזיע־שעפן, אַ העלפט פון די פּאָלקאָווניקעס, כמעט אַלע פּאָליטישע קאָמיסאַרן זענען אין משך פון געציילטע חדשים דערמאָרדעט געוואָרן אָדער פאַרשיקט קיין סיביר אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

וואָס עס האָבן נישט באַוויזן קאָלטשאַק און דעניקין, האָט באַוויזן סטאַלין — דעקאַפּיטירן די רויטע אַרמיי. דאָס איז געווען דער גרעסטער זיג פון דער „געשטאַפּאָ" און דער אויספירער אירער איז געווען סטאַלין. נאָר אַ משוגענער אָדער אַ פאַרעטער האָט געקאָנט אַזוי האַנדלען קעגן דער אייגענער אַרמיי און דווקא אין מאָמענט, ווען היטלער האָט געדראָט מיט מלחמה. ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז אין 1941, ווען היטלער האָט אינוואַדירט רוסלאַנד, האָט ער באַוויזן אין משך פון 6 וואָכן דערגיין צום דניעפּר און נעמען אין געפאַנגען... 3 מיליאָן סאָוויעטישע זעלנער.

# די וועלט־מלחמה

די שוידערלעכסטע פון אַלע מלחמות, די צווייטע וועלט־מלחמה, וואָס האָט אָפּגעקאָסט 50 מיליאָן טויטע אויסער מינדעסטנס אַזאַ צאָל פאַר־ווונדעטע, קאַליקעס א. א. וו. איז אויסגעבראָכן דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939.

זי איז נישט אויסגעבראָכן צופעליק. אירע קערנער געפינען זיך שוין אין ווערסאַילער שלום־אָפּמאַך. אין 1919, אין דער צייט, וואָס דער אַמע־ריקאַנער פּרעזידענט ווילסאָן האָט געפּרוווט צו שאַפן אַ פּערמאַנענטן שלום אויף דער באַזע פון פריינטשאַפט צווישן די פעלקער, אויפשטעלן אַ „פעלקער־ליגע", האָבן באַזונדערס די פראַנצויזישע פאַרשטייער מיט קלעמענסאָ בראש געזוכט נקמה צו נעמען אין דייטשלאַנד און אַרויסציִען פון איר וואָס מערער. די באַשטימטע קאָנטריבוציע איז געווען 40 מיל־יאַרד דאָלאַר, אַ סומע פאַר יענער צייט אַן אַסטראָנאָמישע און געווען די באַזע פאַר דער רעוואַנזש־מלחמה פון דייטשלאַנד. מ'האָט אויף דייטש־לאַנד אַרויפגעלייגט שווערע אָבליגאַציעס, וועלכע זי האָט געפּרוווט ארומ־גיין דורך דער אינפלאַציע פון איין זייט (אַ דאָלאַר איז דערגאַנגען אין 1923 צו 1 מיליאַרד מאַרק) און איבערפירנדיק אירע מיליטערישע איינ־ריכטונגען קיין רוסלאַנד. אין 1923 האָבן זיך צו די אולטראַ־נאַציאָנאַ־ליסטן־מאָנאַרכיסטן און „נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן" אָנגעשלאָסן אויך די קאָמוניסטן אין אַן „איינהייטלעכן פראָנט" קעגן ווערסאַילער שלום־אָפּמאַך און קעגן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ווײַמאַר־רעפּובליק. פאַר די קאָ־מוניסטן האָט עס געהייסן „אַ שטיקל וועג צוזאַמען", שלאָגן צוזאַמען די ס. ד. און דאַן וועלן מיר שלאָגן די נאַציס און באַהערשן דייטשלאַנד. אַרויסגעקומען איז אַנדערש, די נאַציס האָבן געשלאָגן די קאָמוניסטן (און אַלע קעגנער) און זיי זענען געוואָרן די מאַכט־האָבער.

היטלער איז געקומען צו דער מאַכט דעם 31־טן יאַנואַר 1933 אין רעזולטאַט פון שרעקלעכסטן קריזיס, וואָס די מענטשהייט האָט דורכגע־מאַכט (אָנגעהויבן דעם שוואַרצן פרייטיק אין אָקטאָבער 1929 מיטן קראַך פון וואָל־סטריט) און דערפירט דערצו, אַז אין דייטשלאַנד זענען געווען מער ווי 7 מיליאָן אַרבעטסלאָזע. היטלער איז שוין געווען באַקאַנט אויף דער וועלט. אין „מיין קאַמף" האָט ער נישט פאַרהוילן זיינע משוגענע עקספּאַנסיע־פּלענער, דעם „לעבנס־רוים" צו וועלכן ער האָט געשטרעבט,

צו דער רעוואַנזש־מלחמה קעגן פראַנקרייך, צו דער „פאַראייניקונג״ פון אַלע דייטשישע טעריטאָריעס א. א. וו. קעגן די פאַרפליכטונגען פון ווערסאַליער שלום־אָפּמאַך האָט ער גלייך פון אָנהייב געבויט אָפּן די נייע דייטשישע אַרמיי, וואָפן־פאַבריקן, אַוויאַציע א. א. וו. און אין 1936 באַזעצט מיליטעריש דאָס ריין־לאַנד, וואָס איז לויטן דערמאָנטן שלום־אָפּמאַך געווען פאַרבאָטן.

דער דייטשישער גענעראַל־שטאַב האָט זיך קעגנגעשטעלט, מורא געהאַט פאַר אַ צוזאַמענשטויס מיט דער פראַנצויזישער אַרמיי, וואָס איז דאַן געווען די שטאַרקסטע אין אייראָפּע, אָבער היטלער האָט זיי באַרויִקט, „אויב די פראַנצויזן וועלן אַרויסטרעטן וועל איך אַבדיקירן און מיט דעם וועט זיך ענדיקן דער אינצידענט״. די פראַנצויזן זענען נישט אַרויסגעטראָטן. פאַר וואָס? פראַנקרייך האָט זיך געפונען אין אַ פערמאַנענטער יוירונג, אין קאַמף פון די עקסטרעם־רעכטע פאַשיסטן, די „קרוא דע פע״, מיטן געגרינדעטן „פאָלקס־פראָנט״. די רעגירונג פון פלאַנדען האָט מורא געהאַט, אַרויסצוטרעטן אַליין און געבעטן הילף ביי ענגלאַנד. אין ענגלאַנד האָט די קאָנסערוואַטיווע רעגירונג פון באָלדווין־טשעמבערלען געפירט אַ פּאָליטיק: 1) נישט דערלאָזן אַז פראַנקרייך זאָל זיין צו שטאַרק און דערצו איז נויטיק אַ דייטשלאַנד, וואָס זאָל זיך קעגנשטעלן דער פראַנצויזישער העגעמאָניע אין אייראָפּע; 2) שטיצן דייטשלאַנד און זי וואַרפן קעגן ראַטנפאַרבאַנד, וועלכן די קאָסערוואַטאָרן האָבן געהאַלטן אַלס הויפּט־שונא.

אין רעזולטאַט, האָט היטלער געטאָן זיינס. אַנטוויקלט אַ שטאַרקע אַרמיי, אַ שטאַרקע אַוויאַציע, איינגעשלאָסן יאַפּאַן אין דעם אַנטי־קאָמוניסטישן בונד. אין מערץ 1938 פאַרנומען אָן איין שאָס עסטרייך און געפאָדערט די סודעטן פון טשעכאָסלאָוואַקיע. די טשעכן האָבן געפאָדערט די צוגעזאָגטע הילף פון פראַנקרייך און רוסלאַנד. אַלס ענטפער איז געקומען דער שענדלעכער מינכענער פאַקט (סעפּטעמבער 1938) און אין מערץ 1939 האָט היטלער אָפּגעהאַלטן 2 נצחונות: פאַרנומען טשעכאָסלאָוואַקיע און זיין פאַרבינדעטער פראַנקאָ, וועמען היטלער האָט אַקטיוו געהאָלפן, האָט פאַרנומען שפּאַניע. דאָס מאָל האָבן ענגלאַנד און פראַנקרייך זיך דערשראָקן פאַר היטלערס עקספּאַנסיעס און דערקלערט, אַז זיי וועלן נישט מער טאָלערירן קיין נייע אַנעקסיעס, דעקלאַרירט, אַז אַ מלחמה קעגן פוילן באַדייט אויך אַ מלחמה קעגן זיי און געפּרוווט שליסן אַן אַליאַנץ מיט ראַטנפאַרבאַנד. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע איז געשיקט גע־

וואָרן קיין מאָסקווע, אָבער אין דער צייט ווען זי האָט דאָרט אונטער־געהאַנדלט, האָט סטאַלין אונטערגעהאַנדלט אויך מיט היטלערן און דעם 22־טן אויגוסט 1939 געשלאָסן דעם מאָלאָטאָוו־פאָן־ריבענטראָפּ אָפּמאַך, אין וועלכן ביידע צדדים פּראָקלאַמירן זייער קעגנזייטיקער פריינדשאַפט און די גרייטקייט אָנהאַלטן די בעסטע פּאָליטישע און האַנדלס־באַציִונגען. היטלער דערקלערט זיין הסכמה צו די סאָוויעטישע פאָדערונגען: אַנעקסיע פון די פּוילישע „קרעסן", די א. ג. מערב־ווייסרוסלאַנד און מערב־אוקראַיִנע; אַנעקסיע פון ליטע, לעטלאַנד און עסטלאַנד; אַנעקסיע פון בעסאַראַביע ביי רומעניע און רוסלאַנד זאָגט צו צושטעלן ווייץ, נאַפט און אייזן צו דייטשלאַנד.

גוסטאַוו הילגער, דער ראַטגעבער פון דער צוויטער אַמבאַסאַדע אין מאָסקווע, אין די יאָרן 41—1918, ד. ה. פון בריסקער שלום ביז דער אינוואַזיע פון רוסלאַנד, שרייבט אין זיין בוך „די קעגנזעצלעכע פאַר־בינדעטע" (דערשינען אין 1953): „די ענדערונג פון דער סאָוויעטישער אויסלענדישער פּאָליטיק, וואָס איז געקרוינט געוואָרן מיטן סטאַלין־היטלער־פּאַקט, איז צוגעגרייט געוואָרן מיט יאָרן פריִער מיט דער „ריי־ניקונג", וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך סטאַלינען. אין אָנבליק פון דעם סענסאַציאָנעלן אָפּמאַך, ווייזט זיך אַרויס די „רייניקונג" אַלס אַן אומבאַדינגטער פּאַרבאַדינג פאַר דער שליסונג פון אַ סאָוויעטיש־דייטשישן בונד. נאָר אַ פּאַרטיי, אויסגערייניקט פון די בוכאַרין, קרעסטינסקי, ראַדעק, האָט געקאָנט טאָלערירן אַזאַ פּאַקט".

סטאַלין האָט געהאַט די העזה צו דערקלערן דעם זעלבן טאָג, 22־טן אויגוסט 1939 אויף דער 18־טער פּאַרטיי־קאָפערענץ: „מיר זענען פאַר דער אונטערשטיצונג פון די פעלקער, וואָס זענען געוואָרן קרבנות פון אַגרעסיע (היטלער־דייטשלאַנד אָדער פוילן, ליטע, לעטלאַנד, פינלאַנד?) מיר זענען פאַר שלום און דער פּאַרפעסטיקונג פון נאָרמאַלע באַציִונגען מיט אַלע לענדער... מיר זענען מיט יענע לענדער, וואָס זענען נישט פּאַראינטערעסירט אין דער פּאַרלעצונג פון פרידן"...

דאָס איז געווען דער רעקאָרד פון צביעות, שקר און ציניזם, אָבער אויפגענומען ווי „גוט געלט" דורך די קאָמוניסטן. אייניקע האָבן אַלס פּראָטעסט פּאַרלאָזט די קאָמוניסטישע פּאַרטייען, די מערהייט האָט אויך דאָס אויפגענומען ווי אַ גוטע מטבע, ווי עס האָבן אויפגענומען די חסידים פון שבתי צבי, ווען ער האָט אָנגענומען דעם מאַכמעדאַנישן גלויבן...

דעם 1־טן אויגוסט 1939 האָט אין נאָמען פון די פראַנצויזישע קאָ־מוניסטן דערקלערט דער אַלטער קאַשען: „כאָטש איך בין אַלט 72 יאָר, בין איך גרייט צו גיין אין דער אַרמיי, וואָס וועט אַרויסטרעטן קעגן דעם ערגסטן שונא פון דער מענטשהייט, קעגן אַדאָלף היטלערן און דעם נאַציזם". 3 וואָכן זענען דורכגעלאָפן, סטאַלין האָט געשלאָסן זיין פאַקט מיטן טייוול און אַ צווייטער פאַרשטייער פון דער זעלבער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, טאָרעס, דערקלערט אין דעם זעלבן פאַרלאַמענט „צוליב דאַנציק — טאָר מען נישט פאַרגיסן פראַנצויזיש בלוט". ווי מיט אַ יאָר פריער, האָט אויך איצט היטלער געפאָדערט „נישט מער ווי דאַנציק" פון פוילן.

דער סטאַלינישער נושא־כלים, „דער הילצערנער הינטן" (ווי עס האָבן אים גערופן די רוסישע קאָמוניסטן) וו. מאָלאָטאָוו דערקלערט דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939: „אין אויסברוך פון דער מלחמה זענען שולדיק די אינטערנאַציאָנאַלע פינאַנץ־מאַגנאַטן פון לאָנדאָן און פּאַריז" און די קאָמוניסטן אויף דער גאַנצער וועלט האָבן געשטיצט היטלערן און דעם נאַציזם אין קאַמף קעגן „די אימפּעריאַליסטן פון פּאַריז און לאָנדאָן".

דעם 26־טן נאָוועמבער האָבן די לענדער פון דער דריי־אַקס (דייטש־לאַנד, איטאַליע, יאַפּאַן) אונטערגעשריבן אַ געמיינזאַמע דעקלאַראַציע מיט מאָסקווע, וואָס זאָגט: 1) דייטשלאַנד דערקלערט, אַז אויסער אירע אינ־טערעסן אין אייראָפּע איז זי אויך פאַראינטערעסירט אין די טעריטאָריעס פון צענטראַל־אַפריקע; 2) איטאַליע דערקלערט, אַז אויסער טעריטאָריאַלע אויסבעסערונגען אין אייראָפּע איז זי אויך פאַראינטערעסירט אין צפון־אַפריקע (מצרים, אַלזשיר); 3) יאַפּאַן דערקלערט, אַז אירע טעריטאָריאַלע פּרעטענסיעס באַגרענעצן זיך צו צענטראַל־אַזיע, אויף דרום פון די יאַ־פּאַנישע אינדזלען (כינע); 4) ראַטנפאַרבאַנד דערקלערט, אַז אויסער די טעריטאָריאַלע ענדערונגען אין אייראָפּע, קאָנצענטרירן זיך אירע טערי־טאָריאַלע תביעות אויפן דרום פון ראַטנפאַרבאַנד אין דער ריכטונג פון אינדיע"...

דעם 1־טן יאַנואַר 1940 שרייבט די „רונדשאַו", אָרגאַן פון קאָמינ־טערן: „אויך אין דער אויסערן־פּאָליטיק, האָט דאָס סאָוויעטישע פאָלק באַוויזן זיין קלוגשאַפט. דער ראַטנפאַרבאַנד דאַרף שלום ווי ברויט, וואַ־סער, לופט... קיינמאָל האָט דער ראַטנפאַרבאַנד נישט פאַרלעצט די גרע־נעצן פון אַנדערע שטאַטן און אויך אין 1939 האָט זי עס נישט געטאָן... די פרידנס־פּאָליטיק פון ראַטנפאַרבאַנד האָט שוין אויפגעשטעלט די

פריינדשאַפט צווישן די פעלקער, פון סאָוויעט רוסלאַנד און דייטשלאַנד. די באַזונדערקייט פון דער סאָוויעטישער פּאָליטיק באַשטייט דאַרין, וואָס עס פאַרטיידיקט זיך אַליין און אויך אַנדערע קעגן קריג, באַזונדערס די פעלקער פון מערב־ווייסרוסלאַנד, מערב־אוקראַינע, ליטע, עסטלאַנד און לעטלאַנד (וועלכע רוסלאַנד, „נישט פאַרלעצנדיק קיין גרענעצן" האָט אַנעקסירט, דערקלערנדיק, אַז זי האָט זיי באַפרייט!) אין יאָר 1939 האָט דאָס סאָוויעטישע פאָלק באַוויזן, נישט מיט ווערטער נאָר מיט טאָטן, אָפּצולייקענען אַלע נאַרישע מעשיות וועגן געוואַלט־סאָוויעטיזאַציע פון אַנדערע פעלקער. די פעלקער פון מערב־אוקראַינע, מערב־ווייסרוסלאַנד, עסטלאַנד, ליטע און לעטלאַנד האָבן אין געהיימער אָפּשטימונג באַשטימט זיך אָנצושליסן אין ראַטנפאַרבאַנד, כדי די העלדישע און שטאַרקע רויטע אַרמיי זאָל זיי פאַרטיידיקן קעגן קריג" — איז מעגלעך זיך פאָרצושטעלן גרעסערע צביעות?

דער סטאַלין־היטלער־פּאַקט האָט דערלויבט די נאַצי־רוצחים 8 טעג נאָכן אונטערשרייבן אים, אָנהויבן די וועלט־מלחמה, זייענדיק זיכער, אַז רוסלאַנד שטייט אויף זייער זייט. 16 טעג שפּעטער, דעם 17־טן סעפּטעמ־בער, האָבן די רוסן אַריינגעשטאָכן אַ מעסער אין רוקן פון דער פּוילישער אַרמיי, וואָס האָט געקעמפט קעגן דעם פיל־שטאַרקערן נאַצי־שונא, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין פּוילן. אייניקע טעג שפּעטער פאַרנעמט רוסלאַנד די 3 קליינע מדינהלעך ליטע, לעטלאַנד און עסטלאַנד, מיט וועלכע זי האָט געהאַט געשלאָסן פריינדשאַפטס־אָפּמאַכן און וועמענס אומאָפּהענגיקייט איז געווען גאַראַנטירט דורך דער סאָוויעטישער רעגירונג, פּרעזידירט פון לענינען. די מעשה וועגן דער צושטימונג פון דער באַפעלקערונג איז אַן אָפענער שקר. קיין זעלכער פּלעביסציט איז קיינמאָל נישט געווען און ממילא האָט די באַפעלקערונג נישט געקאָנט אויסדריקן איר הסכמה. די „הסכמה" האָבן געגעבן די שטיוול פון דער „רויטער אַרמיי". דעם 30־טן נאָוועמבער דערקלערט דאָס „מעכטיקע" רוסלאַנד „וואָס פאַרלעצט נישט קיין גרענעצן" אַ מלחמה דער קליינער, 3־מיליאָניקער פינלאַנד און דאָס קליינע העלדישע פאָלק האַלט אויס דעם סאָוויעטישן דרוק 3 חדשים... דערפאַר עקספּאָרטירט סטאַלין אין 1940 קיין דייטשלאַנד אַ מיליאָן טאָן ווייץ, אין דער צייט, וואָס דאָס סאָוויעטישע פאָלק האָט נישט געהאַט גענוג ברויט און פאַרן יאָר 1941 האָט סטאַלין צוגעזאָגט 5 מיליאָן טאָן ווייץ, אויסער נאַפט, בייוול, פאָספאַטן, אייזן, פּלאַטין א. א. וו. פאַר אַ סומע פון 800 מיליאָן מאַרק...

סטאַלין האָט געטאָן דאָס מעגלעכע אויף צופרידנשטעלן היטלערן, אָבער דער לעצטער האָט געהאַט זיין חשבון. ביז סוף 1940 האָט די נאַצי־אַרמיי באַוויזן צו פאַרנעמען פראַנקרייך, בעלגיע, האָלאַנד, דענע־מאַרק, נאָרוועגיע, פוילן. נאָר איין לאַנד שטעלט זיך אים קעגן: ענגלאַנד. בראש פון ענגלאַנד שוין נישטאָ טשעמבערליין, נאָר טשערטשיל, וואָס זאָגט צו זיין פאָלק „בלוט, שוויס און טרערן". די מאַסן־באָמבאַרדירונג פון ענגלאַנד דורך געריננגס „לופט־וואַפע" ברעכט נישט די ענגלענדער. היטלער איז שוין גרייט צו גיין אויפן ראַטנפאַרבאַנד ווי עס האָבן געוואָלט באָלדווין און טשעמבערליין. גיין קעגן רוסלאַנד און נישט זיין זיכער מיט זיין מערב־פראָנט, האָט היטלער נישט געוואָלט און געשיקט זיין פאַר־טרעטער רודאָלף העס קיין ענגלאַנד. העס קומט און ווערט אַרעסטירט. טשערטשיל איז נישט טשעמבערליין. היטלער וואַרפט זיינע חילות אויפן באַלקאַן, קעגן יוגאָסלאַוויע און גריכנלאַנד כדי צו דעקן די דרום־גרע־נעצן, און נאָך אַ קורצער מלחמה — פאַרנעמט ער זיי. דער אייראָפּעישער קאָנטינענט איז אין זיינע הענט. בלויז 2 נייטראַלע אינדזלען זענען פאַר־בליבן: שווייץ און שוועדן. די באָמבאַרדירונג פון ענגלאַנד ווערט פאַר־געזעצט, אָבער די ענגלענדער שאַפן דעם ראַדאַר און די דייטשישע „לופט־וואַפע" הויבט אָן צו צאָלן אַ זייער טייערן פּרייז. ביז 200 דייטשישע „מעסערשמידס" ווערן אַראָפּגעוואָרפן אין איין טאָג.

דעם 21־טן יוני 1941 הויבט אָן היטלער זיין אָנגריף אויף רוסלאַנד. וועגן די צוגרייטונגען צום איבערפאַל האָט דער סאָוויעטישער מיליטער־רישער אַטאַשע אין בערלין, וואָראָנצאָוו, געמאָלדן סטאַלינען דעם 4־טן מאַי. דעם 22־טן מאַי האָט דער זעלבער געמאָלדן „די אינוואַזיע באַשטימט אויפן 15־טן יוני". טשערטשיל האָט געמאָלדן סטאַלינען, אַז „147 דייטשישע דיוויזיעס זענען מאָביליזירט ביי דער סאָוויעטישער גרענעץ און גרייטן זיך צו אינוואַדירן דעם ראַטנפאַרבאַנד". דער בעסטער סאָוויעטישער שפּיאָן, סאַרגע, טעלעגראַפירט וועגן דער אינוואַזיע פון טאָקיאָ, ענלעכע ידיעות קומען פון סטאַמבול אָבער פאַר סטאַלינען זענען דאָס אַלץ „פּראָוואָקאַציעס" פון די ענגלענדער. זיין חבר, אַדאָלף היטלער, וועט אים נישט פאַראַטן — איז סטאַלין זיכער און ער איז אַזוי ווייט זיכער, אַז ער האָט פאַראָרדנט די סאָוויעטישע מיליטער־טיילן ביי דער גרענעץ נישט ענטפערן אויף פּראָוואָקאַציעס... דייטשישע אַוויאָנען זענען געפלויגן איבער סאָוויעטישע לופט־פלעצער, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף סאָוויעטישע אַעראָדראָמען און אויף

אַ פראַגע צי זיי האָבן נישט קיין מורא, האָבן נאַצי־פליער געענטפערט „מיר ווייסן, אַז איר האָט אַ באַפעל נישט צו שיסן אויף אונדז״.

די מיליטער־שעפן מעלדן: „אַנטקעגן אונדז גרופּירן זיך די דייטשן. נייע דיוויזיעס באַוויזן זיך ביי דער גרענעץ״ — סטאַלינס ענטפער: „נישט לאָזן זיך פּראָוואָצירן, נישט ענטפערן אפילו אויף שיסערייי״. סטאַלין האָט פאַרשפּרייט ידיעות וועגן אַ כלומרשטע סטאַלין־ליניע, וואָס ציט זיך פון אָדעס ביז דער פינלענדישער גרענעץ. געווען איז עס אַ פשוטער בלאָף, אין משך פון 20 טעג ברעכן די דייטשן די סאָוויעטישע פאַרטיי־דיקונגס־ליניע נאָכן פאַרניכטן אין אַ בליץ־איבערפאַל אַלע סאָוויעטישע אַוויאָנען אויף די לופט־פעלדער. אין משך פון 2 חדשים שניידן אָפּ די נאַציס די באַן־ליניע מאָסקווע־לענינגראַד און דערגרייכן דעם דניעפּר, פאַרנעמענדיק כמעט אָן ווידערשטאַנד אַ האַלבע אוקראַינע. די דייטשישע אַרמיי שלאָגט אויף 3 פראָנטן: אוקראַינע, מאָסקווע, לענינגראַד.

סטאַלין איז געווען פאַרצווייפלט. אין משך פון לאַנגע וואָכן האָט ער נישט געענטפערט, קלאָגנדיק „די ירושה פון לענינען גייט פאַרלוירן״... ער איז געווען זיכער, אַז אַלע זענען אַזוי פאַדלע און פאַלש ווי ער און איצט וועט ענגלאַנד אויסנוצן די געלעגנהייט און שליסן שלום מיט היטלערן, ווי ער האָט עס געטאָן 2 יאָר פריער. טשערטשיל איז אָבער נישט געווען סטאַלין. ער דערקלערט אין ענגלישן פאַרלאַמענט „אין משך פון 25 יאָר איז נישט געווען אויף דער וועלט קיין שאַרפער קעגנער פון באָלשעוויזם ווי איך. איצט שטייט פאַר ענגלאַנד איין אויפגאַבע: פאַרניכטן היטלערן און יעדן שפּור נאָך אים און ווער עס קעמפט קעגן היטלערן איז אונדזער פריינט און מיר וועלן אים העלפן מיט וואָס נאָר מיר וועלן קאָנען. די וואָס זענען מיט היטלערן — זיי זענען אונדזערע שונאים און זיי וועלן מיר באַקעמפן״.

דווקא די „פאַרפלוכטע״ קאַפּיטאַליסטן, די „פינאַנץ־אָליגאַרכיע״ פון ניו־יאָרק און לאָנדאָן, די „וואָס האָבן צעפלאַקערט די אימפּעריאַליסטישע מלחמה״ — זיי זענען געקומען צו הילף רוסלאַנד. אין משך פון 4 יאָר (פון 1941 ביז 1945) האָט רוסלאַנד באַקומען פון אַמעריקע און ענגלאַנד 17,5 מיליאָן טאָן פאַרשידענעם מאַטעריאַל צווישן דעם 2,5 מיליאָן טאָן בענזין פאַר די סאָוויעטישע אַוויאָנען און טאַנקען, 14.800 (פערצן טויזנט אַכט הונדערט) אַוויאָנען, 427 טויזנט לאַסט־מאַשינען, 50 טויזנט דזשיפּס, 13 מיליאָן שטיוול פאַר די סאָוויעטישע זעלנער, 90 מיליאָן מעטער בייוול־סחורה אויף מונדירן, 420 טויזנט טאָן אַלומיניום, 3 מיליאָן טאָן שטאָל

א. א. — צוזאַמען פאַר אַ סומע פון 22 מיליאַרד דאָלאַר, אַ סומע, וואָס רוסלאַנד האָט נאָך ביז היינט נישט באַצאָלט.

די דאָזיקע הילף האָט דערלויבט די רוסן אויפצושטעלן נייע אַרמייען, באַוואָפּענען זיי און איבערגיין צו אַ קאָנטער־אָפענסיווע ביי סטאַלינגראַד, נאָך דעם ווי די אַמעריקאַנער און ענגלישע אַוויאַציע האָבן באָמבאַרדירט שטאַרק די דייטשע אַמוניציע־ און געווער־פאַבריקן, די באַן־ליניעס און דער „גענעראַל ווינטער" — דער בעסטער רוסישער גענעראַל, וואָס האָט 130 יאָר פריער באַזיגט נאַפּאָלעאָנען, האָט אויך באַזיגט היטלערס רוצחים.

מיט דער הילף פון אַמעריקע און ענגלאַנד האָט רוסלאַנד געזיגט, אָבער דער נצחון האָט געקאָסט דאָס רוסישע פאָלק 17 מיליאָן קרבנות, אַ דריטל פון אַלע דערהרגעטע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די סאָוויעטישע אַרמיי אין איר קאָנטער־אָפענסיווע האָט אין 1945 „באַפרייט" פוילן, רומעניע, אונגאַרן, טשעכאָסלאָוואַקיע און בולגאַריע, אָבער קעגן די באַשלוסן פון דער יאַלטאַ און דער פּאָטסדאַם־קאָנפערענצן, האָט די רויטע אַרמיי נישט פאַרלאָזן די לענדער נאָך דער מלחמה נאָר אַרויפגעצוווּנגען אויף זיי קאָמוניסטישע רעגירונגען. סטאַלין איז געווען פאַרשיכורט פון נצחון און געווען אַזוי באַגלויבט אין זיין כוח, אַז ער האָט געוואָגט צומאָרגנס נאָך דער מלחמה אַנטוויקלען דעם קאַלטן קריג קעגן די, וואָס האָבן אים געראַטעוועט, קעגן ענגלאַנד און די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט טאַקע גערעדט שיין קעגן אַנעקסיעס, אָבער אין אַ שמועס מיט אַ יוגאָסלאַווער דעלעגאַציע דערקלערט ער: „דער מערב וועט פאַרוואַנדלען מערב־דייטשלאַנד אין זיין נחלה, מיר וועלן פאַרוואַנדלען מזרח־דייטשלאַנד אין אונדזער נחלה" — אָפענער ציניזם. ווען די בולגאַרן האָבן נאָך דער מלחמה געפּרוּווט אויפשטעלן אַ באַלקאַן־בלאָק צוזאַמען מיט רומעניע, יוגאָסלאַוויע און גריכנלאַנד, כדי אויף שלום־וועגן זוכן צו לייזן די סיכסוכים צווישן די באַלקאַנער מדינות, וואָס האָבן אין 1912 געבראַכט צו דער באַלקאַנער מלחמה, האָט זיך סטאַלין צעבייזערט אויף דימיטראָוון, דעם געוועזענעם סעקרעטאַר פון דער בולגאַרישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי „איר ווילט שאַפן בלאָקן אָן אונדז און קעגן אונדז".

# סטאַליניזם און טיטאָיזם

סטאַלין האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט זיין „סאַמאָדיערזשאַוויעץ״ (זעלבסטהערשער) פון רוסלאַנד און ראַטנפאַרבאַנד. זיין דיקטאַטור האָט ער אויך געוואָלט אַרויפצווינגען אויף די נייע קאָמוניסטישע, כלומרשט זעלבשטענדיקע מדינות, וואָס האָבן געדאַרפט דינען אַלס סאָוויעטישע קאָלאָניעס. ער האָט די לענדער עקספּלואַטירט נישט ווייניקער ווי יעדער אימפּעריאַליזם, צוגענומען ביי די זיי תבואה, קוילן, אייזן, אוראַניום. צוגעטיילט צו יעדן לאַנד זיין אויפגאַבע: פּוילן, רומעניע, אונגאַרן, בולגאַריע, האָבן געדאַרפט צושטעלן ברען־שטאָף און רוי־מאַטעריאַל, רומעניע און אונגאַרן האָבן געדאַרפט זיך ספּעציאַליזירן אויסשליסלעך אין אַגריקולטור און פאַרקויפן רוסלאַנד פאַר אַ פּרייז, וואָס זיינע סאָוויעטישע „עקאָנאָמיסטן״ וועלן באַשטימען, אַפילו אונטערן קאָסטן־פּרייז; טשעכאָסלאָוואַקיע און מזרח־דייטשלאַנד האָבן געדאַרפט פאַרקערט, אַנטוויקלען די אינדוסטריע, אָבער די אינדוסטריע, וואָס אינטערעסירט רוסלאַנד און אויך איר „פאַרקויפן״ די פּראָדוקציע לויט פּרייזן באַשטימטע דורך מאָסקווע און דאָס אַלץ — נאָכן דעמאָנטירן גאַנצע פאַבריקן און זיי איבערפירן קיין רוסלאַנד, אַלס „דעקונג״ פאַר די הוצאות פון דער „רויטער״ אַרמיי, וואָס האָט די לענדער באַזעצט.

אויך די אָרטיקע קאָמוניסטן האָבן פּראָטעסטירט, נישט געוואָלט זיין בלויז אויספירער פון מאָסקווער מאַנדאַט.

די ערשטע האָט רעבעלירט יוגאָסלאַוויע. מאַרשאַל טיטאָ האָט זיך געפילט שטאַרק, ווייל יוגאָסלאַוויע איז נישט באַפרייט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי און דאָרט האָט זי נישט געהאַט אירע באַזעס. טיטאָ האָט אָנגעפירט אַ קאָמוניסטישע אָבער זעלבשטענדיקע פּאָליטיק, הן אינערלעכע הן אויסערלעכע. דאָס איז נישט געפאַלן סטאַלינען און אין 1949 האָט ער דערקלערט טיטאָ׳ן אַלס „פאַררעטער״, „אַגענט פון אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם״, אויסגעשלאָסן יוגאָסלאַוויע פון „קאָמאינפאָרם״ (קאָמוניסטישע אינפאָרמאַציע־ביוראָ אויפן אָרט פון קאָמינטערן, וועלכן סטאַלין האָט פאָרמעל פאַנאַנדערגעלאָזט אין 1943 כדי צו געפינען חן אין די אויגן פון רוזוועלט), געשיקט מערדער קיין יוגאָסלאַוויע צו דערמאָרדן טיטאָ׳ן, געפּרוווט דורכפירן דאָרט אַ שטאַטס־קלאַפּ, וואָס איז דורכגעפאַלן.

נישט קאָנענדיק ליקווידירן טיטאָ׳ן, האָט זיך סטאַלין געוואָרפן אויף

די איבעריקע קאָמוניסטישע סאַטעליטן. אין בולגאַריע איז דערקלערט געוואָרן דער געגן. סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי טרייטשאַ קאָסטאָוו אַלס „פּאָלקס־שונא" און דערשאָסן, אין אונגאַרן — לאַשקאָ רייק, דער אויסערן־מיניסטער פון ראַקאָשיס רעגירונג, דער גענעראַל דזשראַי פּאַלפי א. א. אין רומעניע איז אַרעסטירט געוואָרן די אויסערן־מיניסטאָרין אַנאַ פּאַוקער, אין פּוילן גאָמולקאַ און גענעראַל ספּיכאַלסקי.

דעם שטאַרקסטן פּאָגראָם האָט סטאַלין דורכגעפירט אין טשעכאָסלאָ־וואַקיע. עס איז נישט געווען גענוג פאַר אים דאָס בלויזע דערמאָרדן די קרבנות, ער האָט זיי געדאַרפט דערנידעריקן, ווי ער האָט דאָס געמאַכט מיט די באָלשעוויסטישע מנהיגים אין רוסלאַנד אין די יאָרן 1937—1936. ער האָט געדאַרפט אַ שוי־פּראָצעס און אים דורכגעפירט אין פּראַג אין 1952, און דורכגעפירט מיטן גאַנצן „קנאַק". ווישינסקי און די בעסטע יוריסטן, משרתים פון סטאַלינען האָבן צוגעגרייט אַ „וועלט־פאַרשווערונג", אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען דער פּרעזידענט פון די פ. שטאַטן, טרומאַן צוזאַמען מיט... בן־גור־יונען, דער אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם, די סטאַנדאַרט־אויל־קאָמפּאַני צוזאַמען מיט דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און „דזשאָינט" — און בראש פון זיי אַלע האָבן זיך געפונען טיטאָ און זיינע מיניסטאָרן, ספּעציעל דער ייד משה פּיאַדע... סלאַנסקי, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי, אַן אַלטער קאָמוניסט און נאָך 11 מיניסטאָרן און וויצע־מיניסטאָרן (די מערהייט יידן) זענען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט נאָך אַ „ווידוי" לויטן מאָסקווערביישפּיל און דערשאָסן געוואָרן נאָך שווערע עינויים. זיי זענען שפּעטער רעהאַביליטירט געוואָרן, אָבער נישט אויפגעשטאַנען תחית המתים.

סטאַלינס סכיזאָפרעניע איז געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער מיט די יאָרן. ער האָט געציטערט פאַר זיין אייגענעם שאָטן, נישט געהאַט קיין צוטרוי צו זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער און גענעראַל בולגאַנין, שפּעטערדיקער פּרעזידענט פון ראַטנפאַרבאַנד דערציילט „ווען כ׳פלעג באַקומען אַן איינלאַדונג צו קומען צו סטאַלינען, האָב איך נישט געוווּסט אויב איך וועל צוריקפאָרן פון קרעמלין אַהיים אָדער... אין תפיסה".

דער אַנטיסעמיטיזם מיט דער סכיזאָפרעניע האָט זיך ביי אים צונויפ־געמישט און... ער האָט אַנטדעקט, אַז די גרעסטע יידישע מעדיקער אין מאָסקווע האָבן זיך געשטעלט אַלס ציל... פאַרסמען אים און אַלע מנהיגים פון ראַטנפאַרבאַנד. אין 1936 איז עס געווען איין דאָקטאָר (לעווין), דאָס מאָל איז די באַשולדיקונג אויסגעוואַקסן צו 15 פון די גרעסטע מעדיקער

און... ס׳האָט זיך אויך געפונען אַ דאָקטערין — אַ זונה, וואָס „האָט אַליין געזען און געהערט״. ס׳איז צוגעגרייט געוואָרן אַ מאַסן־פּראָצעס מיט „אידעאָלאָגישער״ אויפקלערונג קעגן די „קאָסמאָפּאָליטן״ — ד. ה. יידן, „מענטשן אָן אַ פאָטערלאַנד״. אַ שוידערלעכער אַנטיסעמיטישער געבעלס־קאַמפּיין איז אַנטוויקלט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד און געדראָט מיט אַ מאַסן־פּאָגראָם. סטאַלין האָט שוין אַפילו געהאַט באַשלאָסן צו דעפּאָר־טירן 3 מיליאָן סאָוויעטישע יידן קיין ביראָבידזשאַן, ווען... ער האָט באַ־קומען אַ האַרץ־שלאַג. לויט ידיעות פון מאָסקווע איז דער האַרץ־שלאַג געקומען, ווען זיין שוואָגער, קאַגאַנאָוויטש, האָט אַלס פּראָטעסט קעגן דעם פּאָגראָם־באַשלוס פון סטאַלינען, צעריסן זיין פּאַרטיי־קאַרטע און אים צוגעוואָרפן סטאַלינען. מאָלאָטאָוו זאָל אים האָבן געגעבן אַ צו שטאַרקע דאָזע פון אַ רפואה און דאָס האָט דערגענטערט זיין טויט. ווי ס׳זאָל נישט זיין איז רוסלאַנד און די וועלט באַפרייט געוואָרן פון אַ בלוטיקן טיראַן, וואָס האָט אָפּגעקאָסט דאָס סאָוויעטישע פאָלק נישט ווייניקער פון 50 מיליאָן קרבנות. די וועלט האָט אָפּגעעטעמט און צוזאַמען מיט איר די 15 דאָקטוירים. דער פּראָצעס איז אַנולירט געוואָרן און די דאָקטוירים באַפרייט.

סטאַלין האָט פאַרדינסטן פאַר רוסלאַנד, ער האָט זי פאַרוואַנדלט אין אַ שטאַרקע מדינה, אָבער פאַר וועלכן פּרייז?

ער איז פאַרבליבן אין דער רוסישער געשיכטע אַלס דער בלוטיקסטער הונט, דער צווייטער און ערגערער איוואַן דער גרויזאַמער.

סטאַלין איז קיין טעאָרעטיקער נישט געווען אָבער יאָ — אַ גאונישער פעלשער פון דער רוסישער געשיכטע און נאָך ביזן היינטיקן טאָג וואַגן נישט זיינע פאַרזעצער און יורשים צו זאָגן דעם אמת וועגן דער רעוואָ־לוציע און אירע מנהיגים.

אין קעגנזאַץ צו לענינען, האָט זיך טראָצקי ווייניק פאַרנומען מיט טעאָרעטישע חקירות. ער איז געווען דורך אַ „פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער" און זיין דעוויז איז געווען: „טעאָריע איז זייער וויכטיק, אָבער רעוואָלוציאָנערע מעשים זענען וויכטיקער".

אין קעגנזאַץ צו סטאַלינען, האָט טראָצקי דווקא אַ סך געשריבן, געווען אַ זייער פעיִקער זשורנאַליסט מיט אַ לייכטער פען, געווען דער היסטאָריקער פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אַ פּרעכטיקער טריבון, וואָס האָט באַצויבערט די מאַסן — און דאָס אַלץ אַלס צוגאָב צו זיינע גאונישע פעיִקייטן פון אַ רעוואָלוציאָנערן אָרגאַניזאַטאָר און מיליטערישן פירער.

40 יאָר האָט טראָצקי אָנטייל גענומען אין פּאָליטישן לעבן פון רוסלאַנד, אַפילו ווען ער איז געווען אויסער די גרענעצן, פריִער פון צאַרישן און שפּעטער סטאַליניסטישן רוסלאַנד. ער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער מנהיג, אָבער נישט קיין „פּאָליטיקער". די קונצן פון אַ פּראָפעסיאָנעלן פּאָליטיקער האָט ער נישט געקאָנט און טאַקע דערפאַר איז סטאַלין פאַרבליבן דער דיקטאַטאָר און טראָצקי דער דערפאָרטירטער און דאַן אויך דערמאָרדעטער. הימל־העכער פון סטאַלינען אין אַלע הינזיכטן, איז אָבער סטאַלין געווען פיל כיטרער פון טראָצקי און דערפאַר האָט ער אים באַזיגט.

זיין איינציקע טעאָרעטישע הנחה, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אים און מיט וועלכער ער האָט זיך אויסגעטיילט פון אַנדערע איז געווען די „פּערמאַנענטע רעוואָלוציע". די דאָזיקע הנחה האָט איבערגענומען לענין און היינט די נעאָ־טראָצקיסטן.

וואָס באַדייט די „פּערמאַנענטע רעוואָלוציע"? לויט טראָצקי ווערט די רעוואָלוציע נישט פאַרענדיקט ביז זי ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, וואָס נעמט אַרום די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע וועלט. לגבי רוסלאַנד באַדייט זי: דער ערשטער עטאַפּ פון דער רעוואָלוציע איז אַ בורזשואַזע, ד. ה. די בורזשואַזיע ליקווידירט דעם פעאָדאַליזם און זיינע רעשטלעך, פירט דורך די אַגראַר־רעפאָרם, צעטיילט די ערד צווישן די פויערים און שאַפט אַ בורזשואַז־דעמאָקראַטישן רעזשים. אויף דעם

שטאָפּל געניסט זי פון דער שטיצע פון די ברייטסטע פאָלקס־מאַסן, הן פון די אַרבעטער, הן פון די פּויערים. די אַרבעטער באַגניגנען זיך אָבער נישט מיטן ערשטן שטאַפּל, זיי שטרעבן צו זייער רעוואָלוציע, דער סאָציאַליסטישער, בעת וועלכער דער פּראָלעטאַריאַט וועט איינשטעלן זיין אייגענע פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, קאָנפיסקירן דאָס פאַרמעגן פון דער בורזשואַזיע, פאַרניכטן דעם בורזשואַזן רעזשים און נעמען די מאַכט אין די אייגענע הענט מיט דער הילף פון די „סאָוויעטן". אין דעם שטאַפּל נעמען אָנטייל נאָר די פּראָלעטאַריער, ווייל אויך די פּויערים זענען קעגן דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, קעגן סאָציאַליזם. דער פּויער איז פאַרליבט אין זיין שטיקל ערד און ממילא איז ער אַ קעגנער פון קאָלעק־טיוון אייגנטום. ווען די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע וועט אָבער זיגן אין רוסלאַנד, וועט זי זיך נישט קאָנען האַלטן לאַנג, אָן דער הילף פון פּראָ־לעטאַריאַט פון די אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, דעריבער דאַרף די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד זיין נישט מער ווי אַ שפּרינג־ברעט צו דער סאָציאַליסטישער וועלט־רעוואָלוציע און קאָן נישט פאַרענדיקט ווערן פריִער ווי די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע וועט זיגן אויף דער גאַנצער וועלט.

קעגן דער דאָזיקער טעאָריע האָט סטאַלין אויסגעטראַכט זיין אייגענעם „סאָציאַליזם אין איין לאַנד", לויט וועלכער ס'איז מעגלעך צו אַנטוויקלען דעם סאָציאַליזם אין רוסלאַנד אַפילו אָן דער הילף פון מערב. ווי אַזוי אַזאַ „סאָציאַליזם" האָט אויסגעזען, ווייסן מיר שוין.

לעוו טראָצקי איז געבוירן געוואָרן אין 1879 אין אַ קליינעם דאָרף אין אוקראַיִנע, אַ זון פון אַ קליינעם יידישן ערד־באַזיצער, דוד בראָנשטיין. לערנט אין אָדעס, אָבער שוין אין 2־טן קלאַס גימנאַזיע איז ער אַ „בונ־טאָוושטשיק", טרעט אַרויס קעגן אַ נישט־גערעכטן לערער און ווערט אויס־געשלאָסן. באַשרייבנדיק דעם עפּיזאָד יאָרן שפּעטער דערציילט טראָצקי: „אין קלאַס האָבן זיך געשאַפן דריי גרופּירונגען: אויף איין פאַלוס אָפענע, מוטיקע יינגלעך און אין מיטן... אַ נייטראַלע, וואַקלדיקע מאַסע. אין מיין ווייטערדיקן לעבן האָב איך זיך נישט איין מאָל באַגעגנט מיט אָט די דריי גרופּן ביי פאַרשידענע אומשטענדן". ער איז אַוועק אין אַ רעאַל־שול און וועגן איר שרייבט ער: „די שולע האָט פאַרזייט אין מיר די שנאה צו דעם, וואָס עקזיסטירט און די זוימען זענען נישט געפאַלן אויף אַ שטיי־נערנעם באָדן". טראָצקי דערציילט ווייטער: „זייער פרי האָט זיך ביי מיר אַנטוויקלט דאָס געפיל פון פאָרצוג פון טובת הכלל לגבי דעם טובת

הפרט, די ווערט פון טעאָריע און פּראַקטיק. איך האָב געזוכט געזעצן פאַר די פאַקטן, וואָס האָט אָפט מיך געפירט צו איבערגעאײַלטע און פעלערהאַפטע פאַראַלגעמײנערונגען". מאַכנדיק דעם סך־הכל פון זײַנע קינדער־און יוגנט־יאָרן, קומט טראָצקי צום אויספיר, אַז „צו די 17 יאָר האָט דאָס לעבן אָפּגעלייגט אין מײַן באַוווסטזײַן אַ היפּשן רעזערוו פון סאָציאַלן פּראָטעסט. ער איז באַשטאַנען פון מיטגעפיל צו די באַליידיקטע און כעס קעגן דער אומגערעכטיקייט".

צו די 18 יאָר, אין יאָר 1897 (אַ יאָר פאַר דער אַנטשטייונג פון דער רוסישער ס. ד.) גרינדעט טראָצקי אין ניקאָלאַיעוו ביים שוואַרצן ים דעם „דרום־רוסישן אַרבעטער־פאַרבאַנד". אין יאַנואַר 1898 אַרעסטירט, אין תּפיסה געלייענט, געלערנט, באַקומען ביכער פון דער פרײַ (אַ זאַך אַן אומגלויבלעכע אין סאָוויעט־רוסלאַנד) און דאָרט אויך געשריבן זײַן ערשטע בראָשור וועגן דער „פריימוירערײַ" (פרײַדענקער). נאָך 2 יאָר תּפיסה, פאַרשיקט אויף 4 יאָר קיין סיביר צוזאַמען מיט זײַן פרוי (אויך אַן אוממעגלעכע זאַך אין „סאָציאַליסטישן" רוסלאַנד). דאָרט האָבן די פאַרשיקטע געשריבן בריוו איינער צום אַנדערן, דיסקוטירט, דעבאַטירט און... מיטגעאַרבעט אין אַ סאָציאַליסטישער צײַטונג (אין די סאָוויעטישע לאַגערן חלומט מען נישט אַפילו פון אַזאַ זאַך). נאָך 2 יאָר, אַנטלויפט טראָצקי קיין אויסלאַנד און קומט קיין לאָנדאָן, ווו עס לעבן דאַן די רעדאַקטאָרן פון דער „איסקראַ": פּלעכאַנאָוו, לענין, מאַרטאָוו און וועראַ זאַסוליטש. טראָצקי לערנט, שרײַבט און רעדט, אויף פאַרזאַמלונגען פון רוסישע פּליטים.

אין 1903 קומט זיך צונויף דער צווייטער קאָנגרעס פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פריִער אין בריסעל, שפּעטער אין לאָנדאָן. אין דער מחלוקת צווישן מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס שטייט טראָצקי אין אַ זײַט, ער איז קעגן דער שפּאַלטונג און קעגן לענינס טעאָריע פון „פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן", וואָס דאַרפן אָנפירן די פּאַרטיי. שפּעטער דריקט ער אויס זײַן חרטה: „איך האָב מיר דאַן נישט אָפּגעגעבן קיין ריכטיקן דין וחשבון, וואָס פאַראַ אָנגעשטרענגטן און באַפעלערישן צענטראַליזם מוז פאַרמאָגן אַ רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי". טראָצקי פאַרבלײַבט אויסער די פראַקציעס, שאַפט זײַן אייגענע גרופּע און באַמיט זיך אין משך פון די שפּעטערדיקע 10 יאָר פאַראייניקן די פּאַרטיי, וואָס עס געלינגט אים נאָר טיילווייז.

אין רוסלאַנד וואַקסט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג און אין יאַנואַר

1905 ברעכט אויס די ערשטע רעוואָלוציע. טראָצקי רוקט אַרויס נאָך אין סוף 1904 זיין טעזע: „דער אויסוועג ליגט אינעם אַלגעמיינעם שטרייק און נאָך אים — אויפשטאַנד פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס וועט זיך שטעלן בראש פון די פאָלקס־מאַסן קעגן... ליבעראַליזם" (נישט קעגן צאַריזם נאָר קעגן ליבעראַליזם, וואָס קעמפט קעגן צאַריזם).

טראָצקי קאָן נישט איינזיצן אין מערב. זיין האַרץ איז אין מזרח און שוין אין פעברואר 1905 **קערט ער זיך אום** (**אומלעגאַל**) קיין רוסלאַנד (לענין איז צוריקגעקומען אין אָקטאָבער). טראָצקי שרייבט: „רוסלאַנד שטייט פאַר אַ בירגערלעך־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע. די באַזע פון דער דאָזיקער רעוואָלוציע איז דאָס אַגראַר־פּראָבלעם. די מאַכט וועט באַקומען די פּאַרטיי, וואָס וועט באַוויזן אויפהויבן דאָס פּויערטום קעגן צאַריזם און קעגן די גוט־באַזיצער. נישט דער ליבעראַליזם, נישט די דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ וועלן נישט זיין בכוח דאָס צו טאָן. זייער היסטאָרישע מיסיע האָט זיך פאַרענדיקט. נאָר די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז פעיִק אויפצוהויבן דאָס פּויערטום דורך די אַרבעטער (ס'איז געווען פאַלש. די פּאַרטיי וואָס האָט אויפגעהויבן די פּויערים איז געווען די ס. ר.) נאָכן פאַרנעמען די מאַכט, וועט די פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט זיך נישט קאָנען באַגרענעצן צו אַ דעמאָקראַטישן פּראָגראַם, זי וועט זיין געצוווּנגען צו גיין אויפן וועג פון סאָציאַליסטישע אָקציעס. ווי ווייט זי וועט קאָנען גיין וועט זיין אָפּ־הענגיק נישט נאָר פון די אינערלעכע כוחות־פאַרהעלטנישן, נאָר אויך פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סיטואַציע". — מיט דער דאָזיקער דעקלאַ־ראַציע האָט זיך טראָצקי דערווייטערט פון די מענשעוויקעס, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז אין דעם מאָמענט (1905) שטייט אין רוסלאַנד אויפן טאָג־אָרדנונג אַ בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע און די פליכט פון פּראָ־לעטאַריאַט און זיין פּאַרטיי איז שטיצן די בורזשואַזיע (די „קאַדעטן") אין קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דער דאָזיקער רעוואָלוציע קעגן צאַריזם און פעאָדאַליזם.

אין דעם מאָמענט גייט טראָצקי ווייטער פון לענינען. לענין וואַרפט די לאָזונג, „דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערים". טראָצקי רוקט אַרויס די לאָזונג „רעוואָלוציאָנערע רעגירונג פון פּראָלע־טאַריאַט, געשטיצט דורכן פּויערטום".

אין אָקטאָבער שאַפט זיך כמעט ספּאָנטאַן אין פּעטערבורג דער „סאָוויעט פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן". לענין איז קעגן, מורא האָבנדיק, אַז דער „סאָוויעט" וועט פאַרטונקלען די פּאַרטיי און פאַרמינערן איר ראָל.

טראָצקי זעט אין „סאָוויעט" דעם עמבריאָן פון דער „אַרבעטער־מאַכט", שליסט זיך אָן אין אים און ווערט דער פּאַקטישער פאָרזיצנדער זיינער. טראָצקי לעבט מיטן סאָוויעט, ער פילט זיך גוט אין זיין קלימאַט, די רעוואָלוציע איז זיין לופט. אין זיינע שפּעטערדיקע מעמואַרן שרייבט ער: „דער רעוואָלוציאָנערער כאַאָס איז נישט קיין ערד־ציטערניש אָדער פאַרפלייצונג. אין איר תוהו ובוהו שיילט זיך אויס אַ נייער סדר. נאָר די יעניקע, וועמען די רעוואָלוציע וואַרפט אום, זעען אין איר אַ משוגעת (ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז אויך ער וועט געהערן צו די אומגעוואָרפענע) פאַר אונדז איז זי געווען אַ היימישע סטיכיע". 52 טעג האָט עקזיסטירט דער סאָוויעט. דעם 3־טן דעצעמבער 1905 זענען אַלע דעלעגאַטן מיט טראָצקין בראש אַרעסטירט געוואָרן. טראָצקיס אויספיר: „נישט די אָפּאָזיציאָנעלע באַוועגונג פון דער בורזשואַזיע, נישט דער סטיכישער אויפשטאַנד פון די פויערים, נישט די טעראָר־אַקטן פון דער אינטעליגענץ (די דערמאָנטע ס. ר.) נאָר דער אַרבעטער־שטרייק האָט געשטעלט דעם צאַריזם אויף די קני". און ער פאַרענדיקט: „די טעאָריע פון דער פּערמאַנענטער רעוואָלוציע האָט אויסגעהאַלטן דעם ערשטן גרויסן נסיון. די רעוואָלוציע האָט געעפנט פאַרן פּראָלעטאַריאַט די פּערספּעקטיוו פון דער מאַכט־דעראָבערונג".

טראָצקי איז ווידער אין תפיסה, אָבער לגבי די סאָוויעטישע תפיסות איז עס געווען... אַן אָפּרו־הויז. ד. סווערטשקאָוו, וואָס איז געזעסן צוזאַמען מיט אים אין איין קאַמער, שרייבט: „טראָצקיס תפיסה־קאַמער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ביבליאָטעק. מען האָט אים געבראַכט אַלע נייע ביכער, וואָס האָבן געהאַט וועלכע ס'איז ווערט. ער איז דעם גאַנצן טאָג געווען פאַרנומען מיט ליטעראַרישער אַרבעט". ווי אַנדערש זעט אויס א. סאָל־זשעניצינס „אַ טאָג אין לעבן פון איוואַן דעניסאָוויטש" אָדער זיין „ערשטער קרייז", צי „דער גולאַג־אַרכיפּעלאַג".

אין תפיסה האָט ער אָנגעשריבן זיין ערשטן גרויסן בוך „1905" און די פאַרשריבענע בלעטער אַרויסגעשיקט דורך זיינע אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן געהאַט אַ פרייעם צוטריט צו זייערע „קליענטן". טראָצקי גופא דערציילט וועגן דעם רעאַקציאָנערן צאַרישן תפיסה־רעזשים: „די קאַמערן פלעגט מען בייטאָג נישט פאַרשליסן, מען האָט שפּאַצירט צוזאַמען, גע־שפּילט דעם „הוקעפּעק" (שפּרינגען איינער איבער אַנדערן) און דיסקו־טירט".

„אַפילו די פאַרמשפּטע צום טויט פלעגן שפּרינגען צוזאַמען מיט אונדז.

מיין פרוי פלעגט מיך באַזוכן 2 מאָל וועכנטלעך (היינט צו טאָג, אויב דער אַרעסטירטער „פירט זיך אויף גוט“ האָט ער דאָס רעכט אויף צוויי באַזוכן... אַ יאָר!) די אויפזעער פלעגן זיך מאַכן נישט זעעוודיק בעת מיר פלעגן איבערגעבן מאַנוסקריפּטן און בריוו... איך האָב זיך אַזוי צוגעוווינט צו דער דאָזיקער קליינער קאַבינע, ווו מ'האָט געקאָנט אַזוי גוט אַרבעטן... די תפיסה־באַאַמטע האָבן זיך באַצויגן צו אונדז מיט דער גרעסטער העפלעכקייט". ווי ווייט דאָס איז פון סטאַלינס „לוביאַנקאַ“ אָדער היינטיקע אַרבעטס־לאַגערן...

ביים פּראָצעס איז נישט געווען קיין איין ווישינסקי. די אָכראַנע האָט זיי נישט געצווונגען איבערחזרן די אידיאָטישע באַשולדיקונגען און זיך מודה זיין און נישט געשטויגענע פאַרברעכנס. „ביים פּראָצעס האָב איך גערעדט וועגן דער ראָל פון באַוואָפנטן אויפשטאַנד אין דער רעוואָלוציע“.

פאַרשטענדלעך, אַז איך וויל נישט פאַרהערלעכערן די צאַרישע תפיסות, די אָכראַנע, אָבער פאַר די פאַרמשפּטע אין די סאָוויעטישע אַרבעטס־לאַגערן וואָלט די צאַרישע תפיסה אויסגעזען ווי אַ... גן־עדן!

צום צווייטן מאָל ווערט טראָצקי פאַרשיקט קיין סיביר און צום צווייטן מאָל אַנטלויפט ער פון דאָרט, פאָרנדיק מיט הירשן איבער די ווייסע טייגעס (אויך היינט אוממעגלעך) און ווידער אָנגעקומען קיין מערב. גרייטנדיק זיך צו דער נייער רעוואָלוציע, וואָס דאַרף קומען...

אין משך פון דריי אַ האַלבן יאָר גיט ער אַרויס אין ווין די צייטונג „פּראַוודאַ“, וואָס ווערט געשמוגלט קיין רוסלאַנד און דאָרט פאַרשפּרייט אומלעגאַל. ער ברענגט איצט אַרויס זיין נעגאַטיווע שטעלונג צום פּויערטום, וואָס ער וועט אָנהאַלטן ביזן לעצטן מאָמענט. „דער לאָקאַלער קרעטיניזם איז די היסטאָרישע קללה פון פּויערטום“. „דער פּויער, וואָס האָט ביי זיך אין דאָרף פּאַגראָמירט דעם גוט־באַזיצער, אָבער אָנגעטאָן אין אַ זעלנער־מונדיר שיסט ער אויף די אַרבעטער“ — אַ פאַקט, וואָס דער זעלנער פּויער האָט אָפּגעלייקנט אין 1917, אָנטיילנעמענדיק אַקטיוו אין דער פעברואַר־רעוואָלוציע און דורכפירנדיק אונטער טראָצקיס אָנפירונג די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אָפּגערעדט פון דיביישפּילן אין דער וועלט־געשיכטע ווי די פּויערים־מלחמה אין דייטשלאַנד, די אויפשטאַנדן פון פּוגאַטשאָוו און סטיענקאָ ריאַזין אין רוסלאַנד גופא מיט העכער 200 יאָר פאַר די באָלשעוויקעס און שפּעטער די רעוואָלוציע אין כינע.

טראָצקי האָט איבערגענומען לעבעדיקערהייט מאַרקס'ס דעטערמיניזם און זיין היסטאָרישע דיאַלעקטיק. לעניך האָט זי „פאַררוסישט“, טראָצקי —

דאָס אויך נישט, כאָטש נאָר אין דער טעאָריע, ווייל אין דער פּראַקטיק האָט נישט איינער, נישט דער צווייטער אָפּגעהיט די הנחות פון קאַרל מאַרקס. „איך האָב מיך געהיט פעסטצושטעלן די אויטאָמאַטישע אָפּהענגיקייט פון דער פּאָליטיק בנוגע דער עקאָנאָמיק" — און געטאָן דאָס פאַרקערטע, דורכגעפירט די כלומרשטע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע מיט דער הילף פון די פויערים אין מו׳נדירן, כמעט אָן אָנטייל פון די אַרבעטער.

אין 1912 ברעכט אויס די באַלקאַנער מלחמה, אין וועלכער ס׳האָט געהאַט אַ האַנט אויך דאָס צאַרישע רוסלאַנד. טראָצקי קומט צום אויספיר: „דער הומאַניטאַר־עטישער שטאַנדפּונקט איז אין באַצוג צום היסטאָרישן פּראָצעס — דער אומפּרוכטבאַרסטער שטאַנדפּונקט" — אָן דעם דאָזיקן הומאַניטאַר־עטישן שטאַנדפּונקט האָבן מיר געהאַט דעם סטאַליניזם מיט זיינע 30 מיליאָן קרבנות און אין נאָמען פון דעם דאָזיקן טראָצקיסטישן שטאַנדפּונקט, האָבן סאָוויעטישע טאַנקען לויט כרושטשאָווס באַפעל געמאָרדעט אין 1956 די אונגאַרישע פּראָלעטאַריער און 12 יאָר שפּעטער, אין 1968 אינוואַדירט טשעכאָסלאָוואַקיע. אָן דעם הומאַניטאַר־עטישן שטאַנדפּונקט איז יעדער מאָרד באַרעכטיקט אויך... דער מאָרד פון טראָצקי דורך סטאַלינען.

ווען עס ברעכט אויס די מלחמה (1־טער אויגוסט 1914) געפינט ער זיך אין עסטרייך. אַלס רוסישער אינטערטאַן מוז ער פאַרלאָזן עסטרייך, פאָרט אָפּ קיין שווייץ, וווּ ער זאָגט נביאות: „די קומענדיקע יאָרן וועלן זיין אַ פּעריאָד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אויף דער וועלט" — (נביאות, וואָס זענען כמעט פאַרווירקלעכט געוואָרן). דורך פראַנקרייך און שפּאַניע קומט אָן טראָצקי דעם 13־טן יאַנואַר 1917 קיין ניו־יאָרק. ווען עס קומען אָן די ערשטע ידיעות פון דער רוסישער רעוואָלוציע שרייבט טראָצקי: „איצט הערשט דאָס מיניסטעריום פון גוטשקאָוו־מילוקאָוו, מאָרגן וועט קומען דאָס מיניסטעריום פון מילוקאָוו־קערענסקי און נאָך אים — מיר". אויך די נבואה איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, ער האָט אָבער, ווי אַלע נביאות־זאָגער, נישט פאָרויסגעזען, אַז נאָך „מיר" וועט קומען סטאַלין, טראָצקי וועט ווידער מוזן נעמען דעם וואַנדער־שטעקן ביז... ער וועט געהרגעט ווערן דורך איינעם פון די „מיר"־אַגענטן...

טראָצקי קאָן נישט איינזיצן אין אַמעריקע, פאָרט קיין רוסלאַנד, ווערט פאַרהאַלטן דורך די ענגלענדער, אָבער אונטערן דרוק פון דער רוסישער רעגירונג (וועלכע ער גרייט זיך אַראָפּצוּוואַרפן) ווערט ער באַפרייט —

און פאַלט אַריין אין רעוואָלוציאָנערן „קאָראַהאָד״ (טאַנץ). טראָצקי לעבט אויף. דאָס איז זיין סטיכיע, זיין אַטמאָספער, זיין לעבן.

פעטערבורג ברויזט, פעטערבורג שטורמט — און צוזאַמען מיט פעטערבורג ברויזט און שטורמט טראָצקי. אין פעטערבורג — דאָפּלט־מאַכט. פון איין זייט אַ פאָרמעל מיניסטעריום, פון דער צווייטער — דער סאָוויעט, וואָס פאַרמאָגט די פאַקטישע מאַכט. די בורזשואַזיע איז שוואַך. זי האָט נישט קיין שטיץ־פּונקט נישט אין קליינבירגערטום, נישט אין דער אינטעליגענץ און אַוודאי נישט אין פויערטום, וואָס לעכצט נאָך ערד. מילוקאָוו און שפּעטער קערענסקי ווילן פאָרזעצן די מלחמה, דאָס פאָלק און פאַר אַלעם די זעלנער — קעגן. טראָצקי שטרעבט צו דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע און זעט דעם איינציקן כוח, וואָס גייט אויפן זעלבן וועג — די באָלשעוויקעס און אין יולי 1917, דווקא אין מאָמענט ווען קערענסקי שטעלט אויסערן געזעץ די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי און אַרעסטירט אירע מנהיגים, דאַן שליסט זיך אָן טראָצקי צו דער דאָזיקער פּאַרטיי און ווערט אויפגענומען מיט פרייד פון לענינען און פון ערשטן טאָג פאַרנעמט ער דעם אויבן־אָן, באַשטימט אין צענטראַל־קאָמיטעט...

אין 1904, ערב דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע שרייבט טראָצקי:

„מען קאָן קיינמאָל נישט באַשטימען דעם טאָג און שעה פון דער רעוואָלוציע. דאָס פאָלק האָט קיינמאָל נישט געמאַכט קיין רעוואָלוציע אויף אַ באַפעל״ — ריכטיק, דאָס פאָלק נישט, אָבער טראָצקי שליסט זיך גיך אָן אין לענינס שטאַנדפּונקט „רעוואָלוציע איז קונסט״ און ער שטעלט זיך אַלס אויפגאַבע „מאַכן די רעוואָלוציע״ און טאַקע אין אַ באַשטימטן טאָג און אַ באַשטימטער שעה.

נאָך אין 1906 שרייבט ער אין זיין בראָשור „דיקטאַטור פון פּראָ־לעטאַריאַט״:

„דער שטאַט איז נישט קיין ציל אַן און פאַר זיך, ער איז אָבער דער שטאַרקסטער און בעסטער מיטל צו אָרגאַניזירן, דעזאָרגאַניזירן און רעאָרגאַניזירן די סאָציאַלע באַציונגען״ — דעריבער איז זיין ציל צו פאַרכאַפּן די מאַכט, איינשטעלן די א. ג. „פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור״ ד. ה. די מאכט פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי.

אין קעגנזאַץ צו די „מענשעוויקעס״, וואָס האָבן אַלס גוטע „מאַרק־סיסטן״ געהאַלטן, אַז מען קאָן נישט דורכפירן קיין סאָציאַליסטישע רע־וואָלוציע אין אַן אָפּגעשטאַנענעם לאַנד (און די געשיכטע האָט באַשטע־טיקט זייער שטאַנדפּונקט), האָט טראָצקי אין זיין דערמאָנטער בראָשור

געשריבן „ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דווקא אין אַן אָפּגעשטאַנענעם לאַנד מיט אַ נידעריקער שטופּע פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, זאָל דער פּראָלעטאַריאַט גיכער קומען צו פּאָליטישער מאַכט ווי אין אַ הויך־אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליסטישן שטאַט". אויך די נבואה איז מקויים געוואָרן, נאָר אין אָפּגעשטאַנענע לענדער איז געלונגען נישט דעם פּראָלעטאַריאַט, אָבער יאָ — די קאָמוניסטן צו פאַרנעמען די מאַכט און באַווייזן, אַז קאָמוניסטישע מאַכט באַדייט נישט פּראָלעטאַרישע מאַכט...

טראָצקי איז מסכים מיט לענינען, וועלכער שרייבט דעם 13־טן סעפּ־טעמבער (אַלץ אין יאָר 1917) „נאָך דעם ווי מיר האָבן דעראָבערט די מערהייט אין די סאָוויעטן פון די צוויי הויפּט־שטעט (פּעטערבורג און מאָסקווע), קאָנען מיר און מוזן איבערנעמען די שטאַטס־מאַכט. אונדזער לאָזונג: „די מאַכט די סאָוויעטן, ערד — די פּויערים, שלום — די פעלקער, ברויט — די הונגעריקע". דער זיג איז זיכער און עס זענען פאַראַן אַלע אויסזיכטן, אַז די רעוואָלוציע וועט זיין אַן בלוט־פאַרגיסונג. ווארטן איז אַ פאַרברעכן".

אין זיין רעוואָלוציאָנערער פאַנטאַזיע (און יעדער רעוואָלוציאָנער מוז אויך זיין אַ פאַנטאַזיאָר) זעט טראָצקי „פּראָלעטאַרישע הערשאַפט וועט באַדייטן נישט בלויז דעמאָקראַטישע גלייכקייט, פרייע זעלבסט־רעגירונג, פאַנאַנדערלאָזן די אַרמיי צווישן דעם רעוואָלוציאָנערן פאָלק (ד. ה. איינ־שטעלן אַנשטאָט אַן אַרמיי אַ פאָלקס־מיליץ), נאָר אויך אָנערקענען אַלע רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען, וואָס די פּויערים וועלן איינשטעלן אין זייער אגראַר־באַציִונגען". טראָצקי זעצט פאָר זיין פאַנטאַזיע „דער פּראָ־לעטאַריאַט קאָן איבערנעמען די מאַכט נאָר אין אַ מאָמענט פון נאַציאָנאַלן ענטוזיאַזם (אויף וויפל די באָלשעוויסטישע פאַרטיי איז פאַר טראָצקין געווען דער אויסדרוק פון „פּראָלעטאַרישער מאַכט" — האָט זי פאַרכאַפּט די מאַכט דווקא אין אַ מאָמענט פון נאַציאָנאַלן יאוש, ווייל אין מאָמענט פון נאַציאָנאַלן ענטוזיאַזם — איז דאָס פאָלק געווען אַנטי־באָלשעוויסטיש.

טראָצקי שרייבט: „סאָציאַליזם איז נישט בלויז אַ פּראָצעס פון פאַ־נאַנדערטיילן גלייך די פּראָדוקטן, נאָר אויך אָרגאַניזירן פון דאָס ניי און גוט די פּראָדוקציע גופא" — איז געקומען זיין, טראָצקיס מאַכט און נישט נאָר פאַרוואָרפן די „גלייכע צעטיילונג פון די פּראָדוקטן" אַלס קליינ־בירגערלעכע אידעאָלאָגיע, אָנערקענענדיק די אַבסאָלוטע נויטווענדיקייט פון אומגלייכקייט (נישט יעדן לויט זיין געברויך, נאָר יעדן לויט זיינע... פעיִקייטן). טראָצקי גלויבט, „ווען די אַרבעטער זאָלן היינט פאַרנעמען די

פאַבריקן אָדער ווען דאָס פאָלק זאָל איצט פאַרנעמען אַלע פּראָדוקציע־מיטלען, וואָלט דאָס זיכער פאַרבעסערט זייער עקאָנאָמישע לאַגע" — צענדליקער יאָרן הונגער און די אָפּגעשטאַנענקייט פון דער סאָוויעטישער טעכנאָלאָגיע נאָך 56 יאָר סאָוויעטן־מאַכט באַווייזט דאָס פאַרקערטע.

פאַקטיש באַגרייפט עס טראָצקי און זעצט פאָר: „אָן דער דירעקטער הילף פון אייראָפּעיִשן (ד. ה. מערב־אייראָפּעיִשן) פּראָלעטאַריאַט וועט דער רוסישער אַרבעטער־קלאַס נישט זיין אימשטאַנד אָנצוהאַלטן זיין מאַכט און ברענגען דערצו, אַז זיין צייטווייליקע איבערמאַכט זאָל ווערן אַ שטענדיקע סאָציאַליסטישע דיקטאַטור. נאָר אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אין מערב וועט אונדז געבן די מעגלעכקייט, אַז די צייטווייליקע איבערמאַכט פונעם רוסישן אַרבעטער־קלאַס זאָל ווערן אַ סאָציאַליסטישע דיקטאַטור". דער מערב־אייראָפּעיִשער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אָבער נישט געאיילט דורכצופירן די „סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע" און סטאַלין האָט אַנטוויקלט זיין טעאָריע פון „סאָציאַליזם אין איין לאַנד" מיט אַלע קאָנסעקווענצן פון סטאַלינישן „סאָציאַליזם". טראָצקי, גלויבנדיק אין זיין „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע" האָט געגלויבט, אַז רוסלאַנד וועט זיין דאָס שפּרינג־ברעט, דער „איניציאַטאָר פון אַ וועלטלעכער ליקווידאַציע פונם קאַפּיטאַליזם", אָבער 56 יאָר שפּעטער דערציילט אַ סאָוויעטישער וויץ וועגן אַ דיסקוסיע צווישן 2 מאָסקווער בירגער: „אוי ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען דער קאָמוניזם זיגט אין די פ. שטאַטן" און דער צווייטער ענטפערט: „לאָז אָפּ, ווו וואָלטן מיר געקאָנט קויפן ווייץ, ווען דאָרט זיגט דער קאָמוניזם?"

אין 1906 זעט פאָר טראָצקי די נאָענטע מלחמה און שרייבט: „אָן אייראָפּעיִשע מלחמה מיינט אַן אייראָפּעיִשע רעוואָלוציע" — פון דער צייט זענען שוין אַריבער קאַרגע 70 יאָר, ס'זענען שוין געווען 2 גרויסע אייראָפּעיִשע מלחמות אָבער קיין אייראָפּעיִשע רעוואָלוציע איז נישט געווען און זי איז היינט ווייטער ווי ווען עס איז. נביאות, ווי מיר האָבן געזען, איז אַ געפערלעכע שפּיל, סיידן... מען רעדט וועגן יאָר 5973...

דאָך האָט טראָצקי געטראָפן. ער שרייבט: „אויב מ'וועט דעם רוסישן אַרבעטער איבערלאָזן אַליין, וועט ער מוזן דערשטיקט ווערן" — ער איז טאַקע דערשטיקט געוואָרן, נישט דורכן אינטערנאַציאָנאַלן קאַפּיטאַליזם, אָבער יאָ דורך... סטאַלינען.

טראָצקי ווערט אויסגעוויילט אַלס פאָרזיצנדער פון „רעווקאָם" (רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט) פון פּעטערבורגער סאָוויעט. ער איז אַ גלענצנדיקער רעדנער, דער בעסטער טריבון פון רוסלאַנד און זיין שפּראַך אַ

פשוטע, אַ פאַרשטענדלעכע. ער פּילפּולט זיך נישט וועגן בורזשואַזער רעוואָלוציע, וועגן טעאָרעטישע פּראָבלעמען. זיין לאָזונג איז אַ פשוטע: „ברויט, ערד, שלום" און דאָס פאַרשטייט דער אַרבעטער און דאָס פאַרשטייען די 450 טויזנט פויערים אין מונדירן, וואָס געפינען זיך אין די פּעטערבורגער קאַזאַרמעס. טראָצקי לויפט פון מיטינג צו מיטינג. ער רעדט 4—5 מאָל אַ טאָג און זיין באַזע איז דער ריזיקער צירק „מאָדערן", וואָס נעמט אַריין צענדליקער טויזנטער מאַן. טראָצקי רינגלט זיך אַרום מיט די פּאַסיקע מענטשן ווי מוראַלאָוו, מירקין, אָווסעיענקאָ, מענטשן וואָס פּילפּלען זיך נישט אין די דריבנע אותיות, נאָר לויפן ווי טראָצקי איבער די קאַזאַרמעס און אָרגאַניזירן די נויטיקע מיליטער־אָפּטיילונגען וואָס וועלן מאָרגן דורכפירן די „גרעסטע וועלט־רעוואָלוציע". זיי לויפן קיין קראָנשטאָט צו די האַלב־אַנאַרכיסטישע מאַטראָסן און מאָביליזירן זיי פּאַרן אויפשטאַנד.

דעם 24־טן אָקטאָבער פאַראָרדנט דער פאָרזיצער פון רעווקאָם, לעוו טראָצקי, די מיליטער־אָפּטיילונגען צו פאַרנעמען אַלע רעגירונגס־אינסטיטוציעס, פּאָסט, טעלעגראַף, באַן־סטאַציעס. ער קאָנצענטרירט די קראָנשטאָטער מאַטראָסן אויף דער נעוואַ אַקעגן דעם טאַורישן פּאַלאַץ, ווו עס געפינט זיך די רעגירונג און... נאָך אַ קורצן קאַמף פאַרנעמט ער דעם פּאַלאַץ, פאַרנעמט די מאַכט.

טראָצקי באַשרייבט שפּעטער די דעצידירנדיקע נאַכט פון 24־טן אויפן 25־טן אָקטאָבער. „דער בירגער איז רואיק געשלאָפן און נישט געוווסט, אַז אין דער נאַכט איז איין מאַכט פאַרביטן געוואָרן אויף אַ צווייטער" — דאָס איז טיילווייז אמת און דאָס באַווייזט אַם בולטסטן, אַז דאָס איז נישט געווען קיין סאָציאַלע רעוואָלוציע, נאָר אַ פשוטער מיליטערישער שטאַטס־קלאַפּ, ענלעך צו די הונדערטער וואָס מיר האָבן געזען פריִער און שפּעטער אין לאַטיין־אַמעריקע, אַפריקע און אַזיע...

טראָצקי, בייזייט פון לענינען האָט טריאומפירט און „גרויסמוטיק" שיקט ער אין „מיסטקאַסטן פון דער געשיכטע" די מענשעוויקעס און עסערן, נישט פאָראויסזעענדיק, אַז קוים מיט 10 יאָר שפּעטער וועט אויך אים שיקן סטאַלין אין מיסטקאַסטן פון דער געשיכטע".

# אין בירגער־קריג

„יענע טעג זענען געווען אויסערגעוויינלעכע, אַזוי אין לעבן פון לאַנד, אַזוי אויך אין מיין פּערזענלעכן לעבן". נישט אָפט טרעפט זיך, אַז טרוימען זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן און אפשר האָט די רעאַליטעט נאָך איבערגע־שטיגן די ווייטסטע פאַנטאַזיעס פון דעם פּראָפעסיאָנעלן רעוואָלוציאָנער, לעוו טראָצקי.

קוים דורכגעלאָפן 20 יאָר פון מאָמענט ווען ער האָט אין ניקאָלאַיעוו געגרינדעט דעם „דרום־רוסישן אַרבעטער־פאַרבאַנד". דער צאַר ניקאָלאַי דער 2־טער, וואָס האָט נאָר וואָס איבערגענומען די מאַכט, האָט אויס־געזען צו זיין אייזן־שטאַרק. אַ לאַנד, אַן אָפּגעשטאַנענס, קוים אַ פּאָר טויזנט רעוואָלוציאָנערן צווישן די 150 מיליאָן איינוווינער פון ריזיקן לאַנד. די אַרבעטער־באַוועגונג אין די ווינקעלעך. אַ שטאַרקע אַרמיי, אַ שטאַרקע פּאָליציי, אַ שטאַרקע „אָכראַנע" און... אַ יידישער בחור, אַ זון פון אַ קליינעם דאָרפישן ערד־באַזיצער, חלומט וועגן רעוואָלוציע פון אַ „פּראָלעטאַריאַט", וואָס שטעלט איצט די ערשטע טריט, איז נאָך געבונדן און פאַרבונדן מיטן דאָרף, מיט דער ערד. דער צאַר איז שטאַרקער פון יידישן בחור, אַרעסטירט אים, פאַרשיקט אים קיין סיביר, ער באַווייזט אַנטלויפן, וואַלגערט זיך איבער פאַרשידענע לענדער, ווערט ווידער אַרעס־טירט, ווידער געוואָרפן אין תפיסה, פאַרפאָלגט, אָנערקענט פאַר „נישט געוווּנטשן", הונגערט בפועל ממש און נישט איין יאָר — און פּלוצים, ער דער יידישער בחור ווערט הערשער איבער 150 מיליאָן נפשות...

יאָ, דאָס זענען געווען אויסערגעוויינלעכע טעג פון אַן אויסערגעוויינ־לעכן מענטשן. לעניו איז געווען דער קאָפּ, דער טעאָרעטיקער, טראָצקי — די האַנט, דער אויספירער. לעניו אָן טראָצקי וואָלט קיינמאָל נישט באַ־וויזן דורכפירן דעם אויפשטאַנד, טראָצקי אָן לענינען — אויך נישט. טראָצקי איז געווען דער געניאַלער אָרגאַניזאַטאָר פריער פון אויפשטאַנד, שפּעטער פון דער רויטער אַרמיי. דער יידישער בחור, וואָס האָט אַפילו אין מיליטער נישט געדינט, שוין אָפּגערעדט פון אַ מיליטער־שולע, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס גרעסטער רעוואָלוציאָנערער סטראַטעג.

קלאָר, עס האָט זיך אים נישט געחלומט אַז אויך ער ווי די זשיראָנ־דיסטן אין פראַנקרייך, ווי דאַנטאָן, וועט ווערן דער קרבן פונעם נייעם ראָבעספּיער — סטאַלין. סטאַלין איז געווען דאַן אַ „גרוי מענטשעלע".

טראָצקי ווייסט נישט פון קיין פשרות. ער וואַרפט אָפּ יעדע פשרה מיט די מענשעוויקעס, עסערן, ער וואַרפט אָפּ די פאָדערונג פון „וויק־זשעל", דעם שטאַרקן פאַרבאַנד פון די אייזנבאַנער, פון די 40 טויזנט פּוטילאָוו־אַרבעטער, פון די אַרבעטער פון „אַבוכאָוו", ווי אויך פון אַ גרויסן טייל פון צ. ק. פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, וואָס האָבן געפאָדערט אויפצושטעלן אַ קאָאַליציע־רעגירונג פון אַלע סאָוויעט־פּאַרטייען, ד. ה. מיט די מענשעוויקעס און עסערן.

באַשרייבנדיק שפּעטער דעם דאָזיקן פּעריאָד, זאָגט טראָצקי: „דער מאַרקסיזם באַטראַכט זיך פאַר דעם באַוווסטזיניקן אויסדרוק פון דעם אומבאַוווסטזיניקן היסטאָרישן פּראָצעס... די שפּעפערישע פאַרייניקונג פון באַוווסטזיניקן מיטן אומבאַוווסטזיניקן איז דאָס, וואָס הייסט באַגייסטערונג. רעוואָלוציע הייסט ווילד־פייערדיקע באַגייסטערונג פון דער געשיכטע". די דאָזיקע ווילד־פייערדיקע באַגייסטערונג, נישט קאָנטראָלירטע, נישט אַנאַליזירטע האָט טאַקע דערפירט טראָצקין צום העכסטן שטאַפּל אָבער אויך צום שפּעטערדיקן חורבן. גערעכט איז געווען ענגעלס, ווען ער שרייבט: „אַ סך מאָכן די רעוואָלוציע און צומאָרגנס דערקענען זיי נישט זייערע אייגענע מעשים".

טראָצקי זעצט פאָר אין זיינע „מעמואַרן": „דאָס אומבאַוווסטזיניקע הויבט זיך אויף פון די טיפענישן, נעמט געוועלטיקן איבער דער באַוווסטזיניקער אַרבעט פון געדאַנק". באַשרייבנדיק די „10 טעג וואָס האָבן געביטן די וועלט" לויט ווי ס'האָט זיי אָנגערופן דער אַמעריקאַנער זשורנאַליסט דזשאָן ריד, זאָגט טראָצקי „די פאַרבאָרגנסטע כוחות פון אָרגאַניזם, זיינע טיפע אינסטינקטן, דער חוש וואָס איז געירשנט געוואָרן פון די חיישע עלטערן — דאָס אַלץ האָט זיך אויפגעהויבן, האָט איינגעבראָכן די טירן פון דער פּסיכישער רוטין און זיך געשטעלט אין דינסט פון דער רעוואָלוציע" — איז דאָס אַ פּרעכטיקע, דיכטערישע באַשרייבונג, אָבער אמת לגבי דער פעברואַר־רעוואָלוציע, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון פאָלק און דורכגעפירט דורכן פאָלק. אָבער נישט צו דער אָקטאָבער־איבערקערעניש, וואָס איז געווען קאָנטראָלירט שעה נאָך שעה און שריט נאָך שריט דורכן רעוו. קאָמיטעט מיט טראָצקין בראש.

דער ערשטער פּראָבלעם וואָס שטייט פאַר דער נייער רעגירונג איז דער שלום. טראָצקי ווערט באַשטימט אַלס ערשטער אויסערן־מיניסטער פון דער סאָוויעטישער רעגירונג (אָפיציעלער נאָמען: ראַט פון פאָלקס־קאָמיסאַרן און די מיניסטאָרן — פאָלקס־קאָמיסאַרן). אַלס אַזעלכער שטייט

ער בראש פון דער סאָוויעטישער דעלעגאַציע צו די שלום־אונטערהאַנדלונגען מיט דייטשלאַנד אין בריסק. די דייטשן רוקן אַרויס דראַקאָנישע באַדינגונגען (אָנערקענען זייערע פּופּן־רעגירונגען אין די באַלטישע לענדער, „אומאָפּהענגיקייט" פאַר דער אוקראַיִנישער „ראַדע", געבונדן מיט דייטשלאַנד). טראָצקי ווייסט, אַז קיין אַרמיי שטייט נישט הינטער אים, די סאָלדאַטן זענען זיך צעלאָפן פון פראָנט, נישט וואַרטנדיק אויף דער הסכמה פון דער נייער רעגירונג. אונטערשרייבן דעם דראַקאָנישן אָפּמאַך וויל ער נישט און ענטפערט מיט „נישט שלום — נישט מלחמה" — „שלום וועלן מיר שליסן מיטן דייטשישן פאָלק נאָך דעם קייזער־שניט, וואָס ער וועט דורכפירן" (ד. ה. נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע). צום ערשטן מאָל קומט צו אַ צוזאַמענשטויס מיט לענינען. לענין איז רעאַלער, ער ווייסט, אַז אין רוסלאַנד איז נישט פאַראַן קיין שום כוח, וואָס זאָל זיך קעגנשטעלן די דייטשן און אויב זיי וועלן פאַרנעמען פּעטראָגראַד און מאָסקווע — איז נאָך דער רעוואָלוציע.

פאַר טראָצקין איז אָבער נישט די רוסישע רעוואָלוציע דער עיקר, ער איז אַ קאָסמאָפּאָליט און רוסלאַנד דאַרף דינען אַלס שפּרינג־ברעט פאַר דער וועלט־רעוואָלוציע. אויב ד'י דייטשן וועלן אַריינדרינגען טיפער אין רוסלאַנד, וועט דאָס נאָר דערנענטערן די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד — און דאָס איז דער עיקר.

מיט דער מערהייט פון איין שטימע ווערט נאָך לאַנגע וואַקלענישן און דיסקוסיעס, אָנגענומען לענינס שטעלונג אין צ. ק. פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי און דאָס ברענגט צו אַ נייעם קריזיס: די לינקע ס. ר., וואָס האָבן געהערט צו דער רעגירונגס־קאָאַליציע, (די איינציקע פאַרלאָזן די רעגירונג, גייען איבער צום קאַמף, דערמאָרדן דעם דייטשישן אַמבאַסאַדאָר גראַף מירבאַך, שיסן און פאַרוווּנדן לענינען (דאָראַ קאַפּלאַן), דערשיסן דעם שעף פון דער טשעקאַ אין פּעטראָגראַד, אוריצקי.

טראָצקי ווערט אויף זיין ביטע, באַפרייט פון זיין אַמט אַלס קאָמיסאַר פאַר אויסערן־עניני‌ם (זיין פאַרטרעטער ווערט טשיטשערין) און באַשטימט אַלס קריגס־קאָמיסאַר און פאָרזיצנדער פון העכסטן קריגס־ראַט.

די לאַגע אין לאַנד איז גאָר נישט גוט פאַר די נייע הערשער. אין דאָן־באַסיין, ווו עס געפינען זיך די וויכטיקסטע קוילן־גרובן פון רוסלאַנד אָרגאַניזירט דער קאָזאַקישער אַטאַמאַן קאַלעדין, אַ „ווייסע אַרמיי", וואָס שפּעטער אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל קראַסנאָוו ציילט 45 טויזנט זעלנער און באַקומט געווער און געלט פון די דייטשן.

אין אופא, מערב־סיביר, שאַפן די עסערן אַ „דעמאָקראַטישע רע־גירונג" וועמענס בעסטע אַרמיי איז דער טשעכישער לעגיאָן, וואָס ציילט 20 טויזנט דיסציפּלינירטע זעלנער — אַ שטאַרקער כוח פאַר די דעמאָלטדיקע פאַרהעלטעניש. די דאָזיקע אַרמיי מאַרשירט אויף מערב אין דער ריכטונג צו מאָסקווע — און דערפאָלגרייך.

דעם 29־טן מאַי 1918 פּראָקלאַמירט דער „סאָוונאַרקאָם" (רעגירונג) אַלגעמיינע מאָביליזאַציע, און מאָביליזירט 20 פּראָצענט פון אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער. טראָצקי דערציילט וועגן דער נייער אַרמיי „די רויטע אַרמיי־טיילן, וואָס זענען פאָרמירט געוואָרן אין אייַלעניש, האָבן אָן ווידער־שטאַנד פאַרלאָזן די פּאָזיציעס און אָן קאַמף אָפּגעגעבן קאַזאַן. איין טייל פון שטאַב (פון דער נייער, רויטער אַרמיי) איז באַשטאַנען פון פאַר־שווערער, דער אַנדערער — פּשוט זיך באַהאַלטן פון די קוילן. ווו ס'געפינט זיך דער הויפּט־קאָמאַנדיר און די איבעריקע אַרמיי־פירער האָט קיינער נישט געוווּסט". טראָצקי אָרגאַניזירט אַ פּאַנצער־צוג און מיט אים פאָרט ער צום פראָנט. ער באַריכטעט: „די אַרמיי באַשטייט פון אָפּטיילונגען, וואָס זענען אָפּגעטראָטן פון סימבירסק און קאַזאַן. יעדע אָפּטיילונג לעבט איר אייגענעם לעבן. געמיינזאַם פאַר אַלעמען איז נאָר דער חשק אָפּצוטרעטן ווייטער". דער נייער קריגס־קאָמיסאַר וואָס האָט קיינמאָל קיין פּולווער נישט געשמעקט, פאַרשטייט, אַז אָן דער שאַרפסטער דיסציפּלין איז נישטאָ קיין אַרמיי, גיט אַרויס זיין ערשטן דעקרעט: „איך וואָרן! אויב אַ מיליטער־טייל וועט אייגנוויליק אָפּטרעטן פון פראָנט, וועלן דערשאָסן ווערן זיין קאָמאַנדיר און פּאָלקס־קאָמיסאַר. פּחדנים, עגאָיסטן און פאַררעטער וועט נישט אויסמיידן די קויל" — אַ דראַקאָ־נישער דעקרעט, ווייט פון דער אָפּטימיסטישער באַשרייבונג פון „פּאָלקס־ענטוזיאַזם", אַ פאָלק וואָס איז ענטוזיאַסטיש פאַר אַן אידייע אַנטלויפט נישט פון קאַמף. טראָצקי דערציילט, „אַ פּולק האָט מיטן קאָמיסאַר און קאָמאַנדיר בראש פאַרלאָזט דעם פראָנט, פאַרכאַפּט אַ דאַמפּער און זיך געגרייט אָפּצופאָרן קיין ניזשני־נאָוואָגראַד (היינטיקער קויבישעוו). מיר האָבן פאַרנומען דעם דאַמפּער און געצווונגען דעם פּולק אַראָפּגיין אויפן ברעג. איך האָב באַשטימט אַ פעלד־טריבונאַל: דער קאָמאַנדיר, קאָמיסאַר און אַ געוויסע צאָל זעלנער זענען דערשאָסן געוואָרן. דער פּולק איז צוריק אַוועק אויפן פראָנט און געקעמפט גוט" — אַזוי האָט אויסגעזען די „פּראָלעטאַרישע דעמאָקראַטיע" שוין אין ערשטן יאָר רעוואָלוציע. „מיר האָבן דערשאָסן דעם קאָמיסאַר און אַ געוויסע צאָל זעלנער" —

דאָס איז נישט געווען קיין פאָלקס־אַרמיי, אָבער מיט דער הילף פון רעוואָלוווער (טראָצקי האָט געפאָדערט אַז אַלע פאָלקס־קאָמיסאַרן זאָלן טראָגן רעוואָלווערן און זיי באַנוצן קעגן „פחדנים און פאַרעטער”) און טראָצקי מעלדעט: „דער חודש אין סוויאַזשסק (נעבן קאַזאַן) איז געווען אָנגעפיקעוועט מיט אומרויִקע עפּיזאָדן. אַלע טאָג האָט עפּעס פּאַסירט. די נעכט זענען נישט געווען רויִקער פון די טעג, אָבער... די פּולקן האָבן זיך פאַרשטאַרקט און פאַרהאַרטעוועט. דורך דער פאַרבינדונג פון אַגי־טאַציע, רעוואָלוציאָנערן ביישפּיל און רעפּרעסיעס איז דערגרייכט געוואָרן דער נויטיקער איבערברוך. פון אַ וואַקלדיקע מאַסע איז אַנטשטאַ־נען אַ ווירקלעכע אַרמיי... דאָס אויפשטעלן די מיליטערישע דיסציפּלין איז געווען אַ ברוטאַלע אַרבעט. זי איז דורכגעפירט געוואָרן נישט אָן אונטערדריקונג און געוואַלט־מיטלען” און טראָצקי קומט צום אכזריותדיקן אויספיר: „מען קאָן נישט בויען קיין אַרמיי אָן רעפּרעסיעס. מען קאָן נישט פירן קיין מענטשן־מאַסע צום טויט, נישט האָבנדיק אין דער אָנפירונג די מאַכט פון „טויט־שטראָף”. ווי ווייט דאָס איז פון דער „ענטוזיאַסטישער פאָלקס־מיליץ”, וואָס דאַרף פירן דעם קאַמף פאַר דער פּראָלעטאַרישער מאַכט. אַפילו די צאַרישע אַרמיי איז נישט אָנגעקומען צו אַזעלכע דראַקאָ־נישע מיטלען. ס'איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז קיין איין געפאַנגענער אַראַבישער טעראָריסט איז נישט דערשאָסן געוואָרן אין ישראל, כאָטש זיי האָבן געמאָרדעט און דורכגעפירט סאַבאָטאַזש־אַקטן און אַפילו דער יאַפּאַ־נישער טעראָריסט, וואָס האָט געשאָסן אין אומשולדיקע פּאַסאַזשירן אויפן לופט־פעלד אין לוד און דערמאָרדעט (צוזאַמען מיט זיינע 2 חברים) 28 מאַן — אויך ער איז נישט דערשאָסן געוואָרן.

טראָצקי האָט געזייט דעם ווינט, פון וועמענס שטורעם ער האָט שפּעטער געליטן. שווער איז געווען צו פאַרטיידיקן די מדינה, ווען די אַרבעטער האָבן אויסגעזען, ווי טראָצקי גופא דערציילט: „שלעכט האָבן אויסגעזען די פּעטראָגראַדער אַרבעטער. די פּנימער גרוי ווי די ערד פון נישט דערעסן, אין אָפּגעטראָגענע, אַרומגעפליקטע מלבושים, מיט לעכערדיקע שיך אויף די פיס, טייל מאָל נישט פון איין פּאָר. דער גאַנצער אַדמיניסטראַטיווער אַפּאַראַט איז געווען פאַרכאַפּט פון יאוש, אַפּאַטיע און געפאַלנקייט” — אַ בילד, וואָס זעט אויס אַ „ביסעלע” אַנדערש, ווי דאָס געמאָלטע פון אידעאַ־ליסטישן אַנאַרכיסט פּרינץ קראָפּאָטקין... עס גייט זיך נישט אַזוי פּשוט אין פעלד און ס'באַקומט זיך נישט אַזוי לייכט זינגענדיק־שפּילעוודיק קיין ברויט...

טראָצקי קעמפט אויך דאָרט, קעמפט אַליין אויף אַ פערד און... זיגט, באַזיגט די גוט אויסגעשטאַטעטע, זאַטע יודעניטש־אַרמיי, באַוואָפנטע דורך ענגלאַנד, פראַנקרייך און די פ. שטאַטן. ער קעמפט קעגן קאָלטשאַקן, דעניקינען, ווראַנגעלן, פּילסודסקי, מאָביליזירט 30 טויזנט צאַרישע אָפיצירן און אַפילו אַלס הויפט־קאָמאַנדיר באַשטימט ער דעם צאַרישן גענעראַל קאַמעניעוו (האָט נישט קיין שייכות צום קאָמוניסטישן מנהיג קאַמעניעוו). ער האָט די אָפיצירן געגעבן רעוואָלווערן און רעכט צו באַשטראָפן מיט טויט־שטראָף די דעזערטירן... און טראָצקי, וואָס איז געקומען צו דער מאַכט אַדאַנק די סאָוויעטן פון די סאָלדאָטן, שרייבט: „אין די נייע פולקן האָט דער גאַנצער עסק מיט די קאָמיטעטן נישט געטאָרט דערלאָזט ווערן, ווייל... זיי זענען געווען דער סימבאָל פון צעפאַלונג. עס האָבן זיך נאָך געהערט קללות אויף דער אַלטער דיסציפּלין, מיר זענען אָבער געווען געצוווּנגען איינצושטעלן אַ נייע דיסציפּלין. מיר האָבן געמוזט איבערגיין פון אַ פרייוויליקער רעקרוטירונג צו אַ צוואַנגס־רעקרוטירונג, פון פּאַרטיזאַנישע מחנות צו אַ דיסציפּלינירטער אַרמיי. דער קאַמף קעגן די פּאַרטיזאַנישע מחנות האָט געפאָדערט עקשנות, פאַרביסנקייט און אַפילו גרויזאַמקייט".

מיט דער דאָזיקער גרויזאַמקייט איז טראָצקין געלונגען צו שאַפן אַ גרויסע מיליאָנען־אַרמיי און באַזיגן די ווייניקער דיסציפּלינירטע ווייסע אַרמייען. סוף 1920 פאַרענדיקט זיך דער בירגער־קריג מיטן זיג פון דער נייער רוסישער אַרמיי. די סאָוויעטישע רעגירונג, די מאַכט פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי איז געראַטעוועט געוואָרן, אָבער פאַר וועלכן פרייז?

די גאַנצע ווירטשאַפט איז געווען חרוב. די אינדוסטריע — קוים 13% פון דער קליינער, צאַרישער אינדוסטריע אין יאָר 1913. אַ שוידערלעכער הונגער איבערן גאַנצן לאַנד, באַזונדערס אין די וואָלגאַ־געגנט, ווו די מיליאָנען פויערים שטאַרבן פון הונגער און עלטערן עסן זייערע פאַרשטאָר־בענע קינדער — זייערע פאַרשטאָרבענע עלטערן. אַ קאָמוניסטישער שרייבער ל. קריצמאַן באַשרייבט דעם פעריאָד: „דער לעבנס־ניוואָ פון אַ רוסישן אַרבעטער איז געפאַלן ביז אַ דריטל פון מיזעראַבלען צושטאַנד אין 1914, הונגער, קעלט, קראַנקייטן, אומגעהויערע קינדער־שטערבלעכקייט. אין משך פון די לעצטע 2 יאָר זענען פאַרעגיסטרירט געוואָרן 5 מיליאָן טיפוס־קראַנקע, 37 מאָל מערער ווי אין 1913. פון 1־טן יאַנואַר ביזן 1־טן יולי 1920 זענען געשטאָרבן 7 מיליאָן מענטשן אין עלטער ביז 65 יאָר (אין דער וועלט־מלחמה, אין די יאָרן 1914־17, זענען געפאַלן 2,5 מיליאָן רוסן).

איבערן גאַנצן לאַנד אויפשטאַנדן, געקרוינט אין אויפשטאַנד פון די קראָנשטאַטער מאַטראָסן אין מערץ 1921. דאָס זענען געווען די זעלבע, וואָס האָבן מיט 3½ יאָר פריער געשאָסן אויפן טאַווערישן פּאַלאַץ און געבראַכט לענינען און טראָצקין צו דער מאַכט.

מיר האָבן שוין פריער דערציילט וועגן אויפשטאַנד, מיר וועלן נאָר דערמאָנען וועגן טראָצקיס ראָל. דעם 8־טן מערץ האָט טראָצקי, וואָס האָט פריער שטאָלצירט מיט די קראָנשטאַטער מאַטראָסן, געשיקט מיליטער צו דערשטיקן די „פרייע קראָנשטאַטער רעפּובליק", וועלכע די מאַטראָסן האָבן פּראָקלאַמירט. 700 פון די געשיקטע זעלנער האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו די רעבעלן. טראָצקי האָט געשיקט נייע, פרעמד־שפּראַכיקע אָפּטיילונגען און אַ גאַנצע טשעקאַ־אָפּטיילונג מיט אירע קאָמיסאַרן, איינגעשטעלט טויט־שטראָף קעגן די אומצופרידענע, געשיקט אַפילו 300 דעלעגאַטן פון 10־טן פּאַרטיי־קאָנגרעס און... געזיגט.

געזיגט און זיך דערשראָקן. נישט דאָס איז דער וועג — איז געקומען לענין צום אויספיר. און פאַרגעלייגט דעם „נעפּ", פאַרווירקלעכנדיק די פאָדערונגען פון די קראָנשטאַטער מאַטראָסן.

טראָצקי איז אַרויסגעטראָטן קעגן „נעפּ", אָבער אין זיינע אָפּהאַנדלונגען פון דעם דאָזיקן פּעריאָד און אין זיינע שפּעטערדיקע מעמואַרן פאַרהוילט ער זיין אָפּאָזיציע צום „נעפּ" און פאַרשווייגט דעם קראָנשטאַטער אויפ־שטאַנד. ער האָט זיך געשעמט מיט זיינע „העלדישקייטן"...

לענין האָט זיך, אָבער דאָך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז „לא זו הדרך" און לייגט פאָר איינפירן דעם „נעפּ", ווייל „מיר מוזן שאַפן אַ בלאָק מיט די פּויערים, נישט מיט די „קולאַקעס", אָבער יאָ מיט די אַרבעטנדיקע פּויערים, די אָרעמע און די „סערעדניאַקעס" (מיטל־פּויערים).. מיר מוזן צוזאַמען מיט זיי גיין פאָרויס, אַ סך פּאַמעלעכער, ווי מיר האָבן געגלויבט און געפּרוווט. מיר דאַרפן איבערדערציען די קליינע פּויערים־בעלי־בתים און דאָס איז אַ פּראָצעס, וואָס וועט דויערן דורות" (דאָס האָט נישט געוואָלט אָדער נישט געקאָנט פאַרשטיין נישט טראָצקי און נישט סטאַלין און צוליב זייערע פעלערן צאָלט נאָך היינט דאָס רוסישע פאָלק) און אין זיין צוואה (שוין דערמאָנט פריער) שרייבט לענין: „געדענקט, אַז מען מוז שאַפן דעם בלאָק מיט די פּויערים, געדענקט, אַז מיר רייטן אויפן פּויער ווי אויף אַ מידן פערד, וועמענס כוחות ווערן אויסגעשעפּט. אונדזערע פּרווון פון שפּרינגען אויפן פערד, ווי ער וואָלט געווען אַ גאַיעג־פערד באַווייזן, אַז

דער פּראָלעטאַריאַט איז אַ שלעכטער בעל־ברית, וואָס מאַכט שווערע טעותן אין זיין חשבון".

נאָך אין 1906 לייגט פאָר טראָצקי „אָרגאַניזירן אַ שטאָטלעכע אָדער מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונג פון די גרויסע גיטער. דער פּראָלעטאַריאַט קען נישט געבן קיין הסכמה צו דער צעטיילונג פון גרויסע גיטער אויף קליינע ערד־חלקים... די אויפגאַבע פון פּראָלעטאַריאַט וועט זיין באַזיצן ווי ווייט מעגלעך אַ ברייט פעלד פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק".

אין זיין „אמת וועגן ראַטנפאַרבאַנד" געשריבן אין 1927, שרייבט טראָצקי: „די הערשנדיקע סטאַלין־בוכאַרין־גרופּע (אין ערשטן פּעריאָד נאָך לענינען, אין די יאָרן 1923־26 האָט געהערשט די „טרויקאַ" סטאַלין־זינאָוויעוו־קאַמעניעוו. שפּעטער האָט סטאַלין געשאַפן די צווייטע „טרויקאַ": סטאַלין־בוכאַרין־ריקאָוו, וועלכע ווי באַוווּסט ער האָט אויך ליקווידירט אין 1929 און דערמאָרדעט אין 1937) האָט 1) פאַרנאַכלעסיקט דעם מאַרקסיסטישן פּרינציפּ, אַז נאָר אַ שטאַרקע, סאָציאַליסטישע אינדוסטריע, קאָן העלפן די פּויערים איבערצופירן די לאַנדווירטשאַפט צו אַ קאָלעקטיוויסטישער פאָרם, 2) האָפענונג אויפן קולאַק (בוכאַרין האָט געוואָרפן די לאָזונג „באַרייכערט אייך"), 3) איגנאָרירט אָדער אָפן געלייקנט דעם קליינבירגערלעכן כאַראַקטער פון פּויערישן אייגנטום, 4) דערמוטיקן די קולאַקן־קאָאָפּעראַטיוועס — טראָצקיס גרונט־ליניע איז פאַרבליבן אַן אַנטי־פּויערישע, דערוויטערנדיק זיך פון לענינס צוואה.

ווי שוין דערמאָנט, האָט סטאַלין נאָכן איבערנעמען דעם סעקרעטאַריאַט פון דער פּאַרטיי אַלס רעזולטאַט פון לענינס קראַנקהייט און שפּעטער זיין טויט, האָט ער זיך געשטעלט אַלס ערשטע אויפגאַבע: ליקווידירן טראָצקין. טראָצקי האָט געענטפערט מיט אַ בראָשור „דער נייער קורס" אין וועלכער ער שטרייכט אונטער: „כדי אויסצומיידן די ביוראָקראַטישע דעגענערירונג פון דער פּאַרטיי מוז איינגעשטעלט ווערן אַ שטאַרקע פּאַרטיי־דעמאָקראַטיע. די פּאַרטיי דאַרף אָנערקענען די רעכט פון אירע חברים צו פרייער דיסקוסיע און קריטיק". סטאַלין, וואָס האָט זיך נאָך נישט געפילט גענוג שטאַרק לגבי דעם פּאָרזיצנדער פון קריגס־ראַט, וואָס האָט געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויפן מיליטער און גענאָסן פון ברייטער פּאָפּולאַריטעט פון דער פּאַרטיי, (דאָס ליד פון יענער צייט זאָגט: „זאָל לעבן לענין, דער פירער פון דער רעוואָלוציע, זאָל לעבן טראָצקי, דער פירער פון דער רויטער אַרמיי"), האָט זיך געאיילט צו דערקלערן אין „פּראַווּדאַ" (דעם 18־טן דעצעמבער

1923) „קיינער שטעלט זיך נישט פאַר די טעטיקייט פון פּאָליט־ביוראָ, צענטראַל־קאָמיטעט און שטאַט אָן דעם אַקטיוון אָנטייל פון חבר טראָצקי" — כדי אים צו באַרואיקן און אָפּנאַרן.

ווי מיר האָבן שוין געשריבן, איז סטאַלין געווען פיל כיטרער פון טראָצקי און פיל פעיִקער אַלס פּאָליטיקער און פּאָליטיקאַנט. ער האָט געקאָנט צוגרייטן געדולדיק די ליקווידאַציע פון טראָצקין אין דער צייט וואָס טראָצקי האָט זיך געפילט אַזוי שטאַרק, אַזוי זיכער מיט זיין איינפלוס און פּאָפּולאַריטעט, אַז ער האָט אויך נישט געזאָרגט פאַר זיכערן די באַזע, געווינען אָנהענגער און חברים. פאַרקערט, אין 1924, נאָך לענינס טויט, האָט ער געשריבן אַ נייע בראָשור „די לעקציע פון אָקטאָבער" אין וועלכער ער גרייפט אָן זינאָוויעוון און קאַמעניעוון און דערמאָנט אַפילו נישט סטאַלינען. זינאָוויעוו און קאַמעניעוו זענען געוואָרן זיינע ערגסטע שונאים און סטאַלין נאָך שטאַרקער, ווייל די איגנאָרירונג פון זיין „רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט" אין דער רעוואָלוציע איז געווען פאַר אים די ערגסטע באַליי־דיקונג. דערפאַר שרייבט סטאַלין אַ ביסל שפּעטער (1927) „אָן דער ליקווידאַציע פון טראָצקיזם איז נישט מעגלעך צו טראַנספאָרמירן רוסלאַנד אין אַ סאָציאַליסטישן שטאַט".

אַלס ענטפער אויף דער לעצטער בראָשור, וואָס איז דורך דער גרופּע סטאַלין־זינאָוויעוו־קאַמעניעוו דערקלערט געוואָרן אַלס אַנטי־לעניניסטישע, איז דעם 2־טן יאַנואַר 1925, טראָצקי אראָפּגענומען געוואָרן פון זיין אַמט אַלס פאָרזיצנדער פון קריגס־ראַט און קריגס־מיניסטער פון ראַטנפאַרבאַנד. דאָס איז שוין פאַקטיש געווען דער פּאָליטישער טויט פון טראָצקין. מען האָט אים דערווייטערט פון זיין איינציקער באַזע, ער איז געבליבן הענגען אין דער לופטן.

פאַר דער רעזאָלוציע האָט אויך געשטימט די גרופּע בוכאַרין, פאַר וועמען טראָצקי איז געווען דער אויסדרוק פון דער „אולטראַ־לינקער אָפּווייכונג" אין דער פּאַרטיי. גלייכצייטיק מיט דעם זענען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי 100 טויזנט פּאַרטיי־מיטגלידער און באַזונדערס די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס אין די הויך־שולן, וואָס זענען פאַרבליבן טריי טראָצקין און זיין ליניע.

ווען אויפן 14־טן קאָנגרעס פון דער פּאַרטיי, האָבן זינאָוויעוו־קאַמעניעוו געפּרוּווט אַרויסטרעטן קעגן דער פערזענלעכער דיקטאַטור פון סטאַלינען, האָט ער קונציק געוואָרפן אויף זיי די שולד, אַז זיי האָבן געוואָלט אויסשליסן

פון דער פּאַרטיי די חברים בוכאַרין, ריקאָוו און טראָצקי און דורכפירן אַ „בלוט־אָפּפלוס" פון דער פּאַרטיי.

אין 1926־27 איז טראָצקי אַרויסגעטראָטן עפנטלעך קעגן סטאַלינען און דעם נייעם „רעכטן" פּאָליט־ביוראָ, פּאַרוואָרפנדיק סטאַלינען, אַז ער איז דער „באַגרעבער פון דער רעוואָלוציע". ער האָט געוואָרפן די לאָזונג „שוין אַ לאַנגע צייט, ווי די מנהיגים פון דער פּאַרטיי האָבן פאַרלוירן יעדן קאָנטאַקט מיט דעם סאָוויעטישן פּראָלעטאַריאַט" און אָנגעהויבן באַזוכן די דירות פון אַרבעטער, סטודענטן, פאַרזאַמלט קרייזן, דורכגעפירט גרעסערע און קלענערע פאַרזאַמלונגען און דערגאַנגען ביז דער אָרגאַניזירונג פון מאַסן־מאַניפעסטאַציעס דעם 7־טן נאָוועמבער 1927, צום 10־טן יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער רעוואָלוציע אונטערן לאָזונג „קעגן נעפּמאַן, קולאַק און ביוראָקראַטיע".

די מאַסן האָבן אָבער נישט געענטפערט אויף טראָצקיס רוף. זיי האָבן נישט געוואָלט 1) אַ נייע רעוואָלוציע, ווייל שוין די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט זיי געבראַכט נישט מער ווי הונגער און ליידן און מורא געהאַט אַז אַ נייע קאָן זיין נאָך ערגער, 2) די מאַסן זענען געווען פאַרן „נעפּ", ווייל ווי שלעכט ער איז נישט געווען, האָט ער דאָך דערמעגלעכט צו באַקומען אַ שטיקל ברויט, אַ ביסל קאַרטאָפל און קרויט — די עיקר־שפּייז פון רוסישן אַרבעטער און פּויער. טראָצקי אין זיין פּראָפּאַגאַנדע האָט אָנגעוויזן, אַז אין משך פון די לעצטע יאָרן פון „נעפּ", פון 1921 ביז 1927 איז די צאָל ערדלאָזע און ערד־אָרעמע פּויערים קלענער געוואָרן מיט 45 פּראָצענט, דערפאַר זענען געשטיגן די מיטל־פּויערים מיט 120 פּראָצענט און די רייכע, די „קולאַקעס" — מיט 200 פּראָצענט! טראָצקי פאָדערט „דורך אַ שנעלערער אַנטוויקלונג פון דער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט מוז געשאַפן ווערן אַ קעגנוויכט פאַרן וווקס פון פּריוואַט־אייגנטום אין דאָרף" — אָבער די אַרבעטער האָבן גאָרנישט געהאַט דאַקעגן, זיי האָבן געוואָלט ברויט און דער דאָרף האָט אים צוגעשטעלט.

סטאַלין האָט מאָביליזירט קעגן טראָצקין די ג. פּ. וו. ד. און גאַנצע גרופּן אַגענטן פלעגן איבערפאַלן די פאַרזאַמלונגען פון דער אָפּאָזיציע, שלאָגן די אָנטיילנעמער מיט אייזערנע הענטשקעס, מיט בלייענע קעפּ פון שטעקן, צעטרייבן די פאַרזאַמלונגען, דראָען מיט אַרעסטן און ביי די מאַניפעסטאַציעס (הויפּטזעכלעך סטודענטישע) דעם 7־טן נאָוועמבער געוואָרפן שלעגערגרופּן קעגן די סטודענטן. סטאַלין האָט טריאומפירט און אויפן 15־טן קאָנ־

גרעס אין סוף 1927 דורכגעפירט אַ באַשלוס פון אויסשליסן טראָצקין און די גאַנצע לינקע אָפּאָזיציע פון דער פּאַרטיי.

אייניקע טעג שפּעטער איז טראָצקי פאַרשיקט געוואָרן קיין אלמא־אטא אין צענטראַל־אַזיע. טראָצקי האָט זיך נישט אונטערגעגעבן, זיך באַמיט פאַרבינדן מיט אַלע זיינע חברים און אָנהענגער הן אין סיביר, הן אין צענטראַל־רוסלאַנד, אויף וואָס סטאַלין האָט געענטפערט מיט אַרויסשיקן טראָצקין פון רוסלאַנד. זיין ערשטער גלות־אָרט איז געווען טערקיי, פון דאָרט זיך באַמיט צו באַקומען אַ דערלויבעניש זיך צו באַזעצן אין פראַנקרייך און ווען די פראַנצויזישע פּאָליציי האָט אים נישט געגעבן די אַריינפאָר־דערלויבעניש, האָט ער זיך באַזעצט אין נאָרוועגיע.

טראָצקי האָט אויפגעהויבן אין אויסלאַנד אַ ברייטן קאַמפּיין קעגן סטאַלינען און דעם סטאַליניזם, אָנגעשריבן זיינע „מעמואַרן", „די געשיכטע פון דער אָקטאָבער רעוואָלוציע" א. א. ווערק, אין וועלכע ער פאַרטיידיקט זיין שטעלונג, וועלכע מיר האָבן פריער אָנגעוויזן און געפּרוּווט צו גרינדן אַ נייעם „אמת מאַרקסיסטיש־לעניניסטישן" קאָמאינטערנאַציאָנאַל, דעם א. ג. „פערטן". דאָס איז אים נישט געלונגען און אונטערן דרוק פון סטאַלינען און דער סאָוויעטישער רעגירונג, האָט אויך נאָרוועגיע אים צוגענומען די אַזיל־רעכט.

טראָצקי טרייסט זיך אַליין „לאָמיר זיך נישט קרימען און נישט באַליידיקן אויף דער געשיכטע, וואָס גייט מיט איר גאַנג אויף קאָמפּליצירטע און פאַרדרייטע וועגן. באַגרייפט מען דאָס, וואָס עס קומט פאָר, הייסט עס — אויף אַ העלפט זיכערן דעם נצחון". אַן אָרעמע טרייסט און אַ פאַלשע פון אַ גרויסן מענטשן, וואָס האָט פאַרשפּילט און דווקא צו אַ פיל וויניקער פעיִקן פון אים. פאַר טראָצקין איז סטאַלין פאַרבליבן „די מיטלמעסיקייט פון טערמידאָר", אָבער די דאָזיקע מיטלמעסיקייט האָט געזיגט. טראָצקי האָט געקוקט מיט ביטול אויפן „גרויעם מענטשעלע", דאָס האָט אים אָבער נישט געהאָלפן. ניין, די מענטשלעכע געשיכטע האָט נישט איר אייגענע לאָגיק, זי ווערט געמאַכט דורך מענטשן. אמת, די מענטשן זענען אַליין אַ פּראָדוקט פון אַ געשיכטלעכן פּראָצעס, זענען נישט אָפּגעריסן פון נעכטן און זענען דער קערן, פון וועלכן עס שאַפט זיך דער מאָרגן. די געשיכטע איז אָבער נישט קיין פאַטאַלער כוח, נישט קיין פון פאָרויס באַשטימטער גורל. סטאַלין האָט זיך נישט פאַרלאָזט אויף דער געשיכטע, ער האָט זי געמאַכט, געמאַכט ברוטאַל, אכזריותדיק, אַזיאַטיש, לויטן מוסטער פון

דזשענגיס־כאַן און איוואַן דעם גרויזאַמען, געמאַכט אויף די שאַרבנס פון מיליאָנען דערמאָרדעטע, אָבער ער האָט זי געמאַכט.

אין זיין בריוו צום 15־טן פאַרטיי־קאָנגרעס, אין וועלכן טראָצקי זאָגט צו „זיך אָפּזאָגן פון פראַקציאָנעלן קאַמף און דינען טריי דער פאַרטיי" שטרייכט ער אונטער די ריכטיקייט פון די געוואַלט־מיטלען קעגן די מענשעוויקעס און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, ווייל... „זיי זענען געווען שפּיאָנען פון קאַפּיטאַליזם".

סטאַלין האָט די „גלענצנדיקע" אידייע אויפגעכאַפּט און זי אויסגענוצט קעגן... טראָצקין און אַלע, וועמען ער האָט געוואָלט דערמאָרדן. אין דער אמתן איז טראָצקי נישט געווען מערער אָבער אויך נישט ווייניקער, „שפּיאָן פון קאַפּיטאַליזם", ווי עס זענען געווען מארטאוו, דאן, מאַרטינאָוו אָדער קערענסקי...

טראָצקי לעבט 12 יאָר אין אויסלאַנד נאָכן פאַרטריבן ווערן פון רוסלאַנד דורך סטאַלינען. פון נאָרוועגיע מוז ער לויפן קיין מעקסיקע און דאָרט געפינט אים דער אַגענט פון סטאַלינען אין 1940 (וואַרשיינלעך אַ טשעך, וועמענס אמתער נאָמען איז נישט באַקאַנט) און הרגעט אים.

אין משך פון די 12 יאָר לעבט טראָצקי אַלץ מיט דער האָפענונג, אַז זיין גלות וועט נישט דויערן אייביק, פריער־שפּעטער וועט סטאַלין ליקווי־דירט ווערן און ער וועט אויפגענומען ווערן דורכן רוסישן פאָלק ווי אַ נאַציאָנאַלער העלד. טראָצקי איז זיכער, אַז „אַ מלחמה קעגן ראַטנפאַרבאַנד איז אומפאַרמיידלעך" און אָנפירן זי... וועט ענגלאַנד! און ווען די מלחמה וועט אויסברעכן וועט אַפילו סטאַלין זיך מוזן ווענדן צו אים, צום גרויסן רוסישן סטראַטעג. ער זאָל נאָך אַ מאָל ראַטעווען די סאָוויעטישע מאַכט. די מלחמה קעגן ראַטנפאַרבאַנד איז טאַקע געווען אַ פאַקט, אָבער אָנגעפירט האָט זי היטלער און געראַטעוועט רוסלאַנד האָבן ענגלאַנד און אַמעריקע...

היינט זענען אויפגעקומען נייע נעאָ־טראָצקיסטישע באַוועגונגען, וועמענס טרעגער זענען סטודענטן און נאָר סטודענטן. זיי ווילן אויפפרישן די „פּערמאַנענטע רעוואָלוציע" נישט באַגרייפנדיק, אַז אויך טראָצקי האָט געבויט זיין טעאָריע אויף אַ מאַסן־באַוועגונג, נישט פון סטודענטן, נאָר פון אַרבעטער און די אַרבעטער, ווי ריכטיק עס שטעלט דאָס פעסט הערבערט מאַרקוזע, ווילן היינט נישט קיין רעוואָלוציע, זיי זענען קעגן דער רעוואָ־לוציע, ווייל אין די אַנטוויקלטע לענדער „האָבן זיי יאָ וואָס צו פאַרלירן". זיי זענען שוין נישט קיין פּראָלעטאַריער. „וואָס פאַרמאָגן גאָרנישט אויסער די קייטן".

דער נעאָ־טראָצקיזם איז אַ פּאָליטישע פּאַטאָ־מאָרגאַנאַ פון סטודענטן, ווילע, זייער ווילע יוגנטלעכע, אמתע רעוואָלוציאָנערן, וואָס ווילן אָבער נישט אָנערקענען, אַז „ווילן און נישט קאָנען — איז דער גהינום״, ווי עס האָט דאָס דעפינירט אַ דיכטער...

דעם 1־טן אָקטאָבער 1949 האָט מאַאָ־טסע־טונג פּראָקלאַמירט אין פּעקינג די (קאָמוניסטישע) פאָלקס־רעפּובליק אין כינע. נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז עס געווען דער גרעסטער קאָמוניסטישער זיג.

כינע, אַ ריזיקער שטח פון אַזיע, 9,5 מיליאָן קוו. קמ. מיט אַ באַפעלקערונג פון 550 מיליאָן — קאָמוניסטיש ?

ס'איז נישט געווען קיין „10 טעג, וואָס האָבן מרעיש געווען די וועלט" ווי ס'האָט געשריבן דזשאָן ריד וועגן דער רוסישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. ס'איז אויך נישט געווען קיין מיליטערישע איבערקערעניש ווי אין פּעטערבורג — ס'איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ לאַנגער מלחמה, אַ בירגער־קריג וואָס האָט געדויערט 22 יאָר און די דאָזיקע רעוואָלוציע האָט באַוויזן נאָך בולטער ווי די רוסישע, ווי פאַלש ס'איז געווען די מאַרקסיסטישע שטעלונג, דער א. ג. „וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם", די מאַרקסיסטישע פּראָגנאָזן. מאַרקס האָט געבויט זיין טעאָריע אויף דער באַזע פון אַ גרויסן און שטאַרקן פּראָלעטאַריאַט, וואָס מוז ירשענען דעם קאַפּיטאַליזם אין די העכסט־אַנטוויקלטע אינדוסטריעלע לענדער. ער איז געווען זיכער, אַז דאָס פּויערטום מוז פריער פּראָלעטאַריזירט ווערן, די באַפעלקערונג פּאָלאַריזירט ווערן און די כינעזישע רעוואָלוציע (ווי מיט 32 יאָר פריער די רוסישע) האָט געזיגט מיט די באַגנעטן דווקא פון די פּויערים, פּויערים אין מונדירן אַזוי... לומפּענפּראָלעטאַריער, הימל־ווייט פון מאַרקסיזם און זיינע טעאָריעס.

אויך דער דאָזיקער קאָמוניסטישער זיג, אויך די דאָזיקע רעוואָלוציע האָט געביטן דאָס אויסזען פון דער וועלט, געלייגט איר שטעמפּל אויף דער וויטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט. מאָסקווע האָט אויפגעהערט צו זיין דער איינציקער צענטער פון דער קאָמוניסטישער וועלט. פּעקינג קאָנקורירט מיט איר און האָט געבראַכט אין רעזולטאַט צו דער „פּלוראַליזאַציע" אויך אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, צו מער זעלבסטשטענדיקייט אין דענקען פון די באַזונדערע קאָמוניסטישע פּאַרטייען, אין אַ רייע לענדער צו זייער שפּאַלטונג און אומדירעקט — צום צוזאַמענברוך פון דעם

„קאַלטן קריג״ און פּרוּוון פון איינשטעלן אַ קאָעקזיסטענץ צווישן מזרח און מערב, קאָמוניזם און קאַפּיטאַליזם.

מאַאָ אָנערקענט זיך פאַר אַ מאַרקסיסט, אַן „אמתן״ מאַרקסיסט און שטעלט זיך קעגן דעם סאָוויעטישן „רעוויזיאָניזם״ און דער „נייער סאָוויעטישער בורזשואַזיע״, זיינע „טעאָריעס״ זענען אויך קאַנאָניזירט געוואָרן און מאַאָיזם איז געוואָרן אַ נייער „טיפּ״ אַ נייער פירוש פון „מאַרקסיזם״, וואָס האָט אַמביציעס צו באַהערשן די וועלט.

כדי זיך צו באַקענען מיט אים, מוזן מיר ראשית זיך באַקענען מיט דער סביבה, לאַנד, באַדינגונגען אין וועלכע ער איז אויסגעוואַקסן (אין דעם זין וועלן מיר זיין טריי דעם „מאַרקסיזם״).

כינע איז נישט ענלעך צו אייראָפּע, כאָטש איר שטח איז כמעט דער זעלבער. די כינעזישע ציוויליזאַציע איז אַלט 7 טויזנט יאָר ד. ה. מיט העכער 4 טויזנט יאָר עלטער פון דער עלטסטער אייראָפּעישער ציוויליזאַציע (דער גריכישער). אין קעגנזאַץ צו אייראָפּע איז כינע כמעט די גאַנצע צייט געווען פאַראייניקט און האָמאָגעניש (94 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג זענען כינעזער). עס האָבן זיך געביטן דינאַסטיעס, געליטן פון צייט צו צייט פון אויסערלעכע אינוואַזיעס (מאָנגאָלן פון דזשענגיס־כאַן, מאַנדזשורן) אָבער די אינוואַזאָרן האָבן זיך „פאַרכינעזישט״, האָבן איבערגענומען די כינעזישע קולטור, מנהגים, פילאָזאָפיע און שפּראַך. איז דען אַ וווּנדער, אַז די כינעזער האָבן זיך געהאַלטן פאַר „אתה בחרתנו״, פאַר די „מלוכה פון דער זון״ און אַלע איבעריקע פעלקער זענען „באַרבאַרן״. (אויך מאַאָ גלויבט אַזוי). זייער גרעסטער פילאָזאָף קונג־פו־טשי, וואָס האָט געלעבט מיט 2.500 יאָר צוריק (קאָנפוציוס) ד. ה. אין דער „גאָלדענער עפּאָכע״ פון גריכנלאַנד און גלות־בבל, האָט נאָך דאַן (מיט 2.500 יאָר פאַר מאַרקסן) געלערנט „די אויפגאַבע פון די פילאָזאָפן איז נישט נאָר צו דערקענען די וועלט נאָר אויך זי צו ענדערן״. איינער פון די כינעזישע פילאָזאָפן מאַנג־טשי, וואָס האָט געלעבט אין פערטן יאָרהונדערט פאַר קריסטוסן, ד. ה. אין דער צייט פון גרויסן גריכישן פילאָזאָף אַריסטאָטעלעס, האָט געלערנט, „אויב אונדזערע טויטע אבות הערן אונדז און זעען, ווען מיר ברענגען זיי קרבנות איז גוט און אויב נישט — איז אויך נישט קיין אומגליק. מיר זאַמלען זיך צונויף, קרובים און שכנים, מאַכן אַ פייערלעכע סעודה, ווערן פריילעך עסנדיק און טרינקענדיק״ — שטעלנדיק אין אַ ספק דעם הערשנדיקן אבות־קולט אין כינע. דער פילאָזאָף גייט ווייטער און זאָגט: „ווען איינער גנבעט ביי אונדז אַ בהמה, טאַדלען מיר אים און באַשטראָפן האַרב, אָבער ווען אונדזער

קייסער פאַרנעמט אַ פרעמדע מלוכה, רופן מיר אים אָן העלד און באַזינגען אים אַ סך דורות" (זענען מיר היינט אַנדערש?) און נאָך מיט 2 טויזנט יאָר פאַר די „אַנטוואָפענונג־קאָנפערענצן", וואָס דויערן יאָרן און אַנטוואָפענען נישט, האָבן אַנדערע כינעזישע פילאָזאָפן ווי סונג פינג און קונג סון לונג געפאָדערט פאַרניכטן יעדעס געווער, ווייל הרגענען מענטשן איז אַ פאַרברעכן. אָן אַנדער פילאָזאָף פון יענער צייט (מיט 2 טויזנט יאָר צוריק!) יאַנג טשו לערנט „נישטאָ קיין געטער און נישטאָ קיין אַנדער וועלט. מיר זענען געשאַפן געוואָרן דורך דער בלינדער נאַטור און זי פירט אונדז, נישט אָנפרעגנדיק ביי אונדז אונדזער ווילן" — און דאָס אינטערעסאַנטסטע, דער דאָזיקער אַפּיקורס איז נישט פאַרברענט געוואָרן, אויך נישט געשטעלט צום געריכט אַלס גאָט־לעסטערער, זיינע ביכער זענען נישט פאַרבאָטן געוואָרן דורכן „אינדעקס" קאַטוילישן אָדער רבנישן (פאַר אַ סך וויניקער איז ברוך שפינאָזאַ געלייגט געוואָרן אין חרם). דער שוין דערמאָנטער פאַנג־טשו לערנט „דער מענטש איז גוט און דער סאָציאַלער פּראָבלעם שטאַמט נישט פון דער מענטשלעכער נאַטור נאָר פון די שלעכטע הערשער. אַ גוטער הערשער איז נישט דער, וואָס קעמפט קעגן אַנדערע מלוכות נאָר קעגן אונדזער שותפותדיקן שונא — דער אָרעמקייט. די אָרעמקייט און אומוויסן זענען דער מקור פון אַלע פאַרברעכנס. די רעגירונג איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן שלום פון אירע בירגער און איר פליכט איז צו זאָרגן פאַרן וווילזיין פון פאָלק".

„איר פליכט איז אָפּצושאַפן דעם צאָל און געבן אומזיסטע בילדונג דעם גאַנצן פאָלק" (די דאָזיקע „תורה" איז נאָך גילטיק היינט). מאַנג־טשי (385 — 289 פ. ק.) לערנט „ס'זענען פאַראַן מענטשן, וואָס זאָגן: „איך קען אָנפירן די אַרמיי. איך קאָן שלאָגן דעם שונא. זיי זענען גרויסע פאַרברעכער. קיינמאָל איז נישט געווען קיין גוטע מלחמה. אַלע מלחמות זענען שלעכטע". מאַנג־טשי גייט נאָך ווייטער און זאָגט „דאָס פאָלק איז דאָס סאַמע וויכטיקסטע. ווען די רעגירער זענען שלעכט, איז דאָס פאָלק באַרעכטיקט זיי אַראָפּצוּוואַרפן אַפילו הרגענען" — אַ רעוואָלוציאָנער מיט 2.200 יאָר פאַר מאַרקסן, לענינען און מאַאָ־טסע־טונג. אָן אַנדערער פילאָזאָף הסו־הסינג פאָדערט אין יענער צייט „די רעגירונג דאַרף געהערן צו די, וואָס אַרבעטן" — סאָציאַליזם מיט 2.200 יאָר צוריק! מאַנג־טשי לערנט „אַ קעניג, וואָס קאָן נישט אויסמיידן אַ הונגער, דאַרף פאַרלאָזן זיין קעניגלעכע שטול. דאָס פאָלק איז דער עיקר — דער קעניג — אַ בייזאַך". (וויפל רעגירונגען וואָלט מען היינט געדאַרפט אַראָפּוואַרפן צוליב דעם פאַרברעכן!). הסו־סינג שרייבט

„דו באַזינגסט די נאַטור און טראַכסט וועגן איר, פאַרוואָס זאָלסטו זיך נישט לערנען זי אויסנוצן? דו גיסט זיך אונטער דער נאַטור און דאַוונסט צו איר, פאַרוואָס זאָלסטו זי נישט באַצווינגען און באַהערשן? דו ביסט אָפּהענגיק פון דער נאַטור און וווּנדערסט זיך איבער איר, פאַרוואָס זאָלסטו זיך נישט באַמיען זי צו בייטן?" און דאָס אין אַ צייט, ווען אין די וועלדער אַרום פּאַריז, לאָנדאָן, בערלין (קיין איינע פון די שטעט האָט נאָך נישט עקזיס־טירט!) זענען אַרומגעלאָפן וועלף און פוקסן און נאַקעטע אָדער האַלב־נאַקעטע גאַלן, ברעטאָנען און טעוטאָנער האָבן באַקומען פייער פון שטיינער און זייערע מכשפים האָבן געטרונקען בלוט פון די פיינטלעכע, אָפּגעהאַקטע קעפּ... אין די הײַנטיקע פ. שטאַטן האָבן געוואָנדערט מיליאָנען אינדיאַנער און אין דער געגנט פון מאָסקווע — האָבן געלעבט פינישע שבטים און דאַרווינס עלטער־עלטער־זיידע האָט זיך געלערנט שיסן פון אַ פייל און בויגן.

אינטערעסאַנט, אַז די כינעזער האָבן אין קעגנזאַץ צו אַלע אַנדערע פעלקער נישט געהאַט קיין רעליגיע. ס׳האָט געהערשט אַן אבות־קולט, אין יעדער שטוב איז געווען אַ קליינער מזבח פאַר דער נשמה פון פאַרשטאָר־בענעם פאָטער אָדער זיידע, מ׳האָט אים איין מאָל אַ יאָר צוגעוואָרפן אַ ביסל רייז און אין יאָרצייט דורכגעפירט אַ סעודה, מ׳האָט מורא געהאַט פאַר דעם אומבאַקאַנטן „הימל", אָבער קיין רעליגיע מיט געטער, וועמען מ׳דאַרף דינען — דאָס האָבן געקאָנט די הינדוסן, די פּערסער, יידן, אַראַבער, מצרים, די גריכן, אַפריקאַנער, אינדיאַנער, פּאָלינעזער — אַלע, נאָר נישט די כינעזער. קונג־פו־טשי (קאָנפוציוס) איז נישט געווען קיין נביא פון אַ „גאָט", ער איז נישט געווען קיין משה, ישו אָדער מאַכמעד, ער איז געווען — אַ לערער, אַ וועגווייזער, אַ פילאָזאָף. אַ שילער פרעגט אים (פאַרצייכנט אין קונג־פו־טשי׳ס ספרים) וועגן לעבן נאָכן טויט, ענטפערט דער פילאָזאָף, „מיר ווייסן נישט וואָס איז לעבן, ווי קאָנען מיר באַגרייפן וואָס איז טויט? און אויב מיר קאָנען נישט באַהערשן די לעבעדיקע, ווי קאָנען מיר באַהערשן די רוחות?" אויף דער פראַגע וועגן די געטער, זאָגט ער: „מיר פאַרשטייען נישט אַלץ וואָס קומט פאָר אויף דער ערד, ווי קאָנען מיר וויסן, וואָס טוט זיך אויפן הימל?" און אַ צווייטער פילאָזאָף פון יענער צייט, יאַנג־טשו זאָגט אָפן „נישטאָ קיין געטער און נישטאָ קיין אַנדער וועלט".

פאַר קאָנפוציוסן איז געווען אַן אַנדער לערער, דער לעגענדאַרער לאאָ־טשי און ער האָט געפּריידיקט דעם „טאאָ". טאאָ איז נישט גאָט, טאאָ איז

דער וועג, דער וועג צום אייביקן גליק און לאא־טשי לערנט: „די וואָס קאָנען דעם וועג ריידן נישט וועגן אים, די וואָס ריידן — קענען אים נישט... מען דאַרף אַוועקוואַרפן דעם שכל און לעבן אין צניעות און פשטות, ווי עס לעבט דער פשוטער פויער... פאַסיוויטעט ברענגט מער נצחונות ווי אַקטיווי־טעט... פאַר גוטע בין איך גוט, אויך פאַר שלעכטע בין איך גוט און אַזוי ווערן אַלע גוט".

אַ „תורה" וואָס דערמאָנט די קריסטלעכע, געשאַפענע מיט 700 — 600 יאָר שפּעטער. „אויב דו באַקומסט אַ פּאַטש אין באַק, שטעל אָן די צווייטע" — דער טאאיזם האָט געהאַט אַ געוויסן איינפלוס און שפּעטער זיך צונויפ־געמישט מיטן בודיזם און ארומגענומען ברייטערע קרייזן פון כינעזישן פאָלק, קיין פאָלקס־רעליגיע קיינמאָל נישט געווען, דערפאַר וויסן נישט די כינעזישע קאָמוניסטן פון אַנטי־רעליגיעזן קאַמף...

די כינעזער זענען געווען רייך אין פילאָזאָפיע, אָבער נישט נאָר פילאָזאָפיע. „כינע איז די איינציקייט פון פילאָזאָפיע מיט קונסט" זאָגט וויל דוראַנט, אַן אויסגעצייכנטער קענער פון אַלטן כינע.

דערציילט די כינעזישע געשיכטע, אַז אין יאָר 2852 פ. ק. דאָס הייסט מיט 5 טויזנט יאָר צוריק, האָט דער קייסער ״פו־הסי געלערנט דאָס פאָלק: געזאַנג, שפּילן, מוזיק, שרייבן, צייכענען, פאַנגען פיש, פאַרהיימישן הויז־חיות און אַנטוויקלען די זייד־פּראָדוקציע. קלאָר, אַז דאָס אַלץ איז נישט געקומען מיט איין מאָל, אָבער אַז דאָס האָבן די כינעזער געקאָנט אַ סך טויזנטער יאָר — דאָס איז אַ פאַקט. דער קייסער שען־נונג, וואָס איז געקומען נאָך פו־הסי, זאָל האָבן געלערנט ערד־אַרבעט, געשאַפן דעם הילצערנעם אַקער, אַנטוויקלט מעדיצין און קונסט (גליקלעך זענען די פעלקער, וועלכע די קעניגן האָבן געלערנט אַרבעטן און טאַנצן אַנשטאָט פירן מלחמות!) אַ ביסל שפּעטער איז אַנטדעקט געוואָרן דער מאַגנעט, אַנטוויקלט די ראָד (די באַזע פאַר יעדער לאָקאָמאָציע, אַ זאַך וואָס אַנטוויקלטע פעלקער, ווי די אַמעריקאַנער אינקאַס, האָבן נישט געקענט, כאָטש זיי האָבן געהערט צו די פאָרגעשריטנסטע פעלקער פון יענער צייט), אויפגעשטעלט די ערשטע הייזער פון ליימענע ציגל, אַ פּלאַנעטאַריום (!) נאָכצופאָרשן די שטערן און לויט זיי פעסטשטעלן אַ צייט־לוח, פאַרצייכענען ווען מען דאַרף אַקערן און זייען. ס'האָט זיך באַוויזן דער אינזשיניער, וואָס האָט קאַנאַליזירט די טייכן, כדי אויסצומיידן פאַרפלייצונגען. די נעמען מיט די דאַטן וואַרשיינלעך לעגענדאַרע אָבער ווען ס'באַווייזן זיך די ערשטע פאַרשריבענע דאָקומענטן,

די כינעזישע כראָניקעס מיט 3.500 יאָר צוריק — איז דאָס אַלץ שוין געווען באַקאַנט די כינעזער.

מיט 2 טויזנט יאָר צוריק מאַכן שוין די כינעזער פּאַפּיר (נישט קיין „פּאַפּירוס" אָדער פּאַרמעט פון ציגן־הויט), מאַכן טוש און דעם דרוק — מיט 1.500 יאָר פאַר גוטענבערגן. דאָס איז געווען באַזונדערס שווער, ווייל מיט זייער גאַנצער חכמה האָבן די כינעזער נישט פאַרשטאַנען צו שאַפן קיין א"ב (און אפשר דאָס געטאָן באַוווסטזיניק, ס'זאָלן נישט זיין קיין צופיל געלערנטע) און געשריבן מיט 40 טויזנט צייכנס (נאָך דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע האָט מען פאַרקלענערט די צאָל צייכנס ביז... 800. זייער רעוואָ־לוציאָנערער מוט איז נישט געגאַנגען ווייטער). ס'זענען געווען די כינעזער וואָס האָבן געשאַפן דעם קאָמפּאַס, וועלכן די אַראַבער האָבן טויזנט יאָר שפּעטער געבראַכט קיין אייראָפּע און האָבן אויך געשאַפן דעם פּולווער און ראַקעטעס, וואָס זיי האָבן נישט באַנוצט פאַר מלחמה־צוועק, נישט פאַר ביקסן, נאָר... פאַר פייערצייג צו זייערע יום־טובים. די כינעזער האָבן געלייגט מער אַכט אויף שפּילערייען, שיינקייט, מאָלעריי, ווי אויף דער קונסט פון דער מלחמה. כדי זיך צו פאַרטיידיקן קעגן די מאָנגאָלישע שבטים פון צפון, האָבן זיי אויפגעשטעלט די כינעזישע מויער, וואָס ציט זיך אין דער לענג פון 10 טויזנט קילאָמעטער. די הויך פון מויער איז 10 מעטער, די ברייט — גענוג פאַר 8 פערד. יעדע פאָר הונדערט מעטער — אַן אָבסערוואַציע־טורם. דאָך האָט די מויער נישט אָפּגעהיט זיי פאַר דער אינוואַזיע פון דזשענגיס־כאַן. אין משך פון טויזנטער יאָרן איז כינע געווען דאָס פּראָגרעסיווסטע און אַנטוויקלסטע לאַנד פון דער וועלט און מאַרקאָ פּאָלאָ, דער איטאַליענישער ערשטער וועלט־רייזנדער, וואָס האָט באַזוכט פּעקינג אין 13־טן יאָרהונדערט דערציילט ווונדער וועגן דער ריזיקער שטאָט און זאָגט, אַז לגבי פּעקין איז ווענעדיק אַ קליין דערפל.

אין משך פון די טויזנטער יאָרן זענען באַקאַנט בעסערע און ערגערע קעניגן, אָבער אומבאַקאַנט אַ איוואַן דער גרויזאַמער און ענלעכע צו אים. ס'זענען באַקאַנט מיניסטאָרן ווי וואַנג־אַן־שי, וואָס האָט מיט 900 יאָר צוריק געפּרווט איינפירן סאָציאַליזם אין כינע. וואַנג האָט געהאַלטן, „די מדינה דאַרף איבערנעמען די אָנפירונג פון האַנדל, אינדוסטריע און ערד־ווירטשאַפט כדי צו העלפן די אַרבעטנדיקע און נישט דערלויבן, אַז די רייכע זאָלן זיי עקספּלואַטירן". זיין ערשטער שריט איז געווען ליקווידירן די צוואַנגס־אַרבעט, ווייל צו יענער צייט פלעגט מען אין כינע מאָביליזירן מיליאָנען פויערים און זיי צווינגען צו בויען קאַנאַלן, וועגן, בנינים. ער האָט

באַפרייט די פויערים פון די וווכערער און זיי געבאָרגט געלט אויף נידעריקע צינזן אויף איינצוקויפן זריעה פאַר די פעלדער. אַרבעטסלאָזע — האָט ער געגעבן זריעה אומזיסט און זיי געהאָלפן בויען פאַר זיך הייזער מיטן תנאי, צו באַצאָלן דעם חוב מיט דער צוקונפטיקער גערעטעניש. איינגעשטעלט שידס־געריכטן, וואָס האָבן געדאַרפט אַכטונג געבן מען זאָל צאָלן די אַרבעטער אַ מינימום־לוין און נישט דערלאָזן צו פרייזן־העכערונג. דער האַנדל איז נאַציאָנאַליזירט געוואָרן, די רעגירונג פלעגט איינקויפן די תבואה, איין טייל אָפּגעלייגט אַלס רעזערוו פאַר די שלעכטע יאָרן און די רעשט פאַרקויפט. זקנים, אָרעמע לייט און אַרבעטסלאָזע האָבן באַקומען מלוכה־שטיצע. פאַרקלענערט די אַרמיי, וואָס איז באַשטאַנען פון געדונגענע סאָלדאַטן, און איינגעפירט מיליטער־פליכט פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג, אָבער נאָר אין מלחמה־צייט.

לאַנג אָבער האָט וואַנג־אַן־טשי נישט רעגירט. די גרויסע גוט־באַזיצער, די פעודאַלן האָבן פּראָטעסטירט פאַרן קייסער און דער מיניסטער איז אָנטזאָגט געוואָרן.

אין משך פון די לעצטע טויזנט יאָר איז כינע אָוועק אויף די וועגן פון אַלע אַנדערע לענדער. נאָכן בלי־פּעריאָד קומט די פאַרוועלקונג. רייכע גוט־באַזיצער האָבן קאָנצענטרירט אַלץ מערער ערד אין זייערע הענט, אויפגעקומען גרויסע און קליינע פּרינצן. געווען אַ צייט, ווען די צאָל פּרינצן איז דערגאַנגען צו 1.700 און אין רעזולטאַט מלחמות, פאַרניכטונג, הונגער. די כינעזער האָבן פיינט געהאַט מלחמות, די באַציאונג צום מיליטער איז געווען אַ נעגאַטיווע, דער סאָלדאַט, אַ געדונגענער, איז נישט געווען מער ווי אַ לומפּנפּראָלעטאַריער. דאָס האָט געווירקט אַז כינע זאָל זיין שוואַך און אין 13־טן יאָרהונדערט פאַרנומען דורך די מאָנגאָלן און מיט 300 יאָר צוריק דורך די מאַנדזשורער.

## דער אימפּעריאַליזם

אין דער צייט, וואָס כינע איז פאַרוועלקט געוואָרן און זיך געפונען איז אַ מצב פון סטאַגנאַציע, האָבן זיך די „באַרבאַרן", באַזונדערס די אייראָפּעישע אַנטוויקלט און אָנהויבנדיק פון 16־טן יאָרהונדערט געזוכט נייע

מערק, נייע האָריזאָנטן. ס'איז געווען די צייט פון די גרויסע ים־רייזנדע, קריסטאָף קאָלאָמבוס, מאַגעלאַנעס, וואסקא דע גאמא א. א. אין ערשטן מאָמענט האָבן זיך אויסגעצייכנט די 2 מדינות פונעם איבערישן האַלב־אינדזל, שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, נאָך זיי האָלאַנד און ענגלאַנד און צום סוף פון 19־טן יאָרהונדערט אויך פראַנקרייך און דייטשלאַנד.

אין יאָר 1557 זענען געקומען קיין כינע די ערשטע ווייסע — די פּאָרטוגעזן. זיי זענען אויפגענומען געוואָרן גוט און די רעגירונג האָט פּאַר זיי געעפנט דעם פּאָרט מאַקאַאָ מיטן תנאי, אַז זיי וועלן העלפן באַקעמפן די ים־רויבער. די פּאָרטוגעזן האָבן אין מאַקאַאָ אויפגעשטעלט פאַבריקן פון... אָפּיום און געלערנט די כינעזער אים צו רייכערן. אָפּיום איז געוואָרן אַ לייכט מיטל צו באַרייכערן זיך. די ענגלענדער האָבן איבערגענומען דעם האַנדל. דער פאַרברויך פון אָפּיום אין כינע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מגיפה און די כינעזישע רעגירונג איז געווען געצווונגען צו פאַרבאָטן דעם אַריינפיר פון אָפּיום קיין כינע. אין 1838 האָט די קאַנטאָנער פּאָליציי סעקוועסטרירט 20 טויזנט קאָסטנס אָפּיום, אויף דעם האָבן די ענגלענדער דערקלערט אַ מלחמה, באָמבאַרדירט די כינעזישער פּאָרטן און דורכן טייך יאַנג־טסע־קיאַנג אַריינגעדרונגען אין די טיפענישן פון כינע.

כינע האָט נישט געהאַט נישט קיין אַרמיי און נאָך ווייניקער אַ קריגס־פלאָט (האָט אים אויך היינט נישט), געמוזט זיך אונטערגעבן און עפענען 5 פּאָרטן פאַרן „פרייעם" צוטריט פון די ווייסע, און זיך באַגניגענען מיט אַ צאָל פון 5 פּראָצענט. די ענגלענדער האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט דעם, אַרויפגעצווונגען די „עקסטעריטאָריעלע" רעכט פון ענגלישע בירגער. נאָר אַן ענגליש געריכט האָט געמעגט משפטן ענגלענדער און אין פאַל פון אַ סיכסוך צווישן אַן ענגלענדער און אַ כינעזער, האָט דער לעצטער זיך געמוזט ווענדן צו אַן ענגלישן געריכט.

די לאַגע האָט אַרויסגערופן אַ שאַרפע רעאַקציע אין לאַנד און אין 1851 איז אויסגעבראָכן אין כינע אַן אויפשטאַנד קעגן די ענגלענדער און דער רעגירונג, אָנגעפירט דורך אַ קריסטלעכן גלח הונג־הסיו־טשאַן. זייער לאָזונג איז געווען „טאַי־פינג" ד. ה. אמתער שלום. אין אויפשטאַנד האָבן אָנטייל גענומען מיליאָנען כינעזישע פּויערים, פאַרנומען די צווייטע הויפּט־שטאָט אין לאַנד, נאַנקינג און באַדראָט די הויפּט־שטאָט. צוהילף דעם קייסער זענען געקומען די ווייסע: ענגלאַנד, פראַנקרייך און די פ. שטאַטן, וואָס האָבן אויך אָנגעהויבן צו גיין אויף די וועגן פון די אייראָפּעישע אימפּע־ריאַליסטן. נאָך 12 יאָר האָבן די „ווייסע" באַזיגט די אויפשטענדלער און

אַלס „פּרייז“ באַקומען נאָך 10 פּאָרטן, פאַרבאָט פון שטערן דעם אָפּיום־האַנדל, עקסטעריטאָריעלע רעכט פאַר אַלע „ווייסע“ און די ענגלענדער האָבן באַקומען אויסער דעם דעם פּאָרט האָנג־קאָנג און אַ יבשה־פּאַס וואָס האָט פאַרבונדן האָנג־קאָנג מיט דער יבשה.

דער דערפאָלג פון די מערב־מדינות האָט געווירקט אויך אויפן רוסישן צאַר, וואָס האָט אין יאָר 1858 פאַרנומען גרויסע שטחים ביים טייך אמור און אוסורי אין צפון פון כינע. צום סוף פון יאָרהונדערט איז אונטערגעקומען אַ נייער שונא — יאַפּאַן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו מאָדערניזירן נאָך דעם ווי דער אַמעריקאַנער אַדמיראַל פּערי האָט געצווונגען די הערשער פון יאַפּאַן עפענען די פּאָרטן פאַר די „ווייסע“. אין משך פון אַ קורצער צייט איז יאַפּאַן געוואָרן אַ מאָדערנע מדינה, אָנגעהויבן אַ גיכן אינדוסטריאַליזאַציע־פּראָצעס און שוין אין 1894 פאַרנומען קאָרעאַ און געפּרוווט פאַרנעמען אויך מאַנדזשוריע.

אין 1898 איז אויסגעבראָכן אַ נייער אויפשטאַנד אין כינע, דער א. ג. „באָקסערן אויפשטאַנד“ קעגן די „ווייסע טייוול“ און די שוואַכע מאַנדזשורישע דינאַסטיע. נאָך 3 יאָר קאַמף, איז די „ווייסע“ געלונגען צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד און ווען נישט אינטערוועניץ פון די פ. שטאַטן, וואָלט כינע צעטיילט געוואָרן אויף פאַרשידענע קאָלאָניעס פון די אייראָפּעישע לענדער. די פ. שטאַטן האָבן זיך קעגנגעשטעלט, גלויבנדיק, אַז זיי וועלן קאָנען מיט זייער האנדל באַהערשן דאָס גאַנצע לאַנד.

די כינעזישע אינטעליגענץ האָט פאַרשטאַנען, אַ ביסל שפּעטער ווי די יאַפּאַנישע, אַז קאָנג־פו־טשי און די אַלטע כינעזישע טראַדיציע וועלן נישט ראַטעווען כינע, מען מוז זיך לערנען און לערנען ביי די „ווייסע טייוול“. כינעזישע סטודענטן זענען געפאָרן קיין מערב־אייראָפּע, געאַרבעט שווער און זיך געלערנט. צווישן זיי האָט זיך אויסגעצייכנט סון־יאַט־סען, געבוירן אין 1866 אין אַ דאָרף נעבן קאַנטאָן. אין 1905 גרינדעט ער די „כינעזישער רעוואָלוציאָנערע ליגע“ וועמענס צילן זענען געווען: נאַציאָנאַלע באַפרייאונג פון כינע, פאָלקס־דעמאָקראַטיע און עקאָנאָמישער ווילזיין פון גאַנצן פאָלק. אין 1911 איז אויסגעבראָכן אַ פאָלקס־אויפשטאַנד. די אַלטע מאַנדזשורישע קייסערין האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט און די רעוואָלוציע האָט געזיגט. סון־יאַט־סען איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ערשטער פּרעזידענט פון דער כינעזישער רעפּובליק.

אין 1912 גרינדעט סון־יאַט־סען דעם „קואָמינטאַנג“, די פּאַרטיי, וואָס האָט אין משך פון 37 יאָר דעצידירט דעם גורל פון כינע. אין 1917 האָט

זיך אָנגעהויבן אַן אינערלעכע מלחמה צווישן די פאַרשידענע גענעראַלן, וואָס האָבן געהערשט איבער די ראַיאָנען פון כינע, געשטיצט אָפט דורך די אויסלענדישע אימפּעריאַליסטן. צווישן די גענעראַלן האָבן זיך אויסגעטיילט דער קריסטלעכער גענעראַל פענג, גענעראַל ווו־פּיי־פו און טשאַנג־קיי־שעק. די מלחמה צווישן די גענעראַלן האָט אָנגעהאַלטן אָפיציעל ביי די 10 יאָר, ביזן יאָר 1927, אָבער פאַקטיש פיל מער און נישט ווייניק געהאָלפן דעם זיג פון די קאָמוניסטן.

## קאָמוניזם אין כינע

אַ שטאַרקע ווירקונג אויף דער כינעזישער אינטעליגענץ און סטודענטישער יוגנט האָט געהאַט די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. די נייע באָלשעוויסטישע רעגירונג האָט גערעדט וועגן קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם, פרייהייט פון פעלקער, זעלבשטענדיקייט פון אַלע פעלקער, און די באַפרייונג פון אַרבעטער־קלאַס און פויערים. באַזונדערס שטאַרק איז געווען די ווירקונג אין די גרויסע שטעט: שאַנגהאַי, קאַנטאָן, א. א. וו. אין די דאָזיקע שטעט זענען אויפגעקומען גרויסע פאַבריקן, טעקסטיל, שפּייז, שיך פּאַפּיר און ענלעכע. דער לוין פון די אַרבעטער איז געווען אַ מיזעראַבלער (אין 1928: אַ מאַן — ביז 2,76 דאָלאַר אַ וואָך, אַ פרוי — ביז 1,78 דאָלאַר וועכנטלעך). די שאַנגהאַיער אַרבעטער האָבן געזען אין דער רוסישער רעוואָלוציע די פאַרווירקלעכונג פון די אידעאַלן פון כינעזישן פילאָזאָף הסו־סינג, וואָס האָט געלעבט מיט 2.300 יאָר פריִער.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון וועלכער ס'איז שפּעטער אַנטשטאַנען די קאָמוניסטישע, איז נישט אַרויסגעוואַקסן פון דער אַרבעטערשאַפט נאָר פון דער רעבעלירנדיקער אינטעליגענץ. אַזוי איז עס געווען אויף דער גאַנצער וועלט, און אַזוי אויך אין כינע.

די „כינעזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי" איז געגרינדעט געוואָרן אין נאָוועמבער 1911. איר גרינדער איז געווען דער סטודענט טשאַנג־קאַנג פו, וואָס האָט געלערנט אין יאַפּאַן. אין 1919 איז אויפגעקומען אַ נייע, ברייטערע באַוועגונג, „די באַוועגונג פון 4־טן מאַי" אין סאָלידאַריטעט מיט אַ סטודענטן־מאַניפעסטאַציע, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 4־טן מאַי 1919

אין פעקינג, פראָטעסטירנדיק קעגן צוטיילן די געוו. דייטשישע קאָלאָניע שאַנטונג צו יאַפּאַן. פּראָפעסאָר לי־טאַ־טשאַאָ האָט צו דער זעלבער צייט געגרינדעט די „מאַרקסיסטישע שטודיום־גרופּע", וואָס איז שפּעטער געוואָרן די באַזע פאַר דער צוקונפטיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. צווישן די שילער האָט זיך אויסגעצייכנט דער סטודענט טשו־ען־לאַי, דער פּאַקטישער „באָס" פון כינע היינט צו טאָג. אַ יאָר שפּעטער, אין 1920 האָבן זיך געגרינדעט די ערשטע קאָמוניסטישע גרופּן מיטן אָנטייל און מיט־הילף פון סאָוויעטישן אַמבאַסאַדאָר גרעגאָרי וואויטינסקי.

אין יולי 1921 קומט פאָר אין שאַנגהאַי דער גרינדונגס־קאָנגרעס פון דער כינעזישער קאָמ. פּאַרטיי. די פּאַרטיי ציילט דאַן 57 מיטגלידער אין 6 שטעט. אין קאָנגרעס נעמען אָנטייל 13 דעלעגאַטן, צווישן זיי מאַאָ־טסע־טונג אַלס „פאָרשטייער" פון דער שטאָט טשאַנג־שאַ. ער „רעפּרעזענ־טירט" 7 פּאַרטיי־מיטגלידער. (כדאי צו דערמאָנען, אַז אין 1919 האָט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע, נאַצישע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד געציילט 7 מיטגלידער).

מאַאָ איז געבוירן געוואָרן אין 1893 אין אַ דאָרף פון דער רייכער הונאַן־פּראָווינץ. זיין פאָטער איז געווען אַ מיטעלער פּויער, פאַרמאָגט 22 מו ערד, ד. ה. 13 דונאַם, אַ רעלאַטיוו־גרויסע נחלה אין כינע, ווו די ערד איז געווען שטאַרק פאַרצעלירט. ער האָט געלערנט 2 יאָר אין אַן עלעמענטאַרער שול און געקאָנט אַ ביסל לייענען, וואָס איז נישט געווען לייכט אין כינע מיט אירע 40 טויזנט סימנים. מאַאָ הויבט אָן צו לערנען צו די 8 יאָר און דער עיקר פון זיין שול־בילדונג: די כתבים פון קונג־פו־טשי, דאָרט האָט ער זיך אויסגעלערנט לייענען און געלייענט מיט גרויס הנאה די אַלטע כינעזישע ראָמאַנען, פון וועלכע צוויי „דער ראָמאַן פון די דריי קעניגרייכן" און „וואַסער־ברעג" האָבן אים באַזונדערס שטאַרק באַווירקט. דער סיפּור־המעשה באַציט זיך צו באַנדיטן פון טיפּ ראָבין האָד, וואָס פלעגן באַרויבן די רייכע און צעטיילן דאָס געלט צווישן די אָרעמע. צו די 13 יאָר געמוזט זיך אומקערן צו דער פעלד־אַרבעט, אָבער 3 יאָר שפּעטער פאַרלאָזט דעם טאַטנס הויז און אַוועק אין שטאָט זיך לערנען. אין די יאָרן 10—1909 האָט די סון־יאַט־סען־באַוועגונג אַרומגענומען דאָס גאַנצע לאַנד און מאַאָ וואָס איז געווען אַ רעבעל פון דער נאַטור, איז מיטגעריסן געוואָרן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דער עיקר פון קאַמף איז געווען געוועגדעט קעגן די „ווייסע טייוולס", די באַרבאַרן, וואָס אונטערדריקן כינע, די גרויסע כינע מיט איר 7 טויזנט

יעריקער ציוויליזאַציע. צו די 18 יאָר פאַרעפנטלעכט זיין ערשטן רעוואָ־לוציאָנערן אַרטיקל לכבוד סון־יאַט־סענען אין אַ „וואָנט־צייטונג", דעם פּראָטאָטיפּ פון דער שפּעטערדיקער „קולטור־רעוואָלוציע". די רעוואָלו־ציאָנערע באַוועגונג האָט אַרומגענומען מיליאָנען און בלויז אין דער פּראָווינץ הונאַן, האָט זי געציילט 100 טויזנט מאַן. אין אַ צוזאַמענשטויס מיט דער אַרמיי זענען געהרגעט געוואָרן די אָנפירער פון דער באַוועגונג אין טשאַנג־שאַ, ווו מאַאָ האָט זיך געלערנט און דאָס האָט אים געבראַכט צום אויספיר, אַז „אין כינע שפּילט די הויפּט־ראָל די אַרמיי און נאָר די אַרמיי" און נאָך אין 1919 רופט ער „צו אַנטוויקלען די פיזישע קראַפט פון פאָלק, ווייל די אויפגאַבע פון דער פיזישער דערציִונג איז דער מילי־טערישער העראָיִזם". אין דער נאָרמאַל־שול איז איינער פון זיינע לערער געווען טשין־טו־הסיו, שפּעטערדיקער גרינדער פון דער קאָמ. פאַרטיי. טשין האָט געלערנט, אַז דער נייער „טאַאָ", דער וועג פון כינע איז אי־בערגיין צו דער מערב־קולטור און די נייע געטער דאַרפן זיין „מיסטער דעמאָקראַטיע" און „מיסטער וויסנשאַפט".

אַ צווייטער לערער יאַנג־טשאַנג־שי האָט אים געלערנט, אַז „קיין שום קולטור קאָן נישט גאַנצערהייט איבערגעפּלאַנצט ווערן פון איין לאַנד צו אַ צווייטן. קולטור איז אַן אָרגאַנישע גאַנצקייט, איז נישט ענלעך צו אַ מאַשין, וואָס מען קאָן איבערפירן פון איין אָרט אויף אַן אַנדערן". מאַאָ האָט אָנגעהויבן חלומען וועגן „פאַרכינעזערן" דעם מאַרקסיזם, ד. ה. אים צופּאַסן צו די כינעזישע באַדינגונגען. זיין לאָזונג איז: קאַמף קעגן די 3 קייטן: די געהאָרזאַמקייט פון די פּויערים צו זייער פּריץ, פון זון צום פאָטער און פרוי צום מאַן. שפּעטער האָט ער יאָ געפאָדערט געהאָרכ־זאַמקייט — אָבער נאָר צו אים, מאַאָ'ן.

אין 1919 באַקאָנט זיך מאַאָ מיטן לענינים, וועלכער אימפּאָנירט אים שטאַרק און באַזונדערס לענינס טעאָריע וועגן דער ראָל פון דער נאַציאָ־נאַל־רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די קאָלאָניאַלע און האַלב־קאָלאָניאַלע פעלקער אין דער וועלט־רעוואָלוציע. מאַאָ געפינט אין דער דאָזיקער טעאָריע דעם סינטעז צווישן סאָציאַליזם און דער אַלטער כינעזישער ציוויליזאַציע. מאַאָ ווערט אַ קאָמוניסט און חלומט, אַז די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אין כינע וועט זיין דער שליסל צו דער וועלט־רעוואָלוציע. ער נעמט אָן די שטעלונג פון אינדישן קאָמוניסט רוי, וואָס גלויבט, אַז דעם טאָג ווען די ענגלישע קאָלאָניעס אין אַזיע וועלן זיך באַפרייען פון בריטישן קעניגרייך, וועט די ענגלישע בורזשואַזיע נישט קאָנען צאָלן

בעסער זייערע אַרבעטער און דאָס וועט ברענגען די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אין ענגלאַנד.

די גרינדונגס־קאָנפערענץ פון דער קאָמ. פּאַרטיי האָט פאַרשטענדלעך, ווי אַלע קאָמוניסטישע פּאַרטייען, אָנגענומען די שטעלונג, אַז נאָר דער פּראָלעטאַריאַט איז דער קלאַס, וואָס קאָן דורכפירן די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, כאָטש דער פאַבריקס־פּראָלעטאַריאַט האָט דאַן אין כינע געציילט 2 מיליאָן אַרבעטער אויף אַ באַפעלקערונג פון 500—450 מיליאָן נפשות. פאַרשטענדלעך אויך, אַז צווישן די 13 דעלעגאַטן האָט זיך נישט געפינען קיין איין אַרבעטער, נאָר האַלבע און גאַנצע אינטעליגענטן, קינדער פון פויערים און שטאָטישן קליינבירגערטום.

צווישן די יונגע אָנהענגער פון די כינעזישע קאָמוניסטן קומט צום ערשטן צוזאַמענשטויס: מאָסקווע איז פאַראינטערעסירט אין יעדער באַ־וועגונג, וואָס קעמפט קעגן דעם אימפּעריאַליזם און אויפן וויטן מזרח — קעגן יאַפּאַן, זי שטיצט דעריבער דעם „קואָמינטאַנג" און די גענעראַלן ווו־פיי־פו א. א. וואָס קעמפן קעגן יאַפּאַן. די יונגע כינעזישע קאָמוניסטן ווילן נישט קיין שום פשרות מיט דער בורזשואַזיע און איילן זיך דורכ־צופירן די „ריינע סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע". מאָסקווע באַווירקט זיי און דער צווייטער קאָנגרעס אין יולי 1922, באַשטימט זיך אָנצושליסן אין „קואָמינטאַנג" און דאָרט קעמפן פאַר פּאָזיציעס. אויף דעם קאָנגרעס טרעפט ער זיך מיט לו־טשאא־שי, וואָס וועט מיט דער צייט ווערן פּרעזידענט פון קאָמוניסטישן כינע און קעגן וועמען מאַאָ וועט דורכפירן די „פּראָלעטאַ־רישע קולטור־רעוואָלוציע".

דער קאַמף קעגן די אויסלענדישע אימפּעריאַליסטן ווערט שטאַרקער. נאָך מערער, ווען די ענגלענדער דערלויבן זיך אין אַן עפנטלעכן פּאַרק אין שאַנגהאַי אַרויסהענגען אַ שילד (גוט באַקאַנט אונדז, די יידן) „פאַר כינעזער און הינט — איינגאַנג פאַרבאָטן".

אין 1923 שרייבט מאַאָ: „דער פּאָליטישער ציל פון כינע איז הייַנט — די נאַציאָנאַלע רעוואָלוציע. דאָס איז דער הויפּט־ציל פון גאַנצן כינעזישן פאָלק. אַלע, סוחרים, אַרבעטער, פויערים, סטודענטן, לערער דאַרפן זיך מאָביליזירן צום קאַמף קעגן די מיליטאַריסטן און אימפּעריאַליסטן". מאַאָ נעמט אָן די לענינסטישע טעאָריע לגבי די קאָלאָניעס (אָבער נישט לגבי רוסלאַנד), אַז די רעוואָלוציע אין כינע דאַרף זיין אַ בורזשואַז־דעמאָקראַ־טישע און ממילא קומט דער בורזשואַזיע די העגעמאָניע אין דער דאָזיקער רעוואָלוציע. דער דריטער קאָמוניסטישער קאָנגרעס אין 1923 באַשטימט

„דער קאָמינטאַנג דאַרף זיין דער העגעמאָן און פירער פון דער נאַציאָ־נאַלער רעוואָלוציע". די קאָמ. פּאַרטיי וואַקסט נאָך פּאַמעלעך און ציילט אין 1923 — 400 מיטגלידער. די דאָזיקע שטעלונג איז געווען אין הסכם מיט סטאַלינס, וואָס האָט זיך פּאַרוואַנדלט אין דער צענטראַלער פּערזענ־לעכקייט אין ראַטנפּאַרבאַנד צוליב דער קראַנקייט פון לענינען. סטאַלין האָט דעם שטאַנדפּונקט אָנגעהאַלטן ביזן לעצטן טאָג פון טשאַנג־קיי־שעקס רעגירונג אין כינע, אַפילו נאָך די בלוטיקע פּאָגראָמען אויף די כינעזישע אַרבעטער אין שאַנגהאַי און קאַנטאָן.

אין יאַנואַר 1924 איז פּאָרגעקומען דער ערשטער קאָנגרעס פון קואָ־מינטאַנג און מאַאָ, צוזאַמען מיט נאָך אייניקע קאָמוניסטן, איז אויסגע־וויילט געוואָרן אַלס מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט.

אין 1925 טרעפט זיך אָן מאַאָ אויף אַ שטאַרקע באַוועגונג פון פּויערים. אין די פּראָווינצן קוואַנטונג און הונאַן האָבן פּויערים געשאַפן אייגענע שטאַרקע אָרגאַניזאַציעס. פּאַר מאַאָ'ן איז דאָס געווען אַן אַנט־דעקונג. אין הסכם מיט זיין לעניניסטישן גערדאַנקענגאַנג און באַזונדער — טראָצקיס, האָט ער געזען אין די פּויערים אַן אָפּגעשטאַנענעם עלעמענט, אומפעיִק צו זעלבשטענדיקע אַקציעס און קאָנען אין בעסטן פּאַל זיין „אַליִרטע" פון פּראָלעטאַריאַט. פּאַר מאַאָ'ן איז די פּויערים־באַוועגונג אַ „שאָק" און אַלס הויפּט פון דער פּראָפּאַגאַנדע אָפּטייל פון צ. ק. פון קואָמינטאַנג שרייבט ער אין 1926 „דער צענטער פון דער קואָמינטאַנג־טעטיקייט זענען די אומצאָליקע מאַסן פון עקספּלואַטירטן פּויערטום" (צו יענער צייט, האָט 81 פּראָצענט פון דער ערד געהערט צו גרויסע ערד־באַזיצער און רייכע פּויערים, וואָס האָבן אויסגעמאַכט קוים 10 פּראָצענט).

דער צענטראַלער פּראָבלעם פון קואָמינטאַנג דאַן איז געווען די פּאַר־אייניקונג פון כינע און די ליקווידאַציע פון די גענעראַלן, „מלחמה־מייקערס", ווי מ'האָט זיי אָנגערופן און געדראָט מיט דער צעטיילונג פון לאַנד. מאַאָ זעט נישט אין די אַרבעטער, נאָר דווקא אין די פּויערים די באַזע פּאַר דער פּאַראייניקונג פון לאַנד און שרייבט „אין גאָר אַ קורצער צייט וועלן הונדערטער מיליאָנען פּויערים פון כינע, פון דרום און צפון אויפהויבן אַ הוראַגאַן פון אַזאַ געוואַלטיקער מאַכט, אַז קיין שום כוח, ווי גרויס ער זאָל נישט זיין, וועט זיי נישט קאָנען באַצווינגען. זיי וועלן פּאַרניכטן אַלע שטערונגען און גיין פּאָרויס אויפן וועג פון באַפרייִונג" — דאָס איז נישט „מאַרקסיסטיש־לעניניסטיש" אָבער מאַאָ פּאַרוואַרפט די אילוזיִע פון פּראָלעטאַרישער העגעמאָניע, כאָטש אין דער טעאָריע האַלט

ער זי אָן. מאָא רעדט שוין דאַן וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ „קולטור־רעוואָלוציע״, וואָס זאָל באַפרייען דאָס פאָלק פון עבר און בויען די צו־קונפט. זיין אַגראַר־פּראָגראַם איז דאַן אַ מעסיקער, נישט געווענדט קעגן די לענד־לאָרדס אין אַלגעמיין, נאָר קעגן די „שלעכטע לענד־לאָרדס״, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין זייער רשעות קעגן די פּויערים. דאָס האָט אים נישט געשטערט צו שרייבן גלייכצייטיק „אַ רעוואָלוציע איז אַן אַקט פון געוואַלט, וואָס פאַרבייט איין קלאַס דורך אַן אַנדערן. אַן אַגראַר־רעוואָלוציע איז אַ רעוואָלוציע דורך וועלכער דאָס פּויערטום פאַרבייט די אויטאָריטעט פון די גוט־באַזיצער״. דער קאָמינטאַנג איז אַנערקענט געוואָרן דורך מאָסקווע אַלס „פּויערים־פּאַרטיי״, אָבער די אָפיצירן פון דער קאָמינטאַנג־אַרמיי זענען געווען געבונדן מיט די „לענד־לאָרדס״ און פון דעם שטאַמט די וואַקלדיקע פּאָליטיק פון קאָמינטאַנג און טשאַן־קיי־שעק, אַ פּאָליטיק, וואָס האָט דערמעגלעכט דעם איינפלוס פון די קאָמוניסטן אויף די פּויערים, כאָטש סטאַלין גופא האָט געפּאָדערט פון די כינעזישע קאָמוניסטן צו „צוימען די פּויערים־באַוועגונג״. די קאָמ. פּאַרטיי האָט דאָס נישט געקאָנט דורכפירן, ווייל צו יענער צייט וואַקסט זי אויס צו 57 טויזנט מיטגלידער (טויזנט מאָל מערער ווי מיט 6 יאָר צוריק) — הויפּטזעכלעך פּויערים און פּויערים־זין. טראָצקי האָט זיך קעגנגעשטעלט סטאַלינס כינעזישע ליניע און געפּאָדערט אויפצושטעלן אין כינע פּויערים־סאָוויעטן. סטאַלין האָט מורא געהאַט, אַז דאָס קאָן ברענגען צו אַ שטאַרקער אימפּעריאַליסטישע אינטערווענץ אין כינע, וואָס קאָן זיך פאַרוואַנדלען אין אַ מלחמה קעגן כינע און פון דאָרט איבערגיין קיין רוסלאַנד.

די פּויערים־באַוועגונג וואַקסט באַזונדערס אין די פּראָווינצן הונאַן און הופּע און מאָא שרייבט „די פּויערים פון הונאַן און הופּע קאָנפיסקירן די ערד פון די לענד־לאָרדס, אָפּזאָגנדיק זיך צו צאָלן זייער פּאַכט־רענטע. מיר דאַרפן אָנערקענען דעם דאָזיקן פּאַקט און געבן די פּויערים די לעגאַלע רעכט״.

דער רעכטער פליגל פון קאָמינטאַנג מיט טשאַנג־קיי־שעקן בראש האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער דאָזיקער באַוועגונג און ווּקס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אין אַפּריל 1927 פירט ער דורך אַ שחיטה צווישן די שטרייקנדיקע שאַנגהאַיער אַרבעטער. מיט דעם האָט זיך פאַר־ענדיקט דער פלירט צווישן די קאָמוניסטן און טשאַנג־קיי־שעקן, כאָטש סטאַלין האָט פאַרגעזעצט שטיצן טשאַנג־קיי־שעקן.

מאָ האָט פאַרגעלייגט „אַלע רייכע פויערים ווי אויך אַלע גוט־באַ־זיצער, וואָס באַזיצן מער פון 90 מו (18 דונאַם) זענען קאָנטר־רעוואָלו־ציאָנערן, זייער ערד דאַרף קאָנפיסקירט ווערן און צעטיילט צווישן די אָרעמע פויערים". די פאַרטיי האָט באַשטימט „קאָנפיסקירן די ערד פון די גרויסע לענד־לאָרדס אָבער נישט פון די קליינע און פון די רעוואָ־לוציאָנערע מיליטערלייט" — כדי נישט צו שטעלן די קואָמינטאַנג־אָפיצירן קעגן דער קאָמ. פאַרטיי.

# אויפן וועג קיין יענאַן

אַלס ענטפער אויף די אַנטי־קאָמוניסטישע פּאָגראָמען אין שאַנגהאַי, קאַנטאָן און ווּהאַן, האָבן די קאָמוניסטן איבערגענומען אין דער פּראַקטיק טראָצקיס „פּערמאַנענטע רעוואָלוציע", כאָטש אָפיציעל האָבן זיי זיך אָפּ־געשאָקלט פון טראָצקי און זיין טעאָריע. קעגן דער שטעלונג פון סטאַלינען האָבן זיי דערקלערט אַ מלחמה קעגן טשאַנג־קיי־שעקן און דעם קואָמינ־טאַנג. מאָ איז באַשטימט געוואָרן אַלס מנהיג פונעם אויפשטאַנד אין הונאַן. דעם 9־טן סעפּטעמבער 1927 האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפשטאַנד מיטן אָנטייל פון 3 רעגימענטן, 8 טויזנט מאַן. די מערהייט — פויערים־זיין אָבער אויך אַ סך פּראָפעסיאָנעלע זעלנער, לומפּענפּראָלעטאַריער, וואָס פלעגן זיך אָנשליסן אין יעדער אַרמיי, וואָס האָט דערלויבט רויבן און גנבענען. דער אויפשטאַנד איז דורכגעפאַלן, די מערהייט זעלנער זענען אַריבער צו טשאַן־קיי־שעקן און נאָר אַ טויזנט מאַן זענען פאַרבליבן טריי די קאָמוניסטן.

מאָ איז אַוועק מיט דעם רעשטל אין די בערג צווישן די פּראָווינצן הונאַן און קיאַנגסי, ווו ער האָט געשאַפן די באַזע. דער צ. ק. האָט פאַר־וואָרפן די שטעלונג פון סטאַלינען און איבערגענומען טראָצקיס: אָפּזאָגן זיך פון דער קואָמינטאַנג־פאָן און זי פאַרבייטן מיט דער רויטער, שאַפן סאָוויעטן, קאָנפיסקירן די ערד פון אַלע לענד־לאָרדן, גרויסע און קליינע און זי צעטיילן צווישן די אָרעמע פויערים און גלייכצייטיק שאַפן „אַר־בעטער־אַרמייען" וועמענס ציל איז: הרגענען די פאַרהאַסטע לענד־לאָרדס, די „געלע" פירער און די נישט־קאָמוניסטישע אַרבעטער־פירער, באַרויבן

די בענק, פאַרנעמען פּאָליציי־צערקלען, הרגענען רעאַקציאָנערן, „אָנגרייפן" אויסלענדער און... אַנטוויקלען די רעוואָלוציע...

מאָסקווע האָט פאַראָרדנט „פּראָלעטאַריזירן" די פּאַרטיי, „פּראָלעטאַריזירן" די אַרמיי, אָבער די אַרמיי פון מאַאָ־טסע־טונג איז געווען אָנגעפירט דורך 2 באַנדיטן: יואַן־וואַן־טסי און וואַנג־טסע און באַשטאַנען... פון 600 דעקלאַסירטע פּויערים, דעזערטירן און סתם אונטערוועלט־מענטשן. די באַנדיטן האָבן גערויבט און געהרגעט נישט נאָר רייכע גוט־באַזיצער, נאָר אויך אָרעמע און מיטעלע פּויערים און זענען סוף כל סוף דורך די פּויערים געהרגעט געוואָרן.

מאַאָ האָט געגלויבט, אַז באַנדיטן קאָן מען איבערדערציִען, זיי פאַרוואַנדלען אין גוטע קאָמוניסטן אין הסכם מיט די ראָמאַנען, וועלכע ער האָט געלייענט קינדווייז. מאַאָ גופא האָט באַשריבן זיין „רעוואָלוציאָנערע" אַרמיי וואָס איז באַשטאַנען פון 5 קלאַסן דעקלאַסירטע: פּראָפעסיאָנעלע זעלנער, באַנדיטן, גנבים, בעטלער און פּראָסטיטוטקעס און ער האָט זיי געגלויבט אַלס „רעוואָלוציאָנערע קעמפער".

מאַאָ'ס אַרמיי איז נישט געווען קיין אויסנאָם. אַזעלכע „אַרמייען" זענען געווען אין די צענדליקער. אין יעדער פּראָווינץ און נישט זעלטן צו אייניקע אַרמייען אין אַ פּראָווינץ. גענעראַלן־סאַטראַפּן האָבן געשאַפן זייערע באַנדעס־אַרמייען און אַרויפגעצוווּנגען קאָנטריבוציעס, שטייערן אָדער סתם באַגזלט די איינוווינער. מאַאָ'ס „אַרמיי" האָט די זעלבע זאַך דורכגעפירט „אידעאָלאָגיש", עקספּראָפּרירט די גוט־באַזיצער, רייכע פּויערים, סוחרים און געטאָן דאָס מיט דער רויטער פאָן און מיט לאָזונגען ווי: „די פאַבריקן צו די אַרבעטער", כאָטש אין דעם ראַיאָן זענען קיין פאַבריקן בכלל נישט געווען. די אַרמיי איז געוואַקסן, ס'האָט זיך אין איר אָנגעשלאָסן די „אַרמיי" פון אַ צווייטן קאָמוניסט טשו־טע (געווען שפּעטער גענעראַל פון דער „רויטער אַרמיי"). ס'האָבן זיך אָנגעשלאָסן ערד־לאָזע פּויערים, לומפּענפּראָלעטאַריער און די אַרמיי איז אויסגעוואַקסן צו 10 טויזנט זעלנער, פון וועלכע נאָר 2 טויזנט האָבן געהאַט ביקסן. די איבעריקע זענען געווען באַוואָפנט מיט פּיקעס. סוף 1927 איז געקומען צו אַן אויפשטאַנד פון אַרבעטער אין קאַנטאָן, בלוטיק דערשטיקט דורך טשאַן־קיי־שעקן.

מאַאָ האָט פעסטגעשטעלט: „דאָס פּויערטום איז רעוואָלוציאָנערער און אַקטיווער פון אַרבעטער־קלאַס" און דער צ. ק. האָט די שטעלונג

אַנגענומען, אָפּגעבנדיק גלייכצייטיק ליפּן־שטייער דער לאָזונג „פּראָלע־טאַרישער העגעמאָניע".

טשאַנג־קיי־שעק איז געווען פאַרנומען מיט זיין מלחמה קעגן די „גרויסע" גענעראַלן: טשאַנג־טסאָ־לין, ווו־פּיי־פּו, פענג א. א. און גע־לייגט, אין אָנהויב, ווייניק אַכט אויף דער „אַרמיי" פון מאָאָ־טסע־טונג, וואָס געפינט זיך ערגעץ־ווו. מאָאָ'ס דערפאָלג איז אויך געווען זייער באַ־גרענעצט און סוף 1928 קלאָגט ער זיך: „די מאַסן זענען קאַלט און האָבן נישט קיין צוטרוי צו אונדז. ווו עס באַווייזן זיך נאָר פיינטלעכע אָפּטיילונ־גען, דעזערטירן זעלנער פון אונדזער אַרמיי. מיר זענען איזאָלירט. דאָך פאַרלירן מיר נישט די האָפענונג, אַז דאָס וועט זיך ענדערן". אין אַפּריל 1929 בייט מאָאָ זיין אַגראַר־פּאָליטיק, פאַראָרדנט צו קאָנפיסקירן אויס־שליסלעך די ערד פון די גרעסערע ערד־באַזיצער, נישט אָנרירן די פויערים, אַפילו די רייכע.

אין אַ צוזאַמענשטויס מיט אַן אָפּטיילונג פון טשאַנג־קיי־שעקס אַרמיי, איז מאָאָ'ס אַרמיי צעקלאַפּט געוואָרן און ער האָט געמוזט אַנטלויפן מיט די רעשטלעך פון זיין אַרמיי, 2.800 זעלנער ס"ה, אין דרום פון קיאַנגסי און דאָרט פּראָקלאַמירט זיין „סאָוויעטישע רעפּובליק".

צווישן מאָאָ און דעם צ. ק. איז געקומען צו אַ שאַרפן וויכוח. דער צ. ק. האָט אים געראָטן צו צעטיילן זיין „אַרמיי" אויף קליינע פּאַרטי־זאַנען־גרופּעס, וואָס דאַרפן אָנגרייפן אָפּטיילונגען פון טשאַנג־קיי־שעקס אַרמיי און אַנטלויפן, האָט געטאַדלט דעם „פויערישן כאַראַקטער" פון מאָאָ'ס מלחמה, און געפּריידיקט אַ „פּראָלעטאַרישע אָנפירונג פון קאַמף" אין הסכם מיט סטאַלינס „פּראָלעטאַריזאַציע" ליניע. מאָאָ פאַרקערט, האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף אַלע קאָמוניסטישע אָפּטיילונגען פאַראייניקן אין אַ שטאַרקער אַרמיי, וואָס זאָל זיין פעיִק זיך קעגנשטעלן מיט געווער אין האַנט טשאַנג־קיי־שעקן און דעם „קואָמינטאַנג".

סטאַלין האָט אין אַ בריוו צום צ. ק. געשריבן: „דער קאַמף פון די פויערים־מאַסן מוז זיין ענג געבונדן מיטן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט... ס'איז שעדלעך אָנהויבן אַ פויערים־באַוועגונג מיט אַ רוף צו אַן אַגראַר־רעוואָלוציע מיט גערילאַ־קאַמפן און קליינע אויפ־שטאַנדן". מאָאָ פאַרקערט, האָט גערופן צו מאַכן די גרעסטע אָנשטרענ־גונגען און פאַרנעמען די גאַנצע פּראָווינץ קיאַנגסי מיט איר הויפּטשטאָט נאַנטשאַנג און זי פאַרוואַנדלען אין אַ קאָמוניסטישער פעסטונג. די אַר־

בעטער זענען געווען צעשלאָגן און ווייט (שאַנגהאַי און קאַנטאָן) און שטיצן מוז מען זיך הויפּטזעכלעך אויף די פּויערים.

סוף 1929 איז אויסגעבראָכן דער גרעסטער וועלט־קריזיס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן קראַך פון וואָל־סטריט (אָקטאָבער 1929). סטאַלין איז געווען זיכער, אַז דאָס איז דער אָנהויב פון סוף פון קאַפּיטאַליזם און אָנגענומען די ליניע פון טראָצקי — איינשטעלן אין כינע „דיקטאַטור פון אַרבעטער און פּויערים" אויף אַ באַזע פון אַ סאָוויעטן־רעגירונג. אין יוני 1930 קומט דער צ. ק. פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין כינע צום אויספיר, אַז „כינע איז דאָס שוואַכסטע רינגעלע אין דער קייט פון וועלט־אימפּעריאַליזם" (אין הסכם מיט לענינס לאָזונג „אָנכאַפּן דאָס גע־העריקע רינגעלע פון דער געהעריקער קייט") און „דאָס אָרט ווו דער ווולקאַן פון דער וועלט־רעוואָלוציע קאָן אַמלייכסטן אויסברעכן. די כינע־זישע רעוואָלוציע מוז אויסברעכן פריער כדי צו דערנענטערן די וועלט־רעוואָלוציע" לי־לי־פאַנג, דער דעמאָלטדיקער גענ. סעקרעטאַר פון דער כינעזישער קאָמ. פּאַרטיי האָט דאַן דערקלערט: די טריישאַפט צום קאָ־מינטערן איז איין זאַך און די כינעזישע רעוואָלוציע — איז אַן אַנדער זאַך. „מיר וועלן אַנדערש קאָנען ריידן מיט מאָסקווע נאָכן פאַרנעמען האַנ־קאַו — די דעמאָלדיקע הויפּטשטאָט פון טשאַנג־קיי־שעק". (דאָס איז געווען אַן אָנזאָג אויף דער שפּעטערדיקער אומאָפּהענגיקער פּאָליטיק פון דער כינזישער קאָמ. פּאַרטיי). די כינזישע קאָמוניסטן האָבן געהאַלטן, אַז „מאָסקווע" פאַרשטייט נישט און קען נישט די כינעזישע פאַרהעלטנישן, אַ זאַך וואָס איז געווען ריכטיק, אָבער אין סטאַלינס אויגן „קראַמאָלע".

כדי קעגנצווווירקן מאַאָ'ן און זיינע חברים, האָט סטאַלין געשיקט קיין כינע אַ גרופּע כינעזישע סטודענטן, דערצויגענע אין זיין גייסט און זיי געגעבן גענויע דירעקטיוון ווי אָנצופירן די כינעזישע רעוואָלוציע. מאַאָ'ן איז אויסגעקומען אַ לאַנגער און שווערער קאַמף קעגן די דאָזיקע „28־יעריקע באָלשעוויקעס" ווי ער האָט זיי אָנגערופן. ער איז שוין געווען אַלט 37 יאָר! צו די סטודענטן איז צוגעשטאַנען טשו־ען־לאַי, וואָס האָט שטענדיק געזוכט דעם „גאָלדענעם מיטל" און די דאָזיקע פּאָליטיק האָט אים דערפירט צו זיין איצטיקער ראָל פון „באָס".

מאַאָ האָט נישט געוואָלט אָנערקענען די נייע „באָסן". ס'איז געקומען אַפילו צו אַ צוזאַמענשטויס מיט אַן אַנדער קאָמוניסטישער „אַרמיי", בעת וועלכער ס'זענען געהרגעט געוואָרן ביי די 3 טויזנט זעלנער און אָפיצירן פון דער א. ג. „צוואַנציקסטער רויטער אַרמיי". מאַאָ האָט שוין דאַן אין

זיין קיאַנסי־רעפּובליק געגרינדעט אַן אייגענע געהיים־פּאָליציי און אייגנגע־שטעלט אַ טעראָר־רעזשים אַלס ענטפער אויפן מאָרד פון זיין פרוי און שוועסטער דורך די זעלנער פון טשאַנג־קיי־שעק.

די „סאָוויעטן־רעפּובליק" פון קיאַנסי ווערט דער צענטער פון דער קאָמוניסטישער טעטיקייט. דעם 7־טן נאָוועמבער 1931 (פיערנדיק 14 יאָר אָקטאָבער־רעוואָלוציע) קומט זיך דאָרט צונויף דער ערשטער קאָנגרעס פון די כינעזישע „סאָוויעטן" און מאַאָ ווערט באַשטימט אַלס פּאָרזיצנדער פון דער סאָוויעטן־רעגירונג (אַ טיטל, וואָס ער האַלט אַן ביז איצט).

מאַאָ האָט זיך געלערנט פלייסיק „די מיליטערישע קונסט", האָט אי־בערגענומען די טעאָריע פון סון־טסו, אַ מיליטערישן סטראַטעג פון... 500 יאָר פ. קר. וואָס האָט געלערנט „אַנטדעקנדיק די פּאָזיציעס פון שונא און פאַרבלייבנדיק אַליין אומגעזען דורך אים, קאָנען מיר קאָנצענטרירן די כוחות אויף אַ באַשטימטן פונקט, אין דער צייט, וואָס דער שונא מוז צעטיילן זיינע כוחות. כאָטש מיר זענען שוואַכער פון דעם שונא, קאָנען מיר אויף אַ געוויסן קליינעם אָפּשניט פון פראָנט, זיין שטאַרקער פון אים, — דאָרטן קאָנצענטרירן דעם כוח און דורכרייסן זיינע שוואַכע שטעלן" — מיט דער דאָזיקער סטראַטעגיע האָט געקעמפט מאַאָ 22 יאָר ביז זיין אַנטגילטיקן זיג. ביי סון־טסו האָט ער אויך איבערגענומען די „תורה" וואָס ער האָט געלערנט זיינע זעלנער און אָפיצירן: „ווען דער שונא גרייפט אָן, טרעטן מיר צוריק; ווען דער שונא רוט — באַלעסטיקן מיר אים, ווען דער שונא איז מיד — גרייפן מיר אָן און ווען ער ציט זיך צוריק — יאָגן מיר אים נאָך".

אין קעגנזאַץ צו אַנדערע אַרמייען, פירט ער איין אַ „קרובהשאַפט" צווישן די אָפיצירן און זעלנער. „אונדזערע אָפיצירן מוזן זיך באַציִען איידל צו די זעלנער, העלפן זיי און ליב האָבן איינער דעם אַנדערן" — און דאָס האָט אים געהאָלפן.

מאַאָ׳ס אַרמיי וואַקסט. ס׳האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין איר דעזערטירן פון טשאַנג־קיי־שעקס אַרמייען, דעקלאַסירטע עלעמענטן און צענדליקער טויזנטער ערדלאָזע פּויערים און ביז 1934 ציילט זיין אַרמיי — 100 טויזנט מאַן, אַ רעלאַטיוו שטאַרקער כוח פאַר די דעמאָלסטדיקע כינעזישע פאַר־העלטנישן. ס׳איז אים געלונגען איינצושטעלן אַ פעסטע דיסציפּלין, אָפּ־געשטעלט די פּריוואַטע רויבערייען. אין יעדן אַרויסטריט אונטערגע־שטראָכן „דעמאָקראַטיע איז געבונדן מיט צענטראַליזם און פרייהייט מיט דיסציפּלין", „דער פּרט מוז זיך אונטערוואַרפן דער אָרגאַניזאַציע" און

„די מינדערהייט — דער מערהייט" — דאָס האָט געדאַרפֿט זיין גילטיק פֿאַר אַלע, נאָר... נישט פֿאַר אים. ער, מאַאָ, האָט זיך קיינמאָל נישט אונ־טערגעוואָרפֿן דער מערהייט, ווען ער האָט זיך געפֿונען אין דער מינ־דערהייט.

טשאַנג־קיי־שעק האָט שפּעט, אָבער דאָך דערזען די געפֿאַר, וואָס דראָט אים מצד דער „רויטער אַרמיי" און געוואָרפֿן אַן אַרמיי פֿון 200 טויזנט מאַן קעגן מאַאָ'ס פֿיל קלענערע כוחות. מאַאָ האָט אָבער פֿאַרווירק־לעכט די אויבן דערמאָנטע כללים פֿון זיין (סון־טסו) סטראַטעגיע און באַוויזן צעשלאָגן די קאָמינטאַנג־אַרמיי און דאָס וויכטיקסטע: פֿאַרכאַפּן 20 טויזנט ביקסן, וואָס ער האָט דרינגענד באַדאַרפֿט.

מאַאָ'ן איז געקומען צו הילף דער נייער אָנגריף פֿון יאַפּאַן, וואָס האָט געוואָלט אויסנוצן די אַנאַרכיע אין כינע כדי צו פֿאַרנעמען דעם גאַנצן צפֿון פֿון לאַנד. טשאַנג־קיי־שעק האָט געמוזט שיקן זיינע בעסטע אַרמייען קעגן די יאַפּאַנער, דאָך זענען אים פֿאַרבליבן כוחות, וואָס ער האָט גע־וואָרפֿן קעגן דער קיאַנגסי — „סאָוויעטישער" רעפּובליק און די „רויטע אַרמיי" איז געווען געצוווּנגען צו פֿאַרלאָזן קיאַנגסי. מאַאָ און דער צ. ק. האָבן באַשטימט דורכפֿירן דעם „לאַנגן מאַרש", איבערפֿירן די רויטע אַרמיי אין וויטן צפֿון, קיין יענאַן, נישט ווייט פֿון כינעזישן מויער און... דער סאָוויעטישער גרענעץ און וויטלעך פֿון די יאַפּאַנער, פֿאַר וועלכע זיי האָבן אַם שטאַרקסטן מורא געהאַט. די נייע באַזעס האָבן זיך געפֿונען 12 טויזנט קילאָמעטער ווייט פֿון קיאַנגסי און דורכמאַכן דעם וועג האָט מען געמוזט... צופֿוס, נישט פֿאַרמאָגנדיק נישט קיין אויטאָס און אויך נישט קיין פֿערד. דעם 15־טן אָקטאָבער 1934 האָט זיך אָנגעהויבן דער דאָזיקער „לאַנגער מאַרש", וואָס איז שפּעטער פֿאַרהערלעכט געוואָרן אין דער קאָ־מוניסטישע ליטעראַטור און אַפֿילו געדיגנט אַלס ביישפּיל פֿאַר אַ צווייטן ענלעכן מאַרש אין בראַזיל (געגעראַל פּרעסטעס). אין מאַרש האָבן אָנטייל גענומען 100 טויזנט מאַן, פֿון זיי 85 טויזנט באַוואָפֿנטע זעלנער. דער וועג איז געווען זייער אַ שווערער און כסדר פֿאַרפֿאָלגט געווען פֿון טשאַנג־קיי־שעקס כוחות. בלויז ביים איבערגיין דעם הסיאַנג־טייך האָט די רויטע אַרמיי פֿאַרלוירן אַ העלפֿט פֿון אירע מענטשן.

אין סעטשואַן האָבן זיי אָנגעטראָפֿן אויף דער אָרטיקער, נישט־כינע־זישער באַפֿעלקערונג, וואָס האָט נישט געוואָלט פֿאַרקויפֿן די „כאַנס" (אַזוי רופֿט מען די כינעזער) קיין שפּייז אַפֿילו פֿאַר זילבערנע דאָלאַרן. טויזנטער פֿון מאַאָ'ס זעלנער זענען אומגעקומען פֿון הונגער און גיפֿטיקע וואָרצלען,

וואָס זיי האָבן געגעסן צוליב מאַנגל אין שפּייז. די זעלנער האָבן געגעסן אַפילו געקאָכטע לעדער פון זייערע שיך. דער מאַרש האָט געדויערט 379 טעג און זיי זענען דורכגעגאַנגען 11 פּראָווינצן (יעדע פּראָווינץ גרויס ווי אַן אייראָפּעיִשע מדינה), 18 בערג־קייטן, 24 טייכן און אָפּגעהאַלטן 200 שלאַכטן.

דעם 29־טן אָקטאָבער 1935 זענען זיי אָנגעקומען קיין יענאַן. פון די 100 טויזנט זענען דערגאַנגען קוים 20 טויזנט, 80 טויזנט זענען אומגע־קומען אויפן וועג.

דאָ, אין יענאַן, ווייט פון טשאַנג־קיי־שעקס צענטרן, האָט זיך מאַאָ געפילט מער ווייניקער זיכער. ער האָט קאָנצענטרירט דאָ אויך די רעשט־לעך פון אַלע „רויטע אַרמייען" און אין הסכם מיטן קאָמינטערן, וואָס האָט נאָכן זיג פון די נאַציס אין דייטשלאַנד, געוואָרפן די לאָזונג פון „פאָלקספראָנט קעגן פאַשיזם" — האָט אויך מאַאָ גערופן דאָס גאַנצע כינעזישע פאָלק, איינשליסלעך די גוט־באַזיצער, סוחרים, „קאָמפּראַדאָרן" (סוחרים מיט די אימפּעריאַליסטישע לענדער, באַזונדער פאַרהאַסט אין כינע), די אינטעליגענץ, די גענעראַלן און אָפיצירן צו שאַפן אַ „רעגירונג פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג קעגן יאַפּאַן". ער האָט געזוכט צו געווינען די סימפּאַטיע פון די שכנותדיקע מאָנגאָלן באַזינגענדיק דזשענגיס־כאַן „דעם אויסדערוויילטן פון די הימלען" (מאַאָ, דער אַטעיִסט נעמט אַפילו די „הימלען" צו הילף) לויטןביישפּיל פון זיין לערער, סטאַלין, וואָס נעמט צו הילף... באָגדאַן כמיעלניצקי, דעם פּראָטאָטיפּ פון אַדאָלף היטלער. מאַאָ רופט די מאָנגאָלן צו קעמפן קעגן די יאַפּאַנער, כדי „צוריקשטעלן די גלאָריע פון דזשענגיס־כאַן־תקופה": נאָר מיט טשאַנג־קיי־שעקן וויל ער נישט קיין שלום, אָנרופנדיק אים „אימפּעריאַליסטישער שפּיר־הונט", „פאַררעטער פון פאָלק".

„די סאָוויעטישע רעפּובליק אין יענאַן" איז געוואָרן די נייע באַזע פאַר דער כינעזישער קאָמוניסטישער באַוועגונג, דאָס שפּרינג־ברעט, פון וועלכן מאַאָ האָט געהאַפט צו פאַרנעמען כינע און איינשטעלן די כינעזישע קאָמוניסטישע רעפּובליק.

יענאַן איז געוואָרן דער צענטער נישט נאָר פון דער קאָמוניסטישער כינע, נאָר פון דער גאַנצער א. ג. „דריטער וועלט". דער „לאַנגער מאַרש" און זיין דערפאָלג האָבן פאַרוואַנדלט מאַאָ'ן אין אַ וועלט־גיבור. זיין נאָמען איז פלוצים באַקאַנט געוואָרן מיליאָנען מענטשן אין אַלע עקן וועלט און פון אַלע וועלט־טיילן זענען געקומען צו אים קאָמוניסטישע מנהיגים, כדי

צו לערנען זיך ביי אים די חכמה פון רעוואָלוציע און זי דורכפירן אין זייערע לענדער. עס זענען געקומען אויסלענדישע זשורנאַליסטן, פון זיי אַ סך וואָס זענען געוואָרן זיינע חסידים און פאַרשפּרייט איבער דער וועלט מאַאָ׳ס תורה, ווי דער אַמעריקאַנער עדגאַר סנאָו אָדער ווי דער איטאַליע־נישער אַלבערט מאָראַוויאַ.

און מאַאָ לערנט. ער אַליין האָט נישט ווייניק געלערנט פון די אַלטע כינעזישע פילאָזאָפן און דענקער, אָבער אויך פון איטאַליענער מאַקיאַוועלאָ. אין אַ שמועס מיטן פּערואַנער קאָמוניסטישן מנהיג עודאַסיאַ ראַווינעז, לערנט אים מאַאָ: „דער עיקר פון אונדזער דערפאָלג באַשטייט, וואָס אין אונדזער אַרבעט טראַכטן מיר נישט נאָר אין פּראָלעטאַרישע טערמינען. אין אַנזיכט פון דער יאַפּאַנישער געפאַר, זענען פאַראַן מיליאָנען פון פּער־זאָנען, וואָס זענען גרייט מיטצואַרבעטן מיט אונדז און מיר דאַרפן זיי אויסנוצן... מיר דאַרפן אויך אויסנוצן די אַמביציע פון טויזנטער פּאָלי־טיקער און מיליטאַרן, וואָס באַווייזן נישט צו פאַרנעמען וויכטיקע פּאָ־זיציעס אין טשאַנג־קיי־שעקס אַדמיניסטראַציע און אַרמיי און נישט אַזוי פיל צוליב זייערע פעיִקייטן ווי צוליב זייער אַפּעטיט. אויב מיר, קאָמו־ניסטן, וועלן זיי צוזאָגן אונדזער הילף, וועלן זיי קומען צו אונדז. זיי וועלן אונדז דינען און מיר וועלן זיי באַצאָלן בעסער ווי טשאַנג־קיי־שעק. דער כינעזישער מיליטערמאַן (און ליידער, נישט נאָר דער כינעזישער) איז זייער אַמביציעז, ליידט פון מאַכט־הונגער, פון הונגער נאָך רייכטי־מער, לוקסוס. העלפנדיק די דאָזיקע גענעראַלן, באַקומען מיר מעגלעכ־קייטן, וועלכע מיר קאָנען נישט דערגרייכן אויף קיין שום אַנדער וועג. נישט שטענדיק פירט דער מאַסן־קאַמף צום זיג. אָפט זענען די קרומע וועגן, די שלאַנג־וועגן, די וואָס געבן די בעסטע רעזולטאַטן. דאָס וויכ־טיקסטע איז נישט שטיצן דעם וואָס פאַלט, נישט פאַרטיידיקן דעם, וואָס האָט נישט קיין כוח, כאָטש ער איז גערעכט. מיר דערלויבן זיי זיך צו באַרייכערן, ווייל שפּעטער וועלן מיר ביי זיי די רייכטימער סיי ווי סיי אָפּנעמען... אין כינע קאָן מען נישט ריידן וועגן דעמאָקראַטיע. אויב דו העלפסט אַ דיקטאַטאָר, וועט ער דיר געבן פּאָליטישע פּאָזיציעס" (אין הסכם מיט דער „תורה", האָבן די קובאַנער קאָמוניסטן געשטיצט דעם דיקטאַטאָר באַטיסטאַ און ווען ער האָט פאַרשפּילט — אַריבער צו פידעל קאַסטראָ).

אין 1939 שרייבט מאַאָ: „די פאַרשידענע רעזשימען אין דער וועלט קאָנען צעטיילט ווערן אין 3 קאַטעגאָריעס: בורזשואַזע דיקטאַטור, פּראָ־

לעטאַרישע דיקטאַטור און רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור". קיין דעמאָקראַ־טיע, דעמאָקראַטישן רעזשים, אָנערקענט נישט מאַאָ, ווייל ער קען אים נישט. ער איז אין זיינע 80 יאָר קיינמאָל נישט געווען אין אויסלאַנד (אויסער אַ פּאָר וואָכן אין מאָסקווע נאָכן איבערנעמען די מאַכט) און אין קעגנזאַץ צו אַנדערע זיינע חברים, צווישן זיי טשו־ען־לאַי, נישט געקענט דעם מערב. ער איז נישט געפּאָרן זיך לערנען אין מערב, ווייל ווי ער אַליין האָט דערקלערט, קומט אים אָן שווער זיך צו לערנען אויסלענדישע שפּראַכן. דאָס שטערט אים נישט זיך צו ווענדן צום קאָמינטאַנג מיט אַ פּאָרשלאַג צו שאַפן אַ „נאַציאָנאַלע באַפרייזונגס־רעגירונג" אויף דער באַזע: 1) פאַרענדיקן דעם בירגער־קריג; 2) דעמאָקראַטישע פרייהייטן פאַר אַלע און די באַפרייזונג פון אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע; 3) קאָנפערענץ פון אַלע עקזיסטירנדיקע פּאַרטייען און שאַפן אַ רעגירונג פון נאַציאָנאַלער איינהייט; 4) צוגרייטן די מלחמה קעגן יאַפּאַן; 5) העכערן דעם לעבנס־סטאַנדאַרט פון פאָלק. פון זיין זייט זאָגט ער צו איינצושטעלן אַ „דעמאָ־קראַטישן רעזשים" אין יענאַן און פאַרוואַנדלען די רויטע אַרמיי אין אַן אָפּטיילונג פון דער נאַציאָנאַלער אַרמיי אונטער אַן אַלגעמיינער אָנפירונג.

דער ציל פון פאָרשלאַג — געווינען די סימפּאַטיע פון אַלע קרייזן, וואָס זענען געווען אומצופרידן פון דער טשאַנג־קיי־שעק־רעגירונג. און געווען זייער אַ סך אַזעלכע. אין זיין רעגירונג האָבן געהערשט 4 משפחות און זיי זאָלן האָבן צוגענבעט — לויט מאַאָ — פון 10 ביז 20 מיליאַרד דאָלאַר. די קאָרופּציע איז געווען אַ געוואַלטיקע. קיין אַגראַר־רעפאָרם האָט טשאַנג נישט אַדורכגעפירט, כדי נישט אָנרירן די גרויסע ערד־באַזיצער. די הונדערטער גענעראַלן־סאַטראַפּן האָבן חרוב געמאַכט די הונדערטער מיליאָנען פּויערים, באַרויבנדיק זיי אָפט ביזן לעצטן חזיר אָדער עוף.

מאַאָ נוצט אויס די געלעגנהייט. אין אַ שמועס מיט אַן אַמעריקאַנער זשורנאַליסטין, סמידליי, זאָגט ער: „מיר, די קאָמוניסטן, באַגרענעצן נישט אונדזער גלויבן צו אַ געווויסן קלאַס אָדער באַשטימטער צייט. מיר גלויבן אין כינעזישן פאָלק און זיין נצח (אייביקייט — אויך דער כינעזישער קאָמוניסט רעדט וועגן נצח, נישט נאָר יידן). די כינעזישע קאָמוניסטן זענען אינטערנאַציאָנאַליסטן אָבער אין דער זעלבער צייט פּאַטריאָטן, וואָס פאַרטיידיקן זייער לאַנד. דער נאַציאָנאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם גע־פינען זיך נישט אין קאָנפליקט". און כדי נאָך שטאַרקער אונטערצושטרייכן זיין פּאַטריאָטיזם, רעדט ער וועגן דער „ברילאַנטענער צוקונפט פון

קאָמינטאַנג און איר גרויסן לידער טשאַנג־קיישעק״ — דער „אימפּעריאַ־ליסטישער שפּיר־הונט״ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן איבער נאַכט אין „גרויסן לידער״. מאַאָ האָט געקאָנט די קונסט. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט אַלס „טשעמפּיאָן״ פון קאַמף קעגן יאַפּאַן (קיין איין שלאַכט איז נישט פאַר־געקומען צווישן זיין אַרמיי און דער יאַפּאַנישער אין דער צייט פון 1936 ביז 1945, כאָטש יאָ אייניקע קליינינקע גערילאַ־איבערפאַלן) און... דאָס האָט געהאָלפן. זיין אַרמיי, וואָס ער האָט באַצייכנט אַלס 8־טע אַרמיי פון כינע איז אויסגעוואַקסן פון 20 טויזנט אין סוף 1935 אויף 500 טויזנט אין 1945. עס זענען צו אים געקומען אידעאַליסטן, אויפריכטיקע יוגנט־לעכע, וואָס האָבן געגלויבט, אַז ער איז דער נאַציאָנאַלער העלד, קעמפער קעגן יאַפּאַן, אַרבעטסלאָזע פּויערים און סתם אַוואַנטוריסטן, דעזערטירן פון טשאַנג־קיי־שעק און די איבעריקע גענעראַלן ווי אויך דעקלאַסירטע, וואָס האָבן נישט געפינען גענוג רייז אין זייער היימישער פּראָווינץ. ער האָט גלענצענד אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס טשאַנג־קיישעק איז געווען פאַרנומען מיט דער מלחמה קעגן יאַפּאַן, שלעכט געפירט אָבער דאָך געפירט, און האָט אויסגעברייטערט זיין שליטה איבער די שכנות־דיקע ראַיאָנען און פּראָווינצן.

מאַאָ האָט זיך אָפּגעזאָגט אַפילו פון קאָנפיסקירן די ערד פון די גוט־באַזיצער, האָט נאָר אַראָפּגעזעצט די רענטע ביז אַ דריטל פון דער גע־רעטעניש, אַנשטאָט פריִערדיקע 70—60 פּראָצענט. ער האָט איינגעשטעלט אָרטיקע רעגירונגען אויף דער באַזע: אַ דריטל קאָמוניסטן, אַ דריטל פאָרשטייער פון די אָרטיקע פּאַרטייען און אַ דריטל אומפּאַרטייאישע. ער האָט איינגעשטעלט אין יענאַן אַן „אַנטי־יאַפּאַנישן״ אוניווערסיטעט, וועמענס ציל איז געווען דערציִען אָפיצירן פאַרן רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן יאַפּאַן און... גלייכצייטיק לערנען די יוגנטלעכע „מאַרקסיזם״ לויט מאַאָ׳ס נוסח. ער האָט די זעלנער געלערנט גלייכצייטיק צו באַאַרבעטן די ערד, אָרגאַניזירט וואַרשטאַטן, וואָס האָבן געדאַרפט באַזאָרגן די אַרמיי (און די באַפעלקערונג) מיט בגדים (אַפילו צניעותדיקע), שיך און דאָס מינימאַלסטע, וואָס אַ מענטש מוז האָבן.

און מאַאָ האָט געלערנט: „מיר זענען מענער און די יאַפּאַנער זענען מענער. זיי האָבן געווער! דאַרפן מיר זוכן אַ וועג אָפּצונעמען ביי זיי דאָס געווער. מיר האָבן מורא געהרגעט צו ווערן דורכן שונא? ווען אָבער די דערנידערונג דערגייט צו אַזאַ שטאַפּל ווי איצט, קאָנען מיר מורא

האָבן פאַרן טויט? און אויב מיר האָבן נישט קיין מורא פאַרן טויט, פאַרוואָס דאַרפן מיר מורא האָבן פאַרן שונא?"

מאַאָ איז נישט דאָגמאַטיש און אַנטוויקלט זיין מיינונג לויט... די נויטן פון מאָמענט אָדער לויט דעם ווי ער גלויבט, אַז עס לוינט בעסער. אין 1940 הערשט דער סטאַלין־היטלער־פּאַקט, זענען די גרעסטע שונאים פון דער מענטשהייט... ענגלאַנד און אַמעריקע. אין 1944 שטעלט צו אַמע־ריקע געוועזענער טשאַנג־קיי־שעקן און מאַאָ וויל אויך דערפון געניסן, זאָגט ער: „דאָס דעמאָקראַטישע אַמעריקע האָט אַ פאַרבינדעטן, פּריזער סון־יאַט־סען, איצט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון כינע. די טעטיקייט, וואָס מיר פירן דורך איז די זעלבע, וואָס עס האָבן זיינער צייט דורכגעפירט וועלינגטאָן, דזשעפערסאָן און לינקאָלן און מיר גלויבן, אַז מיר וועלן געווינען די סימפּאַטיע פון דעמאָקראַטישן אַמעריקע". און ס'איז אים גע־לונגען צו באַווירקן דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר סטילוועל, וואָס האָט פאַרגעלייגט טשאַנג־קיי־שעקן צו שאַפן אַ קאָאַליציע־רעגירונג מיט די קאָמוניסטן. טשאַנג־קיי־שעק האָט זיך קעגנגעשטעלט, מאַאָ האָט אויפגענומען דעם פאָרשלאָג מיט ענטוזיאַזם, גלויבנדיק, אַז ער וועט באַקומען אַמערי־קאַנער געווער — און טאַקע באַקומען. אויב פריזער האָט מאַאָ באַשולדיקט טשאַנג־קיי־שעקן, אַז ער איז אַ „שפּיר־הונט פון אַמעריקאַנער אימפּעריאַ־ליזם", וואַרפט ער אים איצט פאָר, אַז ער איז אַ „קסענאָפאָב" (האָט פיינט אויסלענדער), האָט פיינט „אונדזער גרויסן פאַרבינדעטן" און רעדט וועגן זעלבשטענדיקן קאַמף קעגן די יאַפּאַנער, אין דער צייט „ווען מיר דאַרפן אַ שותּפותדיקן אַליִרטן אין קאַמף קעגן „יאַפּאַנישן אַגרעסאָר".

טרומאַן האָט פאַרוואָרפן די פּאָליטיק פון גענעראַל סטילוועל אין רע־זולטאַט פון דעם „קאַלטן קריג", וואָס סטאַלין האָט אַנטוויקלט אין אייראָפּע און נאָך דער מלחמה געשטיצט טשאַנג־קיי־שעקן קעגן די קאָמוניסטן. ווי שוין דערמאָנט, איז די טשאַנג־קיי־שעקס רעגירונג געווען שטאַרק קאָרומ־פּירט און פון דעם האָט נאָר געוווּנען מאַאָ. שוין דעם 4־טן יולי 1946, אין טאָג פון דער אַמעריקאַנער אומאָפּהענגיקייט דערקלערט מאַאָ: „אויב איך האָב געקאָנט קעמפן קעגן די יאַפּאַנער מיט פאַרזשאַווערטע ביקסן, קאָן איך עס אויך טאָן קעגן די אַמעריקאַנער" — ער האָט נאָר פאַרגעסן צוצוגעבן, אַז קעגן די יאַפּאַנער... האָט ער נישט געקעמפט! די צייט איז נאָך דער אַטאָמישער באָמבע אין הירשימאַ, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע דיסקוסיע איבער דער וועלט און אַ שרעק צווישן די כינעזישע קאָמוניסטן און מאַאָ האַלט פאַר זיין פליכט זיי צו באַרואיקן, שאַפנדיק

די טעאָריע פון „פּאַפּירענעם טיגער". „אַלע רעאַקציאָנערן זענען פּאַפּירענע טיגערס", זיי זעען אויס שרעקלעך, אָבער פּאַקטיש האָבן זיי נישט קיין כוח. היטלער, דער רוסישער צאַר, דער יאַפּאַנישער אימפּעריאַליזם זענען געווען פּאַפּירענע טיגערס" — שרייבט ער אין ערשטן יאָרטאָג פון הירא־שימאַ (אויגוסט 1946). פאַר די 50 מיליאָן טויטע קרבנות פון היטלערן און זייערע משפּחות איז היטלער שוין גאָרנישט געווען קיין פּאַפּירענער טיגער, נאָר דאָס אינטערעסירט נישט מאַאָ'ן, ער איז גרייט אַפילו מקריב צו זיין 300 מיליאָן כינעזער אין קאַמף קעגן יענקישן אימפּעריאַליזם, גלויבנדיק, אַז די איבעריקע 300 מיליאָן וועלן איינשטעלן אַ קאָמוניס־טישן רעזשים אויף דער וועלט.

די קאַפּיטולאַציע פון די יאַפּאַנער האָט איבערגעראַשט די כינעזישע קאָמוניסטן צוגלייך מיט סטאַלינען. 2 טעג נאָך הירא־שימאַ — דערקלערט סטאַלין מלחמה יאַפּאַן — ווען זי ליגט שוין באַזיגט און שיקט אַרויס די רוסישע אַרמיי צו פאַרנעמען אויף גיך מאַנדזשוריע איידער עס באַווייזט דאָס צו טאָן טשאַנג־קיי־שעק. מאַאָ שליסט אָן אָפּמאַך מיט סטאַלינען און די רוסישע אַרמיי גיט איבער מאַנדזשוריע צו די קאָמוניסטן און מאַאָ פאַרשרייבט עס פאַרשטענדלעך אויף זיין קאָנטע. „זיג פון דער רויטער אַרמיי איבער... „יאַפּאַן", וואָס איז שוין נישט פאַראַן, ווייל די יאַפּאַנישע אַרמיי האָט קאַפּיטולירט פאַר די אַמעריקאַנער.

טשאַנג־קיי־שעק באַמיט זיך צו פאַרפעסטיקן זיין מאַכט איבערן גאַנצן לאַנד. ער פאַרופט אין זיין צייטווייליקער הויפּט־שטאָט טשון־קינג די פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען, די גובערנאַטאָרן פון אַלע פּראָווינצן און צווישן זיי אויך מאַאָ־טסע־טונג אַלס פאָרשטייער פון „ספּעציעלן ראַיאָן" אין יענאַן. מאַאָ נעמט אָנטייל אין דער קאָנפערענץ. זיין ציל איז „שלאָגן דעם שונא איינעם נאָכן אַנדערן" און נישט פאַרגעסן „אַזוי ווי עס קאָנען נישט זיין קיין צוויי זונען אין הימל, קאָנען נישט זיין צוויי הערשער (טשאַנג־קיי־שעק און ער) אויף דער ערד", ד. ה. אין כינע. נאָך 43 טעג אונטערהאַנדלונגען און וויכוחים, האָט זיך די קאָנפערענץ פאַרענדיקט מיט אַן אָפּמאַך, וואָס קיינער פון די צדדים האָט נישט גע־טראַכט מקיים צו זיין.

טשאַנג־קיי־שעק האָט געגלויבט, מיט זיין ריזיקער 4־מיליאָניקער אַרמיי קאָנען גיך אַ סוף מאַכן צו דער „סאָוויעטן־רעגירונג" אין יענאַן. מאַאָ האָט געגלויבט, און לײדער מיט רעכט, אַז טשאַנג־קיי־שעק וועט פאָרזעצן זיין פריערדיקע פּאָליטיק: קאָרופּציע, נישט איינשטעלן קיין

באמת דעמאָקראַטישן רעזשים אין כינע, וועט נישט דורכפירן די צוגע־זאָגטע אַגראַר־רעפאָרם. דאָס וועט פאַרשטאַרקן די אומצופרידנקייט אין לאַנד און דערלויבן אים צו פאַרנעמען גאַנץ כינע. זיין, מאַאָ׳ס אַרמיי איז פיל קלענער, קוים אַ האַלבער מיליאָן קעגן 4 מיליאָן פון טשאַנג־קיי־שעקן, אָבער זיין אַרמיי איז בעסער דיסציפּלינירט, בעסער אָרגאַניזירט און ער, מאַאָ, איז אַ בעסערער סטראַטעג פון טשאַנג־קיי־שעקן. ער וועט פּאָרזעצן צו שלאָגן אויף די שוואַכסטע שטעלן פון ריזיקן פראָנט און די מאַסן וועלן זיך אָנשליסן אין זיינע רייען. מאַאָ פילט, אַז זיינע חברים און די אַרמיי האָבן מורא פאַר די אַמעריקאַנער, וואָס שטיצן טשאַנג־קיי־שעקן, דאַרף מען די מורא באַגאַטעליזירן, מאַכן זי צו קליינגעלט, און מאַאָ זאָגט: „קאָן אַן אַטאָמישע באָמבע דעצידירן אַ מלחמה? ניין, זי קאָן נישט. אייניקע פון אונדזערע חברים גלויבן, אַז די אַטאָם־באָמבע דעצי־דירט. דאָס איז פאַלש. יאַפּאַן האָט קאַפּיטולירט, ווייל דער ראַטנפאַרבאַנד האָט אים דערקלערט מלחמה. דאָס סאָוויעטיש מיליטער האָט אָנגעוואָרפן אַ פחד אויף די יאַפּאַנער". איז דאָס דעמאַגאָגיע? באַוווסטזיניק פעלשן די געשיכטע? ס׳איז אָבער נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס לעצטע מאָל. די געשיכטע ווערט זייער אָפט געפעלשט און נישט נאָר געשיכטע פון אַלטערטום. אָט, האָט סטאַלין, געפעלשט די געשיכטע פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע קוים געציילטע יאָרן נאָך איר, ווען אַלע אירע העלדן האָבן נאָך געלעבט און ביזן היינטיקן טאָג (56 יאָר שפּעטער) איז נאָך דער אמת אין דער סאָוויעטישער ענציקלאָפּעדיע נישט צוריקגעשטעלט געוואָרן. מאַאָ האָט געדאַרפט אין דעם מאָמענט צו פאַרקלענערן די ראָל פון די אַמעריקאַנער און זייער כוח, האָט ער פאַרשריבן דעם זיג... די רוסן.

דער צענטראַלער פּראָבלעם אין כינע איז געווען די ערד. 80 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג זענען געווען פויערים (אויך היינט) די באַאַרבעטע ערד פאַרנעמט אַ שטח מער־ווייניקער פון 2 מיליאָן קוואַדראַט־קילאָמעטער, ביי די 20 פּראָצענט פון לאַנד. דער וווקס פון דער באַפעלקערונג האָט כסדר פאַרקלענערט די נחלות. לויט כינעזישע סטאַטיסטישע דאַטן, איז אין 1661 דער דורכשניט פון אַ נחלה געווען 5 מו, ד. ה. 3 דונאַם. פאַקטיש פיל ווייניקער, ווייל אין דורכשניט ווערן גענומען אויך אין אַכט די גרויסע צאָל שטחים, וואָס האָבן געהערט צו גוט־באַזיצער און האָבן אין דורכשניט אויסגעמאַכט 500 מו. אין 1766 יאָר, 100 יאָר שפּעטער, פאַלט דער דורכשניט צו 4 מו און אין 1872 — צו 2,5 מו, ד. ה. 1,5 דונאַם אויף אַ נחלה. אין משך פון לעצטן יאָרהונדערט זענען די נחלות געוואָרן נאָך

קלענער, ווייל זיי זענען נאָכן טויט פון פאָטער צעטיילט געוואָרן צווישן די זין (די טעכטער זענען געווען אויסגעשלאָסן). אין 1945 האָבן נאָר 54 פּראָצענט פון די פּויערים פאַרמאָגט אַ שטיקל אייגענע ערד, 46 פּראָצענט, כמעט אַ העלפט פון אַלע פּויערים האָבן בכלל נישט פאַרמאָגט קיין אייגענע ערד און געמוזט אַרבעטן אַלס באַטראַקעס ביי די פּריצים און רייכע פּויערים (פון די דאָזיקע ערד־לאָזע פּויערים האָבן זיך געשפּייזט אַלע עקזיסטירנדיקע אַרמייען, זיי זענען געלאָפן אַלס זעלנער, כדי צו באַקומען אַ שטיקל ברויט).

אין 1947 שרייבט מאַאָ: „די צאָל גוט־באַזיצער און רייכע פּויערים מאַכט אויס 8 פּראָצענט פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג. צו זיי געהערט אָבער 80 פּראָצענט פון דער ערד. אונדזער אַגראַר־רעפאָרם באַרירט אַזוי אַרום קוים 8 פּראָצענט און באַגינסטיקט 92 פּראָצענט, דעריבער איז אונדזער ציל אין דעם מאָמענט: קאָנפיסקירן די ערד פון די גרונט־באַזיצער און רייכע פּויערים און זי צעטיילן צווישן די אָרעמע און ערד־לאָזע פּויערים, אָנהאַלטנדיק דעם בונד מיטן מיטעלן פּויער, וועלכן מיר ווילן נישט אָנרירן".

נאָך דער מלחמה זענען אויפגעקומען אַ סך פּאַרטייען. די טשאַנג־קיי־שעק רעגירונג איז געוואָרן אַלס מער פאַרהאַסט. די 4 משפּחות: טשאַנג, סון, קונג און טשען, אַלע קרובים פון טשאַנג־קיי־שעק האָבן אָנגעגנבעט מיליאַרדן אַפילו אין דער צייט פון יאַפּאַנישער אינוואַזיע. דאָס פאָלק און באַזונדערס די אינטעליגענץ האָט געזוכט אַן ענטפער „ווי אַזוי איז עס מעגלעך געווען, אַז דווקא די באַרבאַרן (און פאַר די כינעזער זענען אַלע „גויים" געווען באַרבאַרן) זאָלן אונדז באַזיגן און פאַרנעמען אונדזער ערד?" אַן ענטפער אויף דעם האָט געפּרוּווט געבן נאָך מיט 100 יאָר פריִער דער געלערנטער פענג־קוּעי־פען (1809—74) „מיר מוזן לערנען ביי די באַרבאַרן בויען שטאַרקע שיפן (דאָס קאָנען נאָך היינט נישט די כענזער) און שווערע האַרמאַטן. מיר מוזן זיי, די באַרבאַרן, אויפנעמען אַלס אונדזערע לערער, זיך אויסלערנען ביי זיי אַלץ וואָס זיי קאָנען און דאַן זיי איבעריאָגן (לעני‌נס לאָזונג: „דעריאָגן און איבעריאָגן"). אין דעם ליגט דער וועג צו אונדזער זיג. מיר דאַרפן באַנוצן זייערע מכשירים, זייער וויסנשאַפט, אָבער נישט זייער לעבנס־וועג, זייערע מנהגים". אַן אַנדער כינעזישער דענקער קאַנג־יו־ווי (1858—1927) האָט געלערנט, אַז מען מוז דורכפירן ראַדיקאַלע רעפאָרמען אין דער כינעזישער געזעלשאַפט ביז „צו דער אויפלייזונג פון דער משפּחה און אייגנטום", ווידמענדיק דאָס

גאַנצע לעבן, די ענערגיע, אַרבעט נאָר פאַר דער קאָלעקטיווויטעט, פאַרן פאָלק. די יוגנט האָט אָנגענומען די אידייען און געוואָרפן די לאָזונג: „נידער מיט קונג־פו־טשי און חברים", „נידער מיטן אַלטן, פאַרשימלטן כינע, לאָמיר בויען אַ נייע, מאָדערנע מדינה".

מאַאָ האָט פאַרשטאַנען אויסנוצן די דאָזיקע שטימונגען. ער איז — די נייע כינע, ער געהערט צו די „וואָס ווילן אויסנוצן די מכשירים פון די באַרבאַרן, כדי זיי איבעריאָגן און באַזיגן". זיין אַרמיי איז געוואַקסן, ער האָט פאַרשטאַנען שאַפן קאַדרן פון פּאָליט־קאָמיסאַרן, וואָס האָבן דיס־ציפּלינירט די אַרמיי. זיין אַרמיי האָט נישט געראַבעוועט, נישט געגזלט, נישט פאַרגוואַלטיקט קיין מיידלעך און פרויען — אין קעגנזאַץ צו טשאַנג־קיי־שעקס אַרמייען. זיינע זעלנער האָבן גלייכצייטיק באַאַרבעט די ערד, געאַרבעט אין פעלד און די וואַרשטאַטן. מאַאָ האָט אַנטוויקלט די סטראַ־טעגיע פון זיין אַרמיי: 1) שלאָג פאַר אַלעם די איזאָלירטע אָפּטיילונגען פון שונא, די שטאַרקע ווערסטו שפּעטער שלאָגן; 2) פאַרנעם די קליינע און מיטעלע שטעט און דערפער, די גרויסע ווערסטו שפּעטער פאַרנעמען; 3) שוואַך אָפּ דעם כוח פון שונא, פאַרנעמען פעסטונגען, באַלאַגערן גרויסע שטעט — ווערסטו שפּעטער; 4) אין יעדער שלאַכט קאָנצענטריר שטאַרקע כוחות, שטאַרקערע ווי דעם שונאס אָפּטיילונגען, רינגל זיי אַרום און דער־לאָז נישט זיי צו אַנטלויפן. מייד אויס שלאַכטן, אין וועלכע דו קאָנסט פאַרלירן מערער ווי דו קאָנסט געווינען. כאָטש מיר זענען שוואַכער ווי דער שונא, צוזאַמען גענומען, מוזן מיר זיין שטאַרקער אין דער באַשטימ־טער שלאַכט, אויף דעם באַשטימטן אָפּשניט. מיט דער צייט וועלן מיר זיין שטאַרקער פון שונא אויך אין אַלגעמיין" — ס'איז אַן אַלטע סטראַ־טעגיע, די סטראַטעגיע פון סון־טסו. מאַאָ האָט זי אָפּגעפּרישט און צו־געפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען און... מיט גרויס דערפאָלג.

די פאַרהעלטנישן צווישןביידע אַרמייען, טשאַנג־קיי־שעקס און מאַאָ'ס, האָבן זיך כסדר געביטן לטובת מאַאָ. אין 1945 איז די פּראָפּאָרץ געווען 8:1, אין 1946 — 4:1, אין 1947 — 2:1 און שוין אין 1948 — האָבן זיי זיך אויסגעגלייכט, מאַאָ'ס אַרמיי איז געוואַקסן, טשאַנג־קיי־שעקס איז איינגעשרומפּן געוואָרן. דער סוף האָט זיך שוין געזען, מאַאָ'ס זיג איז געוואָרן זיכער. מאַאָ פּראָפּאַגירט אַ „ברייטן איינהייטלעכן פראָנט", וואָס דאַרף אַרומנעמען כמעט דאָס גאַנצע פאָלק: די נאַציאָנאַלע בורזשואַזיע (אָן די „קאָמפּראַדאָרן" פאַרבונדענע מיט אויסלענדישע אונטערנעמונגען), דאָס שטאָטישע קליינבירגערטום, דאָס גאַנצע פּויערטום (אויך די רייכע

פּויערים), די אינטעליגענץ, די אַרבעטער און די דעקלאַסירטע עלעמענטן. די רעוואָלוציע דאַרף איינשטעלן אַ „דעמאָקראַטישע דיקטאַטור", אַ מין „נייע דעמאָקראַטיע" און אין זיין כלומרשטן „אני מאמין" שרייבט ער: „אין פּעריאָד פון דער בירגערלעך־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע ווערן נישט נאַציאָנאַליזירט די אינדוסטריעלע און האַנדלס־אונטערנעמונגען פון דער בורזשואַזיע, פאַרקערט, די רעגירונג פון דער „נייער דעמאָקראַטיע" וועט שטיצן די אַנטוויקלונג פון די דאָזיקע אונטערנעמונגען. אין דעם פּעריאָד איז באַגרענעצט דער קאַמף צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל. דער איבערגאַנג פון דער בירגערלעך־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע צו אַ סאָציאַליסטישער איז די זאַך פון דער צוקונפט און וועט וואַרשיינלעך דויערן לאַנגע יאָרן". מיט דער דאָזיקער מעשהלע האָט ער געצילט איינשלעפערן די קעגנער פון קאָמוניזם, געווינען די נישט־קאָמוניסטן פאַר זיין אַרמיי און... רעגירונג און האָט זיי געוווּנען. סוף 1948 גיט איבער דער גענעראַל פו־טסו, טשאַנג־קיי־שעקס גובערנאַטאָר פון פּעקין, די שטאָט אָן שום ווידערשטאַנד מאַאָ'ס אַרמיי, דעם 21־טן אַפּריל 1949 פאַרנעמט מאַאָ נאַנקין און סוף סעפּטעמבער... פאַרלאָזט טשאַנג־קיי־שעק מיט 2 מיליאָן זעלנער און אָנהענגער די כינעזישע יבשה, באַזעצנדיק זיך מיט דער הילף פון די אַמעריקאַנער אויפן אינדזל פאָרמאָזאַ (טייוואַן), וואָס ער האַלט אָן ביזן היינטיקן טאָג.

דעם 1־טן אָקטאָבער 1949 האָט מאַאָ פּראָקלאַמירט די „כינעזישע פאָלקס־רעפּובליק". מאַאָ איז געוואָרן דער „באָס" פון ריזיקן לאַנד.

## די קאָמוניסטישע כינע

דער וועג פון די כינעזישע קאָמוניסטן צו דער מאַכט איז געווען פיל שווערער ווי די רוסישע. די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1903 און 14 יאָר שפּעטער — זענען זיי געווען די בעלי־בתים פון רוסלאַנד. אין כינע איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געגרינדעט געוואָרן אין 1921 און ס'האָט געדויערט 28 יאָר, 2 מאָל לענגער, ביז וואַנען זיי האָבן באַוויזן צו געווינען די מאַכט איבערן גאַנצן לאַנד. מעגלעך, אַז די באַדינגונגען אין רוסלאַנד זענען געווען מער צוגעפּאַסטע, אָבער וואַר־

שיינלעך אויך צוליב דער גאונות פון לענין און טראָצקי. די קאָמוניסטן לייקענען די ראָל פון „איינצלנעם" און זיין ווירקונג אויף דער געשיכטע, אָבער אַרויסגעוויזן האָט זי זיך אַלס אַ זייער גרויסער און שטאַרקער פאַקטאָר. אַזוי איז עס געווען אין אַלטערטום (אַלעקסאַנדער מוקדון) און אַזוי אין דער מאָדערנער געשיכטע: נאַפּאָלעאָן, היטלער, סטאַלין און... מאַאָ.

די קעגנער פון די קאָמוניסטן האָבן גאָרנישט געלערנט אין כינע, וויעטנאַם, קובאַ, און מיט זייער נאַרישער פּעלערהאַפּטער פּאָליטיק שאַפּן זיי די מעגלעכקייט, אַז די קאָמוניסטן זאָלן פאַרכאַפּן די מאַכט און ס'איז זיכער, ווען די פראַנצויזישע קאָמוניסטישע פאַרטיי וואָלט פאַרמאָגט אַ לענין־טראָצקי אין די יאָרן 46—1945 אָדער 1968, וואָלטן זיי אויך דאָרט געזיגט. אויך די אַמעריקאַנער האָבן ווייניק געלערנט און דער רעזולטאַט איז קובאַ, ווו זיי האָבן געשטיצט אַ פאַרהאַסטן דיקטאַטאָר — סערזשאַנט און מיט דעם געהאָלפן, אַז אַ פידעל קאַסטראָ זאָל קומען צו דער מאַכט און שפּעטער... אים שטויסן אין די קאָמוניסטישע אָרעמס... „אַז גאָט וויל עמעצן שטראָפן, נעמט ער אים צו דעם שכל" — קומט אַמבולטסטן צום אויסדרוק אין די דאָזיקע פאַלן.

הן לענין, אַזוי אויך טראָצקי און מאַאָ האָבן ליב געהאַט צו רעדן וועגן „מאַרקסיזם", אָבער זיי זענען געווען זייער ווייט פון אים. נאָך אין 1934 שרייבט מאַאָ: „דאָס פאַרופן זיך אויף אָביעקטיווע באַדינגונגען איז נישט באַרעכטיקט. נאָך דעם ווי די אַרבעטערשאַפט און פויערטום האָבן אויסגעדריקט זייער גרייטקייט צו שטיצן די ליניע פון אונדזער פאַרטיי, איז נישטאָ קיין צווייפל, אַז די ראָל פון די „אָביעקטיווע באַדינגונגען" איז דערגאַנגען צו אַ מינימום און די ראָל פון דער פאַרטיי און אירע אָנפירער איז געוואָרן דער דעצידירנדיקער פאַקטאָר. דאָס באַדייט, אַז די אחריות פאַר דורכפאַלן און מפּלות פאַלט — אין 9 צענטל — נישט אויף די „אָביעקטיווע באַדינגונגען", נאָר אויף אונדז". און ס'איז נישט קיין צופאַל וואָס דער „קולט פון יחיד", ד. ה. די פערזענלעכע דיקטאַטור איז נאָך פיל שטאַרקער אין כינע ווי אַפילו אין רוסלאַנד אין די צייטן פון סטאַלינען. „מאַאָ האָט געזאָגט", „די מחשבות פון פאָרזיצענדן", „דאָס רויטע ביכעלע פון די מחשבות פון פאָרזיצענדן", די ריזיקע פּלאַקאַטן, די פאָרטרעטן, סקולפּטורן, וואָס קוקן אַראָפּ פון יעדער וואַנט, יעדן ווינקל אין קאָמוניסטישן כינע האָט נישט קיין פאַראַלעל אין דער גאַנצער וועלט־געשיכטע, און דערמאָנט נאָר די סקולפּטורן פון משוגענעם קייזער פון רוים, קאַליגולאַ... מאַאָ זעצט פאָר זיין געדאַנקען־גאַנג וואָס האָט נישט

די מינדעסטע שייכות צום „מאַרקסיזם", פאַרקערט, איז דער אַבסאָלוטער היפּוך. „מיר האָבן שטענדיק געזאָגט, אַז נישט די טעכניק באַשטימט דעם גורל פון דער מענטשהייט (ד. ה. נישט די פּראָדוקציע־פאַרהעלטנישן) נאָר דער מענטש, די מאַסע זיי באַשטימען דעם גורל פון פאָלק" — דאָס איז ריכטיק, נאָר פאַרלייקנט דעם „מאַרקסיזם", ווען די קאָמוניסטן געבן אָפּ דעם טראַדיציאָנעלן ליפּן־שטייער. דער געדאַנק פון מאַאָ איז גערעכט, אָבער די נעאָ־מאַאָיסטן, די סטודענטן אין די פ. שטאַטן, פראַנק־רייך, דרום־אַמעריקע פאַרגעסן, אַז דאָך איז די באַזע „דאָס פאָלק", די מאַסע אַרבעטער און פּויערים, אָבער נישט קליינע גרופּן וואָס האָבן נישט קיין שום אָנהאַלט אין „פאָלק". אין רוסלאַנד איז געווען מעגלעך די רעוואָלוציע נישט אין נאָמען פון קאָמוניזם, נאָר אין נאָמען פון „ברויט, ערד און שלום". דאָס זעלבע אויך אין כינע. 46 פּראָצענט פון פּויערטום האָט בכלל נישט פאַרמאָגט קיין שטיקל ערד און די „גליקלעכע" האָבן פאַרמאָגט קוים 1.500 קוו. מעטער, גענוג פאַר אַ קבר אָבער נישט גענוג אויף צו לעבן. אמת, דער מענטש שפּילט די הויפּט־ראָל, אָבער שפּילט זי אין באַשטימטע אָביעקטיווע באַדינגונגען און ווען זיי זענען נישט פאַראַן — איז אַזאַ באַוועגונג אַן אַוואַנטוריסטישע, אַ בלאַנקיסטישע, אַן די קלענסטע שאַנסן צו זיגן.

מאַאָ זאָגט, שוין נאָכן פאַרנעמען די מאַכט „מיר ליידן פון מאַנגל אין מאַשינען, פון פערד־קראַפט, וועלן מיר זיי פאַרבייטן דורך מענטשלעכער קראַפט" — און ער טוט עס. ער בויט ריזיקע דאַמבעס אויף אויסצומיידן פאַרפלייצונגען און טוט עס מיט דער הילף פון מיליאָנען פּויערים, וואָס ווערן דערצו מאָביליזירט מיט די ליידיקע הענט אָדער מיט... גראַבלעס און קאָשיקעס. ער אַנטוויקלט אַטאָם־באָמבעס, ווען דער יערלעכער איינ־קונפט (און די פּראָדוקציע) אויף אַ נפש מאַכט אויס קוים 100 דאָלאַר אויף אַ נפש אַ יאָר, ווען אין אָרעמען ישראל (און עס איז נאָך אָרעמער) ווערט די הונגער־גרענעץ אָנערקענט 90 פונט אַ מאָנאַט אויף אַ נפש, ד. ה. העכער 250 דאָלאַר אַ יאָר און אין די פ. שטאַטן רעדט מען וועגן הונגער, ווען די משפּחה פאַרדינט ווייניקער פון 2 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר, ד. ה. 500 דאָלאַר אויף אַ נפש!

מאַאָ איז אַן אינטערנאַציאָנאַליסט און וואַרשיינלעך אַן אויפריכטיקער. דאָס שטערט אים נישט אונטערצושטרייכן ביי יעדער געלעגנהייט זיין כינעזישן פּאַטריאָטיזם: „מיר זענען געווען אין משך פון טויזנטער יאָרן דער צענטער פון דער וועלט, די מלוכה פון מיטן און מיר וועלן עס

ווידער זיין". "מיר, די כינעזער, וועלן זיין די וועג־ווייזער, די לערער פון אַלע קאָלאָניאַלע און האַלב־קאָלאָניאַלע פעלקער. מיר וועלן העלפן די קאָלירטע פעלקער זיך באַפרייען פון דעם ווייסן טייוול, פונעם אימ־פעריאַליזם פון אייראָפּע און צפון־אַמעריקע. מיר וועלן אָנפירן דעם קאַמף פון "דאָרף" (ד. ה. פון די אָפּגעשטאַנענע פעלקער) קעגן דער "שטאָט" (ד. ה. די אַנטוויקלטע מדינות)...

שווער צו וויסן, אויב אין די 12 יאָר פון "יענאַן" האָט מאַאָ געהאַט פאַר זיך אַ קלאָר בילד פון דעם, וואָס ער וויל דערגרייכן און ווי אַזוי. אין 1945 האָט ער דערקלערט דעם שוין דערמאָנטן אַמעריקאַנער זשור־נאַליסט עדגאַר שאָו "מיר גלויבן, אַז עס וועלן אַדורך אַ סך יאָרן ביז מיר וועלן איבערגיין פון איצטיקן בורזשואַז־דעמאָקראַטישן שטאַפּל פון דער רעוואָלוציע צום סאָציאַליסטישן שטאַפּל... וואַרשיינלעך וועט דער דאָזיקער פּראָגראַם נישט רעאַליזירט ווערן אין איצטיקן דור", כדי אַ פּאָר יאָר שפּעטער דערקלערן "דער צענטראַלער פּראָבלעם פאַר אונדזער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע איז עלימינירן די בורזשואַזיע"...

מאַאָ איז געווען מענטשלעכער, הומאַנער פון סטאַלינען. ער האָט אויך געלערנט פון די פעלערן פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

אין 1949, נאָכן פאַרנעמען די מאַכט, האָט ער פאַרופן אַ "קאָנסול־טאַטיווע קאָנפערענץ" פון 14 פאַרטייען און אויסער זיי, אַ רייע דעמאָ־קראַטישע פערזענלעכקייטן מיט דער אַלמנה פון סון־יאַט־סען בראש און אויסגעוויילט אַ רעגירונג מיט מאַאָ בראש, אָבער מיט אַ רייע וויצע־פּרעזידענטן פון די פאַרשידענע פאַרטייען — אַ רעגירונג פון "גאַנצן פאָלק".

מאַאָ און די קאָמוניסטן האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף אַנטוויקלען די אינדוסטריע אין לאַנד, וואָס איז אין 1949 געווען 5 מאָל קלענער פון דער רוסישער אין 1917. כדי דאָס צו דערגרייכן האָט ער נאַציאָנאַליזירט די אינדוסטריע, אָבער באַצאָלט אַנטשעדיקונגען די בעלי־בתים, זיי אָנער־קענט אַקציעס אין די נאַציאָנאַליזירטע פאַבריקן און נאָך מערער... די געוועזענע בעלי־בתים באַשטימט אַלס דירעקטאָרן פון די פאַבריקן. דאָס האָט אים דערמעגלעכט אין ערשטן 5־יאָר־פּלאַן, אין די יאָרן 1952—56 פאַרגרעסערן ערנסט די אינדוסטריע און פּראָדוצירן שטאָל... 3 מאָל מע־רער ווי אינדיע. די קאָמוניסטן האָבן די ערשטע יאָרן הייליק געצאָלט די דיוויִדענדן פון די אַקציעס, אָבער גיך געווירקט אויף די זין פון די

פאַבריקאַנטן זיי זאָלן זיך פרייוויליק אָפּזאָגן פון די אַקציעס און דיווי־דענדן לטובת דעם פאָלק.

אין משך פון די ערשטע יאָרן האָט ער זיך באַמיט אָפּצוהיטן מער־ווייניקער די דעמאָקראַטיע. דעם 2.4.48 שרייבט ער: „די גאַנצע טעטי־קייט לטובת די מאַסן דאַרף שטאַמען פון זייערע נויטן און נישט פון אַ יחיד. ווי ריכטיק און גוט עס זאָל נישט זיין זיין געדאַנק. עס טרעפט זיך, אַז די מאַסן דאַרפן אַן ענדערונג, זענען אָבער סוביעקטיוו נישט גרייט צו איר. דאַרפן מיר וואַרטן געדולדיק. מיר דאַרפן נישט דורכפירן די ענדערונג ביז די מאַסע וועט נישט אָנערקענען די נויטווענדיקייט פון דער ענדערונג און איז גרייט עס דורכפירן... אויב מיר ווען פרווון איבער׳גיין צו אָפּענסיווע, איידער די מאַסן זענען גרייט צו איר, איז דאָס אַוואַנטוריזם״. אין אַן אַנדער אַרטיקל זאָגט ער: „קאָמאַנדעווען, באַפעלן — איז פאַלש אין יעדער טעטיקייט״.

אין 1957 פילט זיך אין לאַנד אַ שטאַרקע אומצופרידנקייט, באַזונ־דערס שטאַרק איז אומצופרידן די אינטעליגענץ, וואָס זעט, אַז דער כלומרשטער „פאָלקס־פראָנט״ איז אַ בלאָף, אַז די קאָמוניסטן זענען די איינציקע, וואָס הערשן און דאַן טרעט אַרויס מאַאָ מיט זיין באַרימטער דעקלאַראַציע וועגן „די רעכט פון 100 בלומען״. דעם 27.2.57 פאַרעפנט־לעכט ער זיין אַרטיקל: „לאָמיר דערלויבן 100 בלומען בליען און הונדערט געדאַנקען זיך אַנטוויקלען, כדי צו זיכערן דעם פראָגרעס פון דער וויסנ־שאַפט און די סאָציאַליסטישע קולטור אין לאַנד. פאַרשידענע פאָרמען און סטילן אין דער קונסט און פאַרשידענע וויסנשאַפט־שולן דאַרפן זיך אַנטוויקלען פריי. מיר גלויבן, אַז אַדמיניסטראַטיווע מיטלען שטערן דער אַנטוויקלונג פון קונסט און וויסנשאַפט. די פראַגע גערעכט אָדער נישט אין דער קונסט אָדער וויסנשאַפט דאַרף באַהאַנדלט ווערן אין פרייע דיס־קוסיעס אין אַרטיסטישע און וויסנשאַפטלעכע קרייזן״.

דאָס איז געווען מאַאָ׳ס ענטפער אויף די רעוואָלוציעס אין בודאַפעשט און פוילן. שווער פעסטצושטעלן אויב אין דעם מאָמענט איז ער געווען אויפריכטיק און אונטער דער ווירקונג פון די געשעענישן פון צענטראַל־אייראָפּע באמת געוואָלט געבן אַ ביסל פרייהייט אויך די נישט־קאָמוניסטן, אָדער, ווי מ׳האָט אים שפּעטער באַשולדיקט, צוגעגרייט אַ פאַסטקע פאַר אַלע אַנדערש־דענקענדיקע כדי זיי צו קאָנען לייכטער ליקווידירן. אין 1939, זיצנדיק אין יענאַן, האָט מאַאָ געטענהעט: „פיל פון די פונקציאָ־נערן, וואָס פירן אָן מיט אונדזערע מיליטער־טיילן, מינדערשעצן די גרויסע

באַדייטונג פון דער אינטעליגענץ, האָבן מורא פאַר איר און וואָס איז נאָך ערגער, באַמיען זיך זי צו פאַרטרייבן. פיל פון אונדזערע אַרטיקע פאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס ווילן נישט אויפנעמען קיין אינטעליגענטן אין דער פאַרטיי. דאָס שטאַמט פון דער אומפאַרשטענדעניש פון דער וויכטיקער ראָל, וואָס די אינטעליגענץ שפּילט אין דער רעוואָלוציע" — דאָס האָט אים נישט געשטערט 3 יאָר שפּעטער שרייבן: „די אַרבעטער און פּויערים מעגן זייערע הענט זיין שוואַרץ און פיס שמוציק פון קו־מיסט, זענען זיי אָבער פיל ריינער פון דער בירגערלעכער און קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ".

אין קעגנזאַץ צו דער רוסישער אינטעליגענץ, וואָס איז אין אַבסאָלוטער מערהייט געווען פיינטלעך דעם באָלשעוויזם און דער נייער מאַכט, האָט די כינעזישע אינטעליגענץ אויפגענומען מיט סימפּאַטיע די נייע קאָמוניסטישע מאַכט, ווייל זי האָט פיינט געהאַט די קאָרומפּירטע טשאַנג־קיי־שעק־רעגירונג. אָבער גיך האָט דערפילט די דאָזיקע אינטעליגענץ, אַז זיי זענען אָפּגענאַרט געוואָרן און אָנשטאָט פרייהייט איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ נייע דיקטאַטור, די דיקטאַטור פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי און נישט זעלטן פירן זיך אויף אַנאַלפאַבעטן, קאָמוניסטישע סאַטראַפּן נישט בעסער ווי די סאַטראַפּן פון טשאַנג־קיי־שעק. שוין אין 1951, 2 יאָר נאָכן איבערנעמען די מאַכט, האָט טשו־ען־לאַי, רעדנדיק פאַר 3 טויזנט אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן, געפאָדערט פון זיי דורכפירן אַ „געדאַנקען־רעפאָרם" און אָננעמען אָן דיסקוסיעס די „תורה" פון מאַאָ־טסע־טונג. די קאָמוניסטישע פרעסע האָט אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן בריוו פון „בעלי תשובה": „איך האָב ליב געהאַט מיין פרוי און מיינע קינדער איבער אַלץ. אין משך פון 20 יאָר האָבן מיר געלעבט צוזאַמען און צופרידן. מיין גאַנץ לעבן איז געווען דורכגעזאַפּט פון אינדיווידואַליזם". אַ צווייטער שרייבט: „איך האָב געלעבט אונטערן בורזשואַזן איינפלוס. איך שטאַם פון אַ גוט־באַזיצער־משפּחה און אויך מיין פרוי איז אַ טאָכטער פון אַ גוט־באַזיצער. דערפאַר איז מיין לעבן געווען קאָרומפּירט". די קאָמוניסטן האָבן דורכגעפירט אַ ברייטע מוח־וואַשונג. מאַאָ׳ס אידעאַל איז געווען דער „ביג־בראָדער" פון דזשאָרדזש אָרוועל, דער „גרויסער ברודער", וואָס זעט אַלץ, פילט אַלץ, קאָנטראָלירט אַלץ. מאַאָ האָט אויף זיין געוויסן „נישט מערער" ווי 15 מיליאָן כינעזער־קרבנות פון דער רעוואָלוציע, ד. ה. אַ פערציקסטל פון דער כינעזישער באַפעלקערונג, 7 מאָל ווייניקער אין פּראָפּאָרץ ווי סטאַלין. מאַאָ און די כינעזישע קאָמוניסטן האָבן זיך

אויסגעצייכנט אין דער מוח־וואַשונג און מיט אַ רעלאַטיוו־גרויסן דערפאָלג.

מאַאָ לערנט די קונסט: „מען דאַרף אָנהויבן דערמיט, דעם קראַנקן ווי געהעריק דעם קאָפּ „אויסוואַשן". אַזאַ קראַנקן דאַרף מען ענערגיש און הויך דערקלערן „דו ביסט קראַנק" און דאָס דערקלערן אַזוי, אַז דער קראַנקער זאָל דערפילן אַ שרעק און אַ קאַלטער שווייס זאָל באַדעקן זיין שטערן. דאַן — דאַרף מען אים איבערצייגן, אַז ער דאַרף זיך לאָזן קו־רירן" — דער ציל, דער אינדיווידיאום מוז אונטעראָרדנען אַלץ, זיין לעבן, זיין פרייהייט, זיין משפחה — אַלץ מוז אונטערגעאָרדנט ווערן דער פּאַרטיי און אים, מאַאָ, דעם פּאָרזיצנדן.

מאַאָ איז געווען זיכער, אַז 7 יאָר „קאָפּ וואַשונג" איז גענוג און האָט פּראָקלאַמירט זיינע „100 בלומען". אין פעברואַר 1957 ברייטערט ער אויס די לאָזונג: „די מאַרקסיסטן דאַרפן נישט מורא האָבן פאַר קריטיק. פאַרקערט, אין קאַמף קעגן פאַלשע איינשטעלונגען, מוזן זיי זיך פאַרשטאַרקן, פאַרטיפן, פאַרבעסערן זייער אייגענעם וויסן און דערווערבן נייע פּאָזיציעס. דער קאַמף קעגן פאַלשע אידייען איז ווי אַ אימפונג. ווען דער מענטש איז געאימפּט, אַנטוויקלט ער אַ שטאַרקע אימוניטעט קעגן דער קראַנקייט. פלאַנצן, אַנטוויקלטע אין קינסטלעכע באַדינגונגען, זענען שוואַכע".

די כינעזישע אינטעליגענץ האָט אין אָנהויב אויפגענומען די „100 בלומען" פרייהייט מיט אומצוטרוי, אָבער פּאַמעלעך האָט זי זיך אָנגע־נומען מיט קוראַזש און אָנגעהויבן רעדן אָפענע דיבורים. אין פּעקינער „פּאָלקסצייטונג" האָט אַ פּראָפעסאָר געשריבן: „עס פעלט פלייש. דאָס דאַרף קאָן עס נישט קויפן. אייניקע רעדן וועגן אַ העכערן לעבנס־סטאַנ־דאַרט. ווער זענען די מענטשן, וואָס געניסן פון אַ העכערן לעבנס־סטאַנדאַרט? די קאָמוניסטישע פונקציאָנערן. זיי פאָרן איצט אין לוקסוס־אויטאָס און טראָגן וואָלענע אוניפאָרמען" (וואָל איז אין כינע אַ לוקסוס, אַלע טראָגן דאָרט באַוול) און ווענדנדיק זיך צו די קאָמוניסטן, זאָגט ער: „איר דאַרפט נישט זיין אַראָגאַנט און איינגעבילדעט. ווען איר וועט מאַכן אייער זאַך גוט און ערלעך, — וועט דאָס פאָלק אייך שטיצן, אָבער אויב איר וועט אַרבעטן שלעכט, פאַלש, וועט דאָס פאָלק אייך אַראָפּוואַרפן און דערטרינקען אין טייך. דער שטורץ פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי וועט נישט זיין קיין אומגליק פאַר כינע". נאָך אים זענען געקומען אַנדערע ענלעכע בריוו. אָבער די „פרייהייט" האָט קוים אויסגעהאַלטן אַ מאָנאַט, פון 8־טן מאַי ביזן 7־טן יוני 1957. מאַאָ און די פּאַרטיי האָבן

זיך דערשראָקן פאַר די „הונדערט בלומען" און די קאָמוניסטישע „פאָלקס־צייטונג" האָט פאַרעפנטלעכט פאָלגנדיקע מעלדונג: „פון 8־טן מאי ביזן 7־טן יוני האָבן מיר לויט אַ באַשלוס פון דער פאַרטיי פאַרעפנטלעכט אַלע פאַלשע מיינונגען. דאָס איז געשען, כדי דאָס פאָלק זאָל דערזען דעם גיפטיקן ווילדגראָז און אים פאַרניכטן. איצט זענען די רעאַקציאָנערע קלאַסן־שונאים אויפגעדעקט. איניקע זאָגן, אַז דאָס איז געווען אַ געהיימער קאָמפּלאָט, נייך, דאָס איז געווען אַן אָפענער קאָמפּלאָט. פאַרבאַהאַלטענע דעמאָנען (טייוולס) קאָן מען פאַרניכטן נאָר ווען מען נאָרט זיי אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן".

דער „100 בלומען־פּעריאָד" האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ שענדלעכן טעראָר קעגן די אַנדערש־דענקנדיקע אינטעליגענטן. טויזנטער פון זיי האָט מען דערנידעריקט ביז צווינגען זיי רייניקן די קלאָזעטן און טויזנטער זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

## דער גרויסער שפּרונג

דער דורכפאַל פון זיין „100 בלומען" פּעריאָד האָט געדאַרפט ווירקן אויף מאַאָ׳ן, זיין געדולדיקער, ווי ער אַליין לערנט אין זיין „רויטן ביכל" „די מאַסן דאַרפן אַן ענדערונג, אָבער זיי זענען נישט סוביעקטיוו גרייט צו דער דאָזיקער ענדערונג, דאַרפן מיר וואַרטן געדולדיק" — דאָס האָט מאַאָ געלערנט אַנדערע, אָבער אַליין האָט ער קיין געדולד נישט געהאַט. כינע איז געווען די צענטראַל־מאַכט פון דער וועלט און מוז עס זיין און וואָס פריער. די רוסישע באַרבאַרן האָבן דורכגעפירט זייער רעוואָלוציע מיט 32 יאָר פאַר דער כינעזישער, אָבער זיי זענען באַרבאַרן. מיר כינעזער דאַרפן זיי דעריאָגן און איבעריאָגן". „מיר, כינעזער, דאַרפן זיין די לערער פון דער וועלט". „מיר, כינעזער, דאַרפן ווייזן דעם וועג". „מיר דאַרפן איינפירן דעם אַבסאָלוטן קאָמוניזם פאַר די רוסן, פריער פון זיי".

נאָכן איבערנעמען די מאַכט, האָבן די קאָמוניסטן געפירט אַ מעכטיקע פּראָפּאַגאַנדע פאַר קאָאָפּעראַטיוויזירן דעם כינעזישן דאָרף. זיי האָבן אָנגעוויזן — און מיט רעכט — אַז די קליינע נחלה פון 1,5 דונאַם (1.500 קוו. מ.) קאָן נישט געבן גענוג שפּייז נישט פאַרן פויער און נאָך וויניקער

פאַר דער שטאַט, דעם שטאַטישן אַרבעטער און מלוכה־אַנגעשטעלטן. דאָס איז זיי רעלאַטיוו געלונגען און שוין אין 1956 האָבן געהערט צו די קאָאָפּעראַטיוון 15 פּראָצענט פון פּויערטום. מאָאָ האָט פאַראָרדנט צווײַלן דעם פּראָצעס, קאָלעקטיוויזירן דאָס דאָרף — און אויך דאָס איז געלונגען, ווײַל די כינעזישע דערפער זענען געבויט אויף דער באַזע פון גרויסע משפּחות, „כאַמוליעס", ווו עס האָבן געלעבט זייט בײַ זייט זיידעס און אייניקלעך, שוועסטער־קינדער און זיי האָבן נישט געשטעלט קיין ווידער־שטאַנד דער קאָלעקטיוויזאַציע. אין 1958 האָט כינע די גרעסטע גערע־טעניש אין איר געשיכטע — דערגרייכט צו 220 מיליאָן טאָן רייז און תבואות (די רעגירונג האָט אַפילו געמאָלדן וועגן 375 מיליאָן, אָבער שפּעטער „רעקטיפיקירט" די ציפערן). מאָאָ'ן האָט זיך פאַרדרייט דער קאָפּ פון די גרויסע דערגרייכונגען, כאָטש ער אַליין האָט געלערנט (15.9.56) „מיר טאָרן נישט זיין אַראָגאַנט און לײַדן פון שאָוויניזם צוליב אונדזער זיג און געוויסע דערגרייכונגען. יעדעס פאָלק, גרויס אָדער קליין, האָט שטאַרקע און שוואַכע זייטן". און כסדר מיט זיין לאָזונג: „דער עיקר איז דער מענטש, דער מענטשלעכער ווילן. מיט שטאַרקן ווילן קאָן מען די אָביעקטיווע באַדינגונגען באַהערשן און באַזיגן". און „אַ גוטער ווילן קאָן פאַרוואַנדלען די אָפּגעשטאַנענע כינע אין אַנטוויקלטסטן לאַנד" — לאָזונגען וואָס ער וואַרפט, נישט שטענדיק דורכגעטראַכטע, ווײַל אָפט אויך קעגנזעצלעכע — כאָטש נאָך מיט 4 יאָר פריִער, אין 1957 זאָגט ער: „ס'וועלן זיין נויטיק נאָך אַ סך 5־יאָר פּלענער צו פאַרוואַנדלען כינע אין אַ הויך־אינדוסטריאַליזירט לאַנד" — וואַרפט ער אין 1958 די לאָזונג „אַ גרויסן שפּרונג פאַרויס צום קאָמוניזם".

זייער שווער צו אַנאַליזירן אָביעקטיוו מאָאָ'ס געדאַנקען־גאַנג און זיינע מעשׂים. פון איין זייט איז ער זייער פאָרזיכטיק און דאָס האָט ער אַרויסגעוויזן אין זיין אויסערן־פּאָליטיק. ער האָט גערעדט וועגן דעם „פּאַפּירענעם טיגער", וועגן „מקריב זיין 300 מיליאָן כינעזער" — אָבער נאָך דער מפּלה אין קאָרעאַ, האָט ער נישט געשיקט קיין איין כינעזישן זעלנער אויסער די גרענעצן פון כינע, אויך נישט קיין צפון־וויעטנאַם אָדער קאַמבאָדזשע. ער איז איבערגעפאַלן אינדיע, אָבער ווען ס'האָבן זיך דאָרט באַוויזן אַמעריקאַנער שלאַכט־אַוויאָנען, האָט ער צוריקגעצויגן זיין אַרמיי. ער האָט אָנגעגריפן דעם ראַטנפאַרבאַנד אין ראַדיאָ, פּרעסע, אָבער זיין אַרמיי האָט זיך נישט גערוקט פון טייך אוסורי. — דאָס אַלץ איז געווען קלוגע פאָרזיכטיקייט, אָבער גאָר אַנדערש האָט ער געהאַנדלט

אינערהאַלב פון כינע. אין אַ מאָמענט פון קלאָרקייט זאָגט ער: „אַלע אידייען, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם אַלטן ווירטשאַפטלעכן סיסטעם, פאַר־בלייבן אין די קעפּ פון פאָלק נאָך אַ לאַנגע צייט" (1933), אָבער אין 1956 קומט ער צו אַ נייעם אויספיר: „אין כינע איז דאָס 1955 געווען דאָס דעצידירנדיקע אין קאַמף צווישן סאָציאַליזם און קאַפּיטאַליזם. צום סוף פון דעם יאָר איז דער זיג פון סאָציאַליזם געווען געזיכערט" — און אין 1958 וויל ער נישט נאָר דעריאָגן נאָר אויך איבעריאָגן דאָס „רע־וויזיאָניסטישע רוסלאַנד". ער וויל מיט איין „גרויסן שפּרונג" אַריבער אין דער קאָמוניסטישער קעניגרייך, ער וויל איינשטעלן אין כינע דעם קאָ־מוניזם פריִער ווי אין ראַטנפאַרבאַנד, אין הסכם מיט זיין שטאַנדפּונקט, אַז „דער מענטש איז אַלץ" — שרייבט מאַאָ אין 1958 „דער רעוואָלוציאָ־נערער ענטוזיאַזם און די אידעאָלאָגישע פּוריטעט (ריינקייט) קאָן פאַר־בייטן דעם מאַנגל פון טעכנישע פעיִקייטן און מאַטעריעלע מיטלען" און אין קאָנסעקווענץ „מען קאָן איבערשפּרינגען אַלע אָביעקטיווע שוועריג־קייטן און שטערונגען און גלייך לייגן די באַזעס פאַרן קאָמוניזם".

אין אַ ליד, וואָס ער שרייבט אין דעם דאָזיקן יאָר (1958) און מאַאָ האָט ליב געהאַט צו שרייבן לידער (און זאַכקענער זאָגן, אַז גוטע לידער) זאָגט מאַאָ: „בויענדיקע קאָמונעס עפענען דעם וועג צום הימל"... און ער רופט תיכף ומיד צוטרעטן צו בויען ריזיקע קאָמונעס פון די 500 מיליאָן פּויערים, קאָמונעס וואָס האָבן געדאַרפט אַרומנעמען גאַנצע ראַיאָנען מיט הונדערטער טויזנטער נפשות, געבויטע אויף דער באַזע פון אויטאַרקיע (אויסהאַלטן זיך אַליין), פּראָדוצירן אַלץ וואָס איז נויטיק: רייז, תבואות, בייוול, שמעלצן שטאָל, שפּינען סחורות פאַר זייערע קליידער, שאַפן פאַבריקן פון שיך, פון כעמישע באַמיסטיקונג, בויען דאַמבעס, קאַנאַלי־זירן די טייך — אַלץ וואָס עס דאַרף אַ מאָדערנע מדינה — און דאָס אַלץ אין די ראַמען פון דער קאָמונע.

כדי דאָס צו דערגרייכן, דאַרף מען פאַרניכטן דעם גאַנצן לעבנס־שטייגער פון כינעזישן פּויער, פאַרניכטן די משפחה גופא, אָפּטיילן דעם מאַן פון דער פרוי, דעם פאָטער און מוטער פון די קינדער, — פאַר־וואַנדלען די הונדערטער מיליאָנען אין זעלנער, וואָס פירן אויס מעכאַניש און דיסציפּלינירט די באַפעלן פון זייערע „אָפּיצירן". מ'האָט פאַרטריבן מיליאָנען פון זייערע דערפער, זייערע היימען, פאַרטריבן אין ריזיקע קאַזאַרמעס, די מענער באַזונדער, די פרויען באַזונדער, צוגענומען ביים פּויער נישט נאָר זיין שטיקל ערד, אויך זיין אָרעם הייזקעלע, זיין לעצטן

חזיר און עוף און זיי געצווונגען צו אַרבעטן פון זון־אויפגאַנג ביז אונ־טערגאַנג אונטער דער קאָמאַנדע פון די „אָפּיצירן״־מוכטאַרן. מאָאָ איז געווען פאַרשיכורט פון זיין גענואַלטיקער דערגרייכונג און געשריבן: „מיר האָבן געוואָגט צו באַפעלן דער זון און לבנה צו ברענגען דעם נייעם טאָג״ („שמש בגבעון וירח בעמק אילון״ — אין תנ״ך). „מיר האָבן צע־שמעטערט די ראַמען פון דער אינדיווידועלער משפחה, וואָס האָט עקזיס־טירט טויזנטער יאָר. מיר מוזן די קאָמונע באַטראַכטן אַלס אונדזער משפחה און דער „קליינער משפחה״ (ד. ה. פרוי און קינדער) נישט שענקען קיין באַזונדער אָרט אין אונדזער לעבן. אין משך פון טויזנטער יאָרן האָט מען פאַרהערלעכט די מוטער־ליבע. ס׳איז אָבער פאַלש צו דערנידריקן דעם מענטשן פון אַ סאָציאַלן וועזן און פאַרוואַנדלען אים אין אַ ביאָלאָגישן קערפּער. די ליבסטע מענטשן אין דער וועלט זענען די עלטערן, מען טאָר זיי אָבער נישט פאַרגלייכן צום פאָרזיצנדן מאָאָ און דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. נישט די משפחה האָט אונדז אַלץ גע־געבן, נאָר די קאָמוניסטישע פאַרטיי און די גרויסע רעוואָלוציע. דאָס פּריוואַטע לעבן איז נישט וויכטיק. פרויען דאַרפן נישט צונעמען ביי די מענער צופיל ענערגיע״ — אָט דעם דאָזיקן טרוים פון „ביג בראָדער״, וואָס שאַפט קינדער אין די וויסנשאַפטלעכע לאַבאָראַטאָריעס און שאַפט אָפּ ליבע און יעדן ביאָלאָגישן געזעץ — וויל איצט פאַרווירקלעכן מאָאָ אין כינע. 500 מיליאָן פויערים ווערן פאַרוואַנדלט אין 500 מיליאָן שקלאַפן, פאַרמאַכט אין ריזיקע אַרבעטס־לאַגערן, שלאָפן אין ריזיקע באַראַקן, עסן פון ריזיקע קעסלען, אַרבעטן ביז 16 שעה אַ טאָג — אַלץ אין נאָמען פון „קאָמוניזם״.

דעם 20־טן אַפּריל 1958 ווערט געגרינדעט די ערשטע קאָמונע „ספּוטניק״ (א. נ. פון ערשטן סאָוויעטישן סאַטעליט, וואָס איז דאַן אַרויס־געלאָזט געוואָרן). ער נעמט אַרום 27 קאָלכאָזן מיט 9.300 משפחות און 43 טויזנט נפשות. אין משך פון קורצע חדשים זענען אויפגעשטעלט גע־וואָרן אַזעלכע 26 טויזנט „קאָמונעס״, וואָס האָבן אַרומגענומען 120 מיליאָן נפשות. פריער האָבן זיי געהערט צו 740 טויזנט „קאָלכאָזן״, וואָס יעדער פון זיי האָט געציילט 160 קליינע משפחות („קליינע״ אין קעגנזאַץ צו די גרויסע „כאַמוליעס״) און... בלויז אין איין ראַיאָן פון דער פּראָווינץ הונאַן זענען אין 10 טעג געגרינדעט געוואָרן... 4530 „פאַבריקן״ פון שטאָל, אייזן, מאַשינעס, כעמישע באַמיסטיקונג, צעמענט א. א. וו... אין משך פון אַ גאָר קורצער צייט זענען געגרינדעט געוואָרן אין די כינעזי־

שע „קאָמונעס"... 2 מיליאָן (!) גיס־אויוונס אויף צו פּראָדוצירן שטאָל! — מעלדעט מיט שטאָלץ די כינעזישע רעגירונג. 2 מיליאָן שטאָל־פאַבריקן! אַזאַ צאָל עקזיסטירט נישט אויף דער גאַנצער וועלט!

מ'האָט אָפּגעטיילט די פרויען און נאָר איין מאָל אַ וואָך דערלויבט די מענער צו באַזוכן זייערע פרויען. די קליינע קינדער איבערגעפירט אין קינדער־יאַסלעס, די גרעסערע — אין שולן און צו דער אַרבעט. יעדער מיטגליד פון דער קאָמונע האָט באַקומען פון גרויסן קעסל זיין טעלער זופּ אָדער פּאָרציע רייז, באַקומען אַ פּאָר שיך פון שטאָף און האָלץ, אַן „אָווערראָל" און... מ'האָט אים צוגעזאָגט, אַז אויב די „קאָמונע" וועט האָבן פאַרדינסטן, וועט ער באַקומען זיין טייל...

אין קעגנזאַץ צו די „קאָלכאָזן", וואָס זענען אים דאָך געווען פאַמי־ליאַר, איז די „קאָמונע" מיט די דראַקאָנישע געזעצן אויפגענומען געוואָרן פיינטלעך און אַרויסגערופן אַ מאַסן־ווידערשטאַנד. אַ טייל פויערים האָט געשטעלט אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד, נישט געזייט און נישט געשניטן, אַן אַנדער טייל, ווו דאָס פויערטום איז געווען אַקטיווער, באַזונדערס אין די פּראָווינצן קיאַנגסי, הונאַן א. א. ווו אין 1927 איז געגרינדעט געוואָרן די „ערשטע סאָוויעטישע רעפּובליק" איז געקומען צו אָפענע אויפשטאַנדן. די גערעטעניש איז געפאַלן פון 220 מיליאָן טאָן אין 1958 אויף 150 מיליאָן אין 1959 און אין רעזולטאַט — אַ שווערער הונגער. דער שטאָל איז קיין שטאָל נישט געווען, די „פאַבריקן" האָבן נישט געאַרבעט, נישט געווען נישט קיין רוי־שטאָף און נישט קיין אַרבעטער — דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען חרוב. אַפילו די מאָסקווער „פּראַוודאַ", וואָס האָט נאָך אָנגעהאַלטן אָפיציעל איר סימפּאַטיע פאַר דער כינעזישער רעוואָלוציע האָט געשריבן: „דער פּרווו פון איבערשפּרינגען גאַנצע היסטאָרישע תקופות ברענגט נוצן נאָר די שונאים פון אַרבעטער־קלאַס. נאָך ענגעלס האָט קריטיקירט די בלאַנקיסטן, וואָס האָבן געחלומט וועגן איבערשפּרינ־גען פון פעאָדאַליזם צום קאָמוניזם... דאָס איז ענלעך צום לערנען אַ 4־יעריק קינד העכערע מאַטעמאַטיק".

די גאַנצע וועלט האָט געקוקט אויף דעם ווילדן עקספּערימענט ווי אַן אויסדרוק פון משוגעת און אַזוי אויך די סאָוויעטישע מנהיגים מיט ניקיטאַ כרושטשאָוו בראש.

די לאַגע איז געוואָרן אַזוי געפערלעך, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט נאָך אַ יאָר אָפּגעשטעלט די „קאָ־מוניזירונג"־פּאָליטיק, דערלויבט די פויערים זיך אומקערן אין זייערע

קאַלכאָזן, צו זייערע הייזקעס, פּרויען, קינדער, חזיר און עוף — און מאַאָ טסע־טונג איז צום ערשטן מאָל זינט 1935, נישט אויסגעווײַלט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון דער כינעזישער רעפּובליק — און אָנשטאָט אים איז באַשטימט געוואָרן דער מיושבדיקער לו־טשאַאָ־שי (אין וועלכן מאַאָ האָט נקמה גענומען 7 יאָר שפּעטער...).

די פּויערים האָבן זיך אומגעקערט צו זייער אַרבעט און די גערע־טעניש האָט אָנגעהויבן וואַקסן פון 150 מיליאָן אויף 220—250 מיליאָן. דאָס לאַנד האָט זיך באַרויִקט און כינע האָט אָנגעהויבן צו פירן אַ מער־ווייניק נאָרמאַל ווירטשאַפטלעך לעבן, אָן סענסאַציאָנעלע דערפאָלגן, אָבער אויך אָן גרויסע מפּלות.

## „די פּראָלעטאַרישע־קולטור־רעוואָלוציע"

מאַאָ האָט געטראָגן דעם טיטל „פּאַרזיצנדער" פון דער קאָם־פּאַרטיי, אָבער נישט געהאַט קיין גרויסע השפּעה אויף דער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי און רעגירונג.

די מערהייט פון צענטראַל־קאָמיטעט און כמעט אַלע אָנפירנדיקע קאָמוניסטן אין כינע האָבן געזוכט „נאָרמאַלע וועגן" — און „נאָרמאַלע וועגן" זענען געווען די פון סאָוויעטן פאַרבאַנד.

מאַאָ האָט נישט געקאָנט משלים זיין מיט די דאָזיקע וועגן. פון איין זייט — די שנאה צו לו־טשאַאָ־שי און זיינע חברים, וואָס האָבן אים, דעם גרויסן דענקער, דעם בויער, סטראַטעג, זיגער, אים דערווייטערט פון דער מאַכט, איבערגעשיקט אויף „פּענסיע", פון דער צווייטער — די פאַרוואַנדלונג פון פּאַרטיי־און רעגירונגס־אַפּאַראַט אין אַ נייעם מאַנדאַריי־נען־קלאַס, ווי ס'האָט מיט יאָרן פריִער אָנגעוויזן דער יוגאָסלאַווישער מילאָוואַן דזשילאַס, — „אַ קלאַס, אַ רעאַקציאָנערן וואָס שטייט איבערן פּראָלעטאַריאַט און עקספּלואַטירט די אַרבעטנדיקע שיכטן: די אַרבעטער און די פּויערים". מאַאָ באַמיט זיך קעגנצושטעלן דעם דאָזיקן פּראָצעס, ער וויל אָנהאַלטן די „ריינקייט" פון יענאָן, אויסמיידן די ביוראָקראַטי־זאַציע פון דער „רעוואָלוציע". „ס'איז נויטיק אָנצוהאַלטן דעם סיסטעם פון אָנטייל פון די קאַדרן (פּראָפעסאָרן, מלוכה־באַאַמטע, אָפיצירן) אין

דער קאָלעקטיווער פּראָדוקטיווער אַרבעט. די קאַדרן פון דער פּאַרטיי דאַרפן זיין פּשוטע אַרבעטער און נישט קיין פּריצים און מאַנדאַרינען, וואָס לעבן אויפן חשבון פון פאָלק. זיי דאַרפן זיין ענג פאַרבונדן מיטן פאָלק" (14.7.64). מאָאָ האָט אַ שוואַכקייט (מעגלעך, אַ מין „קבלה"־אַסטראָלאָגישע שוואַכקייט) צו ציפערן און יעדע אויפגאַבע שטעלט ער אַרויס אין פאָרם פון „די 5 אַנטי", „די דריי אַנטי" א. א. וו. אין 1962 רוקט ער אַרויס „די צען גרויסע ווידערשפּרוכן". וועלכע זענען עס? „די באַציִונגען צווישן דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג פון ברעג־לאַנד (שאַנגהאַי, קאַנטאָן א. א. — שאַנגהאַי איז אויסגעוואַקסן צו אַ שטאָט פון 12—11 מיליאָן נפשות) און דעם אינערן פון לאַנד", „די באַציִונגען צווישן רעוואָלוציע און קאָנטררעוואָלוציע", „די באַציִונגען צווישן ריכטיקע און פאַלשע וועגן".

סטאַלין, ווי פּיאָטר דער גרויסער מיט 200 יאָר פאַר אים, האָט געלייגט די הויפּט־אַכט אויף ז'ער שווער־אינדוסטריע און ספּעציעל די מיליטערישע. זיין לאָזונג איז געווען: „נישט פּוטער נאָר האַרמאַטן", ברענגענדיק אַלס קרבן די אַגריקולטור און לייכט־אינדוסטריע. מאָאָ איז פאַר אַלעם אַ פּויער, זיין הויפּט־כוח איז געווען דער פּויערישער און דערפאַר רעדט ער מיט צופרידנקייט וועגן דער כינעזישער רעוואָלוציע „מיר האָבן געלייגט דעם הויפּט־געוויכט אויף דער אַגריקולטור און לייכט־אינדוסטריע, העכערנדיק אונדזערע אינוועסטיציעס אין די דאָזיקע צווייגן פון דערווירטשאַפט און אויף אונדזער מאַרק הערשט אַ גרעסערער אויסוואַל פון פּראָדוקטן" — און דאָס איז געווען אַ רעלאַטיווער אמת. כינע געהערט צו די אויסנאַם־לענדער אין דער וועלט, ווו נישט קוקנדיק אויף איר קאָלאָסאַלער באַפעלקערונג (ביי די 800—700 מיליאָן, קיין גענויע ציפערן זענען נישט פאַראַן) ווייסט מען נישט פון קיין הונגער. קיינער כמעט, איז דאָרט נישט זאַט, אָבער אויך קיינער איז נישט הונגעריק. דעם נויטיקן מינימום (ביי אַ האַלבן קילאָ אַ טאָג אויף אַ נפש) רייז אָדער הירש באַקומט יעדער איינער, ווי אויך זיין „אָוועראָל" (פון בייוול), זיינע סאַנדאַלן. פאַר דער רעוואָלוציע איז אין כינע הונגער־טויט פון מיליאָנען געווען אַ נאָרמאַלע דערשיינונג.

רעדנדיק וועגן דעם „סיכסוך צווישן דעם ברעג־לאַנד און אינערן" ברענגט אַרויס מאָאָ קינדערשע, כמעט קראָפּאָטקין־געדאַנקען, וואָס באַווייזן, אַז ער האָט נישט די מינדעסטע אַנונג אין ווירטשאַפטלעכע פּראָ־

בלעמען. ער זאָגט צ. ב. וועגן די נייע פאַבריקן „אויב זייער קאַפּאַציטעט וועט זיין אַנטוויקלט אין פולן שווונג, וועלן זיי אין איין יאָר אַמאָרטיזירן די אינוועסטיציעס" — וואָס איז אַן אַבסורד, ווייל ער באַדייט, אַז די פרייזן פון די פּראָדוקטן דאַרפן זיין אַזוי הויך, אַז אין איין יאָר זאָלן זיי ברענגען אַ ריווח פון 100 פּראָצענט אויפן אינוועסטירטן קאַפּיטאַל. אַ פּאָר שורות ווייטער שרייבט ער: „אַזוי איז מעגלעך אין משך פון 5 יאָר אויפצובויען אַזעלכע 3—4 נייע פאַבריקן אָדער מינדעסטנס... אַ האַלבע פאַבריק (3—4 אָדער אַ האַלבע ?)... כדי צו רעאַליזירן דעם פּלאַן פעלן אונדז 400 טויזנט טעכניקער, וועלכע מיר קאָנען דערצי:ען פון די אַרבעטער. ס'איז נישט בויטיק, זיי זאָלן זיין אינזשיניערן. אויך מאַקסים גאָרקי (דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציאָנערער שרייבער) האָט נישט געלערנט אין דער שול מער ווי 2 יאָר" — אויך דאָס איז אַן אויסדרוק פון קינדערשן אָדער סעניל (עלטער) פּרימיטיוויזם. אַז ס'וועט אויפקומען אַ שלעכטער „גאָרקי" און שרייבן שלעכטע דערציילונגען אָדער לידער מיט אַ סך פעלערן און שגיאות, וועט עס קיינעם נישט שאַטן, אָבער אַ געביידע אויפגעשטעלט דורך אַזעלכע אַד־האָק־טעכניקער קאָן לייכט איינ־פאַלן און דערמאָרדן טויזנטער אַרבעטער... מאַאָ „בויט" פּערזן און ווי סטאַלין („דער גרעסטער אַרכיטעקט פון דער וועלט") גלויבט ער, אַז ער קאָן אויך „בויען" בנינים און פאַבריקן...

ווי שוין דערמאָנט איז מאַאָ אַ דיכטער און אָפט איז שווער צו פאַרשטיין צי ער זאָגט באַוווסטזיניק ליגן, אָדער ס'איז נישט מער ווי „פּאָעטישע פאַנטאַזיע". כדי אונטערצושטרייכן, אַז „נישט די טעכניק נאָר דער מענטש איז דער עיקר" דערציילט ער, אַז „מיר האָבן באַזיגט די יאַפּאַנער, פאַרמאַגנדיק נישט מער ווי הירש און פאַרזשאַווערטע ביקסן" — מיר האָבן שוין דערמאָנט אַז מאַאָ'ס יענאַן־אַרמיי האָט בכלל נישט געקעמפט קעגן די יאַפּאַנער אויסער קליינע פאַרטיזאַנען־גרופּן, וואָס האָבן באַלעסטיקט ווי קאָמאַרן, אָבער נישט געשפּילט קיין שום ממשותדיקע ראָל אין דער מלחמה קעגן יאַפּאַן.

מאַאָ פאַרשטייט יאָ (ער איז דאָך פאַרבליבן אַ פּויער), אַז „מיר טאָרן נישט פאָדערן צופיל פון פּויער". מאַאָ לערנט „מיר מוזן פאַרשטאַרקן די דיסציפּלין אין דער פּאַרטיי. די מינדערהייט מוז זיך אונטערוואַרפן דער מערהייט" (אָקטאָבער 1938) — דאָס איז גילטיק פאַר אַלעמען, נאָר נישט פאַר אים. ער דערקלערט, אַז ער איז „פאַר דער עקזיסטענץ פון

פאַרשידענע פאַרטייען אין כינע, ווייל אַלץ וואָס עס עקזיסטירט אין דער וועלט איז אַ פּראָדוקט פון דער געשיכטע און וועט דורך דער געשיכטע איבערגעוואונדן ווערן. אויך די קאָמוניסטישע פאַרטיי איז אַ פּראָדוקט פון דער היסטאָריע און מיט איר וועט זי פאַרשווינדן".

מאַאָ לייקנט טראָצקי׳ן, ווי ס׳באַפעלט סטאַלין. טראָצקי איז פאַר מאַאָ׳ן „טראָצקי איז אַן אַגענט פון אימפּעריאַליזם", אָבער מאַאָ נעמט אויף טראָצקיס טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע" און גייט נאָך ווייטער, נעמט אויך איבער די אַנאַרכיסטישע טעאָריע, אַז „יעדע מאַכט איז שלעכט" און קומט צום אויספיר „די ריכטיקע שטעלונג איז דערלויבן דער מאַסע דורכצופירן איר רעוואָלוציע... ס׳איז נישט ריכטיק צו שטערן דעם פאָלק מאַכן די רעוואָלוציע. ס׳איז נישט ריכטיק צו שטערן די אַרבעטער צערעכט מאַכן זייערע פעלערן" — נייִן, ס׳איז נישט ריכטיק צו שטערן דעם „פאָלק" צו מאַכן אַ רעוואָלוציע, אויף וויפל זי איז נישט געווענדעט קעגן אים, דעם פאַרזיצנדן מאַאָ־טסע־טונג און דערפאַר פּראָקלאַמירט ער אין 1966 אַ רעוואָלוציע קעגן דער מערהייט פון צענטראַל־קאָמיטעט („די מינדערהייט דאַרף זיך אונטערוואַרפן דער מערהייט") קעגן פאַרטיי־אַפּאַראַט, קעגן דעם מדינה־אַפּאַראַט, קעגן דער רעגירונג, קעגן דעם קאָמוניסטישן בירגערמייסטער פון פעקין, קעגן קאָמוניסטישן רעקטאָר פון פעקינער אוניווערסיטעט, קעגן די רעדאַקציעס פון די קאָמוניסטישע צייטונגען, קעגן די קאָמוניסטישע ליטעראַטן און קינסטלער — קעגן אַלע, וואָס זענען נישט מסכים מיט זיינע, מאַאָ׳ס געדאַנקען און טעאָריעס און פאַר אַלעם קעגן לו־טשאַאָ־שי, דעם פּרעזידענט פון כינע, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן אין 1959 אָנשטאָט אים.

מאַאָ פּראָקלאַמירט די „פּראָלעטאַרישע קולטור־רעוואָלוציע". ווער זענען זיינע טרעגער? די אַרבעטער, נייִן, זיי האָבן פּאַריאַגט אין שאַנגהאַי די נייע „רעוואָלוציאָנערן", די פּויערים — אויך נישט. די טרעגער זענען: די אַרמײ און די יוגנט. ער האָט טאַקע געלערנט: „דער איינציקער סיסטעם צו לייזן אידעאָלאָגישע קאָנטראָווערסיעס אין פאָלק איז נאָר איבערצייגונג און דערציונג בשום אופן נישט רעפּרעסיעס" (17.2.57) אָדער „אונדזער פּרינציפּ איז: די פּאַרטײ באַפעלט דער אַרמײ און קיינמאָל קאָן די אַרמײ נישט באַפעלן דער פּאַרטײ" (6.11.38) — דאָס איז אָבער אַלץ געזאָגט ווען עס האַנדלט זיך נישט וועגן אים. אים — איז אַלץ דערלויבט. מיט דער הילף פון גענעראַל לין־פּיאַאָ, שעף פון דער כינעזישער

אַרמיי (וואָס וועט געהרגעט ווערן אויפֿן וועג קיין מאָסקווע, וווהין ער פּרוּווט אַנטלויפֿן 5 יאָר שפּעטער — דעם 12.9.71 — אין אַן עראָפּלאַן, זײַן מאַנגאָליע), מאָביליזירט מאַאָ צענדליקער מיליאָנען קינדער און יוגנט־לעכע, שליסט די שולן, אוניווערסיטעטן און וואַרפֿט אַרײַן דאָס לאַנד אין אַ געפֿערלעכן כאַאָס. ווען דאָס געשעט מיט אַ 30—20 יאָר פֿריִער, וואָלט פֿון כינע שוין קיין שפּור נישט געבליבן, ווייל זי וואָלט צעטיילט געוואָרן אויף צענדליקער באַזונדערע פּראָווינצן און קאָלאָניעס. כינעס גליק איז געווען, וואָס מיר לעבן אין אַן אַנדער צייט, אין אַ פּעריאָד ווען קאָלאָניעס ווערן באַפֿרייט און קיין שום מדינה (אויסער פּאָרטוגאַל) זוכט הײַנט נישט צו פֿאַרכאַפּן פֿרעמדע לענדער...

נאָך מיט אײַן יאָר פֿאַר דער „רעוואָלוציע", דעם 14־טן יאַנואַר 1965 שרייבט מאַאָ אין זײַן אַרטיקל „די 23 פּונקטן" (מיר האָבן שוין דערמאָנט זײַן שוואַכקייט צו ציפֿערן): „די סיטואַציע פֿון לאַנד איז אויסגעצייכנט אויף אַלע פֿראָנטן: פּאָליטישן, אידעאָלאָגישן, קולטורעלן און מיליטערישן... די ליניע פֿון אונדזער פּאַרטיי אויפֿן וועג אויפֿצובויען דעם סאָציאַליזם איז אַ ריכטיקע און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז אַ גרויסע און ריכטיקע פּאַרטיי און ס'איז מעגלעך לײַכט צו לייזן יעדן פּראָבלעם, וואָס רוקט זיך אַרויס אין דאָרף און שטאָט, ווייל 95 פּראָצענט פֿון פֿאָלק איז מיט דער פּאַרטיי. ס'עקזיסטירן ווידערשפּרוכן צווישן די „4 טוגענדן" און די „4 אומ־ריינקייטן". די דאָזיקע ווידערשפּרוכן קלערן נישט אויף די ווידערשפּרוכן, וואָס עקזיסטירן איצט און דערפֿאַר געהערן זיי נישט צום מאַרקסיסטיש־לעניניסטישן מעטאָד" (אַ מעטאָד וואָס דערקלערט נישט אַלע סאָציאַלע ווידערשפּרוכן קאָן נישט זײַן ריכטיק, אָבער מאַאָ האָט געלערנט די „מאַרקסיסטישע" דיאַלעקטיק, וואָס איז געבויט אויף ווידערשפּרוכן און אַפֿילו ווו זיי זענען נישט פֿאַראַן — מוז ער זיי געפֿינען). אָבער „אין דער פּאַרטיי געפֿינען זיך עלעמענטן, וואָס האָבן אָנגענומען דעם קאַפּיטאַליס־טישן וועג און זיי פֿאַרנעמען וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער פּאַרטיי־אָנפֿי־רונג" (ווי אַזוי קאָן אַ פּאַרטיי־לייטונג, אין וועלכער „קאַפּיטאַליסטישע" עלעמענטן פֿאַרנעמען וויכטיקע פּאָזיציעס, אָנפֿירן אַ ריכטיקע פּאָליטיק — פֿאַרבלייבט מאַאָ'ס סוד). מאַאָ זעצט פֿאָר און לויט זײַן שטייגער:

„דעריבער דאַרף מען אָנהאַלטן די באַוועגונג פֿון די „טוגענדן": פּאָלי־טישע, עקאָנאָמישע, אָרגאַניזאַציאָנעלע און אידעאָלאָגישע, וואָס איז די פֿאָרזעצונג פֿון דער באַוועגונג, וואָס האָט פֿריִער געהייסן „די 5 אַנטי".

מען דאַרף אַנטוויקלען די „3 פאַראייניקונגען" פון די מאַסן, אַנפירערשאַפט און אַרבעטס־גרופּן (די „אַרבעטס־גרופּן" געהערן נישט צו די „מאַסן"?)... אין קורס פון דער דאָזיקער באַוועגונג דאַרפן מיר האָבן צוטרוי צו די מאַסן". מאָאָ'ס צענטראַלע לאָזונג, אַז „די מאַסן זענען שטענדיק גערעכט" איז פּאַקטיש אַן אַפּלייקענונג פון דער ראָל פון דער פּאַרטיי, וועמענס אויפגאַבע איז לערנען און אָנפירן די מאַסע. דאָס איז אַ דעמאַגאָגישע לאָזונג, וואָס האָט אַלס ציל צו חנפענען די מאַסן און זיי באַנוצן אַלס בייטש קעגן דער פּאַרטיי. נאָר די דאָזיקע „מאַסן" האָבן, ווי שוין דערמאָנט, נישט אָנטיילגענומען אין זיין „פּראָלעטאַרישער קולטור־רעוואָלוציע", אָבער יאָ — קינדער פון 7 ביז 18 יאָר. די אַרבעטער זענען געווען אָרגאַניזירט אין זייערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און געאַרבעט ביז 14 שעה אַ טאָג און נישט געהאַט נישט קיין כוח, נישט קיין צייט און נישט קיין חשק אָנטיילצונעמען אין דער נייער „רעוואָלוציע" (אין 1927 האָבן זיך די „מאַסן" אָפּגעזאָגט צו שטיצן טראָצקיס רעוואָלוציע). די פּראָפ. פאַראיינען, וואָס ציילן 21 מיליאָן מיטגלידער זענען פאַרבונדן מיט די „קאַפּיטאַליסטישע" עלעמענטן און זאָגן זיך אָפּ צו שטיצן מאָאָ'ן.

די „קאַפּיטאַליסטישע" רעגירונג פון לו־טשאַאָ־שי האָט באַוויזן אויפצושטעלן אַ רעלאַטיוו־גרויסע אינדוסטריע. אַזוי איז איר געלונגען צו שאַפן אַן אינדוסטריע פון קינסטלעכער באַמיסטיקונג — לעבנס־נויטיק פאַר דער כינעזישער אַגריקולטור — און דערגרייכט ביז צו אַ פּראָדוקציע פון 7 מיליאָן טאָן אַ יאָר, ווייניק פאַר כינע, אָבער אין 1949 — האָט נישט עקזיסטירט קיין איין כעמישע פאַבריק. ס'זענען אויפגעשטעלט 20 גרויסע שטאָלקאָמבינאַטן אויפן אָרט פון מאָאָ'ס 2 מיליאָן שטאָל־גיסעררייען; אויפגעשטעלט פאַבריקן פון לאַסט־אויטאָמאָבילן און טראַקטאָרן און אין 1964 — אויפגעריסן די ערשטע אַטאָם־באָמבע.

כינע האָט זיך אַנטוויקלט, אָבער מאָאָ איז געווען אומצופרידן. ראשית, ווייל ער איז נישט געשטאַנען בראש פון דער רעגירונג און פאַרטיי, כאָטש ער האָט געטראָגן דעם ערן־טיטל „פּאַרזיצנדער" און שנית — ווייל ער האָט געחלומט וועגן אַ רעזשים אָן ביוראָקראַטיע. ער האָט געוואָלט, אַז די כינעזישע מאַכט זאָל זיין געבויט אויף אַ באַזע ענלעך צו דער „פּאַריזער קאָמונע" (וועגן וועלכער מיר האָבן שוין גערעדט), אויסוויילן אַלע נויטיקע פונקציאָנערן, באַאַמטע, פאַבריקס־דירעקטאָרן א. א. וו. אין דירעקטע וואַלן דורך די אַרבעטער, די דאָזיקע באַאַמטע איינשליסלעך די פּראָפעסאָרן פון

די אוניווערסיטעטן מוזן זיין פֿאַרבונדן מיטן דאָרף, יעדעס יאָר אַרבעטן כאַטש 3 חדשים אויפֿן פעלד, לעבן צוזאַמען מיט די פּויערים און ביי זיי, ביי די פּויערים לערנען „סאָציאַליזם"...

„די רעוואָלוציע דאַרף דויערן טויזנט יאָר" —רופֿט אויס מאַאָ און מאַכן זי, פֿאַרזעצן, וועט די יוגנט. די יוגנט איז נאָך נישט דעמאָראַליזירט, זיך נישט אָנגעשטעקט פֿון „קאַפּיטאַליזם" און „רעוויזיאָניזם". אָנפֿירן מיט דער „רעוואָלוציע" וועלן לין־פּיאַאָ, וועמען מאַאָ באַשטימט אַלס זיין יורש און... טשאַנג־טשינג, מאַאָ'ס פרוי, אַן אַרטיסטקע, מיט וועלכער מאַאָ האָט חתונה געהאַט אין 1937 אין יענאַן, נאָכן גט'ן זיין 2־טע פרוי. טשאַנג־טשינג (איר אמתער נאָמען לי־סין־פּא) האָט געהאַט טענות צו דער דירעקציע פֿון דער פּעקינער אָפּערע פֿאַר וואָס מ'האָט זי נישט איינגעלאָדן אַרויסטרעטן — און געוואָרן אַ „רעוואָלוציאָנערקע". איר ערשטער אַרויסטריט איז געווען קעגן דער „קאַפּיטאַליסטישער" לייטונג פֿון דער אָפּערע.

לין־פּיאַא איז געווען אַן אַלטער קעמפער, אַ וועטעראַן פֿון „לאַנגן מאַרש", אין צייט פֿון דער מלחמה, זיך אויסגעצייכנט אין גערילאַ־קאַמפֿן קעגן די יאַפּאַנער, אין קאָרעאַ־קריג אָנגעפֿירט מיט דער כינעזישער אַרמיי. לין פּיאַאָ איז געווען דער אָפֿיציעלער פֿאַרשטייער פֿון דער 3־מיליאָניקער אַרמיי, כאָטש אַ סך פֿון די אָפֿיצירן און גענעראַלן זענען קעגן דער נייער „רעוואָלוציע" מורא האָבנדיק — און מיט רעכט — פֿאַר דער אַנאַרכיע. אייניקע, ווי אין דער פּראָווינץ סינקיאַנג, צענטער פֿון די אַטאָמישע עקספּערימענטן, האָבן פֿאַרבאָטן די „פּראָלעטאַרישע קולטור־רעוואָלוציע". אַנדערע האָבן אַרעסטירט די צו פֿיל ענטוזיאַסטישע יוגנטלעכע.

מאַאָ'ס רוף האָט געפֿונען אַ גוטן אָפּקלאַנג ביי קינדער און יוגנט, וואָס האָט פּלוצים באַקומען אַ לעגאַלע דערלויבעניש אויף אַוואַנטורעס, וואָס יוגנט האָט בכלל ליב, אַוועקוואַרפֿן די שול־בענק, די נישט־שטענדיק באַליבטע לערער און... פֿאָרן, פֿאָרן פריי, אָן געלט (די באַן־דירעקציע האָט געשטעלט צו דינסט דער „רעוואָלוציע" די באַנען) באַזוכן נייע, אומבאַקאַנטע ערטער (כינע פֿאַרנעמט אַ שטח נישט קלענער ווי גאַנץ אייראָפּע, פֿון די אוראַלן ביזן אַטלאַנטישן אָקעאַן), באַזוכן די לעגענדאַרע פּעקין מיט אירע קייסערלעכע גערטנער און קברים, די ריזיקע כינעזישע מויער און דאָס אַלץ פֿאָרן ביליקן פּרייז פֿון איבערחזרן אַ תּפֿילה, אַ תּפֿילה צו מאַאָ־טסע־טונג, דעם נייעם, מאָדערנעם קונג־פו־טשי. יעדעס קינד האָט באַקומען אַ

נייע „ביבל״, די „תורה מאָא״, דאָס באַוווּסטע רויטע ביכעלע, באַקומען עס אומזיסט און געדאַרפט אויסלערנען פון אויסנווייניק אייניקע פּסוקים... איז פּעקין פאַרפולט געוואָרן מיט מיליאָנען קינדער און יוגנטלעכע, אָנגע־פּירטע פון זעלנער פון לין־פּיאָא און די שיינע אַרטיסטקע טשאַנג־טשינג און זייערע געהילפן. עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן די סטודענטן פון די אוניווער־סיטעטן, באַזונדערס די וואָס זענען געווען אָפּגעשטאַנען אין די לימודים און אויפגענומען מיט פרייד מאָא׳ס „תורה״, אַז אויך גאָרקי האָט נישט געלערנט מער ווי 2 יאָר... זיי האָבן געהאַט טענות צו זייערע פּראָפעסאָרן, באַזונדערס צו די, וואָס האָבן געפאָדערט, אַז סטודענטן דאַרפן לערנען און זיך אָנגע־שלאָסן צו די „איבערדערציער״, „רעקטיפיקאַטאָרן״ לויט מאָא׳ס דעפיניציע.

מיט 50 מיליאָן קינדער און יוגנטלעכע און דער אַרמיי הינטער זיי — האָט מאָא דורכגעפירט זיין „רעוואָלוציע״, ליקווידירט דעם פּרעזידענט לו־טשאַא־שי, די מערהייט פון צענטראַל־קאָמיטעט, פאַרנומען אַלע בנינים און ביוראָען פון דער פּאַרטיי, רעגירונג, מוניציפּאַליטעט, אוניווערסיטעט און אָפּערע. דורכגעפירט מיאוסע דערנידערונגס־פּראָצעסן קעגן דער אַלטער קאָמוניסטישער גוואַרדיע, קעגן אַלע, וואָס זענען נישט געווען מסכים מיט מאָא׳ס אַוואַנטוריסטישער „תורה״ אָנגעטאָן אייזל־היטלען די פּראָפעסאָרן, זיי געצוווּנגען צו רייניקן די קלאָזעטן, געצוווּנגען די פרוי פון פּרעזידענט אָנטאָן אַ „אימפּעריאַליסטיש״ קלייד, באַשפּיגן די „קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן״ און נישט איינעם דערמאָרדעט. צענדליקער און הונדערטער טויזנטער באַאַמטע און פּראָפעסאָרן זענען פאַרשיקט געוואָרן אין די „קאָמונעס״ און „קאָלכאָזן״ זיי זאָלן זיך לערנען מאָא׳ס „תורה״ פון... די אַנאַלפאַבעטישע פּויערים, ווערנדיק אויסגעשמירט מיט דער אָרגאַנישער באַמיסטיקונג פון די פעלדער. טויזנטער זענען אַריינגעוואָרפן אין די טייכן און זייערע קערפּער האָט דאָס וואַסער געבראַכט שפּעטער קיין האָנגקאָנג.

הונדערטער מיליאָנען פון דעם „רויטן ביכל״ זענען צעטיילט געוואָרן אומזיסט און אַפילו 3־יעריקע קינדער אין די קינדער־גערטנער האָט מען געלערנט אַז „די ליבע צו מאָא איז העכער פון דער ליבע צו זייערע עלטערן״. מאָא האָט טאַקע געלערנט און דאָס געפינט זיך אויך אין „רויטן ביכעלע״: „אונדזער פּרינציפּ איז, אַז די פּאַרטיי באַפעלט דער אַרמיי און קיינמאָל קאָן די אַרמיי נישט באַפעלן דער פּאַרטיי״ — און... האָט געהאַנדלט פּונקט פאַרקערט, באַשטימט אָפיצירן אַלס „אינטערוועניאָרן״ אין אַלע פּאַרטיי־און מלוכה־אָרגאַניזאַציעס, פאַרוואַנדלט די אָפיצירן אין „דערציער״ און

„איבערדערציער״ און די 7־יעריקע, צעווילדעוועטע קינדער האָבן געדאַרפט דורכפירן די „קולטור״־רעוואָלוציע — אַ רעוואָלוציע, וואָס האָט נישט געהאַט די מינדסטע שייכות נישט צום פּראָלעטאַריאַט, נישט צו... קולטור.

לין־פּיאַאָ האָט געשאַפן די „יונגע גוואַרדיע״, די א. ג. „כון־וויין־בין״, פון יוגנטלעכע און סטודענטן, טיילווייז באַוואָפנטע מיט אַלטע ביקסן, זיי האָבן די ביקסן אויסגענוצט אויף אינערלעכע קאַמפן צווישן איין גרופּע „כון־וויין־בין״ און אַ צווייטער, און געמאָרדעט די „קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן״, אַפילו די, וואָס האָבן אויך מתפּלל געווען פון „רויטן ביכעלע״ ווי זיי. זיי האָבן באַנייט די אַלטע כינעזישע טראַדיציע פון „דא־זי־באַאָ״ — ריזיקע וואַנט־צייטונגען און וואַנט־פּלאַקאַטן מיט לאָזונגען פון מאַאָ און זידלערייען פון איין גרופּע קעגן דער צווייטער. די שטעט זענען פאַרפּולט געוואָרן מיט די דאָזיקע „דאַ־זי־באַאָ״ און מען האָט זיך געשלאָגן גאָרנישט קולטורעל, ווען איין גרופּע האָט פאַרקלעפּט די פּלאַקאַטן און די וואַנט־צייטונגען פון אַן אַנדערער.

כינעס גליק איז געווען, וואָס די רעוואָלוציע איז נישט געווען קיין „פּראָלעטאַרישע״. אין קאַנטאָן און שאַנגהאַי האָבן די אַרבעטער פאַריאָגט די כון־וויין־בין פון די פאַבריקן, נישט צוגעלאָזט זיי, כדי זיי זאָלן נישט שטערן דער אַרבעט. די פּויערים האָבן בכלל נישט געוווּסט פון דער „רעוואָלוציע״ אָדער געקוקט אויף איר ווי אויף אַ יוגנט־שפּיל און... געאַרבעט, געזייט, און געשניטן און כינע האָט אויסגעמיטן דעם הונגער פון 22־1921 אין רוסלאַנד. בלויז אין דער פּראָווינץ ווהאן (מאַאָ׳ס אַמאָליקע פעסטונג) זענען אין משך פון 3 חדשים פאָרגעקומען 260 בלוטיקע שלאַכטן צווישן די כון־וויין־ביניסטן.

אין די באַדינגונגען האָט מאַאָ, דער „פאָרזיצנדער״ צונויפגערופן דעם 1־טן אויגוסט 1966 אַ ספּעציעלע סעסיע פון צענטראַל־קאָמיטעט, אָבער פון פאָרויס אים „אויסגערייניקט״ פון אַלע „קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן״, וואָס זענען געהרגעט, אַרעסטירט אָדער פאַרשיקט געוואָרן אין די „קאָלכאָזן״ אויף איבערדערציונג (מאַאָ האָט זיך פאָרט אויפגעפירט לייטישער, מענטש־לעכער פון תלין — סטאַלין, וואָס האָט די אַבסאָלוטע מערהייט פון צ. ק. פשוט דערמאָרדעט). צו דער נייער סעסיע זענען צוגעלאָזט געוואָרן נאָר חסידים פון מאַאָ, אַלטע און נייע און זיי האָבן באַשטעטיקט די „16 פּונקטן״ פון מאַאָ׳ס „פּראָלעטאַרישער קולטור־רעוואָלוציע״. דער צ. ק. דערקלערט: „די פּראַקטיק האָט באַוויזן, אַז נאָר די שטעלונג פון חבר מאַאָ־טסע־טונג

איז געווען די ריכטיקע און אונדזער איצטיקע אויפגאַבע איז פאַרניכטן די אַלע, וואָס האָבן זיך אינפילטרירט אין דער פּאַרטיי (לו־טשאַ־שי האָט זיך „אינפילטרירט" אין 1921 און דורכגעמאַכט דעם גאַנצן „לאַנגן וועג" קיין יענאַן און שפּעטער ביז... פּעקין). דער צ. ק. שטעלט פעסט, „די מאַסן דאַרפן זיך דערציען אַליין, לערנען צו אונטערשיידן צווישן ריכטיק און פאַלש". „די פּאַרטיי דאַרף שטיצן די לינקע עלעמענטן און באַקעמפן שאַרף די רעכטע אולטראַ־רעאַקציאָנערע רעוויזיאָניסטן"... דער צ. ק. באַשטימט „פאַרקירצן דעם שול־פּעריאָד, די שול־פּראָגראַמען דאַרפן זיין וויניקער און בעסער" און צום סוף „די פּראָלעטאַרישע קולטור־רעוואָלוציע דאַרף דורכגעפירט ווערן אויך אין דער אַרמיי, אָבער... אין איינקלאַנג מיטן פּאָליטישן דעפּאַר־טאַמענט פון דער אַרמיי" — דאָ, איז מאַאָ געווען פאָרזיכטיק, נישט אָנרירן לין פּיאַאָ...

מאַאָ פאַרווירקלעכט דזשאָרדזש אָרוועלס „ביג בראָדער". איבערן גאַנצן לאַנד פון קאַנטאָן אויף דרום ביז דער גרענעץ פון מאָנגאָליע זענען אויפגע־שטעלט געוואָרן מיליאָנען מאַאָ־סקולפּטורן און מאַאָ'ס בילדער אין כל־מיני גרויסן קוקן אַראָפּ פון אַלע ווענט, די סקולפּטורן פאַרפילן אַלע עפנטלעכע פּלעצער, די אַריינגענג אין די געשעפטן, האָטעלן, באַן־סטאַציעס, אַדמיניס־טראַטיווע און פּאַרטיי־בנינים, זיי געפינען זיך אין די פּויערישע כאַטעס, ווערן געטראָגן פון מיליאָנען יוגנטלעכע ווי די „איקאָנעס" פון די „הייליקע" אָדער ווי די אָפּגעטער. אַ נייע רעליגיע ווערט געשאַפן אין כינע, די מאַאָ'יס־טישע. מאַאָ איז גערעכט און זיין „תורה" איז די איינציקע, אמתע „תורה" — נישטאָ קיין אַנדער גאָט אויסער מאַאָ".

די יוגנט און די קינדער לערנען די געניאַלע מחשבות פון מאַאָ, רעציטירן זיי, דאַווענען מיט זיי. בלויז אין איין יאָר, 1967, זענען אַרויסגע־געבן געוואָרן אין כינע 36 מיליאָן פון מאַאָ'ס ביכער, 350 מיליאָן „מחשבות" (דאָס רויט ביכעלע), 57 מיליאָן עקזעמפּליאַרן פון זיינע לידער א. א. וו. אויך סטאַלין איז געווען דער „גרעסטער וויסנשאַפטלער", „דער גרעסטער אַרכיטעקט", „דער גרעסטער וואָרט־קינסטלער", „דער גרעסטער מוזיקער" א. א. וו. — מאַאָ האָט אים איבערגעשטיגן, ווייל מיט מאַאָ'ס „מחשבות" געווינט יונג־קוא־טואן דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּינג־פּאָנג־פאַרמעסט, מיט זיינע „מחשבות" בליען די מעלאָנען אויף די כינעזישע פעלדער, ווערט געזונט דער פליער, וואָס פאַלט אַראָפּ מיט זיין עראָפּלאַן און צעברעכט דעם קאָפּ...

מאָאָ לערנט: „אויך דער לימוד פון מעדיצין דאַרף געביטן ווערן. ס'איז נישט נויטיק צו לייענען אַזוי פיל ביכער און פאַרלירן אַזוי פיל צייט אין די שולן. דאָס וויכטיקסטע איז די פּראַקטיק. ווען מען לייענט צו פיל ביכער ווערט מען נאַריש" און די „כון־ווין־בין מאַכן דעם אויספיר: אין איין בוך פון פאָרזיצנדן מאָאָ איז פאַראַן מערער חכמה ווי אין 100 אַנדערע ביכער" — אין רעזולטאַט, גענוג צו אויסלערנען זיך די „מחשבות" און... זיין אַ דאָקטאָר...

די „פּראָלעטאַרישע קולטור־רעוואָלוציע" האָט געדויערט 3 יאָר. 3 יאָר זענען געווען געשלאָסן די שולן און אוניווערסיטעטן אין כינע. 11 מיליאָן קינדער און יוגנטלעכע האָבן פאַרפּולט פּעקין כדי צו זען זייער אָפּגאָט מאָאָ־טסע־טונג און „קעמפן קעגן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן".

מאָאָ באַגריסט זיינע יונגע „קעמפער": „כ'האָב זיך דערוווסט וועגן די מהומות, וואָס איר האָט דורכגעפירט. איך בין צופרידן. מען טאָר נישט מורא האָבן פאַר מהומות. אויב איר פירט דורך מהומות און האַלט זיי אָן, טוט איר גוט" — פאַרשטענדלעך ווייל די מהומות זענען לטובת אים און קעגן... זיינע קעגנער.

אויך לין־פּיאַאָ האָט אויסגענוצט די „קולטור־רעוואָלוציע" פּטור צו ווערן פון אַלע אומבאַקוועמע גענעראַלן, וואָס האָבן געקאָנט פאַרשטעלן זיין „גרויסקייט". עס זענען דערווייטערט געוואָרן (אָבער נישט דערשאָסן לויט סטאַלינס רעצעפּט) 47 גענעראַלן, 5 אַדמיראַלן צווישן זיי — דער שעף פון גענעראַל־שטאַב, צוויי פון זיינע פאַרטרעטער, דער גאַנצער שטאַב פון דער כינעזישער אַרטילעריע, 7 פון די 8 אַוויאַציע־גענעראַלן.

דעם 1־טן אַפּריל 1969, נאָך 13 יאָר (לויט די פאַרטיי־סטאַטוטן, דאַרף דער פאַרטיי־קאָנגרעס פאָרקומען יעדע 4 יאָר) איז זיך צונויפגעקומען דער 9־טער קאָמ.־פּאַרטיי־קאָנגרעס, צוגעגרייט דורך מאָאָ'ס מענטשן. ער איז פאָרגעקומען ביי דער אָנוועזנהייט פון 1,512 דעלעגאַטן, אָבער דורכגעפירט אין געהיים, ווי ער וואָלט געווען אומלעגאַל און עס זענען נישט איינגעלאַדן געוואָרן צו אים פאָרשטייער פון אַנדערע קאָמוניסטישע פאַרטייען, ווי עס איז אָנגענומען אויף קאָמוניסטישע קאָנגרעסן. דער קאָנגרעס האָט פאַרשטענדלעך באַשטעטיקט די ליניע פון מאָאָ־טסע־טונג: אויסגעשלאָסן לו־טשאַאָ־שי, דעם פּרעזידענט, דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי טענג־הסיאַא־פּינג, דעם בירגערמייסטער פון פּעקין פּענג־טשען א. א. וו. דערפאַר זענען אַריין אין צ. ק. און פּאָליט־ביוראָ מאָאָ'ס פרוי טשאַנג־טשינג,

זיין איידעם יאאַ־ווען־יואן. די אַרמיי האָט פאַרנומען 45 פּראָצענט פון נייעם צ. ק. און אַ מערהייט פון פּאָליט־ביוראָ, 11 פון 21.

מאַאָ האָט געזיגט. די „רעוואָלוציע" געוואָרן איבעריק און מען האָט פאַראָרדנט די קינדער און יוגנטלעכע זיך אומצוקערן אַהיים, אין די שולן.

געקאָסט האָט די „רעוואָלוציע" גאַנץ טייער. די פּראָדוקציע פון קוילן איז געפאַלן פון 400 מיליאָן טאָן אויף 220 מיליאָן טאָן, שטאָל — פון 14 מיליאָן טאָן אויף 8 מיליאָן, עלעקטרישע ענערגיע — פון 55 מיליאָן אויף 35 מיליאָן קילאָוואַט און אויב ס'איז נישט געשען נאָך ערגער, איז עס געווען צו פאַרדאַנקען טשו־ען־לאַי'ען דעם אײנציקן, וואָס האָט נישט פאַרלוירן דעם קאָפּ, זיך באַמיט צו פאַרקלענערן ביז אַ מינימום די שאָדנס פון דער „קולטור־רעוואָלוציע" און צוגעאײלט איר סוף.

גלייך נאָך דעם פּאַרטיי־קאָנגרעס זענען אַרויסגעגעבן פאַראָרדענונגען:

1) אַלע יוגנטלעכע שילער און סטודענטן מוזן תיכּף פאַרלאָזן פּעקין, ווי אויך אַלע אַנדערע שטעט אין וועלכע זיי געפינען זיך צייטווייליק און זיך אומקערן אַהיים אין זייערע שולן, 2) אַ טייל פון די יוגנטלעכע וועלן געשיקט ווערן אין די דערפער, קאָמונעס און קאָלכאָזן, ווו זיי דאַרפן העלפן די פּויערים אין זייער אַרבעט. 3) אַלע שולן און אוניווערסיטעטן ווערן תיכּף געעפנט 4) ס'ווערט אָפּגעשטעלט יעדע פרייע נסיעה אויף די באַנען אויסער פון יוגנטלעכע אַהיים, לויט ספּעציעלע באַשטעטיקונגען.

דער טראָצקיסטישער רעוואָלוציאָנער יצחק דײטשער שרייבט וועגן דער „קולטור־רעוואָלוציע": „נאָר ווילדע קליינבירגער קאָנען דורכפירן „אויטאָ דע פע" און פאַרברענען אַרבעטן פון גרויסע קינסטלער און פילאָזאָפן. די מאַאָ'יסטן וואָס טוען דאָס אין נאָמען פון מאַרקסיזם־לעניניזם באַגייען מיט דעם אַ מאָראַלישן כאַראַקירי (זעלבסטמאָרד) און אומפאַרשעמטערהייט שעדיקן זיי כינע".

מאַאָ ווידער: „די קולטור־רעוואָלוציע איז פאַרענדיקט, מיר וועלן אָבער דאַרפן נאָך אייניקע אַזעלכע „קולטור־רעוואָלוציעס" כדי די יוגנט זאָל נישט גיין אויף די וועגן פון די רעוויזיאָניסטן און פאַרזעצן די רעוואָלוציע".

צום גליק פון כינע איז מאַאָ אַלט (ער איז שוין איבער 80) און דער „באָס" איז געוואָרן טשו־ען־לאַי, אַ פּראַגמאַטיקער אין קעגנזאַץ צו מאַאָ'ס דעמאַגאָגישקייט. ער באַמיט זיך אײנשטעלן אַ נאָרמאַלן רעזשים. כמעט אַלע דערווייטערטע פּראָפעסאָרן, טעכניקער, גענעראַלן האָבן זיך אומגעקערט אויף זייערע פּאָסטנס און כינע אַנטוויקלט זיך מער־ווייניקער רויִק.

# די באַציאונג מיטן ראַטנפאַרבאַנד

ביז דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָבן די רוסן געהערט צו „די פאַר־פלוכטע ווייסע טייוול", די אימפּעריאַליסטן, וואָס באַהערשן כינע, רייסן אָפּ שטיקער פון איר, פאַרוואַנדלען זי אין אַ קאָלאָניע. אין יולי 1918 באַווייזט זיך אין דער כינעזישער פּרעסע דער ערשטער אַרטיקל פון לי־טאַ־טשאַא (גרינדער פון דער קאָמ. פּאַרטיי אין 1921) אין וועלכן ער באַגריסט די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אַלס „דעם מאָרגן־רויט פון אַ נייער וועלט־קולטור". אין יולי 1919 מעלדעט לעאָן קאַראַכאַן, סאָוויעטישער וויצע־מיניסטער פאַר אויסערן־ענינים, אַז „די סאָוויעטישע רעגירונג אַנולירט אַלע אימפּעריאַ־ליסטישע קאַפּיטולאַציע־אָפּמאַכן פון כינע". די דאָזיקע דערקלערונג האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן ענטוזיאַזם צווישן דער כינעזישער אינטעליגענץ און געבראַכט צו גרויסע סימפּאַטיעס פאַרן ראַטנפאַרבאַנד און קאָמוניזם.

מיט דער גרינדונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז געקומען אַן ענגע צוזאַמענאַרבעט פון די כינעזישע קאָמוניסטן מיטן קאָמינטערן און סאָוויעט־רוסלאַנד. די דאָזיקע צוזאַמענאַרבעט האָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע עטאַפּן און נישט ווייניק צוזאַמענשטויסן. סטאַלינען האָט ווייניק אינטערע־סירט די כינעזישע רעוואָלוציע, ער האָט געלייגט זיין שטיצפּונקט אויף טשאַן־קאַי־שעקן און אים פאַרבליבן טריי ביזן לעצטן מאָמענט. סטאַלין האָט זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו דער קיאַנגסי־רעפּובליק און אויך שפּעטער צו דער יענאַן־רעפּובליק. סטאַלינס שטיצע צו טשאַן־קאַי־שעקן איז דער־גאַנגען צו אַזאַ מדרגה, אַז ווען מאַאָ׳ס אַרמיי איז געשטאַנען פאַר די טויערן פון נאַנקין, איז דער איינציקער אַמבאַסאַדאָר וואָס איז אַנטלאָפן פון די קאָמוניסטן צוזאַמען מיט דער רעגירונג פון טשאַן־קאַי־שעק געווען... דער סאָוויעטישער אַמבאַסאַדאָר.

דאָך האָט מאַאָ פאַרטיידיקט סטאַלינען, אים געהאַלטן פאַרן איינציקן „יורש" פון לענינען, דעם „גרעסטן מאַרקסיסטישן זשעניע" און אין 1956 ווען כרושטשאָוו האָט געוואַגט צו אַנטבלויזן סטאַלינען, דערציילן וועגן זיינע פאַרברעכנס, האָט מאַאָ פּראָטעסטירט ; ס׳האָט מאַאָ׳ן אימפּאָנירט דער „פּערזאָנען־קולט", ער האָט שוין באַשטימט צו גיין אין סטאַלינס וועגן און... ווערן זיין יורש. ער, מאַאָ איז דער „באָס" פון 600 מיליאָן כינעזער (אין 1956), דער וועג־ווייזער פאַר די אונטערדריקטע, די קאָלאָניאַלע פעלקער, ער פירט זיי צו דער וועלט־רעוואָלוציע...

אין 1958, אין מיין בוך „קוואָ וואַדיס מאָסקווע" (אַרויסגעגעבן אויף שפּאַניש) האָב איך געשריבן „ס'איז לייכט זיך פאָרצושטעלן, אַז כינע איז נישט אונגאַרן און נישט טשעכאָסלאָוואַקיע און פריער־שפּעטער וועט זי גיין אויף די וועגן פון מאַרשאַל טיטאָ און זיך באַפרייען פון מאָסקווע'ס אַפּו־טרופּסות". איך האָב דאַן נישט געוווסט, ווי נאָענט כ'בין פון אמת.

ווייל נאָך דעם זעלבן יאָר, 1958, איז געקומען צום ערשטן, ערנסטן ריס צווישן כינע און ראַטנפאַרבאַנד. כרושטשאָוו האָט אין 1956 געהאָט צוגעזאָגט כינע איבערגעבן איר אייניקע אַטאָם־באָמבעס און אויפשטעלן אין כינע אַטאָמישע רעאַקטאָרן. אין 1958 האָט אָבער מאַאָ פּראָקלאַמירט זיין משוגענעם „גרויסן שפּרונג" וואָס האָט דערשיטערט אויך די סאָוויעטישע קאָמוניסטן. כרושטשאָוו, ווויסנדיק די געפאַר פון אַן אַטאָמישער וועלט־מלחמה, האָט געזוכט זי אויסצומיידן און אַפילו באַזוכט אייזנהאָוערן, דעם דעמאָלסטיקן אַמעריקאַנער פּרעזידענט אין „קעמפּ דייוויד". דער „גרויסער שפּרונג" האָט אים איבערגעשראָקן, דערזען, אַז מאַאָ איז אַן אַוואַנטוריסט און איבערגעבן אים אַטאָם־באָמבעס איז געפערלעך, ער קאָן נאָך פּראָוואָצירן אַ וועלט־מלחמה, האָט כרושטשאָוו בטול געמאַכט זיין צוזאָג און זיך אָפּגע־זאָגט צושטעלן די אַטאָם־באָמבעס. אַלס ענטפער האָט אים מאַאָ באַשולדיקט אין „רעוויזיאָניזם", ווייל ער פאַרוואַרפט די טעאָריע פון דער „וועלט־רעוואָלוציע" און פּריידיקט „אַ פּאַציפישן איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם" און „די נויטווענדיקייט פון אַ קאָ־עקזיסטענץ צווישן סאָציאַ־ליסטישע און קאַפּיטאַליסטישע לענדער כדי אויסצומיידן אַן אַטאָמישע וועלט־מלחמה, וואָס וועט אונדז אַלעמען אומברענגען".

מאַאָ, וואָס האָט געהאַלטן, אַז „די אַטאָם־באָמבע איז אַ פּאַפּירענער טיגער" האָט באַשולדיקט כרושטשאָוון און די מאָסקווער קאָמוניסטישע מנהיגים אין „פּאַראַט".

מאַאָ האָט פאַראייניקט די טענות צו מאָסקווע מיט טעריטאָריעלע פּרעטענסיעס. דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט צוגענומען ביי כינע אַ שטח פון 2 מיליאָן קוואַדראַט־קילאָמעטער אויף מזרח פון באיקאַלער אזערע אין דער לענג פון טייך אמור ביז דעם פּאַציפישן אָקעאַן, און איבערגענומען די „אַפּוטרופּסות" איבער „אויסערן־מאָנגאָליע" וואָס פאַרנעמט אַ שטח פון העכער אַ מיליאָן קוואַדראַט קילאָמעטער און נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע זי פאַרוואַנדלט אין אַ כלומרשט אומאָפּהענגיק מדינה, אָנגעשלאָסן אין ראַטנפאַרבאַנד. כינע האָט

געפאָדערט אומצוקערן איר די 3 מיליאָן קוואַדראַט־קילאָמעטער, אויף וואָס די מאָסקווער מנהיגים (פון סטאַלינען ביז ברעזשניעוון) זענען בשום אופן נישט מסכים. בעת אין 1961 ברעכט אויס די כינעזיש־אינדישע מלחמה, שטיצט מאָסקווע אינדיע קעגן דער קאָמוניסטישער כינע. פאַראַט! שרייט מאַאָ. די כינעזער און באַזונדערס מאַאָ (און מיט אים ליך־פּיאַאָ) רוקן אַרויס די נויטווענדיקייט פון קאַמף קעגן „רעוויזיאָניזם" און קעגן די „ווייסע טייוול" צו וועלכע עס געהערן היינט די רוסן. מאַאָ פּרוּווט שפּאַלטן דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל (וואָס עקזיסטירט פּאַקטיש, כאָטש נישט אָפיציעל), פּרוּווט שאַפן פּאַראַלעלע פּראָכינעזישע קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין די לענדער פון דער „דריטער וועלט", אָבער אויך אין אייראָפּע איז דער ריס דערגייט צו אַזאַ שפּאַנונג, אַז כרושטשאָוו פאַררופט קיין מאָסקווע אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָמוניסטישע קאָנפערענץ מיט דער באַטייליקונג פון 80 קאָמוניסטישע פּאַרטייען מיט דער כוונה אויסצושליסן כינע פון דער „קאָמוניסטישער משפחה". דאָס געלינגט אים נישט. די קאָמוניסטישע פּאַרטייען האָבן פּאַרקערט, ס'ערשטע מאָל געפּרוּווט צו ווערן זעלבסט־שטענדיק פון מאָסקווע, נישט זיין אונטערגעוואָרפן דער סאָוויעטישער פּאַרטיי, אויך נישט כרושטשאָוון, וועלכן מ'האָט געהאַלטן פאַר אַ פויער... די אַלבאַנישע קאָמוניסטן האָבן זיך אָפן סאָלידאַריזירט מיט מאַאָ, די רומענער האָבן דערקלערט זייער „נייטראַליטעט" און געשלאָסן אַ פריינד־שאַפטס־אָפּמאַך מיט כינע. אויך די סאָוויעטישע מנהיגים האָבן נישט אויפגענומען מיט ענטוזיאַזם כרושטשאָווס שטעלונג און דאָס איז געווען איינע פון די סיבות פון זיין דערוויטערונג אין אָקטאָבער 1964 פון אַמט פון גענעראַל־סעקרעטאַר און די גרינדונג פון דער נייער קאָלעקטיווער לייטונג.

די נייע הערשער (ברעזשניעוו, פּאָדגאָרני, קאָסיגין, סוסלאָוו) האָבן געפּרוּווט פאַרבעסערן די באַציאונגען מיט מאַאָ'ן, אָבער אָן רעזולטאַטן. פּאַרקערט, די שפּאַנונג איז געוואַקסן און דערגאַנגען ביז דירעקטע צוזאַ־מענשטויסן צווישן כינעזישע זעלנער און סאָוויעטישע ביים טייך אוסורי, וואָס האָט שיער נישט געבראַכט צו אַן אָפענער מלחמה צווישן די 2 קאָ־מוניסטישע מדינות.

די מלחמה איז אויסגעמיטן געוואָרן, הויפּטזעכלעך צוליב דער אינ־טערווענץ פון טשו־ען־לאַי. די באַציאונגען זענען שלעכטע, יעדער צד האָט מורא פאַרן צווייטן און איצט איז דווקא דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעזידענט

ריטשאַרד ניקסאָן וואָס באַמיט זיך איינצוהאַלטן די פּאַציפישע קאָ־עקזיסטענץ נישט נאָר צווישן „סאָציאַליזם און קאַפּיטאַליזם", נאָר אויך צווישן די 2 קאָמוניסטישע מדינות.

מאַאָ איז אַלט און קראַנק, שפּילט שוין כמעט קיין שום ראָל אין כינע. אָבער דער מאַאָ'יזם האָט נאָך דערפאָלג צווישן יוגנטלעכע סטו־דענטן, וואָס אַנאַליזירן ווייניק, אימפּאָנירט זיי די רעוואָלוציע אָבער פאַר־שטייען נישט, אַז ס'איז טאַקע דער מענטש וואָס מאַכט די געשיכטע, אָבער כדי זי צו ענדערן דאַרפן עקזיסטירן אָביעקטיווע באַדינגונגען און פאַר אַלעם — דער ווילן פון ברייטע מאַסן צו ענדערן דעם הערשנדיקן רעזשים.

דער באַנקראָט פון „מאַרקסיזם" אַלס „וויסנשאַפטלעכע טעאָריע", דער דורכפאַל פון אַלע זיינע פּראָגנאָזן און דעטערמיניזם, די דעגענע־ראַציע פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין אַ בעסטיאַלישן סטאַליניזם, האָט נאָך אין די 30־קער יאָרן אַרויסגערופן אַ רעאַקציע אין אַ סך קאָמוניסטישע מוחות, באַזונדערס צווישן די ערלעכע רעוואָלוציאָנערע דענקער, וואָס האָבן בשום אופן נישט געקאָנט מסכים זיין מיט דער דאָזיקער דעגענעראַציע פון סאָציאַליזם. נישט קוקנדיק אויף דער וועלט־מלחמה (דער ערשטער) און שפּעטער דעם שווידערלעכן וועלט־קריזיס פון די יאָרן 33—1929 — איז געקומען צו דער מאַכט אַדאָלף היטלער, אָבער קיין סאָציאַלע רעוואָלוציע איז נישט אויסגעבראָכן אין קיין שום פון די אַנטוויקלטע, קאַפּיטאַליסטישע לענדער. די רעוואָלוציע האָט געבראַכט הונגער און טויט די רוסישע פּראָלעטאַריער. אַ רעוויזיע פון אַלע טעאָריעס איז געוואָרן אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע נויטווענדיקייט.

נאָך פאַר היטלערס זיג, איז אין 1930 געגרינדעט געוואָרן אין פראַנקפורט, דייטשלאַנד, „דער אינסטיטוט פאַר סאָציאַלע פאָרשונגען" מיטן אָנטייל פון די דייטשישע לינקע פּראָפעסאָרן: מאַקס מאַרקהיימער, טעאָדאָר אַדאָרנאָ, האַבערמאַנס און הערבערט מאַרקוזע. זיי אַלע האָבן איבערגעלאָזט שפּורן אויף די סאָציאַלע פאָרשונגען און טעאָריעס. אויס־געצייכנט האָט זיך דער לעצטער, הערבערט מאַרקוזע, וואָס האָט געמוזט עמיגרירן קיין צפון־אַמעריקע און דאָרט אויסגעאיבט אַ געוויסן איינפלוס אויף דער יוגנט פון די 60־קער יאָרן.

די פלעיאַדע פון די „לינקע" אינטעלעקטואַלן האָט זיך אויסגעברייטערט. אין פראַנקרייך האָט צו זיי געהערט שאַרל ראַפּאָפּאָרט, זשאַן פּאָל סאַרטער, לעצטנס — ראַזשער גאַראָדי א. א. אין איטאַליע איז עס געווען דער פילאָזאָף גראַמשי, אין יוגאָסלאַוויע — מילאָוואַן דזשילאַס, אין אונ־גאַרן — גרעגאָר לוקאַש, אין פּוילן — לעשעק קאָלאַקאָווסקי און אַ רייע טשעכאָסלאָוואַקישע דענקער, נאָר וועגן די לעצטע — שפּעטער.

# הערבערט מאַרקוזע

אין 1968 האָט אַ טייל פון די „נייע לינקע" אַרויסגערוקט אַלס לאָזונג: די דריי מם׳ס: מאַרקס־מאַאָ־מאַרקוזע. דאָס איז געוואָרן זייער סימבאָל, אַ פאַלשער, ווייל די דריי האָבן קיין שום געמיינזאַמעס צווישן זיך, אָבער טעאָריע איז נישט געווען דער שטאַרקער פונקט פון דער דאָזיקער יוגנט.

הערבערט מאַרקוזע איז ענלעך צו מאַרקסן. געבוירן געוואָרן אין דייטשלאַנד און אויך אַ זון פון אַ יידישן סוחר. געבוירן — 80 יאָר שפּעטער פון מאַרקסן, אין יאָר 1898. ער איז שוין אַ פּראָדוקט פון 20־טן יאָרהונדערט מיט דער פּראַקטיק פון 20־טן יאָרהונדערט. ער האָט געדינט אין דער דייטשישער אַרמיי בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. שפּעטער שטודירט אין די אוניווערסיטעטן פון בערלין און פרייבורג, ווו איינער פון זיינע פּראָפעסאָרן איז געווען דער עקזיסטענציאַליסט (און שפּעטער נאַצי) מאַרטין היידעגער. דאָרט האָט ער איבערגענומען די אידייען פון קאַרל מאַרקס און... זיגמונט פרויד. אין 1934 אַנטלאָפן פון דייטשלאַנד און דורך דער שווייץ געקומען אין די פ. שטאַטן. אין צייט פון דער 2־טער וועלט־מלחמה געקעמפט קעגן היטלעריזם, געדינט אין די אַמעריקאַנער „סטראַטעגישע כוחות". פון 1954 — פּראָפעסאָר פון בראַנדייס־אוניווערסיטעט, שפּעטער באַרקלי אין קאַליפאָרניע און פון 1965 — אויך אין בערלינער „פרייעם אוניווערסיטעט". ער האָט אָנגעשריבן אַ רייע ביכער און בראָשורן, צווישן זיי זיין הויפּט־אַרבעט „דער איין־דימענסיאָנעלער מענטש" דערשינען אין 1964. אין אַלע זיינע אַרבעטן אַנאַליזירט מאַרקוזע די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליסטישן רעזשים, וועלכן ער קריטיקירט שאַרף. ער טרעט אויך אַרויס שאַרף קעגן סטאַליניזם און דעם סאָוויעטישן רעזשים. מאַרקוזע האַלט זיך פאַר אַ „מאַרקסיסט", כאָטש אין אַלע זיינע אַרבעטן לייקנט ער אָפּ דעם מאַרקסיזם און לייגט דעם טראָפּ אויפן וואָלונטאַריזם.

נאָך דער מפּלה פון דער סטודענטן־באַוועגונג אין פראַנקרייך אין 1968, האָט מאַרקוזע דערקלערט „עס זענען פאַראַן זאַכן קעגן וועלכע איך שטעל מיך קעגן, ווי אונטערציינדן אוניווערסיטעטן און ענלעכע טעראָר־אַקציעס, אָבער די באַוועגונג אַלס גאַנצעס אין די אַנטוויקלטע אינדוסטריע־לענדער,

אָנערקען איך אַלס דער וויכטיקסטער אויב נישט אַלס איינציקער שאַנס פאַר דער צוקונפטיקער ראַדיקאַלער ענדערונג פון דער געזעלשאַפט... די דאָזיקע באַוועגונג ברענגט צו אַ פאַרענדערונג פון באַוווסטזיין און סענסי־ביליטעט — די פאָרויסזעצונג פון אַ ראַדיקאַלער געזעלשאַפטלעכער פאַר־ענדערונג. איך האַלט נישט, אַז די מאַי־יוני־באַוועגונג (1968) האָט געליטן אַ מפלה. דער קאַפּיטאַליזם נאָך מאַי איז נישט דער זעלבער, וואָס פאַר אים. איך האַלט נישט, אַז די סטודענטן־באַוועגונג איז אַ רעוואָלוציאָנערע. אָן אַ מאַסן־באַוועגונג איז קיין ראַדיקאַלע געזעלשאַפטלעכע פאַרענדע־רונג — אוממעגלעך... דער אַרבעטער־קלאַס אין די פ. שטאַטן און דייטשלאַנד ווערט פאַרבירגערלעכט, אַ ביסל ווייניקער אין פראַנקרייך און נאָך ווייניקער אין איטאַליע... איך בין נאָך אַ מאַרקסיסט און איך גלויב, אַז ס׳איז פאַראַן אַ פונקט, ווען די רעפאָרמען קאָנען מער נישט העלפן, קאָנען נישט בייטן די אינערלעכע ווידערשפּרוכן פון קאַפּיטאַליס־טישן סיסטעם און עס מוז קומען צו אַ רעוואָלוציע... איך בין קעגן דער פאַרניכטונג פון אוניווערסיטעטן. דער אוניווערסיטעט איז אַן אינסטיטוציע פון דער בירגערלעכער קולטור, קאָן אָבער באַנוצט ווערן אַלס מיטל צו בייטן ראַדיקאַל דאָס דענקען. איך בין מסכים מיט נחום כאָמסקי (איינער פון די מנהיגים פון דער נעאָ־טראָצקיסטישער באַוועגונג אין די פ. שטאַטן), אַז לויט דער לאָגיק פון אַבסאָלוטער דעסטרוקציע, האָט מאַרקס געדאַרפט פאַרברענען דאָס בריטישע מוזעאום, אָנשטאָט דאָרט צו אַרבעטן און לערנען... איך בין פאַר אַ סובווערסיווער פּראַקטיק אינערהאַלב דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפט,אָבער נישט פאַר דער דאָזיקער געזעלשאַפט... די „נייע לינקע” מוזן געפינען נייע פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָלן אַנטשפּרעכן און ווידערשפּרעכן דעם געזעלשאַפטלעכן סיסטעם פון שפּעט־קאַפּיטאַליזם. די דאָזיקע פאָרמען קאָנען נישט זיין ענלעך צו די אַלטע, צענטראַליסטישע און ביוראָקראַטיזירטע מאַסן־פּאַרטייען. די נייע פאָרמען מוזן אַרויסוואַקסן ספּאָנטאַן פון דער באַוועגונג, די ספּאָנטאַנישקייט באַ־איינפלוסן און לענקען... איך גלויב, אַז די רעוואָלוציע קאָן דורכגעפירט ווערן דורך אַ קלאַס, וועמענס אינטערעסן זענען נישט פון אַ קלאַסן־געזעלשאַפט. דורך אַ קלאַס, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ נייעם מענטשן־טיפּ און אַ ראַדיקאַלע אומווערטונג פון אַלע ווערטן... (ווען און ווי אַזוי קאָן געשאַפן ווערן אַזאַ קלאַס? — דאָס ווייזט נישט מאַרקוזע). די יונגע גענעראַציע און באַזונדערס די קעמפנדיקע סטודענטן בילדן די באַזע פון

אַזאַ קלאַס... די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע וועט בייטן אויך די פּיזיאָלאָגישע קאָנסטיטוציע פון מענטשן... אויב די ענדערונג פון די פּראָדוקציע־פאַרהעלטנישן, די באַזע פון דער רעוואָלוציע, וועט נישט ווערן אָנגעפירט דורך אַ נייעם מענטשן, וועט פאַרבלייבן די זעלבע טינופת. די אַרבעטער־שאַפט ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער פאַרבירגערט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. נאָר אַ נישט פאַרבירגערלעכטע אַרבעטערשאַפט קאָן איבערנעמען די רעוואָלוציאָנערע איניציאַטיוו... די דריטע וועלט וווּ עס הערשט די אומבאַגרענעצטע עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג, זי איז דער מאָטאָר פון דער רעוואָלוציע (דאָס איז דער שטאַנדפּונקט פון מאַאָ, די דריטע „קאָלירטע״ וועלט קעגן די ווייסע „אימפּעריאַליסטן״)... אין די הויך אַנטוויקלטע לענדער וועט די רעוואָלוציע אויסוואַקסן נישט פון דער אָרעמקייט און נויט, נאָר פון עקל צום הערשנדיקן סיסטעם (און מאַרקוזע האַלט זיך פאַר אַ „מאַרקסיסט״!).

די מאָרגנדיקע, נאָך־רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפט זעט מאַרקוזע אין „אַ געזעלשאַפט אָן מלחמות, אָן אַכזריות, אָן ברוטאַליטעט, אָן אונטערדריקונג, אָן טפשות און אָן העסלעכקייטן״. מאַרקוזע איז קעגן אַ „דעמאָקראַטיע״, וואָס דערלויבט די דערשיינונג פון אַ פאַשיסטישער, אַנטיסעמיטישע פּרעסע, אַ פּרעסע וואָס פּראָפּאַגירט ראַסן־אונטערדריקונג, עקספּלואַטאַציע פון מענטשן. ער איז פאַר אַ צענזור, וואָס זאָל אויסגעאיבט ווערן דורך מענטשן, וואָס האָבן געלערנט דאָס אמתע, גוטע און שיינע (די וויזיע פון פּלאַטאָן, אַ פילאָזאָף פון גריכנלאַנד מיט 2.500 יאָר צוריק)... די רעוואָלוציע דאַרף ברענגען צו אַ דערציאונגס־דיקטאַטור, וואָס זאָל שאַפן דעם נייעם מענטשן, אַ נייעם טיפּ מענטשן, וואָס האָט צום גליק אַ ריין געוויסן און מוז נישט פאַרדינען אויפן לעבן, נאָר עס געניסן. די באַזע פון דער דערציאונגס־דיקטאַטור איז אַז עס וועלן מער נישט עקזיסטירן די אינסטינקטן פון דיקטאַטור און הערשאַפט איבער אַנדערע מענטשן. אין אַ העסלעכער וועלט קאָן נישט עקזיסטירן די פרייהייט. ווען איך רייד וועגן דיקטאַטור פון דערציאונג, באַדייט דאָס נישט, אַז די מאַכט וועט געהערן צו אַ קליינער גרופּע, וואָס וועט מעגן אַרעסטירן און מאָרדן מענטשן. די דערציאונגס־דיקטאַטור דאַרף העלפן שאַפן אַ געזעלשאַפט, ווו יעדער געוואַלט וועט אונטערגיין אַפילו אין דער חיות־וועלט, ווייל יעדער גרויסער פיש וועט האָבן אַנדערע דערנערונג און וועט נישט עסן די קליינע פישלעך... דער ציל פון דער דערציאונגס־

דיקטאַטור — אַ מענטשהייט, וועמענס אָרגאַנישע באַדערפנישן וועלן זיין שלום, רו, שיינקייט אָנשטאָט אַרבעט, הערא͏ָיזם, פלייסיקייט, אַ געזעל־שאַפט אָן קאָנפליקטן. פון מענטשן, וואָס האָבן פאַרקריפּלטע אינסטינקטן, קאָן מען נישט דערוואַרטן קיין פרייע געזעלשאַפט (משה רבינו האָט געהאַלטן, אַז שקלאַפן זענען נישט פעיִק אויפצושטעלן אַ פרייע מדינה, דעריבער דאַרפן אַלע, וואָס זענען אַרויס פון מצרים שטאַרבן אין מדבר און נאָר זייערע פריי־געבוירענע קינדער וועלן אַריין אין כנען).

מען קאָן נישט לייקענען, אַז די פאַנטאַזיע פון הערבערט מאַרקוזע איז אַן אומענדלעכע און אין זיין „אחרית הימים” לערנט ער אַפילו די חיות צו ווערן וועגעטעריאַנער... זיין אידעאַל איז, ווי מיר האָבן געזען, אַ דיקטאַטור פון דער אינטעליגענץ, וואָס איז דערצויגן געוואָרן (דורך וועמען?) אין שיינקייט און גוטס. זי קאָן קומען „צו דער מאַכט נאָר דורך אַ סאָציאַלע און פּאָליטישע רעוואָלוציע” (ווער וועט זי דורכפירן? די מאַסן נישט, איז ווער?) „דיווירקלעך „רעוואָלוציאָנערע צילן מוזן נישט זיין אידענטיש מיט די מאַסן” (נאָר מיט וועמענס?) „דער איבערגאַנג פון דער מאַכט פון איין קלאַס צו אַן אַנדערן, באַדייט נישט די באַפרייונג פון דער מענטשהייט”. „עס דאַרף פאַרשווינדן די אַרבעט אַלס אַזעלכע, די יידיש־קריסטלעכע מאָראַל, געשעפטן א. א. וו.” אַנדערע סאָציאַלע דענקער האָבן דערוואַרט, אַז די אַרבעט וועט ווערן פרייער, אָבער די אַרבעט בכלל זאָל פאַרשווינדן? דאָס דערגרייכט שוין די פאַנטאַזיע פון די ערשטע קריסטן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז „די פויגל אַרבעטן נישט און דאָך לעבן זיי” — אַרבעט מוז נישט באַדייטן עקספּלואַטאַציע, אָבער יאָ אויסנוצן די נאַטירלעכע און קינסטלעכע אוצרות און דאָס איז אָן אַרבעט נישט מעגלעך. אויך באַקן ברויט — איז אַן אַרבעט און אַ בגד (מאַרקוזע בענקט נאָך די אור־אַלטע צייטן, ווען מענטשן האָבן געלעבט אין די וועלדער און געוועזן ענלעך צו די מאַלפּעס, אָבער אויך דאָס איז היינט אוממעגלעך, ווייל אין די וועלדער קאָן זיין אָרט און שפּייז פאַר מיליאָנען מענטשן, אָבער נישט פאַר מיליאַרדן און לויטן חשבון דער־וואַרט מען, אַז ביז סוף פון דעם יאָרהונדערט וועט די מענטשהייט ציילן 7 מיליאַרד נפשות... די מענטשן האָבן פאַרלאָזט די וועלדער, ווייל נאָך מיט 10 טויזנט יאָר צוריק האָט שוין נישט געקלעקט קיין שפּייז פאַר אַלעמען אין די וועלדער) מאַכן בגדים באַדייט אויך אַרבעט, אַזוי אויך

אַ פּאָר שיך, שווין אָפּגערעדט פון אַלע טעכנאָלאָגישע דערגרייכונגען, אָן וועלכע מען קאָן לעבן שלעכט, אָבער דאָך לעבן...

אין זיין הויפּט־ווערק, „דער איין־דימענסיאָנעלער מענטש" קריטי־קירט ער שאַרף די עקזיסטירנדיקע אָרדנונג. „דער שלום ווערט אויפ־געהאַלטן אויסשליסלעך אַ דאַנק דער מורא פאַר אַ פּערמאַנענטער אַטאָ־מישער מלחמה, וואָס באַדראָט פאַרניכטן די גאַנצע מענטשהייט... די געזעלשאַפט אַלס גאַנצעס איז איראַציאָנעל... די געזעלשאַפטלעכע כוחות זענען צענטריפוגאַלע און די הערשאַפט איבער דער געזעלשאַפט שטאַמט נישט פון די פּאָליצייאישע כוחות, נאָר פון טעכנאָלאָגישע... אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט געפינען זיך נאָך 2 קלאַסן: די בורזשו־אַזיע און דער פּראָלעטאַריאַט. זיי געפינען זיך אין קעגנזייטלעכע פּאָ־זיציעס, אָבער די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג האָט געביטן די ראָלן פון ביידע קלאַסן, וואָס בילדן נישט מער די באַזע פאַר דער ענדערונג פון דער געזעלשאַפט אַלס גאַנצעס... אויב אונדזער באַוווסטזיין וועט נישט אויפגערודערט ווערן, וועט אַפילו אַ קאַטאַסטראָפע נישט ברענגען צו דער פאַרענדערונג... דער פּראָדוקציע־אַפּאַראַט אַנטוויקלט זיך צו אַ טאָטאַליטאַרן פאַקטאָר, וואָס באַשטימט נישט נאָר די נויטן פון דער גאַנצער געזעלשאַפט נאָר אויך פון יעדן פּרט. זיי שאַפן נייע פאָרמען פון קאָנטראָל איבער דער געזעלשאַפט. דער דאָזיקער אַפּאַראַט שטערט איר טעכנישער אַנטוויקלונג... די רעכט פון יחיד ווערן אַ באַשטאַנדטייל פון דער געזעל־שאַפט און פון „עסטאַבלישמענט" (דעם רעגירונגס־אַפּאַראַט). עס ווערט אָפּגענומען ביים פּרט די מעגלעכקייט פון אַן אייגענער, זעלבסשטענדיקער מיינונג... די אינדוסטריעלע געזעלשאַפט פון אונדזער צייט צילט צו זיין טאָטאַליטאַריש. דער פּראָדוציר־כוח מאָביליזירט די גאַנצע געזעלשאַפט קעגן און איבער די אינטערעסן פון פּרט. די פרייהייט פון פּרט באַדייט זיין באַפרייונג פון אַלגעמיינערונג, פון רעגירונגס־אַפּאַראַט, פון דער גע־זעלשאַפטלעכער מיינונג, פון דער נויטווענדיקייט צו פאַרדינען אויפן לעבן, פון דער פּאָליטיק, אויף וועלכער דער יחיד האָט נישט קיין השפּעה. די געזעלשאַפט צווינגט אַרויף אויף אונדז פאַלשע באַדערפענישן ווי צו פאַרברענגען די צייט און נוצן זאַכן, וואָס עס צווינגט אַרויף אויף אונדז די פּרעסע, ראַדיאָ, טעלעוויזיע. זיי אַלע פאַראייניפאַכן דעם מענטשן און זיין געשמאַק, פאַרוואַנדלען אים אין אַ „איינדימענסיאָנעלן מענטשן" ענלעך ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, איינער צום אַנדערן, אין זיין לבוש, שפּייז,

פאַרוויילונג, געדאַנק... ס׳איז אַ אינדאָקרינאַציע וואָס נעמט צו ביים מענטשן זיין פרייהייט און פאַרוואַנדלט אים אין אַ שקלאַף פון דער טעכנאָלאָגיע... די טעכנאָלאָגיע שאַפט אַ אידעאָלאָגיע, וואָס פאַרווישט די קלאַסן־קעגנזאַצן... אונטער דער מאַסקע פון שפע און פרייהייט, באַצווינגט די טעכנאָלאָגיע דעם ווילן און געדאַנק פון יחיד, ליקווידירט יעדע אַל־טערנאַטיוו. זי ברענגט צו דער אַסימילאַציע פון די „בלויע קעלנער״ (פיזישע אַרבעטער) מיט די „ווייסע קעלנער״ (אָנגעשטעלטע און באַאַמטע) און אַפילו די גרויסע און שטאַרקע קאָמוניסטישע פּאַרטייען פון פראַנקרייך און איטאַליע זאָגן זיך אָפּ פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און אינטעגרירן זיך אין דער פּאַרלאַמענטאַרישער שפּיל... דער כוח פון די „בלויע קעלנער״ ווערט אַלץ קלענער לטובת די „ווייסע קעלנער״... דער אַרבעטער־קלאַס הערט אויף צו זיין קעגנזעצלעך דער געזעלשאַפט און „עסטאַבלישמענט״... אויך די בעלי־בתים פאַרלירן זייער קאַפּיטאַליסטישע אידענטיטעט און פאַרוואַנדלען זיך אין דירעקטאָרן, באַאַמטע פון די אונטערנעמונגען... נאָר די קונסט פאַרבלייבט דער פּראָטעסט קעגן דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפט, כאָטש אויך דער „עראָס״, די ליבע ווערט אַ באַשטאַנדטייל פון קאָמערציאַליזאַציע... די שאַפונג פון דעם "איין־דימענסיאָנעלן מענטש״ ברענגט דעם זיק פון דער אָרוועלישער קאָנצעפּציע לויט וועלכער „מלחמה איז שלום״ און „שלום איז מלחמה״, די „פרייהייט״ ווערט פאַרוואַנדלט אין „שקלאַפעריי״. מאַרקוזע ברענגט די מיינונג פון פראַנצויזישן פילאָזאָף פראַנסואַ פערכו „די מענטשן מיינען, אַז זיי שטאַרבן פאַרן פאָטערלאַנד. דער אמת איז, אַז זיי שטאַרבן לטובת די פּאָליטיקער און אינדוסטריע־קעניגן. זיי גלויבן, אַז זיי שטאַרבן פאַר דער פרייהייט פון מענטשן, שטאַרבן אָבער לטובת דעם נייעם קאַפּיטאַל און דער נייער ביוראָקראַטיע. זיי גלויבן, אַז זיי שטאַרבן לטובת דער נאַציע, דעם פאָלק, זיי שטאַרבן אָבער לטובת דער כנופיה, וואָס הערשט און פאַרמאַכט זיי דאָס מויל״ און ער זעצט פאָר: „די איין־דימענסיאָנעלע געזעלשאַפט בייט פולשטענדיק די באַציונגען צווישן דעם ראַציאָנעלן און נישט־ראַציאָנעלן. אַלץ ווערט אויסגעמישט. דאָס לעבן און דער טויט. די שמחה און דער טרויער. דאָס פאָלק וואָס איז אַמאָל געווען דער פאַקטאָר פון געזעלשאַפטלעכן שטורם, האָט געפרווט ענדערן די געזעלשאַפט, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַקטאָר פון געזעלשאַפטלעכער אייניקייט״. אויב אַזוי, איז דאָך אַלץ פאַרענדיקט? ווער וועט רעוואָלוציאָנירן די דאָזיקע געזעלשאַפט? „אונטער דער פאָלקס־

שיכט געפינט זיך נאָך אַ שיכט פון פּאַרוואָגלטע, די וואָס זענען אויסערן תחום, עקספּלואַטירט און פאַרפאָלגט, קינדער פון אַנדערע ראַסן, קאָלירן, אַרבעטסלאָזע. זייער ווידערשטאַנד איז רעוואָלוציאָנער, כאָטש זיי ווייסן דאָס נישט... ס'קאָן זיין, אַז מען קאָן זיי פאַרגלייכן צו אַ נייער באַרבאַרן־תקופה. עס קאָן זיין, אַז אַ נייע באַרבאַרן־תקופה וועט זיין די פאַרזעצונג פון אונדזער ציוויליזאַציע". און מאַרקוזע פאַרענדיקט זיין ווערק מיט די ווערטער פון וואַלטער בנימין: „די האָפענונג בלייבט אונדז נאָר אַ דאַנק די האָפענונגסלאָזע". דאָס איז דער „אני מאמין", דער קרעדאָ פון דער פילאָזאָפיע פון הערבערט מאַרקוזע און פון אַ גרויסן טייל פון די „נייע לינקע" — האָפנונגסלאָזיקייט און... בענקעניש נאָך אַ נייער באַרבאַרן־תקופה. מיט 50 יאָר צוריק, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן פראַנצויזישע „לינקע" פאַרעפנטלעכט אַ מאַניפעסט, אין וועלכן זיי באַ־זינגען די מאָנגאָלן, וואָס וועלן קומען אויף זייערע קליינע פערד פון די מאָנגאָלישע טייגעס און זיי די „לינקע" וועלן קושן די קאָפּיטעס פון די מאָנגאָלישע פערד, ווייל נאָר זיי וועלן צעשטערן די עקזיסטירנדיקע אָרדנונג.

מאַאָ־טסע־טונג האָט אויפגעבויט זיין אַרמיי מיט רויבער, דעזער־טערן, „געוועזענע מענטשן" (לויט גאָרקי'ס אויסדרוק), פּראָסטיטוטקעס, אויך מאַרקוזע וויל אויף דער דאָזיקער באַזע בייטן די געזעלשאַפט. דאָס איז אַן אויסדרוק פון יאוש, פאַרצווייפלונג אָבער נישט רעוואָלוציע. נישט אומקערן זיך צו די אַפריקאַנער שבטים און זייער לעבנס־שטייגער קאָן זיין דער„אידעאַל" פון דער מענטשהייט, נישט די קאָפּיטעס פון די מאָנגאָלישע פערדלעך קאָנען ברענגען די ישועה און נאָר אַ געזעלשאַפטלעכער שאַפנ־האַוער קאָן דערגיין צו אַזעלכע אַבסורדן.

אין די פ. שטאַטן שטעלן מיט זיך פאָר די נעגער (און פאָרטאָרי־קאַנער, מעקסיקאַנער) דעם פּאָטענציעלן רעוואָלוציאָנערן כוח — פאָר מאַרקוזע: „אַזאַ מין כוח שטעלט מיט זיך פאָר די באַפעלקערונג פון די געטאָס אין די פ. שטאַטן. דעם געטאָ קאָן מען פאַרגלייכן צו די פאָרשטעט פון פּאַריז אין סוף פון 18־טן יאָרהונדערט" — דער אונטער־שייד איז נאָר, וואָס די פּאַריזער פאָרשטעט זענען געווען פראַנצויזישע, אַ טייל פון פראַנצויזישן פאָלק און זייער קאַמף איז געווען אַ קאַמף צוזאַמען מיט דער אויפגייענדיקער בורזשואַזיע קעגן אַ צעפוילטן, פעודאַלן רעזשים, ווי דאָס איז געשען אין פעברואַר 1917 אין רוסלאַנד — אָבער

די קאָלירטע אײנװױנער פון די פ. שטאַטן, װאָס נעמען אַרום בײ די 20 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג קומט אױס צו קעמפן קעגן די איבעריקע 80 פּראָצענט, װאָס זענען געװױנט שטאַרק אױף צו דערשטיקן די רעבעלירנדיקע מינדערהײט.

## די סטודענטן־אומרוען

די 60־קער יאָרן זענען דורך אונטערן צײכן פון ערנסטע סטודענטן־אומרוען. זײ האָבן אַרומגענומען די אַנטװיקלטסטע לענדער: די פ. שטאַטן, מערב־דײטשלאַנד, פראַנקרײך, יאַפּאַן, אַ רײע קאָמוניסטישע לענדער װי יוגאָסלאַװיע, פּױלן, טשעכאָסלאָװאַקיע, אָבער אױך אַרומגעכאַפּט אָפּגע־שטאַנענע מדינות װי מצרים, גריכנלאַנד, סענעגאַל א. א. די שותּפותדיקע באַזע — אומצופרידנקײט מיטן עקזיסטירנדיקן רעזשים, כאָטש די רע־זשימען זענען פאַרשידנאַרטיקע.

די סטודענטנשאַפט בילדעט נישט קײן סאָציאַלן קלאַס. ס'איז אַ פאַריבערגײענדע שיכט, װאָס נעמט אַרום יוגנט פון 17—16 ביז 25 יאָר, אַ יוגנט װאָס טראָגט נאָך נישט אױף זיך דעם עול פון פּרנסה פאַר זיך און משפּחה און איז ממילא אָפן פאַר נײע אידײען, ריכטיקע אָדער פאַלשע, רעאַלע אָדער חלומות. די יוגנט פילט שטאַרקער װי דער עלטערער דור דעם אי־צדק, די געזעלשאַפטלעכע עװלות, די צביעות צװישן „אומר ועושה" און דאָס פאַראײניקט מיט דער נאַטירלעכער יוגנט־ענערגיע און באַװוּסטזיניקן אָדער אומבאַװוּסטזיניקן דראַנג נאָך אַװאַנטורעס, ברעכן די אײנטאָניקײט, די לאַנגװײליקײט, די רוטין.

דער באַשטאַנד פון דער סטודענטנשאַפט האָט זיך געביטן. פאַר דער לעצטער װעלט־מלחמה איז די צאָל סטודענטן געװען באַגרענעצט כמעט אױף דער גאַנצער װעלט און עס האָבן געלערנט הױפּטזעכלעך קינדער פון דער בורזשואַזיע, הױכע באַאַמטע, פרײע פּראָפעסיעס און העכערן מיטל־קלאַס. די צאָל קינדער פון פּראָלעטאַרישער אָדער פּױערישער אָפּ־שטאַמונג געװען זײער אַ קלײנע. די לאַגע האָט זיך געענדערט, כאָטש דער פּראָצענט קינדער פון אַרבעטער און פּױערים איז נאָך אַלץ אַ קלײ־

נער (ביי די 20%). די מערהייט — בילדן קינדער פון קליינבירגערטום.
אין די פ. שטאַטן האָט די צאָל סטודענטן פון 16 ביז 34 יאָר אויס־געמאַכט אין 1970 — 6,25 מיליאָן. די צאָל שילער אין די פּראָפעסיאָנעלע שולן איז געשטיגן פון 1,2 מיליאָן אין 1935 אויף 10,5 מיליאָן אין 1971 און אַזוי אויך אין פראַנקרייך, ווו די צאָל סטודענטן אין די אוניווערסיטעטן איז געשטיגן פון 120 טויזנט נאָך דער וועלט־מלחמה אויף 600 טויזנט אין 1968. אַפילו אין אָפּגעשטאַנענעם מצרים איז די צאָל פון אוניווערסיטעט־סטודענטן העכער פון 150 טויזנט. אויך אין די קאָמוניסטישע לענדער זענען מיר עדות פון אַן ענלעכן פּראָצעס. די קינדער ווילן אַנטלויפן פון פיזישער אַרבעט, ווערן „טשינאַווניקעס" (מלוכה־באַאַמטע) און לויפן אין די אוניווערסיטעטן, כאָטש אויך דאָרט בילדן די קינדער פון פרייע פּראָפעסיעס און מלוכה־באַאַמטע 40 פּראָצענט פון די סטודענטן.

דער גיכער וווקס פון דער צאָל סטודענטן האָט אַרויסגערופן אויסער אַלגעמיינע פּראָבלעמען, ספּעציפיש־סטודענטישע: מאַנגל פון בנינים, לאַבאָראַטאָריעס, ביבליאָטעקן, לערן־זאַלן און הויפּטזעכלעך ווידונגען פאַר די סטודענטן און די פּרווון פון איינהאַלטן די קאָנסערוואַטיווע „מאָראַל" — פאַראָרדנונגען (פאַרבאָט פון נאַכט־באַזוכן פון סטודענטן־מענער ביי די מיידלעך און פאַרקערט), אין דער צייט, ווען אויסערן „קאַמפּוס" הערשט די סעקסועלע פרייהייט. די דאָזיקע ספּעציפישע פּראָבלעמען, די מוראַדיקע, אָפּט, ענגשאַפט (דער אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק האָט געציילט 166 טויזנט סטודענטן, די פּאַריזער „סאָרבאָנע" — 160 טויזנט).

אין די פ. שטאַטן איז די באַוועגונג פון די סטודענטן געווען פאַרבונדן מיט 2 צענטראַלע פּראָבלעמען: די אומגליקלעכע מלחמה אין וויעטנאַם און דער אויפבראויז פון די נעגער. די סטודענטן האָבן נישט געוואָלט מען זאָל זיי מאָביליזירן און אַוועקשיקן אין די וויעטנאַמער דזשונגלען און שטאַרבן דאָרט פאַר אַ קאָרומפּירטן דיקטאַטאָר פון דרום־וויעטנאַם אָדער פאַר די וויעטנאַמער „קאָמפּראַדאָרן", וואָס מאַכן גלענצנדיקע געשעפטן און באַרייכערן זיך אויפן חשבון פון דער מלחמה. די יאָרן זענען אויך געווען „הייסע". די העכער 20 מיליאָן נעגערס און פּאָרטאָריקאַנער האָבן געמוזט קעמפן פאַר זייערע בירגער־רעכט, וואָס די דרום־שטאַטן מיט העברי וואַלאַס האָט זיי נישט געוואָלט אָנערקענען און פאַר זייער

עקאָנאָמישער גלייכבאַרעכטיקונג, נישט זיין אויסגעשטעלט אויף אַרבעטס־לאָזיקייט, (די צאָל אַרבעטסלאָזע צווישן די נעגערס דערגרייכט ביז 40 פּראָצענט, ווען דער אַלגעמיינער פּראָצענט אַרבעטסלאָזע מאַכט נישט אויס ביי די ווייסע קיין 5 פּראָצענט!), זנות, שמוציקע „סלאַמס" אין די גרויסע שטעט. אויף דעם באָדן זענען אויסגעוואַקסן די „שוואַרצע פּאַנטערס" און אַ גרויסער טייל פון דער ווייסער סטודענטנשאַפט האָט זיך אָנגעשלאָסן אין זיי. די אומצופרידנקייט פון הערשנדיקן רעזשים איז געווען אַן אַלגעמיינע און די יוגנט האָט אַרויסגעבראַכט איר פּראָטעסט אויף פאַרשידענע וועגן. ס'איז אויפגעקומען די „היפּי"־באַוועגונג, אַנטלויפן פון דער „איין־דימענסיאָנעלער", קאָרומפּירטער געזעלשאַפט אָקעגנשטעלן איר די לאָזונג "PEACE AND LOVE" (ליבע און שלום), פאַרלאָזן די רייכע שטובן, לעבן אויף דער שויס פון דער נאַטור (לויט דער פילאָזאָפיע פון זשאַן זשאַק רוסאָ און דזשעק לאָנדאָן), פאַרוואַרפן אַלע אָנגענומענע כללים, נישט ראַזירן זיך, נישט שערן די האָר, באַנוצן כאַשיש, אָפּיום, העראָין, ל.ס.ד., פרייע ליבע, אָן באַגרענעצונגען פון דער פאַרשאָלטענער געזעלשאַפט... נישט זעלטן זענען די נאַיווע ייִנגלעך און מיידלעך אויס־גענוצט געוואָרן דורך אויסוואורפן, ווי דער רוצח טשאַרלס מאַנסאָן, וואָס האָט געצוווּנגען די אומגליקלעכע מיידלעך צו מאָרדן, ווי אין פאַל פון דער אַרטיסטקע שאַראָן טייט, די פרוי פון באַוווּסטן קינאָ־רעזשיסער ראָמאַן פּאָלאַנסקי. „שוואַרצע פּאַנטערס" האָבן אויסגענוצט די סטודענטן אויף צו פאַרניכטן די „ווייסע" קולטור, אונטערצינדן אוניווערסיטעט־בנינים, לאַבאָראַטאָריעס, מאַכן פּאָגראָמען אויף די „ווייסע" קאַמפּוסן און ווייסע סטודענטן האָבן אומבאַוווּסטזיניק זיי געשטיצט אין דער פאַרברע־כערישער מלאכה. אַמעריקאַנער פּסיכאָפּאַט, וואָס איז אַליין באַרוישט געוואָרן פון אַ פאַרשיכורונגס־סם אין מעקסיקע, איז געוואָרן דער „נביא" פון אַ ל.ס.ד. קולט, ווען ער האָט געגעבן אַ רעליגיעזן אינהאַלט און דערפירט ביז משוגעת און טויט פון צענדליקער פון זיינע אומשולדיקע „חסידים". טויזנטער אַנדערע האָבן געזוכט די „ישועה" אין כל־מיני רעליגיעזע באַוועגונגען פון אינדישן קרישנאַמוטי ביזן פּרימיטיוון קריסטנ־טום און צווישן זיי אויך טויזנטער ייִדישע ייִנגעלייט, וואָס זענען אַנטלאָפן פון דער אָפּט־צביעותדיקער היים, פון דער קאַלטער רעפאָרם־שול אָדער נאָך קעלטערער קנאישער הלכה־רעליגיע און זוכן די „אויסלייזונג" אין „יידן פאַר יעזוסן" און גלויבן תמימותדיק, אַז מיט פּראָצעסיעס און מער־

ווייניקער התלהבותדיקע אויסרופן „יעזוס! יעזוס!" וועלן זיי ברענגען גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד...

די סטודענטן ווילן זיך באַפרייען פון דער צביעותדיקער, לאַנגווייליקער געזעלשאַפט, אַפילו פון איר שפע און לוקסוס, כאָטש „די באַפרייונג באַדייט אַ בונט פון אַ מינדערהייט קעגן די אינטערעסן און ווילן פון דער מערהייט". ווי עס באַצייכנט דאָס מיט רעכט מאַרקוזע. די סטודענטן שרייבן אין זייערע צייטונגען: „מיר ווילן נישט זיין פּאַסיוו, רעגירט דורך די געזעצן פון דער וויסנשאַפט אָדער געזעצן פון דער עקאָנאָמיק און טעכניק" — די געשיכטע ווערט געמאַכט דורכן מענטשן און... דער מענטש איז ער, דער יונגער סטודענט! „די טעכנאָקראַטיע — די הערשאַפט פון די טעכניקער — האַלט איין די עקזיסטענץ פון דעם עקספּלואַטאַציע־רעזשים", דעריבער „די רעוואָלוציע מוז זיין געווענדעט קעגן דער טעכנאָקראַטיע... דער אָביעקטיווער פאַקטאָר און דער סוביעקטיווער אייניקן זיך נישט.. .דער סוביעקטיווער פאַקטאָר עקזיסטירט צווישן דער נאָן־קאָנפאָרמיסטישער יוגנט און אינטעליגענץ, דער אָביעקטיווער — צווישן אָפּגעשטאַנענע עלעמענטן פון די אָפּגעשטאַנענע לענדער. זיי טרעפן זיך צונויף אין דער „דריטער וועלט" — דאַרפן די סטודענטן שטיצן אָט די „דריטע וועלט", דעם „דאָרף", ווי עס רופט אים אָן מאַאָ, קעגן... די ווייסע, הויך־אַנטוויקלטע לענדער.

מאַרקוזע ווייסט „די סטודענטישע באַוועגונג איז נישט קיין רעוואָלוציאָנערער כוח און אַפילו נישט קיין אַוואַנגאַרד, ווי לאַנג די מאַסן וועלן נישט גיין מיט איר".

און די קאָמוניסטישע „ל'הומאַניטע" שרייבט נאָך די מאַי־געשעענישן אין פראַנקרייך „יעדע באַריקאַדע, יעדער פאַרברענטער אויטאָ האָט געגעבן נייע צענדליקער טויזנטער שטימען די דעגאָליסטן"...

די יוגנט האָט געזוכט אַן ענטפער. זי האָט אים געזוכט ביי די נעאָטראָצקיסטן, מאַאָ'יסטן, „טשע געוואַראַ", קאַסטראָ'יסטן, האָ־טשי־מין, אַנאַרכיזם. די גרופּן טיילן זיך, שפּאַלטן, ווי דער ישראלדיקער „מצפּן", וועמענס 120 חברים שפּאַלטן זיך אויף 4 באַקעמפנדיקע זיך גרופּעס. ס'קומען אויף נייע נביאים: דוטשקע, כהן־בענדיט, באַדער־מיינהאָף, גינצבורג, כאָמסקי... צום זעניט איז דערגאַנגען די סטודענטישע באַוועגונג אין פראַנקרייך.

פראַנקרייך האָט אַ רייכע, רעוואָלוציאָנערע טראַדיציע. אין משך פון די לעצטע 200 יאָר האָט זי דורכגעמאַכט מערער און פיל טיפערע רעוואָ־

לוציעס, ווי וועלכעס ס'איז אַנדער לאַנד אויף דער וועלט (נישט רעכנענדיק די פּאַלאַץ־איבערקערעניש אין דרום־אַמעריקע, אַפריקע און אַראַבישע מדינות). פראַנקרייך לעבט נאָך מיטן זכרון פון דער גרויסער רעוואָלוציע פון 1789 און דעם זיגרייכן מאַרש פון נאַפּאָלעאָן איבער אייראָפּע. זי געדענקט נאָך די רעוואָלוציעס פון 1830, 1848 און די פּאַריזער קאָמונע פון 1871. טויזנטער פראַנצויזן גיבן נאָך היינט אָפּ כבוד די קאָמונאַרן אויפן בית־עלמין פון „פּער־לאַ־שעז". זיי געדענקען נאָך וויקטאָר הוגאָ, עמיל זאָלאַ, אַנאַטאָל פראַנס, ראָמען ראָלאַן. זשאַן פּאָל סאַרטער און אַלבערט קאַמי — זענען זייערע העלדן. זיי געדענקען דעם ערשטן קרבן פון דער וועלט־מלחמה זשאַן זשאָרעס און זיינע פּייערדיקע פּאַציפיסטישע רעדעס. פראַנקרייך איז געווען דאָס וויגעלע פון פּרודאָנס אַנאַרכיסטישן סינדיקאַליזם און נישט צופעליק האָט זיך די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, מיט אַ מערהייט פון 80% אָנגעשלאָסן אין 1920 אין קאָמינטערן. דער רעוואָלוציאָנערער גייסט האָט געהערשט אין פראַנקרייך — און אים האָבן איבערגענומען די סטודענטן.

פּאַריז איז די שטאָט פון ראַפינירסטן לוקסוס, אָבער אויף יעדע 4 דירות אין פראַנקרייך איז פאַראַן קוים 1 באַד־צימער, 800 טויזנט אַרבעטער־משפחות לעבן נאָך אין קעלערס און בוידעם־שטיבלעך און 8 מיליאָן פראַנצויזן ווייסן נישט, וואָס דאָס הייסט אַ וואַסער־קראַן אין זייער קיך. 4,5 מיליאָן משפחות לעבן אין „דירות" פון 2—1 צימערן ביי די ערגסטע סאַניטאַרע באַדינגונגען. אין 1968 האָט די אַרבעטס־וואָך אין פראַנקרייך געדויערט 47 שעה קעגן 44 אין מערב־דייטשלאַנד און דער אַרבעטס־לוין — מיט 25 פּראָצענט קלענער פון דייטשישן שכן. 40 פּראָצענט פון די מיידלעך־אַרבעטערינס האָבן פאַרדינט ווייניקער ווי 70 דאָלאַר אַ מאָנאַט און ס'איז נישט קיין וווּנדער, וואָס יעדעס יאָר פלעגן דאָרט צוקומען נייע 10 טויזנט פּראָסטיטוטקעס. אַ פערטל פון אַלע אַרבעטער אין פראַנקרייך האָבן נישט פאַרדינט מערער ווי 100 דאָלאַר אַ מאָנאַט און 1,5 מיליאָן אַרבעטער — אונטער 80 דאָלאַר.

די צאָל סטודענטן איז געוואַלטיק אויסגעוואַקסן. נאָך אין 1961 — זענען זיי געווען 202 טויזנט און אויסגעוואַקסן אין 1968 אויף 514 טויזנט, פון זיי, ווי שוין דערמאָנט, אויף דער „סאָרבאָן" — 160 טויזנט.

אין פּאַריז האָבן זיך קאָנצענטרירט כמעט 30 פּראָצענט פון די סטודענטן. דער נייער בנין אין נאַנטער האָט געדאַרפט דינען 3 טויזנט

סטודענטן — אָבער געציילט אין 1968 — 15 טויזנט. איז נישט געווען קיין אָרט, נישט אין די קלאַסן, נישט אין די לאַבאַראַטאָריעס און נאָך ווייניקער — אין די סטודענטן־וווינונגען.

אָנגעהויבן האָט זיך ד' באַוועגונג דעם 15־טן מערץ 1968. איבער דער גאַנצער מערב־וועלט האָבן קליינע גרופּעס סטודענטן פּראָטעסטירט קעגן אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם און די מלחמה אין וויעטנאַם. אויך אין פּאַריז האָבן אייניקע סטודענטן אויפגעריסן באַמבעס אין אַמעריקאַנער בענק און פלי־געזעלשאַפטן. אייניקע זענען אַרעסטירט געוואָרן. אייניקע טעג שפּעטער, דעם 22־טן, האָט אַ גרופּע סטודענטן מיט דעם דייטש־יידישן רויט־קאָפּיקן סטודענט, דעני כהן־בענדיט בראש פּאַרופן אַ פּראָ־טעסט־פאַרזאַמלונג און מיט 142 שטימען (פון 15 טויזנט) פּראָקלאַמירט אַ שטרייק אין נאַנטער. די לאָזונג איז געפּאַלן אויף אַ גוטן באָדן און אין זייער פאָדערונג „באַפרייען די אַרעסטירטע!" האָבן זיך אָנגעשלאָסן נישט נאָר די סטודענטן פון נאַנטער, נאָר אויך פון דער סאָרבאָן און נישט נאָר סטודענטן, אויך טויזנטער לערער, פּאַרטרעגער און פּראָפעסאָרן. ס'האָבן זיך אָנגעשלאָסן די שילער פון די מיטל־שולן. דער „רויטער דעני" איז נישט געווען קיין אידעאָלאָג, אָבער אַ גלענצנדער מאַסן־טריבון און מיט זיין התלהבות מיטגעריסן די גאַנצע שטודירנדיקע יוגנט. די סטודענטן האָבן באַזעצט די אוניווערסיטעט־געביידעס און אַרויס אין גאַס. לויט דער אַלטער רעוואָלוציאָנערער טראַדיציע, האָבן זיי אויפגעשטעלט באַריקאַדעס אין לאַטיינישן קוואַרטאַל, כאָטש היינט קעגן טאַנקן, שפּילן נישט די באַ־ריקאַדעס קיין שום ראָל. נעבן דעם „רויטן דעני" האָבן זיך אויסגעצייכנט אין קאַמף דער מנהיג פון די נעאָ־טראָצקיסטן, דער 27־יעריקער עלען קריווען און דער סעקרעטאַר פון די אוניווערסיטעט־לעקטאָרן עלען גייסמער.

דעם 3־טן מאַי האָט די פּאָליציי באַזעצט די „סאָרבאָן", באַוואָרפן די סטודענטן מיט טרערן־און קלאָר־גאַז, הונדערטער סטודענטן פאַר־וווּנדעט, 600 אַרעסטירט. די סטודענטן־אָרגאַניזאַציעס האָבן דערקלערט אַן אַלגעמיינעם שטרייק, פאַרנומען די אוניווערסיטעט־געביידעס און פּראָקלאַמירט „די הערשאַפט פון די סטודענטן איבער די אוניווערסיטעטן". אַ גרויסער פּלאַקאַט „דאָ הערשט די פאַנטאַזיע" איז געהאַנגען איבער דער סאָרבאָן און געוואָרן דער פּאַקטישער סימבאָל פונעם סטודענטישן קאַמף. די סטודענטן האָבן אויפגעריסן דעם ברוק, זיך באַוואָפנט מיט אייזנס,

שטיינער, אונטערגעצונדן אויטאָס, אַרויסגעריסן בוימער. דע־גאָל מאָבי־ליזירט די גאַנצע פּאָליציי, איינשליסלעך די מיליטערישע זשאַנדאַרמעריע, צוזאַמען ביי די 90 טויזנט מאַן, באַוואָפנטע מיט גאַז־גראַנאַטן, וואָס רופן אַרויס שווערע בראַנד־ווונדן, וואַסער־מאַשינען, וואָס וואַרפן אום מענטשן מיטן כוח פון וואַסער־שטראָם. דעם 7־טן מאַי איז די פּאָליציי מיט איר פולן כוח אַרויסגעטראָטן קעגן 30 טויזנט מאַניפעסטירנדיקע סטודענטן (כהן־באַנדיט האָט שפּעטער דערקלערט, אַז אין קיין שום מאָמענט איז די צאָל פון די קעמפנדיקע סטודענטן נישט געווען העכער פון 30 טויזנט, ד. ה. 20 פּראָצענט פון דער פּאַריזער סטודענטנשאַפט). די סימפּאַטיע פון דער באַפעלקערונג איז געווען אויף דער זייט פון דער סטודענטנ־שאַפט. אָם בעסטן האָט דאָס כאַראַקטעריזירט פראַנסואַ מיטראַן, סאָציאַ־ליסטישער מנהיג און פּרעזידענט־קאַנדידאַט פון „לינקן פראָנט" קעגן דעגאָליזם: „נישט שטענדיק איז די יוגנט גערעכט, אָבער די געזעלשאַפט, וואָס טרעט אַרויס קעגן דער יוגנט, וואָס קעמפט קעגן איר — איז קיינמאָל נישט גערעכט". עס האָבן דערקלערט זייער סאָלידאַריטעט מיט דער יוגנט, ווי שוין דערמאָנט, די מערהייט לערער, לעקטאָרן און פּראָפעסאָרן און די גייסט־מענטשן פון פראַנקרייך ווי דער דערמאָנטער פראַנסואַ מיטראַן, זשאַן פּאָל סאַרטער, דער קאָמוניסטישער שרייבער לואי אַראַגאָן, דער געוו. פּרעמיער־מיניסטער מענדעז־פראַנס א. א. אַ שווערן באַריקאַדן־קאַמף האָט אויסגעהאַלטן די יוגנט אין דער נאַכט פון 10־טן אויפן 11־טן מאַי. דער קאַמף האָט געדויערט ביז 6 פרי. די צאָל קרבנות: 367 פאַרוווּנדעטע, 460 אַרעסטירטע. די פּאָליציי האָט געזיגט, ס'איז אָבער געווען אַ פּירעוס־זיג. אויסער די טראָצקיסטן, וועמענס לידער, דער בעלגיער ערנס מאַנדעל האָט מיט התלהבות אויסגערופן „אָ, ווי שיין ס'איז דאָך אַ רעוואָלוציע", האָט קיינער נישט געוואָלט קיין רעוואָלוציע. נישט די סאָציאַליסטן און אויך נישט די קאָמוניסטן. „דער שטורם און דראַנג־פּעריאָד" פון די 20־קער יאָרן האָט געהערט צו דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. די קאָמו־ניסטן האָבן נאָך אין זייער „בייבל" (תנ"ך) אָנגעהאַלטן די רעוואָלוציאָנערע פראַזן, אָבער, ווי ריכטיק עס האָט דאָס אָפּגעשאַצט מאַרקוזע, האָבן זיי געצילט זיך „איינשאַלטן", אָנשליסן אין „עסטאַבלישמענט", בילדן דעם לינקן פליגל אָבער פון אַ דעמאָקראַטישער, פאַרלאַמענטאַרישער באַווע־גונג, קומען צו דער מאַכט דורך דעמאָקראַטישע וואַלן אַלס באַשטאַנדטייל פון „לינקן פראָנט" צוזאַמען מיט די סאָציאַליסטן און לינקע ראַדיקאַלן.

ממילא זענען אויך די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, די קאָ־מוניסטישע „ס. זש. ט.״ און די סאָציאַליסטישע „פאָרס אוווריער״ געווען קעגן אַ רעוואָלוציע — פאַרקלענערן די אַרבעטס־וואָך, העכערן די אַרבעטס־לוינען — יאָ, רעוואָלוציע — ניין! דווקא די ס. פ. ד. ט., די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע געגרינדעט דורך די קאַטוילן, האָט אַרויס־געוויזן מער סימפּאַטיע די קעמפנדיקע סטודענטן.

די אַרבעטער זענען נישט געווען פאַראינטערעסירט אין אַ רעוואָ־לוציע, אָבער יאָ אין פאַרבעסערן זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען. ספּאָנטאַן זענען אויסגעבראָכן שטרייקן אין אַלע גרעסטע אונטערנעמונגען מיט „רענאָ״ בראש. די אַרבעטער האָבן נאָכגעטאָן די סטודענטן און פאַרכאַפּט, באַזעצט די פאַבריקן. אין אַ סך ערטער פון פראַנקרייך האָבן זיך ספּאָנטאַן געגרינדעט גרעסערע און קלענערע אַרבעטער־ראַטן („סאָוויעטן״) אין פאַבריקן, ראַיאָנען, אָפט אין קליינע גאַסן און געסלעך. בלויז אין פּאַריז זענען אויפגעקומען 450 אַזעלכע אַרבעטער־ראַטן. די שטרייק־כוואַליע האָט זיך אויסגעברייטערט, אַרומגעכאַפּט אַלץ נייע אונטערנעמונגען, שטעט, ראַיאָנען. דעם 14־טן מאַי האָבן געשטרייקט 200 טויזנט אַרבעטער, דעם 19־טן מאַי — 2 מיליאָן און דעם 22־טן איז זייער צאָל אויסגעוואַקסן צו 9 מיליאָן. עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן די מעדיקער, די ראַדיאָ־און טעלעוויזיע „ספּיקערס״, אַפילו די פוטבאָליסטן, וואָס האָבן געוואָרפן די לאָזונג „פוטבאָל פאַר די פוטבאָליסטן״ און פאַרכאַפּט דעם בנין פון דער פוטבאָל־צענטראַלע. אויך אַ סך קאַטוילישע גלחים האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג, דערקלערנדיק: „גאָט איז נישט קיין קאָנסערוואַטאָר. ער איז מיטן פאָלק, ער איז פאַר יושר און צדק״.

די אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן נישט געקאָנט פאַרבלייבן אויסערן קאַמף, מורא האָבנדיק, אַז דער קאַמף וועט זיך אויסשפּילן איבער זייער קאָפּ. זיי, באַזונדערס די קאָמוניסטן, האָבן נישט צוגעלאָזט די סטודענטן צו די פאַבריקן, אָבער געווען געצוווּנגען זיך אָנשליסן אין דער ריזיקער פּראָטעסט־מאַניפעסטאַציע, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אויפן 18־טן מאַי און ווערלכער ס׳האָבן אָנטייל גענומען 800 טויזנט מאַן, ד. ה. כמעט די גאַנצע בירגערשאַפט פון פּאַריז. דער איין־טאָגיקער „מלך״, דער מנהיג פון דער דאָזיקער גיגאַנטישער מאַניפעסטאַציע איז געווען דער רויטער דעני, דער 23־יעריקער סטודענט. פאַר די אַנאַרכיסטן, טראָצ־קיסטן, מאַאָיסטן איז עס געווען אַן אָנהויב פון דער „פּערמאַנענטער

רעוואָלוציע״, פאַר די סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן איז עס געווען אַ מאַ־ניפעסטאַציע קעגן דע־גאָלן, פאַר אַ רעגירונג פון „לינקן פראָנט״. די לאָזונג: „נידער מיט דער רעגירונג! נייע וואַלן!״

דע־גאָל האָט זיך דערשראָקן, פאַרלוירן דעם קאָפּ. ער האָט פאַרלאָזט פּאַריז און אָפּגעפלויגן צו דער פראַנצויזישער מיליטערישער באַזע אין מערב־דייטשלאַנד, צוגרייטנדיק אַ מיליטערישע אינטערווענץ קעגן פּאַריז. פראַנצויזיש מיליטער קעגן פראַנצויזישן פאָלק! פּאָמפּידו, דע־גאָלס פּרע־מיער־מיניסטער, איז געווען קלוגער. ער האָט פאַרופן די פאָרשטייער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און 2 טעג מיט 2 נעכט אונטערגעהאַנדלט מיט זיי. ער איז געגאַנגען זייער ווייט. מסכים געווען צו העכערן מיט 35 פּראָצענט (אַ געוואַלטיקע העכערונג פאַר די פראַנצויזישע פאַרהעלט־נישן) די לוינען פון די אַגראַר־אַרבעטער, די אינדוסטריעלע שוואַרץ־אַרבעטער — 56 פּראָצענט, די שלעכט־באַצאָלטע אַרבעטערינס — 72 פּראָצענט! די עלטער־פּענסיע פאַרגרעסערט — פּאָמפּידו האָט אין 48 שעה נאָכגעגעבן מערער ווי אַלע פראַנצויזישע רעגירונגען אין משך פון 24 יאָר!

די אַרבעטער האָבן געזיגט. באַקומען אַ גרעסערן אַנטייל אין דעם נאַציאָנאַלן „קעז״ און... זיך אומגעקערט צו דער אַרבעט. דע־גאָל האָט זיך אומגעקערט און געמאָלדן „אַז ער פאַרבלייבט ביי דער מאַכט און וועט דורכפירן נייע וואַלן״. מינוטן שפּעטער האָבן הונדערטער טויזנטער דע־גאָליסטן מאַניפעסטירט אינטער דער לאָזונג: „פראַנקרייך — די פראַנ־צויזן! כהן־בענדיט — קיין דאַכאַו!״ גיט אַ קראַץ אַ דעגאָליסט און עס שפּרינגט אַרויס אַן אַנטיסעמיט...

דעם 23־טן און 30־טן יוני זענען פאָרגעקומען די וואַלן... דע־גאָל האָט געזיגט. דאָס קליינבירגערטום און מיט אים אויך אַ גרויסע צאָל אַרבעטער, האָט געשטימט פאַר דע־גאָלן, איבערגעשראָקן דורך די באַ־ריקאַדן און פאַרברענטע אויטאָס. דע־גאָלס פּאַרטיי האָט באַקומען אַן אַבסאָלוטע מערהייט, מיט 100 דעפּוטאַטן אין פּאַרלאַמענט מערער ווי פריער.

דע־גאָל האָט געזיגט. די אַרבעטער האָבן געוווּנען, די סטודענטן, פאַרשפּילט. אייניקע זייערע מנהיגים אַרעסטירט, כהן־בענדיט דעפּאָרטירט, די לינקע סטודענטן־אָרגאַניזאַציעס פאַרבאָטן, פאַרבאָטן די מאַאָ׳יסטישע און ענלעכע צייטונגלעך. די סטודענטן האָבן פאַרלאָזט די אוניווערסיטעט־

געביידעס און... זיך צעפּאָרן אויף זומער־וואַקאַציעס. די „רעוואָלוציע" איז געשטאָרבן.

אין אַ שמועס צווישן כהן־בענדיט און זשאַן פּאָל סאַרטער, דעם 20־טן מאַי, זאָגט דער אַלטער פילאָזאָף: „אַלץ וואָס איר דערגרייכט אויפן וועג פון געוואַלט, דערגרייכן די רעפאָרמיסטן אויף אַ פּאַציפיסטישן וועג. איר, סטודענטן, וועט אפשר דערגרייכן געוויסע אויסבעסערונגען, אָבער זיי וועלן זיין אינערהאַלב דעם קאַפּיטאַליסטישן רעזשים" און כהן־בענדיט, דער אַנאַרכיסט ענטפערט: „לאָמיר זיך נישט נאַרן, אַז ס'איז איצט מעגלעך אָפּצושווענקען די בורזשואַזע געזעלשאַפט... דער כוח פון אונדזער באַוועגונג ליגט אין איר ספּאָנטאַנקייט. אונדזער איינציקער שאַנס איז די אַנאַרכיע, די אומאָרדנונג, וואָס דערלויבט די מענטשן צו ריידן און טראַכטן פריי"...

אומאָרדנונג, אַנאַרכיע און וואָס ווייטער? בעת די סטודענטן זענען געגאַנגען צו די שטרייקנדיקע רענאָ־אַרבעטער, כדי זיי אויסצודריקן זייער סאָלידאַריטעט, האָבן די אַרבעטער געענטפערט „מיר ווילן אַ לוין פון טויזנט פראַנק (דאָן 200 דאָלאַר) מאָנאַטלעך, אַ 40־שעהדיקע אַרבעטס־וואָך און עמעריטור (פּענסיע) אין עלטער פון 60 יאָר. נישט מערער און נישט ווייניקער" און... נישט אַריינגעלאָזט די סטודענטן אין דער פאַבריק.

ווי ס'האָט פעסטגעשטעלט טראָצקי: „אַ רעוואָלוציע איז מעגלעך, ווען די הערשנדיקע קלאַסן קאָנען מער נישט איינהאַלטן די מאַכט און די מאַסן, דאָס פאָלק וויל אַן ענדערונג". דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָט אָבער נישט געוואָלט קיין ענדערונג פון רעזשים, עס האָט געוואָלט... טויזנט פראַנק אַ מאָנאַט און ווען די בורזשואַזיע אין דער פּערזאָן פון פּאָמפּידו האָט די פאָדערונג נאָכגעגעבן — האָט זיך פאַרענדיקט די רע־וואָלוציע. מאַרקוזע גלויבט, אַז נאָך די מאַי־געשעענישן איז דער קאַפּי־טאַליזם אַנדערש ווי פריִער, איז עס נישט מער ווי אַן אילוזיע. דער קאַפּיטאַליזם קאָן זיך דערלויבן אויף אַ טויזנט־פראַנק־לוין און אויף אַ 40־שעהדיקער און אַפילו 35־שעהדיקער אַרבעטס־וואָך. ווי האָט געלערנט דער אַלטער העברי פאָרד: „מען דאַרף צאָלן דעם אַרבעטער אַזאַ לוין, ער זאָל קאָנען קויפן מיינע אויטאָס" — דאָס איז דער עיקר, פאַרקויפן דעם אויטאָ...

כהן־בענדיט האָט פאַרלאָזט פראַנקרייך צופרידן. אויך ער האָט גע־האַלטן ווי זיין לערער מיכאל באַקונין „יעדער אויפשטאַנד איז באַגריסונגס־

ווערט, אַפילו ווען ער פאַלט דורך". כהן־בענדיט איז אַוועק צופרידן און... זיך גענומען צו אַ נייער פּראָפעסיע, וואָס ווערט נישט פאַרפאַלגט דורך דער פּאָליציי — צו דער פילם־אינדוסטריע און פילם־אַרטיסטקעס...

נאָך מאַי 1968 איז די סטודענטן־באַוועגונג געלאָפן באַרג־אַראָפּ און היינט זענען נישט פאַרבליבן מער ווי זכרונות. די רעוואָלוציאָנערן האָבן שוין וואַרשיינלעך פאַרענדיקט זייערע לימודים, באַקומען דאָקטער־דיפּלאָמען און זייער ציל איז... אַריינפּאַסן זיך אין „עסטאַבלישמענט", ווי ס'איז געשען מיט אַ סך אַנדערע רעוואָלוציאָנערן פאַר זיי און... נאָך זיי.

## „טשע געוואַראַ"

טשע געוואַראַ איז געווען איינער פון די אָפּגעטער פון די סטודענטן אין פראַנקרייך, דייטשלאַנד, צפון־אַמעריקע אָבער הויפּטזעכלעך אין דער לאַטיינישער אַמעריקע. טשע געוואַראַ גופא איז ווייניק געווען אַנטציקט פון דער סטודענטישע באַוועגונג, ער האָט נישט געהאַלטן פון איר. ער האָט נישט געהאַלטן פון דער אַנאַרכיסטישער „ספּאָנטאַנקייט" און אויך נישט פון דער טראָצקיסטישער „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע". זיין אידעאַל איז געווען לואי בלאַנקי און זיין ביישפּיל — פידעל קאַסטראָ.

ערנעסטאָ (טשע) געוואַראַ איז געבוירן געוואָרן אין 1928 אין אַרגענטינע. אַ זון פון אַ רייכער משפחה, געלערנט מעדיצין. נישט געוואָלט דינען פערזענלעך אין דער אַרמיי, פאַרלאָזט ער אַרגענטינע — און געוואַנדערט איבער לאַטיין־אַמעריקע, אָנשליסנדיק זיך אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן. אין גוואַטעמאַלאַ זיך געטראָפן מיט די ברידער פידעל און ראַול קאַסטראָ און צוזאַמען מיט זיי אָפּגעפאָרן אין 1956 קיין קובאַ, וווּ ס'האָט געהערשט דער דיקטאַטאָר, סערזשאַנט באַטיסטאַ, געשטיצט דורכן אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם (ווי כמעט אַלע דיקטאַטאָרן) ווייל... קובאַ איז געווען דער צוקער־פּראָדוצירער פאַר די פ. שטאַטן. די רעוואָלוציאָנערע גרופּע איז באַשטאַנען סך הכל פון 82 מענטשן, פון וועלכע 70 זענען געהרגעט געוואָרן גלייך ביים אָנקומען און געראַטעוועט זיך האָבן קוים 12 מאַן! מיט די 12 איז קאַסטראָ אַוועק אין די בערג „סיעראַ מאַעסטראַ" און

געשאַפן די באַזע פון קאַמף קעגן באַטיסטאַן און די יענקיס, די בעלי־בתים פון די גרויסע צוקער־פּלאַנטאַציעס. פון גאַנצן אינדזל האָבן אומ־צופרידענע פויערים, פּלאַנטאַציע־אַרבעטער, סטודענטן, געשטראָמט צו קאַסטראָ'ן אין זיין „סיעראַ מאַעסטראַ". קאַסטראָ איז דאַן געווען אַ לינקער קריסטלעך־דעמאָקראַט און געפּריידיקט אַ ברייטע אַגראַר־רעפאָרם, נאַ־ציאָנאַליזירן די יענקישע צוקער־פּלאַנטאַציעס, אַ דעמאָקראַטישן רעזשים. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט געשטיצט באַטיסטאַ'ן און לויטן ראָט פון מאָאַ, געווען פאַרטראָטן אין באַטיסטאַס רעגירונג מיט 2 מיניסטאָרן. פידעל קאַסטראָ איז פאַר די קאָמוניסטן געווען אַן אַוואַנטוריסט, פאַר־משפּט צו אַ מפּלה. באַטיסטאַ האָט געוואָרפן זיין גאַנצע אַרמיי, 80 טויזנט מאַן קעגן דעם ביסל אָנהענגער פון פידעל קאַסטראָ, געוואָרפן די אַווי־יאַציע, טאַנקען, אַרטילעריע, אָבער... גאַנצע אָפּטיילונגען פון באַטיסטאַס אַרמיי (ווי מיט 10 יאָר פריִער אין כינע) האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין קאַסטראָס גערילאַ־אַרמיי און די 12 מאַן — אַן אומגלויבלעכע דערשיינונג אין דער וועלט־געשיכטע — האָבן פאַר די 3 יאָר פאַרנומען דאָס לאַנד. באַטיסטאַ איז אַנטלאָפן קיין אַמעריקע און דעם 1־טן יאַנואַר 1959 איז פידעל קאַסטראָ געוואָרן דער הערשער פון קובאַ. די קאָמוניסטן האָבן זיך איבערגעבעטן און... אַריבער צו קאַסטראָ. קאַסטראָ, ווי שוין דער־מאָנט, איז געווען אַ לינקער קריסטלעך־דעמאָקראַט, ווייט פון קאָמוניזם. די רעגירונג פון גענעראַל אייזנהאַוער האָט ווי דער שטייגער אין דער פּאָליטיק פון די פ. שטאַטן, געשטיצט ביזן לעצטן מאָמענט דעם דיק־טאַטאָר באַטיסטאַ און נישט געוואָלט אָנערקענען קאַסטראָ'ן, פאַרקערט, געלייגט אַן „עמבאַרגאָ" אויף קובאַ. בלית ברירה, האָט קאַסטראָ געמוזט זוכן הילף ביים ראַטנפאַרבאַנד און ס'איז געווען אייזנהאַוער און זיין אויסערן מיניסטער דאַלאַס, וואָס האָבן געמאַכט פון קאַסטראָ'ן — אַ קאָמוניסט.

קאַסטראָ און טשע געוואַראַ האָבן געגלויבט, אַז אַזוי ווי ס'איז זיי געלונגען לייכט צו פאַרנעמען די מאַכט אין קובאַ, וועט אויך נישט זיין שווער אויסצוברייטערן די „רעוואָלוציע" אויף גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע, פאַרוואַנדלען קובאַ אין אַ שפּרינג־ברעט. אין קובאַ זענען געגרינדעט געוואָרן ספּעציעלע שולן און אויסשולונגס־קורסן פאַר רעוואָלוציאָנערן פון אַלע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, באַזונדערס פאַר סטודענטן. קובאַ איז געוואָרן דער צענטער פון קאָמוניזם אין אַמעריקע, אָבער גיך זיך צו־

זאַמענגעשטויסן מיט די אינטערעסן פון ראַטנפאַרבאַנד און פון די קאָמו־ניסטישע פאַרטייען. פאַרן ראַטנפאַרבאַנד איז קובאַ געווען אַ וויכטיקע פּאָזיציע, ווייל זי געפינט זיך 150 קילאָמעטער פון די אַמעריקאַנער ברעגעס און באַדראָט אַמעריקע. כרושטשאָוו האָט געמוזט אין 1962 אָפּציִען די ראַקעטעס־באַזעס, וואָס ער האָט אויסגעבויט, אָבער די פּאָ־טענציעלע דראָונג איז דאָך פאַרבליבן. פון דער אַנדערער זייט, האָט די סאָוויעטישע רעגירונג אין איר פּראַגמאַטיזם, אָפּזאָגנדיק זיך פון דער וועלט־רעוואָלוציע, געזוכט אָנבינדן דיפּלאָמאַטישע און האַנדלס־באַציונגען מיט אַלע לאַטיין־אַמעריקאַנער רעגירונגען, אויך מיט די רעאַקציאָנערסטע, ווי מיט בראַזיל צ. ב. דאָס האָט אַרויסגערופן די אומצופרידנקייט פון קאַסטראָ און טשע געוואַראַ, וואָס האָבן אין דעם געזען אַ פאַראַט. אויך מיט די קאָמוניסטישע פאַרטייען פון לאַטיין־אַמעריקע איז עס נישט גע־גאַנגען לייכט. קאַסטראָ האָט געבויט זיין לאַטיין־אַמעריקאַנער פּאָליטיק אויף קליינע גערילאַ־אָפּטיילונגען, ענלעכע צו די „טופּאַמאַרו" אין אורוגוואַי אָדער די „רעוואָלוציאָנערע פּאָלקס־אַרמיי" אין אַרגענטינע — די קאָמוניסטישע פּאַרטייען האַלטן, אַז אַן אַ מאַסן־באַזע זענען די גערילאַ־אָפּטיילונגען נישט מער ווי אַן אַוואַנטורע, אַן אויסזיכטן פון זיג.

באַזונדערס שאַרף איז דער סיכסוך געקומען צום אויסדרוק אין ווענעצועלאַ, אַ לאַנד, זייער רייך אין נאַפט (פאַרנעמט היינט דאָס 5־טע אָרט אין דער נאַפט־עקספּלואַטאַציע) און ווו די נאַפט־קוואַלן ווערן עקס־פּלואַטירט דורך אַמעריקאַנער געזעלשאַפטן. נישט קוקנדיק אויף די רייכ־טימער (נאַפט, אייזן) איז דער רוב פון דער באַפעלקערונג זייער אָרעם. קאַסטראָ האָט זיך פאַרלייגט אויף ווענעצועלאַ און אין משך פון לאַנגע יאָרן אָרגאַניזירט און געשטיצט גערילאַ־אָפּטיילונגען, הויפּטזעכלעך פון סטודענטישער יוגנט. די ווענעצואָלאַנער קאָמ. פּאַרטיי האָט זיך קעגנ־געשטעלט דער דאָזיקער פּאָליטיק, דערקלערנדיק, אַז דער גערילאַ־קאַמף ברענגט נישט קיין נוצן נאָר שאָדן. מיט דער ווענעצאָלאַנער קאָמ. פּאַרטיי האָבן זיך סאָלידאַריזירט אַלע איבעריקע קאָמ. פּאַרטייען, אויסער קליינע גרופּן פון מאַאָ׳יסטן.

קאַסטראָ גופא איז געווען גענייגט צו מאַאָ׳ן, אָבער די קובאַנער ווירטשאַפט איז אָפּהענגיק פון ראַטנפאַרבאַנד, פון וועמען ער באַקומט ביז 500 מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר און אָן דער סומע — קאָן קובאַ נישט עקזיסטירן. ער האָט באַוויזן דורכפירן ערנסטע רעפאָרמען און פּאַקטיש

פאַרבעסערט דעם לעבנס־סטאַנדאַרט פון קובאַנער פאָלק, אָבער אויס־האַלטן זיך אַליין — קאָן ער נישט. דעריבער האָט קאַסטראָ געמוזט זיך אונטערגעבן דער סאָוויעטישער אַפּוטרופּסות.

טשע געוואַראַ האָט די דאָזיקע אַפּוטרופּסות נישט געוואָלט אָננעמען. ער איז געבליבן געטריי די חלומות פון 1956 און געגלויבט, אַז דאָס וואָס איז געלונגען קאַסטראָ'ן אין קובאַ, קאָן אויך געלינגען אים אין דרום־אַמעריקע. דרום־אַמעריקע איז אַ ווולקאַן. די אָרעמקייט — אַ גרענעצ־לאָזע, די אומצופרידנקייט — אַן אומגעהויערע. ס'וועט זיין גענוג אַ פונק — און גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע וועט ברענען.

געוואַראַ האָט אויסגעוויילט פאַר דעם צוועק דעם צענטער פון דרום־אַמעריקע: באָליוויע, אַ לאַנד — אַ ריזיקעס, העכער אַ מיליאָן קוו. קמ., אַ באַפעלקערונג — אַ שיטערע, קוים 5 מיליאָן, פון וועלכע נאָר 14% זענען ווייסע און די איבעריקע אינדיאַנער און מעסטיסן (מישלינגען) אַ לאַנד, וואָס האָט אין משך פון אירע 160 יאָר עקזיסטענץ דורכגעמאַכט 140 איבערקערענישן און פאַרמאָגט אַ רעלאַטיוו־שטאַרקן אַרבעטער־קלאַס, גרויסע צין־מינעס. באָליוויע גרענעצט זיך מיט די גרעסטע לענדער פון דרום־אַמעריקאַנער קאָנטינענט: אַרגענטינע, בראַזיל, טשילע, פּערו און פאַרמאָגט דזשונגלען, ווו מען קאָן זיך לייכט באַהאַלטן און וואָס קאָנען זיך פאַרוואַנדלען אין דער „סיעראַ מאַעסטראַ" פון דרום־אַמעריקע.

אין לאַטיין־אַמעריקע איז זייער שטאַרק די שנאה קעגן די פ. שטאַטן, וואָס עקספּלואַטירן די לאַטיין־אַמעריקאַנער שכנים. די אַמעריקאַנער גע־זעלשאַפטן האָבן אינוועסטירט אין לאַטיין־אַמעריקע 11 מיליאַרד דאָלאַר, אָבער אַרויסבאַקומען פיל מערער אין רווחים און דיווידענדן. אין די יאָרן 65—1959 צ. ב. האָבן די אַמעריקאַנער אינוועסטירט 1,2 מיליאַרד דאָלאַר און אַרויסגעפירט 4 מיליאַרד (אין אייראָפּע, אין דער זעלבער צייט, האָבן די אַמעריקאַנער אינוועסטירט 8,5 מיליאַרד און אַרויסגעפירט 4,8 מיליאַרד) 45 פּראָצענט פון דרום־אַמעריקאַנער עקספּאָרט — מאַכן אויס די צאָלונגען פון הלוואות און צינזן. קענעדי האָט געגרינדעט די „אַליאַנץ פאַרן פּראָגרעס פון לאַטיין־אַמעריקע", אָבער פון דער „שלום אַרמיי" האָט זיך אויסגעלאָזט אַ... בוידעם. די אַמעריקאַנער האָבן אויס־געבויט 300 טויזנט וווינונגען, טויזנטער שולן, צוגעגרייט 160 טויזנט לערער, פאַרטיילט אומזיסט צווישן די קינדער 1,4 מיליאָן שול־ביכער, אויפגעבויט 850 שפּיטעלער, 2 טויזנט ברונעמס מיט זיס וואַסער —

אָבער דאָס אַלץ איז ווי אַ טראָפּן וואַסער אין ים פון 300 מיליאָן לאַטיין־אַמעריקאַנער, פון וועלכע 90—80 פּראָצענט לעבן אין דחקות און נויט. דעם ביינאַמען „דער מיאוסער יענקי" — האָבן זיי נישט באַוויזן צו בייטן.

טשע געוואַראַ האָט איבערגענומען די לאָזונג פון מאָאָ „אין לאַטיין־אַמעריקע זענען די מענער וויכטיקער ווי די זאַך פאַר וועלכער זיי קעמפן" און כאָטש ער האָט זיך אויך געהאַלטן פאַר אַ „מאַרקסיסט", האָט ער געגלויבט, אַז „דאָס באַוווסטזיין באַשטימט דאָס זיין" (פאַרקערט פון מאַרקס׳ס דעפיניציע). ער האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל „פאַרוואַנדלען יעדן מענטשן אין אַן אַלטרואיסט" וועמען עס אינטערעסירט נאָר די רעוואָלוציע, איז מוותר אויף פּערזענלעכן גליק, אויף משפחה, כדי צו קעמפן „פאַרן גליק פון דער גאַנצער מענטשהייט, פון קאָלעקטיוו אָבער נישט פונעם פּערזענלעכן", נישט באַנעמענדיק, אַז ס׳קאָן נישט זיין קיין „גליקלעכער קאָלעקטיוו" אויב זיינע מיטגלידער, די אינדיווידואומס, זענען נישט גליקלעך. זיינער אַ חבר און „חסיד", דער פראַנצויזישער רעוואָ־לוציאָנער רענע דעברע שרייבט וועגן טשע געוואַראַ „טשע אַנטוויקלט אַן אידעאַלע וויזיע פון סאָציאַליסטישן מענטשן, וועמען די מאַטעריעלע לאַגע איז פולשטענדיק פרעמד". טשע זעט נישט אין סאָוויעטישן מענטשן דעם „נייעם מענטשן", ווייל אויך דער סאָוויעטישער בירגער, צוגלייך דעם אַמעריקאַנער, צילט צו באַקומען מערער געלט פאַר זיין אַרבעט, אים אינטערעסירט נאָר זיינער, מאַטעריעלער פּראָפיט...

געוואַראַ אָרגאַניזירט אין קובאַ זיין „אַרמיי" פון אַ 30 קובאַנער רעוואָלוציאָנערן, זאָגט זיך אָפּ פון דער רעגירונג און דעם 5־טן נאָוועמבער 1966 קומט ער קיין באָליוויע און באַזעצט זיך אין מיטן פון דער דזשונגל. דעם 7־טן נאָוועמבער באַצייכנט ער אין זיין טאָג־בוך „היינט הויבט זיך אָן אַ נייער פּעריאָד". טשע געוואַראַ איז רייך: ער פאַרמאָגט אַן „אַרמיי" — 12 קובאַנער און 1 באָליוויאַנער, ביקסן, קוילנוואַרפער, מאַטשעטן (שאַרפע מעסערס כדי זיך צו עפענען אַ וועג אין די דזשונגלען). געוואַראַ איז זיכער, אַז ווי נאָר ס׳וועט פאַרשפרייט ווערן די ידיעה וועגן זיין אָנקום, וועלן טויזנטער באָליוויאַנער זיך אָנשליסן אין זיין רעוואָלוציאָנערער אַרמיי, אָבער די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז קעגן זיין גערילאַ־אַוואַנטורע און מיטן מנהיג פון די באָליוויאַנער צין־אַרבעטער כואַן לעטשין ווייל נישט טשע געוואַראַ קיין משא ומתן, ווייל לעטשין איז... אַ טראָצקיסט

און טראָצקיזם איז טריף זינט סטאַלינען און נאָך ביז היינט נישט רעהאַ־בילירטירט געוואָרן...

געוואַראַ וואַרט אויף די אינדיאַנער, אָבער זיי האָבן בכלל פיינט די ווייסע דראָבערער, האָבן נישט קיין צוטרוי צו זיי און... דער דיקטאַטאָר פון באָליוויע, באַריענטאָס, האָט אויף אַ נאָוױנע צוגעזאָגט דורכצופירן די אַגראַר־רעפאָרם, וואָס ווען זיי געבן טשע געוואַראַ?

פאַרבלייבט טשע געוואַראַ אַליין. נאָר איינצלנע אַוואַנטוריסטן שליסן זיך אָן אין זיין „אַרמיי". איניקע אַרגענטינער, איניקע פּערואַנער, אויך איניקע באָליוויאַנער און אַ האַלב יאָר שפּעטער ציילט ער שוין... 47 מאַן, טאַקע 4 מאָל מערער ווי ביים אָנהויב, אָבער דאָך נישט קיין „אַרמיי" צו שלאָגן אַפילו אַ שוואַכן שונא. דעם 30־טן אַפּריל שרייבט ער אין זיין טאָג־בוך שוין ווייניקער אָפּטימיסטיש. ער שרייבט שוין נישט וועגן „נייעם פּעריאָד", נאָר „דער צושטאַנד פון פּולקאָמער איזאָלאַציע האַלט אָן. די פּויערים האָבן זיך נישט אָנגעשלאָסן און נישט געשאַפן קיין איין־און־איינציקע קאַמפּס־גרופּע. דוכט זיך אַז מיר וועלן מוזן מיט טעראָר נייטראַליזירן די פּויערים". דעם 14־טן יוני פאַרצייכנט ער „היינט בין איך געוואָרן אַלט 39 יאָר. איך מוז ערנסט אַ טראַכט טאָן וועגן מיין צוקונפט אַלס גערילאַ־קעמפער" — צו שפּעט! זיין גורל איז שוין געווען געחתמעט.

די דעמאָראַליזאַציע רייסט זיך אַריין אין די רייען פון דער קליינער, אומעטיקער „אַרמיי", וואָס בלאָנדזשעט אין די דזשונגלען. דעם 25־טן פעברואַר 1967 שרייבט ער „אַ שוואַרצער טאָג. פּאָטשאָ האָט זיך גע־קלאָגט, אַז מאַרקאָס האָט אים געשלאָגן, געדראָט מיטן „מאַטשעטע", צעריסן אים די קליידער. צווישן די פּאַרטיזאַנער הערשט אַ שלעכטער קלימאַט". דעם 7־טן מערץ פאַרצייכנט ער: „פיר חדשים. די קעמפער פאַרלירן דעם מוט. זיי זעען דעם סוף פון פּראָוויאַנט, אָבער נישט פון וועג". דעם 11־טן מערץ האָבן 2 פּאַרטיזאַנען דעזערטירט און איבער־געגעבן דער אַרמיי פון באַריענטאָס, ווו עס געפינט זיך דער „שטאַב" פון געוואַראַ. 19־טער מערץ: „אַ קליינער עראָפּלאַן איז געפלויגן איבער אונדז ער זאָגט אָן שלעכטע בשורות". דעם 23־טן מערץ — ערשטער צוזאַמענשטויס. זיג פון די גערילאַ. געהרגעט 7 זעלנער, גענומען גע־פאַנגען 18. ס׳איז אָבער נאָר דער אָנהייב. די רעגירונג שיקט אַרויס אַן אָפּטיילונג פון 400 מאַן, געשולטע דורך אַמעריקאַנער אַנטי־גערילאַ־

אינסטרוקטאָרן. דעם 7־טן אויגוסט שרייבט געוואַראַ: „פון די ערשטע 6 קובאַנער קעמפּער, זענען 2 טויט, 2 פאַרוווּנדעט, איינער פאַרשווּוּנדן און איך... בין אַ לעבעדיקער מת" (געוואַראַ האָט געליטן זיין גאַנץ לעבן אויף אַ שווערע אַסטמע). דעם 31־טן אויגוסט: „ס'איז געווען דער ערגסטער קריגס־מאָנאַט. די פאַרלוסטן פון אונדזערע היילן מיט די דאָקומענטן און מעדיקאַמענטן ווירקן שלעכט פּסיכאָלאָגיש... די מאָראַל האָט דערגרייכט די נידעריקסטע שטופע", די לאַגע איז געוואָרן קאַטאַסטראָפאַל, געיאָגט דורך דער רעגירונג־אַרמיי, אָן הילף, אָן קאָנטאַקט מיט אויסלאַנד, ווערט די רעשט פון זיין „אַרמיי" אַרומגערינגלט דעם 8־טן אָקטאָבער, טשע געוואַראַ געפאַנגען און דערמאָרדעט לויט דער פאַראָרדענונג פון דיק־טאַטאָר...

אַזוי האָט זיך געענדיקט דער חלום פון אַ „פּראָפעסיאָנעלן רעוואָ־לוציאָנער", וואָס האָט געגלויבט מיט אַ קליין הייפעלע גוטע, איבער־געגעבענע רעוואָלוציאָנערן פאַנאַנדערפלאַקערן אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע אין לאַטיין־אַמעריקע. טשע געוואַראַ איז געווען אַ העלד, אָבער אַ העלד פון דאָן־קישאָט־טיפּ. עס קאָן זיך טרעפן, ביי עקסטרא־פאַרהעלטנישן, ווי אין קובאַ אין די יאָרן 1956—58, אַז אַ הייפל רעוואָלוציאָנערן זאָל זיגן, אָבער נאָר דאַן, ווען „דאָס פאָלק וויל אַן ענדערונג און די רעגירונג איז אומפעיִק איינצוהאַלטן די מאַכט" — אָן דעם באַדינג איז אַ גערילאַ־קאַמף ווי דער פון טשע געוואַראַ — נישט מער ווי אַוואַנטוריזם און דאָס איז אויך דער גורל פון די „טופּאַמאַראָ" אין אורוגוואַי און די „רעוואָלוציאָנערע פאָלקס־אַרמיי" אין אַרגענטינע...

## אין די „סאָציאַליסטישע לענדער"

אין יאַנואַר 1967 האָט די יוגאָסלאַווישע „ענציקלאָפּעדיאַ מאָדערנאַ", וואָס איז דערשינען אין זאַגרעב געשריבן: „ביי דער יוגנט אין די הויך־אינדוסטריאַליזירטע לענדער האָט זיך אויסגעוויקלט אַן אויסערגעוויינלעך שאַרפער קאָנפליקט: פון איין זייט די איבערגעזעטיקייט מיט מאַטעריעלן גענוס, מיט טעכנישן סנאָביזם, פון דער צווייטער — אַ געפיל פון אַנט־

ווערטונג פון גייסטיקן לעבן, פון אַרבעט, שיינקייט, ליבע, מענטשלעכע וואַרעמקייט״ — און דאָס איז געווען (און פאַרבליבן) ריכטיק לגבי דער מערב־יוגנט (טיילווייז אויך ישראלדיקער).

אין די א. ג. „סאָציאַליסטישע לענדער״ איז נאָך זייער ווייט צו „מאַטעריעלער איבערגעזעטיקייט״, אָבער אויך דאָרט הערשט אַ שאַרפער קאָנפליקט, וואָס וואַקסט אויס אויף דער באַזע פון „ניהיליזם און ציניזם״, וואָס הערשט אין דער „עלטערער״ געזעלשאַפט, צווישן די רעגירער, דעם אַדמיניסטראַטיוון, פּאָליטישן און שטאַטס־אַפּאַראַט, צווישן דער טעאָריע און פּראַקטיק, צווישן די שיינע לאָזונגען און מיאוסער פּראַקטיק, צווישן דעם „אומר ועושה״. יוגאָסלאַווישע סאָציאָלאָגן האָבן מיט רעכט פעסטגעשטעלט: „די יוגנט איז נישט גרייט צו קרבנות ווייל זי זעט נישט און פילט נישט די דאָזיקע גרייטקייט ביים עלטערן דור״. דאָס טרויעריקע איז, וואָס דווקא אין ראַטנפאַרבאַנד, ווו די דיסטאַנץ צווישן טעאָריע און פּראַקטיק איז די גרעסטע, דאָרט איז געלונגען די קאָמוניסטן מיט דער הילף פון דער „דערציונג״ און ק.ג.ב. (די געהיים־פּאָליצייט אין אַלע אירע פאָרמען) צו אַנולירן יעדן ווידערשטאַנד פון דער יוגנט, אויסער גאָר־ווייניקע יחידים, מיט סאַכאַראָוו און סאָלזשעניצין בראש. די צענדליקער יאָר פון סטאַלינישן טעראָר און „מוח־וואַשונג״ האָבן דאָך געהאַט אַ ווירקונג.

אַנדערש זעט עס אויס אין די נייע „סאָציאַליסטישע״ מדינות, וואָס געפינען זיך „נאָר״ 25 יאָר אונטער קאָמוניסטישער הערשאַפט און מוח־וואַשונג. דאָרט איז נאָך די יוגנט געזונטער, פרייער אין גייסט און מוטיקער. אַזוי דערקלערט אַן אַרטיקל פאַרעפנטלעכט אין דער יוגאָסלאַווישער פּרעסע „די יוגנט זאָגט נישט, אַז ס׳אינטערעסירט איר נישט מאַרקס און לעניז. זי וויל אָבער אויך וויסן, וואָס קומט פאַר היינט אויפן אידעאָלאָגישן און סאָציאַלן געביט. זי וויל זיך נישט באַגנוגענען מיט דער געשיכטע, אַפילו דער הערלעכסטער, זי וויל וויסן און נאָך מער — מיטווירקן אַקטיוו פאַר דער אַנטוויקלונג פון לאַנד און איר אייגענער צוקונפט. די יוגנט איז קעגן דער דאָפּלטער מאָראַל „טו נישט דאָס, וואָס איך טו, נאָר וואָס איך זאָג״. וואָס הערשט אויך אין די יוגאָסלאַווישע רעגירנדיקע קרייזן. זי פּראָטעסטירט קעגן מאַנגל פון ווערטן, וואָס מאַכן דאָס לעבן אינטערעסאַנט, ברענגען אַרויס אידעאַלן פאַר וועלכע עס לוינט צו לעבן און קעמפן... מען פאָדערט פון דער יוגנט

טריישאַפט און איבערגעגעבנקייט, מען פאַרגעסט אָבער, אַז טריישאַפט און איבערגעגעבנקייט וואַקסן אַרויס פון איבער־צייגונג, אַז די וואָס פאָדערן דאָס, זענען אַליין גרייט זיך מקריב זיין פאַר די דאָזיקע ווערטן״.

די יוגאָסלאַווישע יוגנט האָט אַרויסגערוקט אויך ספּעציפישע פּאָ־סטולאַטן: פון 200 טויזנט יוגאָסלאַווישע סטודענטן באַקומען נאָר 16 טויזנט מלוכה־סטיפּענדיעס, וואָס דערגרייכן צו 25 דאָלאַר אַ מאָנאַט און דאָס דערלויבט נישט אַרבעטער־און פּויערים־קינדער צו לערנען אין די אוניווערסיטעטן. נישט קיין קליינעם חלק אין די סטודענטן־אומרוען, וואָס זענען אויך פאָרגעקומען אין 1968 אין יוגאָסלאַוויע, האָט די נאַציאָנאַלע פּראַגע, באַזונדערס די טענדענצן צווישן דער קראָאַטישער באַפעלקערונג צו אומאָפּהענגיקייט.

אין קעגנזאַץ צו דע־גאָלן, גאָמולקאָ א. א. הערשער, האָט דער 80־יעריקער טיטאָ יאָ פאַרשטאַנען די סיבות פון די סטודענטן־אומרוען און דערקלערט:

„ס׳איז פאַלש צו זוכן די סיבות ביי דזשילאַס, ראַנקאָוויטש, מאָא. ס׳איז פאַלש זיי אָנצונעמען ווי רעפלעקסן פון די סטודענטן־אומרוען אין פראַנקרייך, דייטשלאַנד אָדער טשעכאָסלאָוואַקיע. ס׳איז אַ רעפלעקס פון אונדזערע אייגענע שוואַכקייטן, וועלכע מיר מוזן באַקעמפן און באַ־זייטיקן. לאָמיר זיי נישט זוכן ביי אַנדערע, נאָר ביי אונדז גופא״.

פיל ווייטער ווי אין יוגאָסלאַוויע זענען געגאַנגען די פּוילישע סטודענטן. צווישן די סלאַווישע פעלקער, האָבן זיך די פּאָליאַקן אויס־געצייכנט מיט זייער רעבעלישן גייסט. פּוילן האָט פאַרלוירן איר זעלבסט־שטענדיקייט אין 1795, אָבער זיך נישט אונטערגעגעבן. אין די יאָרן 1830, 1863 און 1905 זענען פאָרגעקומען מאַסן־אויפשטאַנדן קעגן צאַ־ריזם, געווונען די סימפּאַטיע פון דער וועלט (אפילו דער 1־טער אינטער־נאַציאָנאַל איז געגרינדעט געוואָרן אויף אַזאַ סימפּאַטיע־מיטינג אין 1864) און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1919 געוואָרן זעלבסט־שטענדיק. 20 יאָר שפּעטער, אין 1939, איז זי געווען דער ערשטער קרבן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין 1945 באַפרייט געוואָרן פון די נאַציס — נאָכן פאַרלירן 5 מיליאָן נפשות, פון זיי דריי מיליאָן יידן — אָבער פאַרנומען דורך דער רויטער אַרמיי, וואָס האָט אַרויפגעצוווּנגען אַ קאָמוניסטישן רעזשים. אין 1956 איז אין פּוילן אויסגעבראָכן אַן אַנטי־סאָוויעטישער אויפשטאַנד און וולאַדיסלאַוו גאָמולקאָ איז געקומען

צו דער מאַכט. ער האָט צוגעזאָגט „פרייהייט", „ליבעראַליזם", אָבער גיך אַוועק אויף די וועגן פון זיינע פאָרגענגער, געשלאָסן דעם אָרגאַן פון די סטודענטן „פּאָ פּראָסטו" און איינגעשטעלט אַ שווערע צענזור. נאָך אין 1964 האָט אַ גרופּע אינטעלעקטואַלן מיטן פּראָפעסאָר לעשעק קאָלאַ־קאָווסקי בראש צוגעשטעלט אַ מעמאָראַנדום, אונטערגעשריבן דורך 34 פון די גרעסטע שרייבער און וויסנשאַפטלער, פאָדערנדיק פרייהייט פון וואָרט און פאַרזאַמלונג. אַ נייע אונטערדריקונגס־כוואַליע קומט אין 1967 אין צוזאַמענהאַנג מיט דער 6־טאָגיקער מלחמה צווישן ישראל און די אַראַבער. די מערהייט פון פּוילישן פאָלק, באַזונדערס די אינטעליגענץ, האָט בולט אַרויסגעוויזן איר סימפּאַטיע פאַר ישראל נישט צוליב פּלוצומדיקן „פּראָסעמיטיזם" (די פּאָליאַקן האָבן קיינמאָל נישט ליב געהאַט קיין יידן), נאָר ווייל די רוסן האָבן געשטיצט די אַראַבער און דער זיג פון ישראל האָט באַדייט — מפּלה פון רוסלאַנד, וועלכע זיי האָבן אַם שטאַרקסטן פיינט.

די דירעקטע סיבה פון די אומרוען איז געווען דער פאַרבאָט פון דער פאָרשטעלונג „דזשאַדי" (די אבות) פון גרעסטן פּוילישן נאַציאָנאַלן דיכטער אַדאַם מיצקעוויטש. אין „דזשאַדי" שרייבט מיצקעוויטש „דאָס איינציקע, וואָס מיר האָבן באַקומען פון מאָסקווע איז נאַראָנים און שפּיאָ־נען" און די סטודענטישע יוגנט פלעגט פאַרפולן דעם טעאַטער און אַפּלאָדירן התלהבותדיק די דאָזיקע ווערטער. דאָס איז געווען אַן אָפענע אַנטי־סאָוויעטישע דעמאָנסטראַציע און גאָמולקאַ, וואָס האָט געהערשט מיט דער הילף פון די סאָוויעטישע באַגנעטן און טאַנקען, האָט פאַרבאָטן די פאָרשטעלונג. די סטודענטן האָבן דערקלערט אַ שטרייק און דורכ־געפירט גאַסן־מאַניפעסטאַציעס. די פּוילישע „או. בע." (די געהיים־פּאָליציי, יורשטע פון דער פאַשיסטישער „דעפענסיווע") האָט זיך געוואָרפן אויף די מאַניפעסטאַנטן און אויסגעקליבן... ספּעציעל יידישע סטודענטן און סטודענטקעס כדי צו פאַרוואַנדלען די מאַניפעסטאַציעס אין... ציוניסטישע. הונדערטער סטודענטן זענען אַרעסטירט געוואָרן, זייערע עלטערן — אַלע אַלטע קאָמוניסטן נאָך פון די 20־קער און 30־קער יאָרן, אַראָפּגענומען פון זייערע פּאָסטנס און אַ גרויזאַמע אַנטיסעמיטישע וואַקכאַנאַליע האָט אַרומגענומען פּוילן אונטער דער אָנפירונג פון אַנטיסעמיטישן אינערן־מיניסטער מיעטשיסלאַוו מאָטשאַר. גאָמולקאַ האָט נאָך אַ מאָל געזיגט, דאָס לעצטע (כמעט) ביסל יידן האָט פאַרלאָזט פּוילן, ווו זיי האָבן

געלעבט טויזנט יאָר, פּוילן איז געוואָרן „יידן־ריין". דאָס האָט פאַרשטענד־לעך נישט געראַטעוועט גאָמולקאַ'ן און צוויי יאָר שפּעטער, נאָכן אויפ־שטאַנד פון די דאַנציקער פּאָרט־אַרבעטער, האָט ער אויך געמוזט פאַרלאָזן די מאַכט...

די וויכטיקסטע געשעענישן זענען פאָרגעקומען אין טשעכאָסלאָוואַקיע. טשעכאָסלאָוואַקיע איז געווען אין די יאָרן 1919/39 די אינדוסטריעלסטע און דעמאָקראַטישסטע מדינה אין צענטראַל־אייראָפּע. פאַרנומען דורך היטלערן אין 1939, באַפרייט אין 1945, איז זי פאַרכאַפּט געוואָרן אין 1948 דורך די קאָמוניסטן. דאָרט, אין פּראַג, האָט סטאַלין דורכגעפירט אין 1952 זיין באַרימטן „פּראַגער פּראָצעס", בעת וועלכן עס זענען דערמאָרדעט געוואָרן כמעט אַלע קאָמוניסטישע מנהיגים, אויף וועלכע ס'איז געפאַלן דער מינדעסטער חשד, אַז זיי צילן צו אַ קאָמוניסטישער, אָבער אומאָפּהענגיקער מדינה לויטן ביישפּיל פון יוגאָסלאַוויע. פון די 14 צום טויט פאַרמשפּטע זענען געווען 11 פון יידישער אָפּשטאַמונג, וועמען סטאַלין האָט באַשולדיקט אין „ציוניזם", „אַגענטן פון דוד בן־גוריון און אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם" א. א. וו. דער טעראָר־רעזשים אונטער אַנטאָני נאָוואָטני, סטאַלינס „גאַוליי־טער" האָט אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1956 ד. ה. ביזן 20־טן קאָנגרעס פון דער סאָוויעטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, ווען ער איז אַ ביסל לינדער געוואָרן אין די טשעכישע תפיסות האָבן זיך געפונען 9,765 קאָמוניסטן, פון זיי זענען 233 געווען פאַרמשפּט צום טויט.

דער דראַנג נאָך פרייהייט און דעמאָקראַטיע איז נישט דערהרגעט געוואָרן און שוין אין די טעג פון 27־טן ביזן 29־טן יוני 1967 איז פאָרגע־קומען אין פּראַג דער 4־טער קאָנגרעס פון די טשעכאָסלאָוואַקישע שרייבער און אינטעלעקטואַלן. דער קאָנגרעס האָט זיך דערקלערט פאַרן סאָציאַליזם, אָבער געפאָדערט פרייהייט פון וואָרט, געדאַנק, שריפט, אָרגאַניזאַציע. דער קאָנגרעס באַשטימט: „דער עיקר־קאָנצעפּט פון סאָציאַליזם איז די מענטשלעכע פרייהייט... נאָר אין באַדינגונגען פון קולטורעלער טאָלעראַנץ, פרייע קאָנפראָנטאַציע פון ווערטן און שטאַנדפּונקטן קאָן מען שאַפן די סאָציאַליסטישע דעמאָקראַטיע, אין וועלכער די אויטענטישע ווערטן פון פרייעם מענטשן קאָנען רעאַליזירט ווערן". דער קאָנגרעס האָט געפאָדערט, „פרייעם צוגאַנג צו אַלע ווערטן און דערגרייכונגען פון דער וויסנשאַפט און קולטור אויף דער גאַנצער וועלט און צו דער געשיכטע פון טשעכישן און סלאָוואַקישן פעלקער"... „אַ מאַן, וואָס פאַרוואַרפט די געשיכטלעכע

קאָנטינואַציעס פון זיין פאָלק איז אַ ניהיליסט. אַ מאַן וואָס קאָן נישט די געשיכטע פון זיין פאָלק איז אַ באַרבאַר" און ווייטער „דער מאַרקסיזם פאַרוואַרפט נישט די גרויסע דערגרייכונגען פון דעם בורזשואַזן פעריאָד, נאָר פאַרקערט, ער נוצט זיי כדי נאָך שטאַרקער אַנטוויקלען דעם מענטשלעכן געדאַנק און קולטור... אַ שטאַט, אין וועלכן ס'עקזיסטירט נישט קיין פרייהייט פון קולטור, ווערט זי פאַרביטן דורך אַ פסיידאָ־קולטור און פאָרנאָגראַפיע".

לודוויק וואצוליק, איינער פון די גרעסטע טשעכישע שרייבער און הויפּט־רעדנער אויפן קאָנגרעס, דערקלערט: „אין מאָמענט, ווען איך רעד דאָ אויפן קאָנגרעס, פיל איך נישט, אַז איך בין אַ פרייער מענטש, וואָס קאָן אַרויסברענגען פריי זיינע געדאַנקען... איך פיל מיך נישט זיכער, אַלס בירגער פון טשעכאָסלאָוואַקיע און אַפילו די שופטים זענען נישט זיכער, אַז זיי וועלן נישט אַרעסטירט ווערן... די שרייבער זענען סאָציאַליסטן און זיי גלויבן, אַז דער סאָציאַליזם קאָן שאַפן אַ נייע, שיינע וועלט, אָבער נאָר דער סאָציאַליזם, ווי זיי פאַרשטייען אים, אַ סאָציאַליזם אַ הומאַנער, אַ פרייער, וואָס גאַראַנטירט די פרייהייט פון יעדן אינדיווידואום. ווען איך קריטיקיר דעם רעזשים, קריטיקיר איך נישט דעם סאָציאַליזם, ווייל איך גלויב נישט, אַז דאָס וואָס געשעט ביי אונדז איז אין הסכם מיטן סאָציאַ־ליסטישן אידעאַל. איך אידענטיפיציר נישט דעם סאָציאַליזם מיטן הערשנ־דיקן רעזשים".

אָבער נישט נאָר די שרייבער, די אינטעליגענץ, דאָס גאַנצע פאָלק איז געווען אומצופרידן מיטן הערשנדיקן רעזשים און צוזאַמען מיטן גאַנצן פאָלק אויך די אַבסאָלוטע מערהייט פון די טשעכישע און סלאָוואַקישע קאָמוניסטן. אויך די עקאָנאָמיק האָט אונטערגעהונקען און אויף דער זיצונג פון צ. ק. פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער פאַרטיי, האָבן אָנפירנדיקע מיט־גלידער דערקלערט „פאַלש איז צו ברעכן דעם שפיגל, וואָס שפיגלט אָפּ דעם אמת. מען מוז זוכן די סיבות, וואָס ברענגען צו דער יוירונג".

די סטודענטן זענען אַרויס אין גאַס. 1.500 פון זיי האָבן מאַניפעסטירט אָפן אין גאַס קעגן דער נאָוואָטני־דיקטאַטור. 50 סטודענטן זענען געוואָרן פאַרוואונדעט, הונדערטער אַרעסטירט. די יוירונג איז געוואַקסן, אַרומגענומען די אַרבעטער אין די פאַבריקן און דעם 31־טן אָקטאָבער באַשטימט דער צענטראַל קאָמיטעט מיט 8 שטימען קעגן 2 — אַראָפּצוזעצן נאָוואָטני'ן. פון מאָסקווע קומט צו פליען ברעזשניעוו און ראַטעוועט זיין „גאולייטער". אָבער נישט אויף לאַנג. 2 חדשים שפּעטער, אין יאַנואר 1968, באַשטימט דער

צענטראַל־קאָמיטעט אַנטגילטיק אַראָפּצונעמען אים פון זיין פּאָסטן אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי און באַשטימט אויף זיין אָרט דעם סלאָוואַקישן מנהיג — אַלעקסאַנדער דובטשעק.

דובטשעק האָט לאַנגע יאָרן פּאַרבראַכט אין ראַטנפאַרבאַנד, געלערנט דאָרט אין דער ספּעציעלער שולע פאַר פּאַרטיי־טוער און פונקציאָנאַרן, האָט ער געגלויבט, אַז מאָסקווע וועט דערלויבן, אַז אין טשעכאָסלאָוואַקיע זאָל זיך אַנטוויקלען אַ רעזשים, וואָס וועט נישט זיין ענלעך צום סאָוויעטישן? שטאַמט זיין טעות פון דער טאָלעראַנץ לגבי רומעניע? אָבער רומעניע פירט אַ זעלבסטשטענדיקע אויסערן־פּאָליטיק, אָבער די אינערלעכע איז אַ גענויע קאָפּיע פון דער סאָוויעטישער. האָט אים אָפּגענאַרט דער נייער סאָוויעטישער קורס לגבי יוגאָסלאַוויע? דער פאַקט אַז טיטאָ האָט אויפ־געהערט צו זיין פאַר מאָסקווע „אַן אַגענט פון אימפּעריאַליזם" און אפשר דער פאַקט, וואָס כרושטשאָוו, וואָס האָט די אונגאַרישע רעוואָלוציע אונ־טערגעדריקט מיט זיינע טאַנקען, האָט דאָך טאָלערירט די פּוילישע רעוואָלוציע? אין 1964 האָט כרושטשאָוו געמאָלדן פייערלעך, אַז דער „פּעריאָד פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור איז פאַרענדיקט און ראַטנ־פאַרבאַנד טרעט אַריין אין אַ נייעם פּעריאָד פון סאָציאַליסטישער דעמאָ־קראַטיע" — דאָס זענען אָבער געווען ווערטער און נישט מער ווי ווערטער. אין ראַטנפאַרבאַנד האָט זיך גאָרנישט געביטן, די דיקטאַטור פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פון אירע מנהיגים איז פאַרבליבן ווי פריער. האָט דאָס דובטשעק נישט פאַרשטאַנען?

אַ פאַקט, אַז דובטשעק און זיינע חברים, יוזעף סמערקאָווסקי, פּאַרזיצער פון טשעכישן „פּאַרלאַמענט", דער פרעמיער־מיניסטער טשערניק, דער נייער ווירטשאַפטס־מיניסטער אָטאָ שיק, די טשעכישע אינטעלעקטואַלן לודוויק וואצוליק, פּאַוועל קאָהוט, עדוואַרד גאָלדשטיקער, לאַדיסלאַוו מאַ־ניאַטשקא א. א. האָבן געגלויבט, אַז אין טשעכאָסלאָוואַקיע איז מעגלעך איינשטעלן אַ רעזשים, נישט קיין קאַפּיטאַליסטישן, נאָר אַ סאָציאַליסטישן, אָבער אַן אמת־סאָציאַליסטישן, אַ הומאַנעם, דעמאָקראַטישן רעזשים, אַ רעזשים ווו דאָס פאָלק, דאָס גאַנצע פאָלק, נאָך גענויער —ביידע פעלקער, די טשעכן און די סלאָוואַקן וועלן זיין פולשטענדיק פריי, אַן פּאָליצייאישן צוואַנג, אָן מורא, אָן תפיסות, אָן שום אונטערדריקונג.

אין משך פון 8 חדשים האָט טאַקע געהערשט דער „טשעכאָסלאָוואַ־קישער פרילינג". די פאַבריקן זענען פאַרבליבן נאַציאָנאַלער אייגנטום,

נישט קיין פריוואַטער, אָבער די פּרעסע איז געווען פריי, פאַרזאַמלונגען פריי, מאַניפעסטאַציעס פריי, פריי דער אָנשלוס אין דער פּאַרטיי און פּאַרטייען (אויך אָפּאָזיציאָנעלע), פריי די וואַלן פון די אַרבעטער־ראַטן, אַרבעטער ־ קאָמיטעטן אין די פאַבריקן, אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און... די גאַנצע פּאַרטיי זוכט די וועגן ווי צופרידנשטעלן דעם פּשוטן בירגער, בויען פאַר אים הייזער, באַזאָרגן אים מיטן מינימום קאָמפאָרט, זאָרגן פאַרן „קליינעם מענטשן" אָן פאַלשקייט און דעמאַגאָגיע.

8 חדשים. די אינטעלעקטואַלן רעדן פריי, גרייטן צו זייער אַרבעט־פּראָגראַם, זייערע פּאָדערונגען אין דער פאָרם פון „2 טויזנט ווערטער", די גאַנצע באַפעלקערונג האָט פלוצים אָפּגעאָטעמט נאָך 20 יאָר שווערער, ביטערער, דיקטאַטור, ווען אַפילו די וואָס זענען געווען פאָרמעל פריי, האָבן זיך געפילט ווי אין תפיסה.

אָבער נישט מער ווי 8 חדשים. מאָסקווע האָט נישט געקאָנט דולדן די פרייהייט. זי האָט מורא געהאַט, אַז אויך די סאָוויעטישע בירגער וועלן זיך אָנשטעקן און אויך פאָז'ערן פרייהייט, פאַרערן אַ הומאַנישן סאָציאַליזם, אַ פרייהייטלעכן אָנשטאָט דער הערשנדיקער דיקטאַטור — און אין דער נאַכט פון 21־טן אויגוסט האָט זי אַריינגעשיקט אַ האַלבן מיליאָן סאָוויעטישע זעלנער מיט טאַנקען און עראָפּלאַנען, באַגלייט מיט אייניקע טויזנט סאַטעליטן־זעלנער פון פּוילן, מזרח־דייטשלאַנד, אונגאַרן און בולגאַרן (נאָר די רומענער האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דעם „כבוד") און געמאַכט אַ סוף צום „פרילינג", פאַרניכטעט אַלע פרייהייטן, ליקווידירט דעם דובטשעק־סמער־קאָווסקי־רעזשים און צוריקגעשטעלט דעם סאָוויעטישן דיקטאַטאָרישן רעזשים, באַשטימענדיק אַלס נייעם גענעראַל־סעקרעטאַר גוסטאַוו הוסאַק און אַרויסנעמענדיק פון מוזיי אַלע אַלטע סטאַליניסטן...

די „גלייכשאַלטונג" פון טשעכאָסלאָוואַקיע האָט די סאָוויעטישע „פּראַוודאַ" פאַרענטפערט מיט דער ברעזשניעוו־דאָקטרין, וואָס אָנערקענט די „פליכט פון אַלע סאָציאַליסטישע לענדער איז צו פאַרטיידיקן יעדעס סאָציאַליסטישע לאַנד קעגן דער געפאַר פון אימפּעריאַליזם" (קיין האַנוי האָט ברעזשניעוו קיין סאָוויעטיש מיליטער נישט געשיקט!) אויסטראַכטנדיק די כלומרשטע סכנה, אַז... מערב־דייטשלאַנד האָט געוואָלט צוריקשטעלן דעם קאַפּיטאַליזם אין טשעכאָסלאָוואַקיע און... פאַררופנדיק זיך אויף „די הונדערטיעריקע טראַדיציעס פון סלאַווישער סאָלידאַריטעט" — דער קאָמוניסט ברעזשניעוו פאַררופט זיך אויפן צאַרישן פּאַנסלאַוויזם!

דער דאָזיקער קרימינעלער אַקט קעגן דער פרייער טשעכאָסלאָוואַקיע האָט אַרויסגערופן אַ שטורם אויך אין די קאָמוניסטישע פּאַרטייען און אייניקע פון זיי, ווי די גרויסע איטאַליענישע פּאַרטיי האָבן געטאַדלט די אינוואַזיע, אָבער... געטאָן האָט קיינער גאָרנישט כּדי צו העלפן דער פאַרגוואַלטיקטער מדינה. פּאַרן מערב געהערט טשעכאָסלאָוואַקיע צום „סאָוויעטישן איינפלוס" — און „מיר מישן זיך נישט אין די אינערלעכע ענינים". אויך די „אונאָ" האָט געשוויגן. טשעכאָסלאָוואַקיע איז געבליבן פאַרגוואַלטיקט.

„דער נאַציאָנאַליזם איז אַ פּראָדוקט פון קאַפּיטאַליזם" — זאָגן „מאַרקסיסטן" און קאָמוניסטן, באַזונדערס ווען עס האַנדלט זיך וועגן נאַציאָנאַליזם פון אַנדערע פעלקער, נישט זייערע. די דאָזיקע דעפיניציע איז נישט ריכטיק. דער נאַציאָנאַליזם איז אַלט, כמעט אַזוי אַלט ווי די ציוויליזאַציע. די גריכן, אין ערשטן יאָר־טויזנט פ. ק., האָבן געטיילט די מענטשהייט אויף „גריכן" און „באַרבאַרן", אַלע וואָס זענען נישט געווען קיין גריכן זענען געווען באַרבאַרן... די זעלבע דערשיינונג זעען מיר ביי די כינעזער, רוימער און יידן. דער „אתה בחרתנו מכל העמים" — ד. ה. מיר זענען דאָס אויסדערוויילטע פאָלק און אַלע אַנדערע — זענען באַרבאַרן, שטאַמט נאָך פון ווייטן אַלטערטום. די קאַטוילישע קירכע אין מיטלאַלטער האָט געפּרווט באַקעמפן דעם נאַציאָנאַליזם, אונטערוואַרפן די גאַנצע מענטשהייט, אָן אונטערשיד פון פאָלק, אונטער איר מאַכט, דאָס איז איר אָבער נאָר טיילווייז געלונגען און אין 2־טן יאָר־טויזנט נ. ק. זיינ ביי זייט מיט די פעודאַלן און דער אוניווערסאַלער קירכע, שאַפן זיך נייע פעלקער, רעזולטאַט פון פעלקער־וואַנדערונגען, שבטים־פאַראייניקונגען א. א. וו. אַזוי האָבן זיך די גערמאַנישע פראנקן אויסגעמישט מיט די אָרטיקן גאַלן און לאַטיינער און געשאַפן דאָס פראַנצויזישע פאָלק. אַזוי איז געשאַפן געוואָרן דאָס ענגלישע פאָלק פון אַ געמיש פון אָרטיקע בריטן מיט נאָרמאַנדן און אַנגלאָ־זאַקסן, אַזוי די בולגאַרן פון מאָנגאָלישער אָפּשטאַמונג וואָס האָבן זיך אויסגעמישט מיט אָרטיקע סלאַוון א. א. וו.

דער קאַפּיטאַליזם האָט אויסגענוצט דעם נאַציאָנאַליזם, ער האָט געפּאָדערט פאַר זיך אין „זיין" לאַנד, אין „זיין" פאָלק ספּעציעלע פּריווילע־גיעס, וואָס זאָלן אים העלפן באַקעמפן אין די גרענעצן פון „זיין" מלוכה די קאָנקורענץ פון אַנדערע קאַפּיטאַליסטן, אויסלענדישע. פון דעם די הויכע צאָל־שטייערן אויף אויסלענדישע סחורות, פון דעם דער „דומפּינג" (רעגי־רונגס־סובסידיעס, כדי צו פאַרקויפן אין אויסלאַנד אונטערן קאָסטן־פּרייז), די סובסידיעס און פּריווילעגיעס פאַר דער „אייגענער" אינדוסטריע.

קאַרל מאַרקס, וועגן וועמענס דייטשן אולטראַ־נאַציאָנאַליזם מיר האָבן געשריבן, איז גלייכצייטיק דער אויטאָר פון דעם לאָזונג „דער פּראָלעטאַריאַט האָט נישט קיין פאָטערלאַנד" און „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַר־אייניקט אייך". די דאָזיקע לאָזונגען זענען אָבער געווען פאַלשע. דער „פּראָלעטאַריאַט" איז אַ באַשטאַנדטייל פון זיין פאָלק און האָט ליב זיין פאָלק, באַוווסטזיניק אָדער נישט. 135 יאָר נאָכן דערשיינען פון מאַרק'ס „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" דערקלערט דער כלומרשטער מאַרקסיסט מאַאָ־טסע־טונג „ווער ס'האָט נישט ליב זיין פאָלק, האָט נישט ליב די מענטשהייט" און לענין, וואָס האָט געוווּנטשן דעם צאַריזם אַ מפּלה נישט נאָר אויפן אינערלעכן נאָר אויך אויף דעם אויסערלעכן פראָנט (אין דער מלחמה קעגן דייטשלאַנד) שרייבט אין 1914 „צי איז אונדז, די גרויס־רוסישע (די רוסן האָבן זיך אָנגערופן גרויס־רוסן אין קעגנזאַץ צו די „קליין־רוסן" — די אוקראַינער און ווייס־רוסן אין געגנט פון מינסק און פּינסק) באַוווסטזי־ניקע פּראָלעטאַריער, פרעמד דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ? אַוודאי נישט. מיר האָבן ליב אונדזער שפּראַך און אונדזער היימלאַנד. מיר זענען פול מיט געפיל פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ... די מענטשהייט קאָן קומען צו דעם אומפאַרמיידלעכן צוזאַמענגוס פון די נאַציעס נאָר דורכן איבערגאַנגס־פּעריאָד פון פולער באַפרייאונג פון אַלע נאַציעס" און לענין זעצט פאָר: צי איז גלייך די ווירקלעכע לאַגע פון די אַרבעטער פון די אונטערדריקטע און אונטערדריקנדיקע נאַציעס? ניין, נישט גלייך: 1) עקאָנאָמיש — איז דער אונטערשייד, וואָס טיילן פון די אַרבעטער פון די אונטערדריקנדיקע נאַציעס געניסן פון דעם רווח, וועלכן ס'באַקומט די בורזשואַזיע, שניידנדיק 2 פעלן פון די אַרבעטער פון די אונטערדריקטע נאַציעס, 2) פּאָליטיש — די אַרבעטער פון דער אונטערדריקנדיקע נאַציע פאַרנעמען אַ פּריווילי־גירטע פּאָזיציע אויף אַ רייע געביטן, 3) אידעיש — די אַרבעטער פון דער אונטערדריקנדיקער נאַציע ווערן דערצויגן אין גייסט פון פאַראַכטן און גרינגשעצן די אונטערדריקטע נאַציעס".

אויך מאַאָ רעדט מיט שטאָלץ וועגן דער 7־טויזנט־יעריקער קולטור און ציוויליזאַציע פון כינע, וועגן אירע פילאָזאָפן, ליטעראַטן, קונסט און רעדט מיט ביטול וועגן די אייראָפּעישע באַרבאַרן, וואָס זענען געווען ווילדע נע־ווונעדניקעס, געוואַנדערט איבער די סטעפּעס און וועלדער פון אייראָפּע אין דער צייט, ווען כינע איז שוין געווען אַ הויך־אַנטוויקלטע מלוכה...

די איינציקע קעגנער פון יעדן נאַציאָנאַליזם זענען געווען... די יידישע

אינטעלעקטואַלן. קעגנשטעלנדיק זיך דעם נאַציאָנאַלן דרוק און באַזונדערס דעם אַנטיסעמיטיזם — האָבן זיי געזוכט דעם אויסוועג אין דער אַסימילאַציע פון די יידן מיט די אָרטיקע פעלקער און אין קאָסמאָפּאָליטיזם; זיי האָבן מעכאַניש איבערגענומען דעם באַשלוס פון דעם פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט, אין צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אין 1789 „יידן אַלס מענטש אַלץ, יידן — אַלס פאָלק גאָרנישט". האָבן זיי פאַרוואָרפן זייער יידיש־נאַציאָנאַלע קולטור, מנהגים און אָפּט אויך רעליגיע, זוכנדיק זיך צו אַסימילירן מיטן אַרום. אַזוי האָבן געהאַנדלט די דייטשישע יידן, די פראַנצויזישע, ענגלישע. זיי איז דאָס אָבער נישט געלונגען. מאַרקס איז געשמדט געוואָרן, ווען ער איז אַלט געווען 5 יאָר, ער איז געווען אַ 200 פּראָצענטיקער דײַטש און אַנטיסעמיט, אָבער דאָס האָט אים נישט געהאָלפן. אין די 90־קער יאָרן שרייבט ווען אים זיין חבר ענגעלס: „מאַרקס איז געווען אַ ייד". די דייטשישע יידן זענען געווען די עקסטרעמ־סטע און זייערע באַמיאונגען זיך צו אַסימילירן און זיין „עכטע" דייטשן. אַ גרויסער טייל זייערער האָט זיך גשמדט. זיי האָבן פאַרוואָרפן זייער שפּראַך, זייער קולטור, זייערע מנהגים און געוואָרן „פאַרדייטשט" אַזוי ווייט, אַז ווען טעאָדאָר הערצל האָט געוואָלט דורכפירן אין מינכען דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, האָבן זיך די דייטשישע ראַבינער שאַרף קעגנגעשטעלט און נישט דערלאָזט דערצו. דאָס האָט נישט געהאָלפן, און דווקא דייטשלאַנד, דאָס „קולטורעלע" דייטשלאַנד פון געטע, שילער, לעסינג און היינע, וואָס איז אָבער גלייכצייטיק געווען דאָס דייטשלאַנד פון „יודע פאַרעקע", האָט געבוירן היטלערן און דער אַסימילאַציע־פּראָצעס פון די דייטשישע יידן האָט זיך שווידערלעך פאַרענדיקט. ווער ס'האָט נישט באַ־וויזן צו אַנטלויפן — איז אויסגעשאָכטן געוואָרן דורך די נאַציס.

אין רוסלאַנד, ווו ס'האָבן געלעבט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה ביי די 6 מיליאָן יידן (איינגערעכנט פּוילן, ליטע, בעסאַראַביע) איז די לאַגע פון די יידן געווען פיל ערגער ווי אין קייזערלעכן דייטשלאַנד און אַ גרויסער טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ האָט זיך אָנגעשלאָסן אין די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען און גיך געוואָרן די מנהיגים פון די דאָזיקע באַוועגונגען. אַזוי זענען געווען גערשוני, נאַטאַנזאָן, שטיינבערג, אָנפירער פון דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, סווערדלאָוו, זינאָ־וויעיי, קאַמעניעוו, שפּעטער טראָצקי, לאַזאָווסקי א. א. — פון דער באָל־שעוויסטישער פּאַרטיי, מאַרטאָוו, מאַרטינאָוו, אַקסעלראָד, דאַן — פון דער

מענשעוויסטישער א. א. אין צ. ק. פון דער ס.ד.ק.פ.ל. (סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע פּאַרטיי פון קאָנגרעס־פּוילן און ליטע) זענען פון 7 מיטגלידער — געווען 6 יידן (וואַרסקי, וואַלעצקי, ראָזאַ לוקסעמבורג, קאַרל ראַדעק א. א.). די יידישע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ איז געווען קאָסמאָפּאָליטיש, זי האָט געפּרוווט צו לייקענען בכלל די נאַציאָנאַלע פראַגע, די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג און געגלויבט באמונה שלימה, אַז צוזאַמען מיטן קאַפּיטאַ־ליזם וועט אויך דער נאַציאָנאַליזם, די נאַציאָנאַלע גרענעצן און אַנדערע קייטן פאַרשווינדן און אויף זייער אָרט וועט קומען די „מלוכה פון דער מענטשהייט", דער אויסגעחלומטער אוניווערס. דער דאָזיקער „קאָסמאָפּאָלי־טיזם" איז אין די ערשטע 50־קער יאָרן געוואָרן דאָס זידל־וואָרט פון סטאַלינס ראַטנפאַרבאַנד, ווערנדיק „קאָסמאָפּאָליט" אַ סינאָנים פון צאַרישן „זשיד"...

לעניק האָט געהערט צו די גאָר ווייניקע אמתע אינטערנאַציאָנאַליסטן (נישט קאָסמאָפּאָליטן) און ערב דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אין מאַי 1917, פירט ער דורך אויף דער 7־טער קאָנפערענץ פון דער באָל־שעוויסטישער (שפּעטער קאָמוניסטישער) פּאַרטיי אַ רעזאָלוציע, וואָס זאָגט „אַלע נאַציעס, וואָס זענען אָנגעשלאָסן אין רוסלאַנד, האָבן דאָס רעכט זיך אָפּטיילן און שאַפן זעלבשטענדיקע שטאַטן. פאַרלייקענען דאָס דאָזיקע רעכט און זיין פּראַקטישע דורכפירונג באַדייט אָנהאַלטן די פּאָליטיק פון אַנעקסיעס. נאָר די אָנערקענונג פון די רעכט אויף אָפּטיילן זיך וועט זיכערן די אַרבעטער־סאָלידאַריטעט" — און אַזוי האָט ער אויך געהאַנדלט גאָכן פאַרנעמען די מאַכט, אָנערקענענדיק די זעלבשטענדיקייט פון פּוילן, ליטע, לעטלאַנד, עסטלאַנד, פינלאַנד.

לגבי די יידן איז לענינס שטאַנדפּונקט געווען אַ נעגאַטיווער. לעניק האָט איבערגענומען די טעאָריעס פון די מערבדיקע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן: קאַרל קאַוטסקי, עדוואַרד בערנשטיין און וואַרשיינלעך אויך פון די רוסיש־יידישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן געהערט צו דער אָנפירונג פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און געהאַלטן, ווי אַלע אַסימילאַנטן, אַז יידן זענען נישט קיין פאָלק, נאָר אַ רעליגיעזע סעקטע און די איינציקע לייזונג איז — די אַסימילאַציע פון די יידן מיט די פעלקער, צווישן וועלכע זיי לעבן.

אין רוסלאַנד איז אין 1897 געגרינדעט געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע רעוואָלוציאָנערע יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי, דער „בונד". אין קאַמף קעגן די פאָדערונגען פון „בונד", וואָס האָט געפאָדערט נאַציאָנאַל־קולטורעלע

אויטאָנאָמיע פאַר יידן אין גאַנץ רוסלאַנד און די אָנערקענונג דורך דער רוסישער ס. ד. די זעלבשטענדיקייט פון „בונד" אַלס פעדעראַטיוון טייל פון דער ס. ד. האָט לענין געשריבן אין 1903 „פון וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפונקט, איז די אָרעמע טעאָריע פון אַ יידישער נאַציאָנאַליטעט — אַ רעאַקציאָנערע. די באַזע פון דער דאָזיקער ציוניסטישער טעאָריע איז אַ פאַלשע. די יידן האָבן אויפגעהערט צו זיין אַ נאַציע, ווייל מען קאָן זיך נישט פאָרשטעלן קיין נאַציע אָן אַן אייגענער טעריטאָריע. די טעאָריע פון אַ יידישער קולטור איז אַ לאָזונג פון די רבנים און בורזשואַזיע, איז אַ לאָזונג פון אונדזערע שונאים".

אַ ביסל שפּעטער, אין 1912, האָט אין זעלבן זין געשריבן סטאַלין, אין זיין איינציקער אָריגינעלער בראָשור „מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע": „אַ נאַציע איז אַ געשיכטלעך־געשאַפענע געזעלשאַפט, וואָס האָט אַ געמיינזאַמע טעריטאָריע, אַ געמיינזאַמע שפּראַך, געמיינזאַמע עקאָנאָמיק און געמיינזאַמע פסיכיק. די יידן זענען נישט קיין נאַציע, ווייל זיי פאַר־מאָגן נישט קיין געמיינזאַמע טעריטאָריע, אויך נישט קיין געמיינזאַמע שפּראַך, דעריבער דאַרפן זיי זיך אַסימילירן מיט די אַרומיקע פעלקער און יעדער פּראָצעס, וואָס פאַרהאַלט די אַסימילאַציע איז אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער".

דאָס איז געווען דער טעאָרעטישער צוגאַנג פון די באָלשעוויקעס צו דער יידן־פראַגע און איז באַנייט געוואָרן דורך סטאַלינען אין די 40־קער יאָרן און שפּעטער דורך זיינע קאָריפעער.

דער אמת איז אָבער געווען אַן אַנדערער. אין פּרינציפּ איז סטאַלינס טעאָריע געווען אַ ריכטיקע, אָבער „נישטאָ קיין כלל אָן קיין יוצא מהכלל" און די יידן האָבן געבילדעט אַזאַ „יוצא מהכלל". 2 טויזנט יאָר האָבן זיך די יידן געפונען אין גלות, נע־ונד פון איין לאַנד צו אַן אַנדערן, פאַרפאָלגט, געמאָרדעט, געשאָכטן דורך זייערע קריסטלעכע שכנים, פאַר־שאָלטן דורך דער הערשנדיקער קאַטוילישער (אויך לוטעראַנישער) קירכע — און אפשר דווקא צוליב דעם („יעדע אַקציע רופט אַרויס אַ רעאַקציע") אויסגעהאַלטן און איינגעהאַלטן זייער ספּעציפישקייט, זייער אָפּגעזונדערטקייט. ביזן פאַריקן יאָרהונדערט האָט די צענטראַלע ראָל געשפּילט די רעליגיע, אַזוי ביי די אַרומיקע קריסטן, אַזוי ביי די יידן. די יידישע רעליגיע, וואָס איז אין קעגנזאַץ צו דער קריסטלעכער געווען אַ נאַציאָנאַלע רעליגיע, אויסשליסלעך פון יידן — זי האָט איינגעהאַלטן דעם אַסימילאַציע־פּראָצעס, נישט דערלאָזט, אַז די יידן זאָלן זיך אויס־

מישן מיט די אַרומיקע פעלקער. מיליאָנען יידן זענען אויסגעהרגעט געוואָרן, מיליאָנען זענען געוואָרן געצוווּנגען זיך צו שמדן — יידן זענען דאָך פאַרבליבן. ווייניק, אָבער פאַרבליבן. אין צייט פון „בית שני״, בעת דער יידיש־רוימישער מלחמה, האָט יוסף פלאַוויוס, דער היסטאָריקער פון יענער צייט, גערעכנט, אַז דאָס יידישע פאָלק ציילט 2 מיליאָן נפשות. נישט געווען דאַן קיין סך פעלקער פון דער גרויס. די 2 מיליאָן האָבן זיך אין משך פון 2 טויזנט יאָר געדאַרפט זיך מינדעסטנס פאַרהונדערטפאַכן, ד. ה. אַז די צאָל יידן האָט געדאַרפט דערגריין צו 200 מיליאָן, אָבער סוף פון 18־טן יאָרהונדערט קוים געציילט ווידער 2 מיליאָן. אין פאַריקן יאָרהונדערט, דעם 19־טן, האָט עס זיך מער ווי פאַרפינפאַכט, נישט קוקנדיק אויף די פאָגראָמען אין צאַרישן רוסלאַנד און די שטאַרקע אַסימילאַציע, איינשליסלעך שמד אין מערב־אייראָפּע — און צום אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט געציילט 11 מיליאָן און ערב דער גרויסער קאַטאַסטראָפע דערגאַנגען צו 17 מיליאָן. וואָס האָט זיי פאַרבונדן, וואָס האָט אויפגעהאַלטן די אייגנאַרטיקייט? די יידן האָבן פאַרלוירן זייער טעריטאָריע און דאָס מיט קנאַפּע 2 טויזנט יאָר צוריק, זיי האָבן אַפילו פאַרלוירן זייער איינהייטלעכע שפּראַך און אויף וויפל אַ גרויסער טייל אין מזרח־אייראָפּע און אַמעריקע האָט איינגעהאַלטן אַן אייגענע שפּראַך, „יידיש״ און אַנטוויקלט זייער קולטור אין דער דאָזיקער שפּראַך, האָט אַן אַנדער גרויסער טייל איבערגענומען די שפּראַכן פון „אַרום״, דייטש, רוסיש, פּויליש, ענגליש, פראַנצויזיש און אַראַביש, אָבער זיי אַלע האָט פאַרבונדן די אַלטע געשיכטע, די שותפותדיקע יסורים, דאָס נישט מאַטעריעלע אָבער דאָך עקזיסטירנדיקע „פּינטעלע ייד״ און די נאַטירלעכע רעאַקציע קעגן די רדיפות אויף יידן, ווו זיי זאָלן נישט פאַרקומען און אין וועלכער פאָרם זיי זאָלן נישט פאַרקומען. די א. ג. עמאַנציפּאַציע האָט געריסן לעבעדיקע שטיקער פון פאָלקס־אָרגאַניזם, אָבער דאָס „פּינטעלע ייד״, וועלכע נישט לענין און נישט סטאַלין און אויך נישט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טעאָרעטיקער האָבן נישט געקאָנט באַגרייפן — און ס׳איז געווען שווער צו באַגרייפן, אַרויסגייענדיק פון מאַרקסיסטיש־מאַטעריאַליסטישן שטאַנדפּונקט — דאָס איז פאַרבליבן און איינגעהאַלטן דעם אונטערגאַנג.

אויך אַ טייל פון די יידישע סאָציאַליסטן האָבן דווקא אונטערגעשטראָכן זייער יידישקייט און געפאָדערט נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע פאַר די יידן, ווי דער „בונד״, וואָס האָט אַרומגענומען אַ גרויסן

טייל פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין די גרענעצן פון צאַרישן רוסלאַנד. אויך ער האָט געלייקנט די אוניווערסאַלקייט פון יידישן פאָלק, דעם שותפות־גורל פון רוסישן (און ד. ג. אויך פּוילישן און ליטווישן יידנטום) יידנטום מיט די יידן פון אַמעריקע אָדער גאָר פון די אַראַבישע לענדער...

אין קעגנזאַץ צום „בונד" איז אויפגעקומען די ציוניסטישע באַוועגונג, אַ רעוואָלוציאָנערע נאַציאָנאַלע פאָלקס־באַוועגונג, וואָס האָט פאַרוואָרפן די פּאַטאַליסטיש־רעליגיעזע אָנשויאונג, דאָס וואַרטן אויף אַ „משיח", וואָס דאַרף קומען צו רייטן אויף אַ ווייסן פערד און צוריקשטעלן דעם „מלכות שמים" (די טויזנטיעריקע הימלישע קעניגרייך ביי די קריסטן), איבערפירן די יידן קיין ארץ־ישראל אין הסכם מיטן „צוזאָג" פון „אתה בחרתנו מכל העמים". דער ציוניזם אַנשטייט אַלס פּראָטעסט־באַוועגונג קעגן די מיסטיש־רעליגיעזע חלומות, ווי אויך קעגן דעם אַסימילאַציע־פּראָצעס פון דער יידישער פּלוטאָקראַטיע, וואָס האָט דווקא געשטרעבט צו זייער אַסימילאַציע מיט די גרויסע און רייכע פעלקער, מיט וועמענס מאַטעריאַלע אינטערעסן זיי זענען געווען פאַרבונדן — אין קעגנזאַץ צו דער אָפּשאַצונג פון לענינען א. א. ס. ד. מנהיגים, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז דער ציוניזם איז אַ באַוועגונג פון דער יידישער בורזשואַזיע און רבנים. ס'איז נישט קיין צופאַל, אַז דער „פאָטער" פון ציוניזם איז געווען דער דייטש־יידישער רעוואָלוציאָנער און צייט־„גענאָסע" פון קאַרל מאַרקס — משה העס, וואָס אין זיין אַרבעט „רוים און ירושלים" רוקט ער אַרויס די נויטווענדיקייט אַז צוגלייך מיט דער פאַראייניקונג פון איטאַליע און איר נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט (דאַן האָבן די איטאַליענישע רעוואָ־לוציאָנערן מאַנטשיני, גאַריבאַלדי א. א. געקעמפט קעגן דער עסטרייך־אונגאַרישער אימפּעריע, וואָס האָט פאַרנומען דעם צפון פון איטאַליע און קעגן דער פּויפּסטלעכער מאַכט, וואָס איז אויך געווען אַ וועלטלעכע מאַכט אין רוים און אומגעגנט), דאַרף קומען די זעלבשטענדיקייט פון „ירושלים", ר. ה. פון ארץ־ישראל.

אין יידישן פאָלק, באַזונדערס צווישן זיין אַנטוויקלסטן טייל אין סוף פאַריקן יאָרהונדערט און אין אָנהייב פון איצטיקן, ד. ה. צווישן די מיל־יאָנען יידן, וואָס זענען געווען קאָנצענטרירט אין די גרענעצן פון רוסלאַנד און עסטרייך־אונגאַרן, מיטן וווּקס פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג קעגן דעם צאַריזם און קעגן דעם קייסער, איז געקומען צו אַ שאַרפער דיסקוסיע און קאַמף צווישן די יידן. קאָסמאָפּאָליטן, וואָס האָבן אַרומ־גענומען אַ גרויסן טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ, האָבן געגלויבט,

אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע וואָס קומט וועט לייזן אַלע פראַגן הן די סאָציאַלע, עקאָנאָמישע, געזעלשאַפטלעכע, הן די נאַציאָנאַלע, די רעוואָלוציע וועט מאַכן אַ סוף צום אַנטיסעמיטיזם, צו דער אונטערדריקונג פון אַלע פעלקער און ממילא אויך פון די יידן און שאַפן אַ נייע געזעלשאַפט, פריי פון נאַציאָנאַלן קאַמף, פריי פון נאַציאָנאַלע אונטערשיידן — פרייהייט און גלייכקייט פאַר אַלע מענטשן און צווישן זיי — אויך די יידן. די רעוואָלוציאָנערן אין יענער צייט האָבן טאַקע באַקעמפט דעם אַנטיסעמיטיזם און כוליגאַניזם און נישט זעלטן אָנטייל גענומען אין די קאַמפן קעגן דער צאַרישער „טשאַרנאַיאַ סאָטניאַ" פון פאַביעדאָנאָסצעוו, זייט ביי זייט מיט דער יידישער זעלבסטשוץ. פאַר לענינען (און סטאַלינען און אַ סך פון זייערע חסידים) איז די יידן־פּראַגע געווען „געלייזט" — די יידן דאַרפן זיך אַסימילירן צווישן די אַרומיקע פעלקער און ווער עס שטעלט זיך קעגן דעם דאָזיקן „נאַטירלעכן" און „געזונטן" פּראָצעס — איז אַ רעאַקציאָנער, אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער...

דער איינציקער, כמעט, סאָציאַל־דעמאָקראַט, וואָס האָט געגעבן אַן אַנדער דעפיניציע פון פאָלק איז געווען דער אַוסטראָ־מאַרקסיסט אָטאָ באַוער, וואָס שטעלט פעסט, „אַ פאָלק איז אַ געזעלשאַפט פון מענטשן, וועמענס שותפותדיקער גורל שאַפט אַ שותפותדיקן כאַראַקטער". לענין האָט די דאָזיקע באַהויפּטונג געלייקנט טעאָרעטיש ביז...ער איז געקומען צו דער מאַכט. די גרויסקייט פון לענינען איז באַשטאַנען אין זיין פאַרוואַרפן יעדן דאָגמאַטיזם און ווען די רעאַליטעט האָט סותר געווען זיינע טעאָריעס, האָט ער נישט אָפּגעוואָרפן די רעאַליטעט, ווי עס טוען די דאָגמאַטיקער, נאָר באַמיט זיך צופּאַסן זיין טעאָריע צו דער רעאַליטעט. אַזוי האָט ער איבערגענומען דעם עסערישן אַגראַר־פּראָגראַם, וועלכן ער האָט פריער באַקעמפט און אַזוי האָט ער... אויך פאַרווירקלעכט די טעאָריע פון „בונד" כאָטש ער האָט אים פריער שאַרף באַקעמפט. לענין האָט געשאַפן אַ ספּעציעלע יידישע סעקציע (יעווסעקציע) ביי דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, וואָס האָט געדאַרפט פאַרוואַלטן מיטן גאַנצן יידנטום פון רוסלאַנד, אַ ספּעציעלן יידישן מיניסטעריום (ס. דימאַנטשטיין געווען מיניסטער פאַר יידישע ענינים), געגרינדעט יידישע אַדמיניסטראַטיווע ראַיאָנען (27) אין די ערטער, וווּ עס האָבן געלעבט קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן מיט אַן אַדמיניסטראַציע אויף יידיש, געריכטן אויף יידיש, שולן אין דער יידישער שפּראַך פון דער עלעמענטאַר־שול ביז אוניווערסיטעט־קאַטעדרעס (בלויז אין אוקראַינע האָבן געלערנט 250 טויזנט יידישע

קינדער אין יידישע שולן), יידישע צייטונגען, זשורנאַלן, טעאַטערס, קלובן א. א. וו. און די יידישע קולטור האָט זיך אַנטוויקלט אין די ערשטע 20 יאָר (פון 1917 ביז 1936) ווי קיינמאָל נישט און ווי אין קיין שום אַנדער אָרט אין דער וועלט. דאָס איז אַלץ געווען קאָמוניסטישע קולטור, קאָנטראָלירט דורך קאָמוניסטישע קאָמיסאַרן, אָבער אין דער יידישער שפּראַך. די באָלשעוויקעס זענען געגאַנגען נאָך ווייטער און כדי קעגנ־צווירקן די ציוניסטישע אידייען, האָט דער צ. ק. פון דער סאָוויעטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי באַשטימט: „אויפשטעלן אַ יידישע אויטאָנאָמע רעפּובליק אין בירא־בידזשאַן". אמת, די מאָטיוון זענען נישט געווען קיין אַלטרואיסטישע, רוסלאַנד איז געווען פאַראינטערעסירט צו באַזעצן דעם „וויטן מזרח" ביי דער מאַנדזשורישער גרענעץ צוליב דער אָקוטער יאַפּאַנישער געפאַר און אויסנוצן פאַר דעם צוועק די הילף פון די „קאַפּי־טאַליסטישע" יידישע הילפס־אָרגאַניזאַציעס „דזשאָינט", „אָרט", „אָזע" א. א.

דער דאָזיקער „האָניק־פּעריאָד" האָט געדויערט, ווי דערמאָנט, ביז 1936, ביז דער גרעסטער, ברוטאַלער און אכזריותדיקער סטאַלין־אָפּענ־סיווע פאַר זיין זעלבסטהערשאַפט און דעם בלוטיקן טעראָר פון די יאָרן 1935—39. סטאַלין האָט דערפילט, אַז די יידן, אויך די יידישע קאָמוניסטן, וועלן זיך נישט אונטערוואַרפן זיין פערזענלעכער דיקטאַטור, זיין א. ג. „פערזאָנען־קולט", וועלן אים נישט אָנערקענען אַלס איינציקן „נביא" פון קאָמוניסטישן גאָט, ער האָט געוווּסט, אַז די יידן בכלל, זענען אַ פאָלק, וואָס קאָן זיך נישט אונטערוואַרפן קיין שום דיקטאַטור און דיקטאַטאָר, זיי האָבן אין משך פון 2 טויזנט יאָר געלערנט, אַז אַלע דיקטאַטורן זענען שעדלעך פאַר דער מענטשהייט און יעדע אונטערדריקונג פון פרייהייט מוז זיך פריער אָדער שפּעטער אויסוויקלען אין אַ שאַרפער אונטער־דריקונג אויך פון די יידן אַלס אַזעלכע. די יידן זענען „פון נאַטור" אָפּאָזיציאָנערן און... מען מוז זיי פאַרטיליקן. אַזוי הויבט זיך אָן אין קאָמוניסטישן סטאַלין־רוסלאַנד דער פּעריאָד פון פאַרניכטונג פון דער יידישער קולטור — גלייכצייטיק כמעט מיט דער היטלעריסטישער מלחמה קעגן יידישן פאָלק — וואָס ציט זיך, מיט איבעררייסן, 16 יאָר ביזן מאָרד פון אַלע כמעט, יידישע שרייבער, קינסטלער און אינטעלעקטואַלן אין יאָר 1952.

סטאַלין פאַרוואַרפט לעניגס באַציאונג צו די יידן און קערט זיך אום צו זיינע אַסימילאַציע־טעאָריעס, און גלויבט מיט דער פיזישער פאַרניכ־

טונג פון די טרעגערס פון דער יידישער קולטור — פאַרניכטן די אייגנ־אַרטיקייט און עקזיסטענץ גופא פון יידישן פאָלק.

די „טעאָרעטישע" ליניע האָט ער דעפינירט נאָך אַ סך פריער און נישט נאָר לגבי יידן. נאָך אין 1918, זייענדיק „קאָמיסאַר פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן" האָט ער געשריבן אין אַן אַרטיקל „די אָקטאָבער רעוואָלוציע און די נאַציאָנאַלע פראַגע": „די רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין צענטער, האָט געמוזט זיך אויסשפּרייטן אויף די ראַנד־לענדער און דאָרט זיך אָנגעטראָפן אויף די נאַציאָנאַלע ראַטן, וואָס האָבן אַפילו הערן נישט געוואָלט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אָבער אָנגע־גריפן פון 2 זייטן, פון דרויסן דורכן סאָוויעטישן מיליטער און פון אינע־ווייניק דורך זייערע אייגענע אַרבעטער און פויערים, האָבן זיי זיך גע־מזוט אונטערגעבן" — דער אמת איז געווען אַ האַלבער אמת. פון דרויסן האָט טאַקע אָנגעגריפן די רויטע אַרמיי, נאָר פון אינעווייניק האָבן נישט אָנגעגריפן נישט די אַרבעטער, נישט די פויערים, נישט אין גרוזיע, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענע, דעמאָקראַטישע רעגירונג און נאָך ווייניקער אין די מאַכמעדאַנישע לענדער פון צענטראַל אַזיע (בוכאַרע, קירגיזיע, טורק־מעניסטאַן א. א.), וואָס זענען אויף כוח אָקופּירט געוואָרן און אַנעקסירט געוואָרן דורך רוסלאַנד (פריער צאַרישן, שפּעטער קאָמוניסטישן) און ווו עס זענען בכלל נישט געווען קיין אַרבעטער.

סטאַלין איז געווען דער פאַקטישער פאָטער פון דער שפּעטערדיקער ברעזשניעוו־דאָקטרין, ווען ער דערקלערט אין דעם זעלבן אַרטיקל: „אויסער דעם רעכט פון זעלבסטבאַשטימונג, עקזיסטירט אויך דאָס רעכט פון אַרבעטער־קלאַס צו פאַרשטאַרקן זיין מאַכט... די זעלבסטבאַשטימונג פון די פעלקער טאָר נישט קעגנשטעלן זיך דער פּראָלעטאַרישער דיק־טאַטור". 50 יאָר שפּעטער האָט די דאָזיקע „טעאָריע" געדינט דער פאַר־גוואַלטיקונג פון טשעכאָסלאָוואַקיע...

לעניין האָט זיך געפּרווט קעגנשטעלן דער דאָזיקער שאָוויניסטישער, אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק און אין דעצעמבער 1922, ליגנדיק שוין אויף זיין טויטן־בעט, שרייבט ער: „דאָס וואָס כ'האָב געהערט פון דזשער־זשינסקי (אַ פּאָליאַק,געווען דער שעף פון דער „טשעקאַ" — די אַלמעכ־טיקע רוסישע געהיים־פּאָליציי) ברענגט צו מורא האָבן דאָס ערגסטע. אויב ח' אַרדזשאַניקידזע (סטאַלינס אַ חבר, שפּעטער דערמאָרדעט דורך אים) האָט באַנוצט פיזישן געוואַלט, באַווייזט עס אין וואָס פאַראַ בלאָטע מיר זענען אַריינגעפאַלן. מען זאָגט, אַז ס'איז נויטיק „אייניקייט פון אַפּאַ־

ראַט". פון וואַנען שטאַמט דער דאָזיקער באַגריף? שטאַמט ער נישט פון גרויס־רוסישן אַפּאַראַט, וועלכן מיר האָבן געירשנט פון צאַריזם און אים באַשמירט מיט סאָוויעטישן בוימל? ס'איז קלאָר, אַז מיט אַזאַ האַנדלונג, וועט אונדזער לאַזונג „רעכט אויף אָפּצוטיילן זיך פון רוסלאַנד, פאַר־וואַנדלט אין אַ שמוציק שטיקל פּאַפּיר, וואָס פאַרטיידיקט נישט די אונ־טערדריקטע פעלקער פון די גרויס־רוסישע שאָוויניסטן און מנוולים...

איך האַלט, אַז שולדיק אין דעם איז ח' סטאַלין, אַ גרוזינער, וואָס רעדט וועגן גרוזינישן נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם אין דער צייט, וואָס ער איז נישט נאָר אַ נאַציאָנאַלער סאָציאַליסט נאָר אויך אַ ברוטאַלער גרויס־רוסישער „דערזשימאָרדאַ" (האַלט דעם פּיסק), אַזאַ גרוזינער ברענגט שאָדן דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט". דער דאָזיקער אַרטיקל איז נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1922 און נישט אין 1923, בעת לענין איז געלעגן אויף זיין טויטן־בעט און „באָס" איז געווען סטאַלין, נאָר אין 1956 דורך כרושטשאָוון, וואָס האָט דעם לעצטן אגב נישט געשטערט צו באַנוצן די זעלבע סטאַלין־מעטאָדן לגבי אונגאַרן, וואָס האָט זיך אין אָקטאָבער 1956 רעבעלירט קעגן דער סאָוויעטישער אָקופּאַציע.

סטאַלינס שנאה צום יידישן פאָלק איז געווען אַ טייל פון זיין שנאה צו אַלע, אויף וועלכע ער האָט געהאַט דעם מינדעסטן חשד, אַז זיי שרייען נישט „הוראַ" אויף יעדן זיין ווונק. אין די יאָרן 38—1936 האָט סטאַלין באַוויזן, וואָס קיין שום פאַשיסטישע דיקטאַטור האָט נישט באַוויזן, אַפילו נישט היטלער — אויסצומאָרדן 2 מיליאָן סאָוויעטישע (און אויסלענדישע) קאָמוניסטן. די גאַנצע „אַלטע גוואַרדיע", אַלע וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און בירגער־קריג און צווישן די 2 מיליאָן האָבן זיך געפונען צענדליקער טויזנטער יידן, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער רעוואָלוציע, גלויבנדיק, אַז זי וועט לייזן אַלע סאָציאַלע פּראָ־בלעמען און אויך די יידן־פּראַגע. עס זענען דאַן דערמאָרדעט געוואָרן די גאַנצע „יעווסעקציע" מיט ליטוואַקאָוון, אסתר פרומקין, מערעזשינסקי, יאַנקל לעווין א. א. בראש. ס'איז דערמאָרדעט געוואָרן אַלס „יאַפּאַנישער שפּיאָן" דער ערשטער פּרעזידענט פון דער „אויטאָנאָמער יידישער רע־פּובליק" ליבענבערג, די דיכטער משה קולבאַק, איזי כאַריק און מיט איין קלאַפּ ליקווידירט געוואָרן די יידישע אַדמיניסטראַטיווע ראַיאָנען, די יידישע געריכטן, געשלאָסן די יידישע קלובן, טעאַטערס, פּרעסע — אין געציילטע חדשים אַדורכגעפירט אַ היטלער־פּאָגראָם אויף אַלץ וואָס איז יידיש. שפּעטער, ווען ס'איז אויסגעבראָכן די דייטש־סאָוויעטישע מלחמה,

האָט ער אויך אויף דעם פראָנט נאָכגעלאָזט אַ ביסל דעם טעראָר (ער האָט באַפרייט די רוסישע פראַוואָסלאַוונע „פּאָפּעס" — גלחים, די פּאַר־שיקטע אין די לאַגערן געגעראַלן און אָפּיצערן), געהייסן אַרויסגעבן אַ יידישע צייטונג „די איינקייט" און אַפּילו געשיקט אַ יידישע דעלעגאַציע (אין באַשטאַנד פון איציק פעפער און שלמה מיכאָעלס) צו די יידן־ברידער אין די פ. שטאַטן, ביז... אין 1948 באַנייט דעם פּאָגראָם, ווייל... די יידן אין מאָסקווע האָבן מיט ענטוזיאַזם אויפגענומען גאָלדע מאיר, די ערשטע ישראל־אַמבאַסאַדאָרין אין מאָסקווע, כאָטש מיט אַ יאָר פריער האָט דווקא זיין אויסערן־מיניסטער גראָמיקאָ געהאַלטן אַ 100־פּראָצענטיק ציוניסטישע רעדע אין דער „אונאַ" און געפאָדערט אויפצושטעלן אַ יידישע מדינה אין ארץ־ישראל.

סטאַלינס „ציוניזם" איז אָבער נישט געווען צוליב אהבת מרדכי, סימ־פּאַטיע צו דער שארית־הפליטה, נאָר פון „שנאת המן" — אַרויסטרייבן די ענגלענדער פון פּאַלעסטינע מיט דער כוונה — פאַרנעמען דאָרט ענגלאַנדס פּלאַץ.

אין 1949 האָט סטאַלין אַרעסטירט אַלע, כמעט, יידישע שרייבער, דיכטער, קינסטלער און דעם 12־טן אויגוסט 1952 זענען זיי דערמאָרדעט געוואָרן ערגעץ־ווו אין סיביר. סטאַלין האָט אַנטוויקלט אַ גרייער אויף די „קאָסמאָפּאָליטן", ד. ה. יידן און נישט נאָר אין רוסלאַנד. ער האָט דורכ־געפירט דעם שוי־פּראָצעס אין פּראַג, בעת וועלכן 11 טשעכישע יידישע קאָמוניסטן מיטן גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער טשעכישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, סלאַנסקי, בראש, זענען דערמאָרדעט געוואָרן און צענדליקער אַנדערע פאַרמשפּט אויף לאַנג־יעריקע תפיסה. ער האָט באַשולדיקט די ישראל־רעגירונג מיט בן־גוריונען בראש, אַז זיי זענען אַגענטן פון אַמע־ריקאַנעם אימפּעריאַליזם, דעם „דזשאָינט" — די אַמעריקאַנער יידישע פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציע, אין דעם זעלבן „חטא", צוגעגרייט דעם פּראָצעס פון 15 פון די בעסטע יידישע דאָקטוירים אין מאָסקווע און געוואָלט פאַרטרייבן די 3 מיליאָן סאָוויעטישע יידן קיין ביראָבידזשאַן — אַ גזרה, וואָס איז נישט רעאַליזירט געוואָרן ווייל צום גליק איז סטאַלין געשטאָרבן (דעם 5־טן מערץ 1953) איידער ער האָט באַוויזן אַרויסגעבן די פאַראָרדנונג (לויט ידיעות פון רוסלאַנד איז אויך דער האַרץ־שלאַג געקומען אַלס רעזולטאַט פון פּראָטעסט פון זיין שוואָגער, קאַגאַנאָוויטש קעגן דער דאָזיקער גזרה, בעת וועלכער ער האָט צוגעוואָרפן סטאַלינען זיין פּאַרטיי־לעגיטימאַציע)...

אָבער נישט נאָר קעגן יידן האָט סטאַלין געהאַנדלט אַזוי אכזריותדיק. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט ער דעפּאָרטירט אַלע 5 מיליאָן קרימער טאַטאַרן פון זייער וווינאָרט קיין סיביר, ווו אַ גרויסער טייל פון זיי איז געשטאָרבן פון קעלט און הונגער, ווייל... איניקע טאַטאַרן האָבן קאָלאַבאַרירט מיט די היטלער־באַנדעס. אַזוי האָט ער אויך געהאַנדלט לגבי אַ רייע קאַווקאַזער פעלקער ווי טשעטשענצעס, קאַלמיקן א. א. ווי אויך די וואָלגאַ־דייטשן. די קאַווקאַזער פעלקער האָט מען נאָך סטאַלינס טויט דערלויבט זיך אומקערן אין זייער היימלאַנד, די טאַטאַרן און דייטשן — נישט.

די „מאַרקסיסטן" האָבן געהאַלטן, אַז „די נאַציאָנאַלע קעגנזאַצן און מלחמות זענען אַ רעזולטאַט פון קאַפּיטאַליסטישן רעזשים און נאָר מיטן זיג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור וועלן זיי פאַרשווינדן" — איז געקומען די א. ג. „פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור" אין רוסלאַנד און אָפּ־געלייקנט די טעאָריע. דווקא די קאַפּיטאַליסטישע לענדער פון מערב־אייראָפּע האָבן באַקומען אַ שותּפותדיקע שפּראַך, געגרינדעט דעם „שות־פותדיקן אייראָפּעישן מאַרק", וואָס נעמט אַרום 9 מדינות, ליקווידירט, כמעט, די גרענעצן צווישן זיי, איינגעשטעלט פרייען פאַרקער פון איין לאַנד אין אַנדערן און די אימפּעריאַליסטישע לענדער: ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבן באַפרייט אַלע זייערע קאָלאָניעס אין אַזיע און אַפריקע אין קעגנזאַץ צום קאָמוניסטישן רוסלאַנד, וואָס אונטערדריקט נישט נאָר די 100 פעלקער, וואָס זענען פאַרמעל אַנגעשלאָסן אין ראַטנפאַרבאַנד, נאָר אויך די פעלקער פון צענטראַל אייראָפּע, וואָס זענען „באַפרייט" געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי אין 1945. און עס זענען דווקא די 2 קאָמוניסטישע לענדער, דער ראַטנפאַרבאַנד און כינע, צווישן וועלכע עס הערשט פון 1958 אַ פּערמאַנענטע מלחמה־געפאַר, ביידע באַשולדיקן זיך קעגנזייטיק אין בגידה און אימפּעריאַליזם און באַוואָפענען זיך פון קאָפּ ביז די פיס, גרייטנדיק זיך צו אַ מלחמה פון איין קאָמוניסטישער מדינה קעגן דער צווייטער און זוכנדיק שטיצע... ביי די קאַפּיטאַליסטישע פ. שטאַטן.

דאָס אויבן־געזאָגטע באַווייזט נישט, אַז די נאַציאָנאַלע קעגנזאַצן זענען געלייזט געוואָרן דורך די קאַפּיטאַליסטישע מדינות, אויף דעם זאָגן עדות די כסדרדיקע קאַמפן אין צפון־אירלאַנד, די באַציאונג פון ענגלאַנד צו די אַזיאַטישע בירגער אירע, פאַריאָגטע פון אוגאַנדאַ, דער שפּראַכן־קאַמף אין בעלגיע א. א. וו. — אָבער זיי אַלע זענען אַ קינדער־שפּיל

לגבי דער שאָוויניסטישער און אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק פון די רוסישע קאָמוניסטן. נאָר די פאַשיסטישע „אַפּאַרטהײט״ פּאָליטיק פון דרום־אַפריקע און ראָדעזיע קאָן פאַרגליכן ווערן צו דער קאָמוניסטישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

ווי שוין דערמאָנט זענען די יידן געווען די טרעגער פון קאָסמאָפּאָ־ליטיזם. אויך איך האָב געהערט צו זיי, געגלויבט, ווי אַ גרויסער טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט לייזן אַלע פּראָבלעמען און צווישן זיי אויך — דעם יידישן. דער סטאַלין־טעראָר פון 1934 און ווייטער, דער פּאָגראָם אויף דער יידישער קולטור אין 1936 האָט איינגעבראָכן דעם דאָזיקן גלויבן. אַ טויט־קלאַפּ האָט געליטן מיין קאָסמאָפּאָליטיזם, ווען אין אויגוסט 1938 איז אַרויסגעפאָרן פון נאַצי־דייטשלאַנד אַ שיף „אויגוסטוס״ און האָט געפירט 800 יידן קיין „אַמעריקע״, אָנגעקלאַפּט אין אַלע אַמעריקאַנער פּאָרטן, אָבער אין ערגעץ נישט אַריינ־געלאָזט. מ׳האָט די יידן אויפן „אויגוסטוס״ באַהאַנדלט ווי מצורעים, קרעציקע, די שיף אַפילו נישט אַריינגעלאָזט אין פּאָרט, עס זאָל זיך חס וחלילה נישט אַריינכאַפּן קיין ייד... 3 חדשים איז די שיף געפאָרן פון לאַנד צו לאַנד, פון פּאָרט צו פּאָרט און אין ערגעץ נישט אַריינ־געלאָזט געוואָרן ביז... מיט גרויסע צרות איז געלונגען צו באַקומען פאַר די יידן אַ דערלויבעניש אַריינקומען קיין טשילע, ווו ס׳האָט געהערשט דאַן אַ רעגירונג פון „פאָלקס־פראָנט״.

דער חרם אויף דער שיף „אויגוסטוס״ איז געווען אַן אומשולדיקער פּאָרשפּיל לגבי דעם, וואָס איז געקומען אַ יאָר שפּעטער — די צווייטע וועלט־מלחמה.

דעם 23־טן אויגוסט 1939 האָט סטאַלין אונטערגעשריבן זיין פריינד־שאַפטס־פּאַקט מיט היטלערן (מאָלאָטאָוו — פאָן־ריבענטראָפּ־פּאַקט) און געגעבן זיין „אָ קיי״ פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. סטאַלין האָט באַקומען דעם מזרח־טייל פון פּוילן, די באַלטישע לענדער: ליטע, לעט־לאַנד און עסטאָניע ווי אויך בעסאַראַביע און צוגעזאָגט היטלערן ווייץ, נאַפט, קוילן און אייזן פאַר די נאַצי־אַוויאָנען. מיט סטאַלינס הילף האָט היטלער אָנגעהויבן די מלחמה, וואָס האָט געדויערט כמעט 6 יאָר, גע־קאָסט 60 מיליאָן קרבנות און צווישן זיי 6 מיליאָן יידן. היטלער האָט דערקלערט אַן אויסראָטונגס־מלחמה דעם יידישן פאָלק פאַרן חטא צו זיין יידן און פאַרמשפּט צום טויט אַפילו אור־אייניקלעך פון יידן, וואָס האָבן זיך געשמדט און געגלויבט, אַז זיי האָבן אויפגעהערט צו זיין יידן

און זענען פריי פון פאַרפאָלגונגען, זיי זענען 200־פּראָצענטיקע דייטשן. פאַר היטלערן זענען זיי געווען יידן, אַפילו די אור־אייניקלעך פון קאַרל מאַרקס, וואָס איז, ווי באַוווּסט, געווען אַן עקסטרעמער דייטשישער אַנטי־סעמיט. די יידן אין דייטשלאַנד, וואָס זענען אין 90 פּראָצענט, אויב נישט מערער, געווען אַסימילירט, האָבן געגלויבט, אַז דאָס וואָס איז געשען אין צאַרישן רוסלאַנד קאָן נישט געשען אין קולטורעלן, אַנט־וויקלטן דייטשלאַנד און... ס'איז נישט געשען. דער צאַריזם האָט געמאָר־דעט באַרבאַריש, אין פּאָגראָמען געהרגעט אייניקע הונדערט אָדער אייניקע טויזנט יידן, היטלער האָט באַוויזן „וויסנשאַפטלעך" מיט קרעמאַטאָריעס, גיפטיקע גאַזן, ריזיקע גאַז־אויוונס צו פאַרניכטן 6 מיליאָן יידן פון די בערך 10 מיליאָן, וואָס האָבן געלעבט ביז דער מלחמה אין אייראָפּע.

און די וועלט? די פּראָגרעסיווע קולטור־וועלט? יידישע דעלעגאַציעס האָבן געבעטן רוזוועלטן, טשערטשילן צו באָמבאַרדירן די גאַז־אויוונס און אוישוויץ, טרעבלינקע, מאַידאַנעק, דאַכאַו א. א. נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, זיי האָבן די ווענדונג אָפּגעוואָרפן. מ'האָט געבעטן מסכים זיין אויף אויסצובייטן אַ מיליאָן יידן פון די פאַרניכטונגס־לאַגערן אויף... לאַסט־אויטאָמאָבילן, ווי ס'האָט פאָרגעלייגט דער רוצח אייכמאַן, אויך די ווענ־דונג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. געבן לאַסט־אויטאָמאָבילן פאַר יידן? וואָס פאַרא עסק איז דאָס? עפּעס אַנדערש ווען ס'האַנדלט זיך וועגן אַראַבישע טעראָריסטן — מאַכט מען מיט זיי „געשעפטן", אָבער יידן? און ווער וועט עס אַריינלאָזן אַ מיליאָן יידן? ענגלאַנד האָט געשלאָסן די טויערן פון פּאַלעסטינע, די ליבעראַלע, דעמאָקראַטישע שווייץ האָט איבערגעגעבן אין די נאַצישע הענט טויזנטער יידן, וואָס האָבן באַוויזן אַריבערגיין די גרענעץ, אָבער די שווייץ האָט זיי נישט אַריינגעלאָזט. נאָר צוויי פעלקער האָבן באַוויזן זייער סימפּאַטיע פאַר די אומגליקלעכע — דענעמאַרק, וואָס האָט אַרויסגעפירט אומלעגאַל כמעט אַלע אירע 6 טויזנט יידן און שוועדן, וואָס האָט געעפנט אירע גרענעצן פאַר די יידן, וואָס האָבן באַוויזן זיך צו ראַטעווען. מענטשן אָרנטלעכע זענען געווען אין אַ סך ערטער, אין האָלאַנד, פראַנקרייך און אַפילו... דייטשלאַנד. אין נאַצישן בערלין האָבן זיך געראַטעוועט 16 טויזנט יידן אויף דער „אַרישער זייט", אין קיעוו, אין קאָמוניסטישן קיעוו — קוים 2 מאַן! דאָרט האָט די גאַנצע, כמעט, אוקראַינישע באַפעלקערונג מיטגעאַרבעט מיט די נאַצישע מערדער...

דער היטלעריזם האָט אַם בולטסטן באַוויזן דעם באַנקראָט פון קאָס־מאָפּאָליטיזם — אַן אידייע אַ פּרעכטיקע, אַן אויסגעצייכנטע, אָבער אויך

זי געהערט צום „אחרית הימים", צו דער ווייטער צוקונפט און קעמפנדיק פאַר איר — טאָרן נישט אומגעבראַכט ווערן אירע טרעגער, טאָר מען נישט פאַרברענען דאָס יידישע פאָלק אויפן מזבח פון דער אידייע.

די בעסטע טייל פון דער מענטשהייט האָט געשטיצט דאָס העלדישע וויעטנאַמער פאָלק אין זיין קאַמף פאַר סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער פרייהייט. הונדערטער טויזנטער סטודענטן אויף דער וועלט האָבן מאַניפעסטירט אונ־טער דער לאָזונג „האָ, האָ, האָ־טשי־מין!" אָבער האָ־טשי־מין איז געווען אַ וויעטנאַמער נאַציאָנאַליסט נישט ווייניקער ווי קאָמוניסט.

און מאַאָ פרעגט „קאָן אַ קאָמוניסט, וואָס איז אַן אינטערנאַציאָנאַליסט זיין אין דער זעלבער צייט אַ פּאַטריאָט פון זיין לאַנד?" און ער ענטפערט „נישט נאָר ער קאָן, ער מוז דאָס זיין. דער ספּעציפישער אינהאַלט פון פּאַטריאָטיזם ווערט באַשטימט דורך די היסטאָרישע באַדינגונגען".

כאַראַקטעריסטיש איז די אַנטוויקלונג פון יידן־פּראָבלעם אין פוילן. יידן האָבן געלעבט אין פוילן ביי די טויזנט יאָר. זיי האָבן דאָרט געבויט שטעט, אַנטוויקלט דעם האַנדל, די אינדוסטריע. געווען צייטן, ווען זיי האָבן גענאָסן פון ברייטער קולטור־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע (ועד ארבע הארצות), געקעמפט אַקטיוו מיט געווער אין האַנט פאַר פוילנס זעלבשטענ־דיקייט (בערעק יאָסעלעוויטש) — אין סוף פון פאַריקן יאָרהונדערט און אָנהויב דעם איצטיקן — זיך אָנגעטראָפן אויף אַ וואַקסנדיקן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אויף דער באַזע פון האַנדלס־קאָנקורענץ מיט דער פוילישער „שלאַכטע", דעקלאַסירטע, פאַראָרעמטע „פּריצים", וואָס האָבן זיך איבערגעצויגן פון דאָרף אין שטאָט און דאָרט זיך אָנגעטראָפן אויפן יידישן סוחר און אינדוסטריאַל. צו דעם איז צוגעקומען די רע־ליגיעזע העצע פון דער קאַטוילישער קירכע (פוילן איז געווען דאָס קאַטוילישסטע לאַנד אין אייראָפּע) און קוים געציילטע חדשים נאָכן באַקומען די זעלבשטענדיקייט אין 1918, זענען דאָרט פאָרגעקומען פּאָגראָמען אויף יידן. די סאַנאַציע־רעגירונג, וואָס האָט געהערשט אין פוילן אין די 30־קער יאָרן, האָט פאַרטיפט דעם אַנטיסעמיטישן דרוק, וואָס איז נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט אין שכנותדיקן דייטשלאַנד. דעריבער האָבן די נאַציס אויסגעקליבן פוילן אַלס צענטראַל־פּונקט פאַר דער פאַרניכטונג פון יידישן פאָלק אין אייראָפּע, דאָרט אויפגעשטעלט אירע גרעסטע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין אושוויץ, מאַידאַנעק, טרעבלינקע א. א. און אויך דאָרט די קרעמאַטאָריעס, די גאַז־איוונס, די גיגאַנטישע פאַרניכטונגס־צענטרן. פון די דריי מיליאָן

יידן אין פוילן, אין 1939, זענען נישט פאַרבליבן מער ווי 10 פּראָצענט און אויך זיי — הויפּטזעכלעך די, וואָס זענען אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד אָדער זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער.

אין 1944 האָט די „רויטע" סאָוויעטישע אַרמיי באַפרייט פוילן אָבער אויפגעצווינגען אויף איר אַ קאָמוניסטישע רעגירונג. צווישן די קאָמוניסטן אין פוילן איז דער פּראָצענט יידן געווען זייער אַ הויכער און באַזונדערס אין זיין אָנפירונג. די פוילישע אינטעליגענץ (ווי די רוסישע אין 1917) איז געווען אַנטיקאָמוניסטיש און די נייע רעגירונג האָט געמוזט אָנקומען צו די יידן, הויפּטזעכלעך ביים אָרגאַניזירן דעם נאַציאָנאַליזירטן האַנדל און אינדוסטריע. די צאָל יידן איז נישט געווען קיין גרויסע, קוים ביי די 100 טויזנט, אין די ערשטע נאָך־מלחמה־יאָרן, אָבער דער אַנטיסע־מיטיזם איז נישט קלענער געוואָרן און נאָך אין 1946 ברעכט אויס דער פּאָגראָם אויף יידן אין קעלץ. אויך פאַר די 100 טויזנט יידן נישטאָ קיין אָרט אין פוילן און אַ העלפט פון זיי אַנטלויפט קיין דייטשלאַנד און שפּעטער — קיין ישראל. אין 1956, ווען עס זיגט די פוילישע רעוואָ־לוציע, ס'קומען צו דער מאַכט די מער־נאַציאָנאַליסטישע פוילישע קאָמו־ניסטן: וולאַדיסלאַוו גאָמולקאָ און דער אַנטיסעמיט מיעטשיסלאַוו מאָטשאַר, פאַרלאָזט ווידער אַ העלפט פון דעם פאַרבליבענעם הייפל יידן פוילן און עס בלייבן נישט מער ווי אַ 30 טויזנט, קוים 1 פּראָצענט פון די 3 מיליאָן אין 1939. אין קאָמוניסטישן פוילן, צווישן די 35 מיליאָן פּאָלאַקן, איז אָבער אויך פאַר די 30 טויזנט יידן, פאַר דעם 1 פּראָמיל פון דער באַ־פעלקערונג נישט געווען קיין אָרט. אויך די 30 טויזנט האָבן געדינט אַלס שעיר לעזאזל פאַר אַלע ווירטשאַפטלעכע שוועריקייטן און מיסהאַנדלונגען פון דער קאָמוניסטישער רעגירונג און אין 1968 האָט דער באַנקראָטירטער גאָמולקאָ באַשולדיקט דאָס הייפעלע יידן, כמעט אַלע קאָמוניסטן און קינדער פון קאָמוניסטן אין „ציוניזם", אין די סטודענטן־מאַניפעסטאַציעס קעגן דער רעגירונג און פון די 30 טויזנט האָבן ווידער 20 טויזנט געמוזט פאַרלאָזן פוילן און פאַרבליבן זענען כמעט אויסשליסלעך די זקנים און אינוואַלידן, וואָס האָבן נישט געהאַט מער קיין כוח צו עמיגרירן און זוכן אַ נייע היים. אַזוי האָבן די קאָמוניסטישע הערשער פון פוילן געהאָלפן היטלערן, שוין נאָך זיין פּגירה, מאַכן פוילן „יודן־ריין".

דווקא פוילן, מער ווי וועלכעס עס איז אַנדער קאָמוניסטיש לאַנד, באַווייזט דעם פולשטענדיקן באַנקראָט, דעם קראַך פון וועלכער ס'איז קאָמסמאָפּאָליטישער און אַסימילאַציע־אידייע און מיר מוזן קומען צום

אויספיר, אַז גערעכט איז געווען דער ציוניזם — אויך דאָס יידישע פאָלק מוז האָבן אַן אייגענע היים, אַן אייגענע מדינה און יעדער ייד, אומאָפּ־הענגיק פון זיינע ראַדיקאַלע אידייען, מוז פאַר אַלעם זיין אַ ייד, ד. ה. דאגהען אין דער ערשטער רייע פאַר זיין פאָלק, די סאָציאַליסטישע אידייען מוזן זיין ענג געבונדן מיט דעם נאַציאָנאַלן רענעסאַנס, מיט דעם נאַציאָנאַלן ווידער־געבורט פון יידישן פאָלק, נישט ווייניקער ווי די קאָ־מוניסטישע אידייען פון מאַאָ־טסע־טונג אָדער האָ־טשי־מין מיטן קאַמף פון זייערע (כינעזיש, וויעטנאַמיש) פעלקער פאַר זייער נאַציאָנאַלן רענע־סאַנס און קאַמף קעגן אויסלענדישן אימפּעריאַליזם, אויסלענדישער אונטער־דריקונג.

די אַמעריקאַנער יידישע יוגנט (אין די פ. שטאַטן און אין לאַטיין־אַמעריקע) לעבט לייִדער מיט די אילוזיעס פון די יידן אין דייטשלאַנד און אין די קאָמוניסטישע לענדער. די דייטשישע יידן פאַר היטלערן און אַפילו די ערשטע יאָרן נאָך זיין קומען צו דער מאַכט, האָבן געגלויבט „ביי אונדז קאָן עס נישט פאָרקומען", מיינענדיק די פּאָגראָמען אין צאַ־רישן רוסלאַנד. די דייטשן האָבן דורכגעפירט אויך צאַרישע פּאָגראָמען (די „קריסטאַל־נאַכט"), אָבער די פאַרטיליקונג פון די יידן דורכגעפירט „וויסנשאַפטלעך" און גרינטלעך. וואָס עס געשעט היינט אין די קאָמוניס־טישע לענדער — זעען מיר. אין די פ. שטאַטן איז היינט דער אַנטי־סעמיטיזם נישט „אַנגענומען". אַקטיוו אַנטיסעמיטיש זענען די „שוואַרצע פּאַנטערס", די „בלעק פּאַווערס", טיילווייז די פּאָרטאָריקאַנער אין ניו־יאָרק, אָבער... דער צושטאַנד גאַראַנטירט נישט, אַז אויב ס'זאָל אויס־ברעכן אַן ערנסטער ווירטשאַפטלעכער קריזיס אין די פ. שטאַטן, זאָל אויך דאָרט נישט זיין שולדיק דער „שעיר לעזאזל" — דער ייד. עס זענען געווען אַזעלכע דערשיינונגען און זיי קאָנען ווידער פאָרקומען, נאָך מערער, ווען די אַראַבער מיט זייערע שווערע נאַפט־מיליאַרדן שטיצן דירעקט די אַנטיסעמיטישע העצע, אין אַלע אירע אָפענע און פאַרבאָר־גענע פאָרמען, אויך דורך „ניו־לעפט" (די נייע לינקע) און דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד?

סטאַלין איז נישטאָ, דער רעזשים איז פאַרבליבן דיקטאַטאָריש, אָבער דאָך פיל ווייניקער בלוטיק, דער מאַסן־טעראָר איז אָפּגעשטעלט, דער אַנטי־סעמיטיזם איז אָבער פאַרבליבן. די קאָמוניסטן האָבן ליב צו דערציילן וועגן „140 פעלקער, וואָס לעבן אין האַרמאָניע אין ראַטנפאַרבאַנד", וועגן זייערע נאַציאָנאַלע רעכט, קולטור א. א. וו., אָבער די 3 מיליאָן יידן, וואָס באַ־

ווינען דאָס לאַנד, האָבן נישט דאָס רעכט אַרויסצוגעבן אַ צייטונג אויף דער יידישער שפּראַך (עס דערשיינט קוים אַ חודש־זשורנאַל אַרויסגעגעבן אונטערן קאָנטראָל פון דער ק. ג. ב.), קיין איין יידישע שול, קיין יידישער טעאַטער, קלוב א. א. וו. עס ווערן יאָ אַרויסגעגעבן דורך דער רעגירונג (קיין אַנדערע אויסגאַבן עקזיסטירן נישט אין רוסלאַנד) אַנטיסעמיטישע בראָשורן, פּאַמפלעטן, קאַריקאַטורן, וואָס זענען קאָפּיעס פון די נאַצישע געבעלס־שטרייכער אַנטיסעמיטישע אויסגאַבן. דער איינציקער אונטערשייד, ביים צאַר האָט דער ייד געהייסן „זשיד", ביי סטאַלינען „קאָסמאָפּאָליט", היינט — „ציוניסט". צווישן די פילע אויסגאַבן, האָט זיך לעצטנס באַוויזן אין זשורנאַל „אָקטיאַבר" (נר. 9 אָקטאָבער 1972), וואָס ווערט פאַרשפּרייט אין 9 מיליאָן עקזעמפּליאַרן אַ „וויסנשאַפטלעכע" אַרבעט פון איינעם אַ יורי קאָלעסניקאָוו, וואָס שרייבט: „ראָטשילד אין איראָפּע און מאָרגענטוי אין אַמעריקע זענען נישט קיין איינצלנע און נישט קיין צענדליקער. זיי זענען הונדערטער און טויזנטער. זיי פאַרמאָגן אַ גרויסן טייל פון די גאָלד־רעזערוון פון דער וועלט (נישט די אַראַבישע שייכן, נאָר די יידן!). צו זיי געהערן די גרעסטע בענק, פאַבריקן און האַנדלס־אונטערנעמונגען. דאָס איז נישט קיין נייעס און נישט קיין סוד (דאָס האָט נאָך „אַנטדעקט" דער צאַריזם מיט זיינע באַרימטע „פּראָטאָקאָלן פון די זקני ציון", וואָס ווערן איצט איבערגעניטשעוועט און איבערגעדרוקט אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד!), זיי זענען די פאַקטישע בעלי־בתים, וואָס באַהערשן די ווירטשאַפט פון די לענדער, האַנדל און אינדוסטריע, אייזנבאַנען, שיפן, אַוויאַציע קרעדיט־און פאַרזיכערונג־געזעלשאַפטן. דורך זיי, האָבן זיי די רעאַלע מעגלעכקייטן צו באַאיינפלוסן די פּאָליטיק פון דער רעגירונג לטובת די יידן" — אַזוי האָבן געשריבן די רוסישע, פּוילישע, דייטשישע אַנטיסעמיטן פאַר היטלערן, אַזוי האָבן שפּעטער פּראָפּאַגירט היטלער און זיינע משרתים — און היינט די סאָוויעטישע קאָלעסניקאָווס, קיטשוקס א. א. אמת, די יידן זענען אין אַלגעמיין רייכער פון דער דורכשניטלעכער באַפעלקערונג צווישן וועלכער זיי לעבן, הויפּטזעכלעך צוליב דעם, וואָס זיי שיכורן נישט ווי קאָלעסניקאָוו און האָבן אין משך פון 2 טויזנט יאָר פאַרפאָלגונגען, זיך ספּעציאַליזירט אין האַנדל, אָבער קיין שום ייד אין די פ. שטאַטן דערגרייכט נישט צו די קנעכל פון אַ ראָקפעלער, מאָרגאַן אָדער היוז, קיין שום יידישע אונ־טערנעמונג דערגרייכט נישט צו די „סטאַנדאַרט אויל", „דזשענעראַל־מאָטאָרס", „איי. טי. טי." אין די פ. שטאַטן, „ראָיאַל דאַטש" אָדער „ברי־טיש פּעטראָלעאום" אין ענגלאַנד, „פאָלקס־וואַגען", „סימענס", „טיסען"

אין דייטשלאַנד, „דעסאַו" אָדער „רענאָ" אין פראַנקרייך און צווישן די 300 גרעסטע אונטערנעמונגען אין דער וועלט — איז נישטאָ קיין איין יידישע אונטערנעמונג.

איז דען אַ וווּנדער, וואָס נאָך 56 יאָר קאָמוניסטישע רעוואָלוציע, קאָמוניסטישע דערציאונג, פּראָפּאַגאַנדע, מוח־וואַשונג, — פאָדערן הונדערטער טויזנטער סאָוויעטישע יידן און אין דער ערשטער רייע די יוגנט, וואָס האָט זיך דערצויגן אין די קאָמוניסטישע שולן — רעכט אויף עליה אין זייער פאָטערלאַנד — און אַלס אַזעלכעס אָנערקענען זיי נישט דעם ריזיקן ראַטנפאַרבאַנד מיט זיינע 22 מיליאָן קוו. קמ. נאָר דאָס פּיטשינקע ישראל, מיט אירע קוים 20 טויזנט קוו. קמ. ?

קאָסמאָפּאָליטיזם איז אַ פּרעכטיקע אידייע און איך גלויב, אַז זי וועט פאַרווירקלעכט ווערן, אָבער דער דאָזיקער פּראָצעס קאָן דויערן הונדערטער יאָרן און עס דראָט די געפאַר, אַז זוכנדיק צו רעאַליזירן די דאָזיקע אידייע זאָלן מיר נישט פאַרטיליקט ווערן — פולשטענדיק „ביז ס'וועט קומען די נחמה זאָל נישט אַויסגיין די נשמה" — ווי עס זאָגט אַ שפּריכווערטל און די אידייע זאָל נישט צושטאַנד קומען אויף... אונדזער קבר. כדי אויסצומיידן די קאַטאַסטראָפע, מוזן מיר פאַרבונדן די אידייע פון קאָסמאָפּאָליטיזם מיט דער אידייע פון נאַציאָנאַלן רענעסאַנס, מיטן ציוניזם, מיטן דראַנג פון אויפשטעלן אַן אייגענע היים, אַן אייגענע מדינה, וואָס וועט זיך אויפלייזן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע, וועט שטערבן און זאָרגן, אַז די אידייע פון קאָסמאָפּאָליטיזם זאָל וואָס פריער פאַרווירקלעכט ווערן, נישט שטעלנדיק די גייסטיקע און פיזישע עקזיסטענץ פון די יידן אין געפאַר פון פאַרניכטונג.

די אידייע פון ציוניזם איז נישט קיין קעגנזאַץ צום קאָסמאָפּאָליטיזם נאָר זיין פאַרפולקאָמונג, פאַרווירקלעכנדיק דעם ציוניזם ווערן מיר אויס „מענטשן אָן אַ פאָטערלאַנד", ווי עס האָט אונדז פאַרגוואָרפן סטאַלין, נאָר אַ פּראָגרעסיווער, דינאַמישער טייל פון בעסטן טייל פון דער מענטשהייט.

אונדזער ציוניזם באַדייט נישט שאָוויניזם. מיר האַלטן נישט פון „אתה בחרתנו מכל העמים", מיר גלויבן נישט, אַז מיר זענען בעסער פון אַנדערע פעלקער, מיר ווילן אָבער אויך נישט זיין ערגער פון זיי. אונדזער ציוניזם באַדייט נישט, אַז מיר מוזן זאָגן „אָ קיי." צו יעדן שריט און טריט פון דער רעגירונג פון מדינת ישראל, אַז מיר מוזן אָננעמען איר שטעלונג, ווי זי וואָלט געווען תורה פון סיני. מיר באַציען זיך קריטיש, ווייל מיר ווילן און שטרעבן אַז אונדזער מדינה זאָל זיין פּראָגרעסיווער, בעסער,

שענער פון אַנדערע, זי זאָל זיין אַ סאָציאַליסטישע מדינה, נישט קיין מדינה „סאָציאַליסטיש" לויטן מאָסקווער שטייגער, נאָר אַ מדינה ווו יושר און צדק זאָלן נישט זיין קיין פראַזע און ווו עס זאָל הערשן די מעגלעכסטע גלייכקייט פון אַלע בירגער.

פאַלש איז געווען לענינס שטעלונג, אַז „ציוניזם איז די מאַכאַרייקע פון דער בורזשואַזיע און רבנים". די יידישע בורזשואַזיע פילט זיך אין אַלגעמיין גוט אין די לענדער, ווו זי לעבט און איז ווייט פון ציוניזם, זי קאָן אים אין בעסטן פאַל שטיצן מיט אַ גרעסערע אָדער קלענערעביישטייערונג אָבער דער „סיר הבשר", די „ביזנעס" דעצידירן. די רבנים? די אולטראַ־עקסטרעמע רעליגיעזע יידן, די נטורי קרתא, די חסידים פון סאַטמאַר זיי נעגירן די „ציוניסטישע" מדינה, פאַר זיי איז זי פסול, ווייל נישט משיח געשיקט פון גאָט, נאָר מענטשן, „בשר ודם" האָבן זי געשאַפן און אַ מדינה, אַ מאָדערנע, נישט באַזירט אויף די פאַרשריפטן פון דער הלכה. אויך די א. ג. „אגודת ישראל" זענען ווייט פון ציוניזם און זיי פייערן נישט אַפילו אין ישראל, די יום־טובים פון דער מדינה. דאָס זעלבע טוען די לובאַוויטשער חסידים, די א. ג. חב"ד, פאַר וועמען אַפילו די „מזרחי", די רעליגיעז־נאַציאָנאַלע פאַרטיי איז נישט גענוג רעליגיעז, ווייל זי גייט אויף קאָמפּראָמיסן מיט די וועלטלעכע עלעמענטן. די מערהייט פון די רבנים — זענען אַנטי־ציוניסטן, אַזוי אין ארץ ישראל ווי אויך אויף דער וועלט.

ארץ ישראל איז נישט דאָס אידעאַלע לאַנד. ס'איז זייער ווייט צו זיין „ארץ זבת חלב ודבש" און דערצו נישט אומבאַפעלקערט, ווען די יידן האָבן אָנגעהויבן זי באַזעצן. אין די 80־קער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט, ווען ס'זענען אָנגעקומען די ערשטע „בילואים", איז עס געווען אַ פאַר־לאָזטע, אָפּגעשטאַנענע פּראָווינץ פון דער אָפּגעשטאַנענער טערקיי. אַ קליי־נער שטח, 27 טויזנט קוואַדראַט־קילאָמעטער, קלענער פון דער קליינער בעלגיע אָדער האָלאַנד, געווען וויסט און חרוב, כמעט אָן איין בוים, זיך אויסגעצייכנט מיט וויסטעס און בלאָטעס און באַזעצט מיט אַ פּאָר הונדערט טויזנט אַנאַלפאַבעטישע, אָרעמע אַראַבישע פעלאַכן־פּויערים. די פּאָר הונ־דערט ציוניסטן, וואָס האָבן זיך באַזעצט, זענען נישט געקומען מיט ביקסן און האַרמאַטן, ווי עס זענען געקומען די ווייסע קיין אַמעריקע, נאָר געזוכט צו שאַפן אַ יידישע היים, זייט ביי זייט מיט די אָרטיקע אַראַבער, קויפן ביי זיי ערד, באַאַרבעטן זי, אַנטוויקלען און... געחלומט וועגן אַ יידישער מדינה, ווען עס וועט זיין אַ יידישע מערהייט, אָנהאַלטנדיק גוטע שכנות־

שאַפט מיט די אַראַבער. ס׳איז געווען די ציוניסטישע באַוועגונג, וואָס האָט געהאָלפן אַנטוויקלען דירעקט און אומדירעקט דעם אַראַבישן נאַציאָנאַלן רענעסאַנס. דער קאָנפליקט צווישןביידן איז געקומען נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, ווען דער נאַר־וואָס געבוירענער אַראַבישער נאַציאָנאַליזם האָט מורא באַקומען פאַר דעם יידישן נאַציאָנאַליזם, וואָס באַדראָט צו באַהערשן אַ קליינטשיקן טייל פון דעם ריזיקן אַראַבישן שטח (27 טויזנט קוו. קמ. פון 17 מיליאָן!), קוים 1,5 פראָ־מיל פון די זייער־שיטער באַזעצטע אַראַבישע לענדער צווישן אַטלאַנטישן אָקעאַן און דעם פערסישן ים־איינגוס. דווקא די יידישע אימיגראַציע אין ארץ־ישראל האָט אַרויסגערופן אַ גרעסערע אַראַבישע אימיגראַציע און אין יאָר 1948, ביי דער פראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל, האָבן שוין דאָרט געלעבט ביי די 1,5 מיליאָן אַראַבער. מוז די יידישע מדינה זיך אַנטוויקלען אויפן חשבון פון די אַראַבער? ניין, די אַנטוויקלונג פון דער טעכנאָלאָגיע דערלויבט ביידע פעלקער צו לעבן אין בעסטער שכנותשאַפט, זייט ביי זייט, אַזוי אַ יידישע מדינה ווי אויך אַ פּאַלעסטינער־אַראַבישע מדינה און אויב אין אָפּגעשטאַנענעם מצרים קאָנען לעבן ביז 800 מאַן אויף אַ קוו. קמ. (אין דער לענג פון נילוס) — איז עס זיכער מעגלעך אין אַ מאָדערנער, טעכניש־אַנטוויקלטער מדינה. מדינת־ישראל קאָן ווערן דער אינדוסטריעלער און קולטור־צענטער פון דער אַראַבישער וועלט און העלפן זי אַנטוויקלען. נישט פאַראַן קיין שום אָביעקטיווע סיבות פאַר קאָנפליקטן צווישן ביידע פעלקער, פאַרקערט, די צוזאַמענאַרבעט פון ביידע פעלקער קאָן ברענגען קעגנזייטיקן נוצן ביידן.

דער סאָציאַליסטישער ציוניזם איז נישט אינפּעריאַליסטיש, צילט נישט צו באַהערשן די אַראַבישע פעלקער און זייערע שטחים, פאַרקערט, זוכט זייער קאָ־אָפּעראַציע און צוזאַמענאַרבעט. די מדינה, ווי זי איז, איז נישט די פאַרקערפּערונג פון די חלומות פון אירע גרינדער, זי איז אַ קאַפּיטאַליסטישע מדינה מיט סאָציאַליסטישע אינדזעלעך (די קיבוצים) און די אידעאַלן פון יושר און צדק זענען גאָך ווייט נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן, זיליידט פון אַלע חסרונות פון אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד, אָבער "WRONG OR RIGHT, MY COUNTRY", ווי עס האָט געזאָגט טשערטשיל — ס׳איז אונדזער מדינה און מיר קאָנען און מוזן זי שטיצן, באַקעמפנדיק גלייכצייטיק די עוולות, וואָס זי באַגייט. מיר מוזן נישט זיין מסכים מיט דער ביוראָקראַטישער אָנפירונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, כדי צו קעמפן פאַרן נאַציאָנאַלן רענעסאַנס און קיום פון

יידישן פאָלק — אַלס גלייכבאַרעכטיקטן מיטגליד פון דער גרויסער פעלקער־משפחה און צוזאַמען מיט איר צילן צו אַ פאַראייניקטער מענטש־הייט, אָן גרענעצן, אָן נאַציאָנאַלע קאַמפן און מלחמות — אַ מענטשהייט, אַ גליקלעכע, אַ פרייע.

אוּן דאָך סאָציאַליזם,
אָבער הומאַנער, פרייער

אין די פּאַריקע קאַפּיטלען האָבן מיר אַנאַליזירט די טעאָריע און פּראַקטיק פון אַלע, כמעט, סאָציאַלע באַוועגונגען, וואָס האָבן אויפגערודערט די וועלט אין משך פון די לעצטע 125 יאָר, פון „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" ביז היינט.

נישט קוקנדיק אויף די פעלערן און נישט זעלטנס אָפענע פאַרברעכנס, ווי ס'איז געווען דער סטאַליניזם, איז דאָך נישט געשאַפן געוואָרן, נישט אויפגעקומען קיין נייער, בעסערער, שענערער, אידעאַל — ווי סאָציאַליזם.

מיר האָבן באַוויזן, אַז די דעטערמיניסטישע טעאָריעס, אַז דער עקזיס־טירנדיקער רעזשים, דער קאַפּיטאַליזם מוז אונטערגיין, אַז זיין אונטער־גאַנג איז אומפאַרמיידלעך, אַז די דאָזיקע טעאָריע האָט באַנקראָטירט, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס פאַלש ווי פאַלש ס'זענען געווען אַלע טעאָריעס פון „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט", וואָס ווי יעדע דיקטאַטור — אָן שום אויסנאַם, אַפילו די „בעסטע", די „ציוויליזירסטע", די „פּראָגרעסיווסטע" (ווי ס'איז געווען דער קולטור־אַבסאָלוטיזם אין איבערגאַנגס־פּראָצעס פון פעאָדאַליזם צום קאַפּיטאַליזם) — אַלע דיקטאַטורן זענען אַנטי־סאָציאַל, ווייל זיי לייקענען דעם עיקר — די מענטשלעכע פרייהייט. אָן פרייהייט איז נישטאָ קיין פּראָגרעס. די באַזע פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג פון זיין פּראָגרעס איז די פרייהייט, פרייהייט פון כלל און פרייהייט פון יחיד. יעדע באַוועגונג, אומאָפּהענגיק פון אירע צילן און טעאָריעס, וואָס באַגרענעצט די מענטשלעכע פרייהייט איז אַנטיסאָציאַל, איז רעאַקציאָנער, נישט קוקנדיק אויף די כלומרשט „רעוואָלוציאָנערע" פראַזן.

דער ציל פון דער מענטשהייט איז און מוז זיין זיכערן דאָס גליק פון דער געזעלשאַפט, אָבער די געזעלשאַפט איז נישט קיין הערמעטיש־געשלאָסענע איינהייט, זי באַשטייט פון לעבעדיקע מענטשן און ממילא קאָן אַ געזעלשאַפט זיין גליקלעך נאָר ווען אַלע אירע טיילן, ד. ה. אַלע מענטשן זענען גליקלעך. איז דאָס מעגלעך? איז מעגלעך צו זיכערן דאָס גליק פון יעדן באַזונדערן מענטשן?

ס׳זענען דאָך נישט פאַראַן קיין 2 אַבסאָלוט־גלייכע מענטשן. מען קאָן געפינען 2 גלייכע טראָפּנס וואַסער, אָבער 2 אַבסאָלוט־גלייכע מענטשן — נישט, אַפילו צווילינגען זענען נישט אַבסאָלוט־גלייך. יעדעס נאָרמאַל מיידל חלומט וועגן איר „בלויעם פּרינץ" מיט וועלכן זי וואָלט געוואָלט חתונה האָבן און שאַפן אַן אייגענע, גליקלעכע היים, משפּחה, קינדער. ביאָלאָגן חלומען וועגן אַ וועלט, ווו קינדער וועלן געשאַפן ווערן אין לאַבאָראַטאָריעס לויט וויסנשאַפטלעכע כללים. אין בעסטן פאַל איז עס ווייטע צוקונפט־מוזיק אויב דאָס וועט, ווען עס איז פאַרווירקלעכט ווערן, וועט דאַן אויפקומען אַ נייע געזעלשאַפט, אַ נייע מענטשהייט — און „די לצרה בשעתה".

קאָן די געזעלשאַפט זיכערן, אַז יעדעס מיידל, דאָס מיאוסטע, וועט געפינען איר „בלויעם פּרינץ"? ניין, זי קאָן דאָס נישט, זי קאָן אָבער יאָ זיכערן יעדעס מיידל (און בחור) די פולע מעדיצינישע און קאָסמעטישע הילף, זי זאָל נישט זיין מיאוס, זיין גראַציעז, זיין נאַטירלעך פריילעך, צוציענדיק פאַרן צווייטן געשלעכט, נישט זיין קיין „פּרינצעסין", אָבער אויך נישט קיין „סינדערעלאַ". מיט דער אַנטוויקלונג פון אונדזער מעדיצין, און טעכנאָלאָגיע (פּלאַסטישע אָפּעראַציעס) קאָן און מוז די געזעלשאַפט באַקעמפן און באַזיגן די נאַטור־פעלערן און מומים, שאַפנדיק פאַר יעדן מיידל און יעדן יינגל די נאָרמאַלע באַדינגונגען פאַר זייער פערזענלעכן גליק. ס׳זענען פאַראַן מענער מיט האָמאָסעקסועלע און פרויען מיט ליסבייאישע נייגונגען, דאַרף די געזעלשאַפט זיי שטיצן? ניין, דאָס זענען אַנטי־נאָרמאַלע דערשיינונגען, וועלכע די געזעלשאַפט דאַרף היילן אָבער נישט באַקעמפן מיט פּאָליצייאישע מיטלען. די נאַטור איז „קלוג" און גלייכט אויס — אין גרויסן — די צאָל געבוירענע מענער און פרויען.

וועט פאַרבלייבן הערשן אונדזער מאַטרימאָניאַלע שיטה? וואַרשיינלעך נישט. ס׳עקזיסטירט נישט, כמעט, קיין אייביקע ליבע, פאַרלעך דערעסן זיך, געפינען נישט קיין צופרידנקייט פון געמיינזאַמען צוזאַמענלעבן, די צאָל גט׳ן דערגרייכן היינט אין די פ. שטאַטן צו 30 פּראָצענט פון דער צאָל חתונות און שטייגן כסדר, די צאָל פון „ליבע־פּאָראַט" איז בכלל נישט געמאָסטן און איז כמעט אַן אוניווערסאַלע דערשיינונג און ברענגט צו אַן אָנערקענטן און נישט־אָנערקענטן שקר — דאָס אַלץ שטעלט אונטער אַ פראַגע־צייכן דעם מאָנאָגאַמישן סיסטעם, כאָטש די קעגנזעצלעכער פּרווון פון „קאָמונע־חתונות", די מאָדערנע פּאָליגאַמיע, דאָס צוזאַמענלעבן אין

גרעסערע „משפחות״ פון אַ גרעסערער צאָל מענער מיט אַ גרעסערער צאָל פרויען, די פּרווון פון „קבוצות־פּאָרלעך״ (4—3 פּאָרלעך קומען זיך צונויף און בייטן צווישן זיך די פרויען און מענער), האָבן נישט באַוויזן, אַז זיי זענען גליקלעכער, זיי צעפאַלן זיך זייער גיך, און שאַפן אָפט נייע טראַגעדיעס, וואָס פאַרסמען אַ גאַנץ לעבן. דאָס זעלבע געשעט מיט דער א. ג. „פרייער ליבע״, וואָס איז דערמעגלעכט געוואָרן מיט די אַנטדעקטע „אַנטי־שוואַנגערשאַפט״־פּילן. יונגוואַרג געניסט פון איר, אַזוי די ייִנגלעך ווי די מיידלעך, אָבער... ביז אַ גרענעץ, פרויען — ביזן (דורכשניטלעך) עלטער פון 30 יאָר, נאָך דעם ווערן זיי „אַלט״, נישט צוציענדיק און... אַרויסגעשליידערט פון דער „ליבע־געזעלשאַפט״. וועט די „פרייע ליבע״ זיין דער מערקצייכן פון דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט? מעגלעך, אָבער ווייט נישט זיכער. דער הערשנדיקער מאָנאָגאַמישער סיסטעם טויג נישט, אָבער קיין בעסערער איז נאָך נישט אויפגעקומען.

אַ באַזונדערן פּראָבלעם שטעלן מיט זיך פאָר די קינדער. ביי יעדער סעפּאַראַציע, אָפיציעלער אָדער נישט־אָפיציעלער, זענען די הויפּט־קרבנות די קינדער און דער פּראָצענט פון יוגנט־פאַרברעכער צווישן די קינדער, וועמענס עלטערן לעבן נישט צוזאַמען, איז אַ פיל גרעסערער ווי צווישן די פון נאָרמאַלע פאַמיליעס. שוועדן האָט געפּרוווט לייזן דעם פּראָבלעם, דאָרט עקזיסטירן נישט קיין „אומלעגאַלע״ קינדער, קיין „ממזרים״ און יעדעס קינד איז פאַרזיכערט דורך דער מלוכה פון דער וויג ביזן טויט. מעגלעך, אַז דער בעסטער אויסוועג וועט זיין — אומקערן זיך צום „מאַט־ריאַרכאַט״, דאָס קינד זאָל טראָגן די פאַמיליע פון דער מוטער, נישט פון פאָטער און מיט דעם ווערן געלייזט זייער אַ סך פּראָבלעמען, כאָטש נישט אַלע. מיר ריידן וועגן די פּראָבלעמען אין דער א. ג. מערב־געזעלשאַפט, פּראָבלעמען וואָס שטייען נישט אָדער נאָך נישט אויפן טאָג־אָרדנונג פון אַנדערע געזעלשאַפטן ווי כינעזער, הינדוסן און אַוודאי נישט פון די אַפריקאַנער שבטים און פעלקער. זיי האָבן אַנדערע פּראָבלעמען, וועלכע זיי וועלן דאַרפן לייזן.

די רעליגיע פאַרלירט איר איינפלוס. דער באַוווסטזיניקער אָדער אומ־באַוווסטזיניקער אַטעיזם באַהערשט די וועלט. ס'וואַקסט די צאָל אַרעליגיעזע מענטשן, אַפילו אין געזעלשאַפטן, אין וועלכע ס'איז אָנגענומען, אַז „יעדער מענטש מוז האָבן זיין רעליגיע״, ווי אין די פ. שטאַטן צ. ב. מיליאָנען און צענדליקער מיליאָנען פייערן נאָך רעליגיעזע, טראַדיציאָנעלע יום־טובים,

ווי „קריסמעס" צ. ב. נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף זייער רעליגיעזן כאַראַקטער. (דאָס זעלבע ביי די יידן, לגבי פסח צ. ב.), הויפּטזעכלעך אַלס יום־טוב פון קינדער. וואָס מער עס דרינגט אַריין דער מענטש אין די הימלען, ווערט אַלץ מער פאַרשמעלערט דער שטח פון „גאָט" און „געט־לעכקייט", כאָטש מיר זענען אין דער זעלבער צייט עדות פון אַ פאַר־קערטער דערשיינונג, פון „גאָט־זוכעניש", אַזוי צווישן די „היפּיס", „יוגנט פאַר ישו", „קרישנאַמורטי" א. א. וו., רעליגיעזע רעאַקציע בעת אַ מלחמה, ביי די קרבנות פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן א. א. וו. די בולטסטע צווישן זיי זענען די א. ג. „בעלי תשובה", וואָס קערן זיך אום צו דער רעליגיע פון זייערע עלטערן און זיידעס, ווי צ. ב. דער געוועזענער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פאַלעסטינער קאָמוניסטישער פאַרטיי בער־גער־ברזלי, וואָס ווערט אַ „בעל־תשובה" נאָך 22 יאָר סטאַלינס קאָנצענ־טראַציע־לאַגער.

חתונות מוז מען דורכפירן אין דער קירכע, ווייל ס'איז שענער, ווי אין ציוויל־געריכט (אין ישראל איז די רעליגיעזע חתונה אָבליגאַטאָריש), מען "מוז" פייערן די „קאָמוניאָן" ביי קריסטן, בר־מצווה ביי יידן, שוין אָפּגערעדט וועגן טראַדיצאָנעלען „קדיש" ביי יידן. ביי יידן עקזיסטירט אַ ספּעציעלע נויגונג פון צונויפמישן דעם נאַציאָנאַלן רענעסאַנס מיט רעליגיע, ווייל... אין משך פון 1.800 יאָר האָט די רעליגיע פאַרהיט דאָס יידנטום און נישט דערלאָזט עס זאָל אונטערגיין צווישן די איבעריקע פעלקער.

די „גאָט־זוכעניש" איז שרייעוודיק ביי די „היפּיס" און געוועזענע „היפּיס" (אויך די ל.ס.די.־אָרגיעס האָבן געטראָגן אַ רעליגיעזן כאַראַקטער), זי עקזיסטירט אָבער אויך צווישן וויסנשאַפטלער, אינטעלעקטואַלן, בעת וועלכער זי באַקומט אַן אייגענעם כאַראַקטער, „נישט קיין גאָט, נאָר אומ־פּערזענלעכע גאָטהייט", „אַ מאָדערנער שפּינאָזאַ־פּאַנטעיזם", אַ גלויבן אין עפּעס אַ „השגחה עליונה" א.א.וו. „עפּעס מוז דאָך זיין" א.א.וו. דאָס איז אַ רעזולטאַט (באַוווסטזיניקער אָדער נישט) פון דער אינטואיטיווער מורא פאַרן „וואַקוואום", פאַר „עפּעס", וואָס מיר קאָנען נישט, פאַר „עפּעס", אויף וואָס די וויסנשאַפט האָט נאָך נישט געפונען קיין ענטפער (און זייער אַ סך דערשיינונגען זענען נאָך פאַרבליבן נישט פאַרענטפערט). פון דעם נעמט זיך אויך די פאַרגעטערונג פון „העלדן", אמתע און פאַלשע, דער א. ג. „פּערזאָנען קולט" ביי די קאָמוניסטן (סטאַלין, מאַאָ, טשע געוואַראַ א.א.וו.) — אָפּגערעדט פון די אָפּגעשטאַנענע פעלקער.

נישט קוקנדיק אויף די דערמאָנטע דערשיינונגען, קאָנען מיר פעסט־שטעלן, אַז דער רעליגיעזער איינפלוס ווערט קלענער און זיין טענדענץ איז — צו פאַרשווינדן. ווי לאַנג דער פאַרשווינדונגס־פּראָצעס וועט דויערן איז שווער פעסטצושטעלן און פאַרשטענדלעך, אַז ער טאָר נישט אָרויפ־געצווונגען ווערן, ווייל יעדער צוואַנג איז אַן אַטענטאַט קעגן דער פרייהייט.

דער צענטראַלער פּראָבלעם פאַרבלייבט דאָך דער עקאָנאָמישער, דער ווירטשאַפטלעכער. מיר האָבן אָנגעוויזן אויף דער גרוואַלטיקער דיספּראָ־פּאָרציע, וואָס עקזיסטירט צווישן דער וועלט פון שפע, די מערב־וועלט און די וועלט פון נויט, די א. ג. „דריטע וועלט", וואָס נעמט אַרום כמעט 80 פּראָצענט פון דער מענטשהייט. נישט לייכט וועט אָנקומען און מסתמא נישט איין צענדליק יאָר וועט אַריבער ביז דער נעגער פון בורונדי אָדער קאַמערון וועט דערגרייכן דעם לעבנס־סטאַנדאַרט פון אַמעריקאַנעם אָדער מערב־אייראָפּעישן אַרבעטער. נישט ער ווייסט פון אים, נישט ער צילט צו אים. דער רוסישער אַרבעטער און קאָלכאָזניק חלומט שוין אפשר וועגן אַן אייגענעם אויטאָ, אָבער דער כינעזער — נישט. עס פאַלט אים אַפילו נישט איין, אַז ערגעץ־ווו אויף דער וועלט פאַרמאָגט יעדער אַרבעטער און פויער זיין אייגענעם „פּריוועט". העכערן דעם גלאָבאַלן נאַציאָנאַלן איינקונפט פון 30—50 דאָלאַר אַ יאָר ביז 5 טויזנט און מערער אויף אַ נפש — מוז דויערן יאָרן צענדליקער און אפשר הונדערטער. די בעדואינער פון אַבו־דאַבי און אַנדערע נאַפט־פּרינצנטומס האָבן זיך גיך אויס־געלערנט צו פירן „קאַדילאַקס", אָבער נישט שאַפן זיי. זיי האָבן „נישט געפּאַקט און נישט געמאָזלט", זיי איז דאָס רייכטום געקומען פלוצים ווי פון אַ לאָטעריע־פאַרדינסט און דאָך זענען פון די 50 טויזנט איינוווינער פון אַבו־דאַבי, 40 טויזנט פאַרבליבן לעבן ווי זייערע טאַטעס און זיידעס אין משך פון טויזנטער יאָרן. דאָך איז די צעטיילונג פון דער וועלט אויף 2 עיקר־חלקים: וועלט פון שפע פון איין זייט און וועלט פון אָפּ־געשטאַנענקייט און נויט — אַ געפערלעכע פאַר דער צוקונפט און טראָגט אין זיך די קערנער פון אַ הוראַקאַן, אַ בלוטיקע רעוואָלוציע און ס'וועלן נישט פעלן קיין מאַאָ'ס, וואָס וועלן זוכן צו מאָביליזירן די „דריטע וועלט", דעם א. ג. „דאָרף" קעגן די שטעט, קעגן די ווייסע „אימפּעריאַליסטן", די לענדער פון שפע. דער נאַפט־שאַנטאַזש פון די אַראַבישע מלוכות איז אַן „אָנזאָג" פון דעם, וואָס קאָן קומען, ווייל צופעליק געפינען זיך די גרעסטע נאַפט־רעזערוון, די גרובן פון צינק, צין, קופער א. א. מעטאַלן, די פּלאַנטאַציעס פון קויטשוק און צוקער, קאַפע און קאַקאַאָ דווקא אין

די לענדער פון דער „דריטער וועלט". מיט 30—40 יאָר צוריק האָט די דאָזיקע סכנה נישט עקזיסטירט, ווייל ס'איז געווען גענוג אַריינצושיקן איין פּולק פון טויזנט זעלנער כדי אַראָפּצוהאַקן דעם קאָפּ פון אַ מואַמאַר קאַדאַפי אָדער אידי אַמין — היינט איז דאָס נישט מעגלעך.

נישט ווייניקער וויכטיק איז צו לייזן די אינערלעכע קאָנטראַדיקציעס אינערהאַלב דער וועלט פון שפע. מיר האָבן אָנגעוויזן אויפן סקאַנדאַל (און ס'איז נישט ווייניקער ווי אַ סקאַנדאַל), אַז אין רייכסטן לאַנד פון דער וועלט — די פ. שטאַטן, זאָלן זיך געפינען 26 מיליאָן מענטשן, וואָס לעבן אויף דער ליניע אָדער הינטער איר — פון הונגער, מענטשן וואָס פאַרדינען 1.000—500 דאָלאַר יערלעך בעת אַנדערע פאַרדינען פיל מיליאָנען און די מיליאָנען באַקומען זיי אָן שום אַרבעט, ירושה פון זייערע פאָטערס און זיידעס, וואָס האָבן געגזלט און ראַבירט און געשאַפן מיליאַר־דיקע פאַרמעגנס. ביים אויפקום פון קאַפּיטאַליזם האָט דער קאַפּיטאַליסט, דער אייגנטימער פון אַ פאַבריק, געשעפט, באַנק, נאַפט־קוואַל אָדער קוילן־גרוב געמוזט אַרבעטן, אויב נישט פיזיש, איז גייסטיק, טראַכטן וועגן זיין פאַבריק, זוכן קליענטן־פאַרברויכער, פאַרבעסערן די פּראָדוקציע, די מאַ־שינען, — אַליין אָדער מיט דער הילף פון אינזשיניערן און אָנגעשטעלטע, היינט זענען די גרעסטע אונטערנעמונגען אומפּערסאָנאַלע, אָנגעפירט און געלייטעט פון דירעקטאָרן, ספּעציאַליסטן. אַפילו דער קאַפּיטאַל איז שוין נישט קיין פּריוואַטער — נאָר אָן אייגנטום נישט זעלטן פון מיליאָנען קליינע אַקציאָנערן, די „דעה" פאַרבלייבט ביי אַ קליינער צאָל משפחות, וואָס פאַרמאָגן אַ גענוגנדיקע צאָל אַקציעס אויף צו באַשטימען דעם גורל פון דער אונטערנעמונג. צו די אַקציאָנערן־פאַרזאַמלונגען, וואָס קומען פאָר, לויט די מלוכה־פאַרשריפטן, יעדעס יאָר, — קומען נישט די קליינע אַקציאָנערן, די וואָס פאַרמאָגן 1—10 אַקציעס, נאָר די גרויסע „העכט", ווייל די אָפּשטימונג איז נישט קיין פּערזענלעכע, נאָר לויט דער צאָל אַקציעס און קעגן אַ משפחה, וואָס פאַרמאָגט הונדערט טויזנט אַקציעס צ. ב. קומען נישט קיין 100 טויזנט אַקציאָנערן פון 1 אַקציע אויך נישט 10 טויזנט פון די באַזיצער פון 10 אַקציעס יעדער איינער. פאַרבלייבן פאַקטישע בעלי־בתים פון די אַקציען־געזעלשאַפטן די „גרויסע העכט", אַפילו ווען זייער אייגענער קאַפּיטאַל מאַכט אויס אָפט 10 פּראָצענט און ווייניקער פון אַלגעמיינעם אַקציען־קאַפּיטאַל. די דאָזיקע משפחות האָבן איין „אַרבעט": שניידן די קופּאָנען פון די אַקציעס און איינקאַסירן די דיווידענדן. זיי זענען אומזיסטע פּאַראַזיטן.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף די „סלאַמס״ אין די גרויסע שטעט, באַפעלקערטע פון נעגער, פּאָרטאָריקאַנער, מעקסיקאַנער א. א. אין די פ. שטאַטן אָדער דורך דער אָרעמקייט אין מערב־אייראָפּע. דער הערשנדיקער רעזשים איז נישט פאַראינטערעסירט אין דער ליקווידאַציע פון די „סלאַמס״, כאָטש מען רעדט די לעצטע צייט זייער אַ סך וועגן די עקאָלאָגישע סכנות. די הערשער פון די פ. שטאַטן געהערן צום רייכן קלאַס, וועמען ס'איז פולשטענדיק פרעמד די נויט. ניקסאָן צ. ב. גיט איבער דער דעפּוטאַטן־קאַמער, אַז אין משך פון 4½ יאָר פון זיין פּרעזידענץ, האָט ער פאַרדרייפאַכט זיין פאַרמעגן. אין משך פון כמעט 60 יאָר ביזן 1־טן יאַנואַר 1969, האָט ער אַלס דערפאָלגרייכער אַדוואָקאַט, צונויפגעזאַמלט אַ פאַרמעגן אין ווערט פון 307 טויזנט דאָלאַר. דעם 30־סטן מאַי 1973 האָט דער פאַרמעגן זיינער דערגרייכט צו 988 טויזנט דאָלאַר. ווי ער גיט איבער, האָט ער פאַרדינט אין די 4½ יאָר — 1,7 מיליאָן דאָלאַר און באַצאָלט הכנסה־שטייער קוים 78 טויזנט דאָלאַר, ד. ה. 4,6 פּראָצענט, ווייניקער ווי ס'דאַרף צאָלן אַ משפּחה פון 4 פּערזאָן, וואָס פאַרדינט 8 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר! דאָס זענען אָפיציעלע אָנגאַבן, די אַמעריקאַנער פּרעסע רעדט וועגן מינדעסטנס 2 מיליאָן דאָלאַר, וואָס די מדינה האָט אויסגעגעבן אויף זיינע פּריוואַטע פּאַלאַצן אין קאַליפאָרניע און פלאָרידע. אַרבעטלאָזיקייט פון מיליאָנען איז אַ „נאָרמאַלע״ דערשיינונג אין די פ. שטאַטן אַפילו אין די בעסטע יאָרן פון הויכער „פּראָספּעריטי״. אַרבעטלאָזיקייט הערשט אין ענגלאַנד, זי איז אַ פּערמאַנענטע דערשיינונג אין איטאַליע. מיר האָבן אָנגעוויזן אויף דער פאַלשקייט פון מאַרקס'ס טעאָריע, אַז די אַרבעטלאָזיקייט איז אומפאַרמיידלעך אין קאַפּיטאַליסטישן רעזשים. זי עקזיסטירט נישט אין מערב־דייטשלאַנד, אין פראַנקרייך, שווייץ, די סקאַנדינאַווישע לענדער, דער אמת איז אָבער, אַז די קאַפּיטאַליסטן זענען ווייניק פאַראינטערעסירט אין אויסמיידן, ליקווידירן די אַרבעטסלאָזיקייט, כאָטש... זיי האָבן פאַר איר מורא, ווייל אַ הונגעריקער אַרבעטלאָזער קאָן און ווערט אַ רעוואָלוציאָנער, אַ בונטאַר, פאַרברענט און פּאָגראָמירט גאַנצע שטעט, ווי ס'איז געשען אין די פ. שטאַטן אין יאָר 1968.

און דאָס וויכטיקסטע — איבער דער גאַנצער וועלט הענגט פּערמאַנענט די דאַמאָקלעס־שווערד פון אַן אַטאָמישער וועלט־מלחמה. אמת, מיר לעבן איצט אין אַ מאָמענט פון „אַנטשפּאַנונג״, פון אַ פּאַציפישער קאָ־עקזיסטענץ און נישט די הערשער פון וואַשינגטאָן און אויך נישט פון מאָסקווע ווילן נישט קיין וועלט־מלחמה, ווייל זיי ווייסן, אַז אַן אַטאָ־

מישע מלחמה וועט נישט איבערלאָזן קיין זיגער און באַזיגטע, נאָר וועט ליקווידירן די גאַנצע וועלט צוזאַמען מיט זיי — די הערשער. אַם קלאַרסטן האָט אפשר דעפינירט די סיטואַציע מאַאָ־טסע־טונג. אין איינע פון זיינע אומצאָליקע רעדעס מיט יאָרן צוריק (פון דער „פּראָלעטאַרישער קולטור־רעוואָלוציע" אין די יאָרן 1965—68 רעדט ער נישט מער) האָט ער געזאָגט: „אין פאַל פון אַן אַטאָמישער מלחמה וועלן שטאַרבן אין די פ. שטאַטן 200 מיליאָן מענטשן און פאַרבלייבן — 10 מיליאָן, אין רוס־לאַנד וועלן אויך געהרגעט ווערן 200 מיליאָן און פאַרבלייבן — 40 מיליאָן און אין כינע וועלן געהרגעט ווערן 200 מיליאָן און פאַרבלייבן — 600 מיליאָן! — די וועלט וועט געהערן צו כינע". מיט דער אַנטשפּאַנונג און קאָ־עקזיסטענץ, גיט אויס די וועלט יערלעך העכער 200 מיליאַרד דאָלאַר אויף באַוואָפענונג, הויפּטזעכלעך אַטאָמישער, מען בויט צווישן־קאָנטינענטאַלע אַטאָמישע ראַקעטעס (רוסלאַנד און אַמעריקע פאַרמאָגן אַזעלכע בערך 1.500 יעדער איינער), „פּאָסיידאָן"־ראַקעטעס, וואָס יעדע טראָגט צו 10—8 באָמבעס, וואָס קאָנען גלייכצייטיק פאַלן אויף 10—8 פאַרשיידענע פונקטן־שטעט. אַטאָמישע אונטערוואַסער־שיפן, „פּאָלאַריס"־שיפן, ראַקעטעס פון אַלע מינים! לופט־לופט־ראַקעטעס, לופט־ערד־ראַקעטעס א. א. וו. כדי צו פאַרזיכערן מער־ווייניקער די פ. שטאַטן קעגן ראַקעטעס פון רוסלאַנד אָדער כינע, דאַרף אויפגעשטעלט ווערן אַן איינריכטונג, וואָס דאַרף קאָסטן 200 מיליאַרד דאָלאַר, אָבער אויך זי — קאָן נישט פאַרטיידיקן די שטאַטן (און אַזוי פאַרשטענדלעך אויך וועלכעס ס'איז אַנדער לאַנד אויף דער וועלט) קעגן די אַטאָמישע באָמבעס, וואָס קאָנען אַראָפּגעוואָרפן ווערן פון די סאַטעליטן, וואָס פליען אויף דער הויך פון 400—600 קילאָמעטער איבער דער ערד־קויל און זענען פעיק אויס־צושיסן ראַקעטעס, וואָס פליען מיט דער גיכקייט פון צענדליקער אָדער הונדערטער „מאַך" (אַ „מאַך" — 1.200 קילאָמעטער אַ שעה), ד. ה. אַז זיי דערגרייכן די אויבערפלאַך פון דער ערד אין געציילטע סעקונדן, נישט מינוטן, ד. ה. נאָך איידער די אַנטי־ראַקעטעס־איינריכטונגען וועלן קאָנען קעגנווירקן. אַטאָמיש געווער פּראָדוצירן נישט נאָר די פ. שטאַטן און רוסלאַנד — אויך פראַנקרייך און כינע, וואָס גרייט זיך פריער־שפּעטער אָנגרייפן דעם ראַטנפאַרבאַנד, עס פּראָדוצירט אים אינדיע און לויט ידיעות פון אינטערנאַציאָנאַלע מומחים, קאָנען אים פּראָדוצירן אויך שוועדן און ישראל. אויב ס'וועלן באַצייטנס נישט אָנגענומען ווערן קיין עפעקטיווע פאַרהיטונגס־מיטלען, איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אין דער נענסטער

צוקונפט זאָל אַטאָמיש געווער, ווי יעדעס אַנדער, ווערן באַהערשט דורך וועלכע ס'איז מאַפּיע, נאַציאָנאַלער אָדער אינטערנאַציאָנאַלער און פאַר־קויפט ווערן אויפן מאַרק, אויב נישט לעגאַלן, איז שוואַרצן. די אַראַבישע נאַפט־שייכן, וואָס זענען פּלוצים משוגע־רייך געוואָרן און איינע פון זיי, ליביע, אָנגעפירט דורך אַ פּסיכאָפּאַט, זענען קאַנדידאַטן אויף קליענטן פון אַזאַ אַטאָמיש געווער.

די געפאַר פון אַן אַטאָמישער מלחמה שטעלט פאַר דער וועלט אַ נייעם פּראָבלעם, וועלכן זי מוז לייזן און אין דער נישט־ווייטער צוקונפט, אויב זי וויל פאַרבלייבן עקזיסטירן — דאָס איז די פראַגע פון דער „אונאָ". די „אונאָ" נעמט אַרום היינט 135 מדינות, כמעט אַלע (ס'פעלן נאָר וויעטנאַם און קאָרעאַ) עקזיסטירנדיקע מדינות אויף דער וועלט. דאָך איז די „אונאָ" אַן אָרגאַניזם „אָן צייך", זי האָט נישט דעם מינדעסטן כוח אַרויפצוצווינגען אירע באַשלוסן נישט נאָר אויף די גרויסע מדינות נאָר אַפילו נישט אויף די קליינע. די „אונאָ" האָט באַשלאָסן איייניקע מאָל, אַז פּאָרטוגאַל, וואָס איז אַ קליינע אָפּגעשטאַנענע מדינה, דאַרף באַפרייען די אַפריקאַנער קאָלאָניעס אַנגאָלאַ און מאָזאַמביק — און פּאָרטוגאַל לאַכט זיך אויס פון איר. די „אונאָ" האָט באַשלאָסן, אַז דרום־אַפריקע דאַרף באַפרייען דעם דרום־מערב־שטח, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אַלס „מאַנדאַט" נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה (צוגענומען ביי דייטשלאַנד) און... גאָרנישט. ס'האָט נישט געווירקט דער „חרם", וואָס די „אונאָ" האָט געלייגט אויף ראָדעזיע, אויף די 200 טויזנט ווייסע, וואָס פאַרשקלאַפן 5 מיליאָן נעגער. 26 יאָר באַהאַנדלט די „אונאָ" דעם אַראַביש־ישראלדיקן קאָנפליקט, אָנגענומען צענדליקער באַשלוסן — און נישט אויסגעמיטן די יום־כיפור־מלחמה.

בעת עס קומט צו אַן ערנסטן קאָנפליקט, אין וועלכן עס נעמט אָנטייל איינע פון די גרויסמאַכטן, רוסלאַנד אָדער די פ. שטאַטן, — איז עס בכלל אַ „טאַבו", אַ פאַרבאָטענער שטח פאַר דער „אונאָ". זי טאָר אים נישט באַהאַנדלען אפילו. אַזוי איז געשען, ווען רוסלאַנד האָט מיט אירע טאַנקען אינוואַדירט און באַצוווּנגען אונגאַרן אין 1956 און טשעכאָסלאָוואַקיע אין 1968, שוין אָפּגערעדט פון באַהערשן די מיטל־אייראָפּעישע מדינות אין די יאָרן פון „קאַלטן־קריג" 48—1945. דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזרט מיט דער אַמעריקאַנער אינטערווענץ אין וויעטנאַם אין די יאָרן 72—1960.

אויך אין דער לעצטער אַראַביש־ישראלדיקער מלחמה האָט די „אונאָ"

נישט אינטערוועגירט ביז די פ. שטאַטן און דער ראַטנפאַרבאַנד האָבן נישט באַשטימט אין מאָסקווע אַ פייער־איבעררייס און דאַן — האָט דער זיכערקייטס־ראַט אויך אָנגענומען אַזאַ באַשלוס און אַפילו דאַן, האָט נישט די „אונאָ", נאָר אַמעריקע און רוסלאַנד פאַרופן די שלום־קאָנפערענץ אין זשענעווע און אונטער זייער פּראָטעקטאָראַט.

מעגלעך, אַז דער סטאַטוס פון דער „אונאָ" איז נישט קיין אַבסאָלוט־גערעכטער. ס'איז נישט ריכטיק, ווען די פאַראייניקטע שטאַטן און מאַלטאַ אָדער גאָר אַבו־דאַבי האָבןביידע די זעלבע צאָל פאָרשטייער, 1 שטימע יעדער איינער, איינער וואָס רעפּרעזענטירט 210 מיליאָן איינוווינער און דער צווייטער... 50 טויזנט. דעם ראַטנפאַרבאַנד האָט מען געגעבן אין דער „אונאָ" 3 שטימען (רוסלאַנד, אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד) און באַזונדער אַלע אירע סאַטעליטן. אויב אָבער עס וועט אָנערקענט ווערן די צאָל שטימען לויט דער צאָל איינוווינער — אין פּרינציפּ וואָלט עס געווען ריכטיק — וואָלט די גרעסטע צאָל שטימען באַקומען כינע מיט אירע 800 מיליאָן נפשות — אַ זאַך, וואָס קאָן זיך אויסווירקן אין דער „אונאָ" נישט שטענדיק לטובת דער וועלט. דאָך איז נויטיק אַ רעאָרגאַניזאַציע פון דער „אונאָ", זי דאַרף פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אָרגאַניזם מיט „ציין" (נישט פאַפּירענע) מיטן ציל צו פאַרוואַנדלען זיך אין אַ וועלט־רעגירונג, וואָס וועט קאָנען אויפצווינגען אירע באַשלוסן אויף אַלע מדינות פון דער וועלט, איינשליסלעך דעם ראַטנפאַרבאַנד און די פ. שטאַטן. די „אונאָ" דאַרף קאָנען אַרויפצווינגען די פאַרניכטונג פון אַטאָם־געווער, פון די ווייט־שיסנדיקע ראַקעטעס, פון אַלע „פאָסיידאַן", פון וועלכן מין זיי זאָלן נישט זיין — אַלס באַזע פאַר דער פולשטענדיקער אָנטוואָפנונג אויף דער וועלט.

די „אונאָ" דאַרף זיך אַנטוויקלען צו אַ וועלט־רעגירונג. דאָס וועט נישט קומען אַלס אַן איינמאַליקער באַשלוס. דער נאַציאָנאַליזם און שאָ־וויניזם איז נאָך זייער שטאַרק אין דער וועלט, ס'עקזיסטירן צו פיל אינ־טערעסן, וואָס טאָרפּעדירן די דאָזיקע טענדענץ, דער אונטערשייד צווישן די מדינות, רעזשימען איז זייער גרויס, ווי אויך די קאָלאָסאַלע אונטער־שיידן צווישן די רייכע, אינדוסטריעלע מדינות און די אָרעמע, אָפּגע־שטאַנענע, די געוועזענע קאָלאָניעס, שוין אָפּגערעדט פון די אונטערשיידן צווישן קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם און דעם קאָמוניסטישן — דאָס זענען אַלץ קאָלאָסאַלע שוועריקייטן, וועלכע מען קאָן גובר זיין און מען מוז גובר זיין, אָבער דער דאָזיקער פּראָצעס איז אַ לאַנגזאַמער און אַ דויערנ־דיקער. די וועלט מוז זיך אַנטוואָפענען, מוז פאַרניכטן די מלחמות אויב

זי וויל נישט, אַז די מלחמות זאָלן זי פאַרניכטן. די וועלט איז געוואָרן קליין. שוין היינט קאָן אַן אַוויאָן פון טיפּ „מיג 25״ צ. ב. מאַכן דעם אומקרייז פון גאַנצן ערד־קויל אין 12 שעה! אַזאַ מין אַוויאָן (היינט האָט ער נאָך שווערקייטן פון בענזין) קאָן מאַכן דעם וועג פון מאָסקווע קיין וואַשינגטאָן אין... 4—3 שעה. די קאָסמאָס־שיפן דערגרייכן אַ געשווינד־קייט פון 28 טויזנט קילאָמעטער אַ שעה — ד. ה. אַז זיי קאָנען אומקרייזן די ערד אין 1½ שעה! מיט ראַקעטעס, וואָס דערגרייכן די זעלבע שנעל־קייט און קאָנען זי נאָך מער פאַרגרעסערן, קאָנען מיר אין מינוטן לאַנדן פון תל־אביב אין ניו־יאָרק א. א. וו.

היינט פאַרמאָגן מיר לענדער איבערבאַפעלקערטע, ווי דער אינדזל יאַוואַ צ. ב. מיט 125 טויזנט קוו. קמ. און אַ באַפעלקערונג פון 70 מיליאָן, ד. ה. ביי די 600 מענטשן אויף אַ קוו. קמ. און לענדער ווי ליביע צ. ב. מיט אַ שטח פון 2 מיליאָן קוו. קמ. און אַ באַפעלקערונג פון ווייניקער פון 2 מיליאָן, ד. ה. אַ געדיכטקייט פון ווייניקער פון 1 מענטש אויף אַ קוו. קמ. אין די לענדער גופא האָבן מיר אויך אַ פאַרשידענע געדיכט־קייט. אַזוי וווינען אין כינע, אין דער פּראָווינץ הואַנג־האַ (געלער טייך) 150 מיליאָן (אין יאָר 1953) אויף אַ שטח פון 630 טויזנט קוו. קמ. אָדער יאַנג־טסע — 78 מיליאָן אויף 246 טויזנט קוו. קמ. און אין סינקיאַנג — 5 מיליאָן אויף 1.600.000 קוו. קמ. עס וווינען אין אַפריקע ביי די 350 מי־ליאָן (אין 1970) אויף 30 מיליאָן קוו. קמ. ד. ה. 12 מענטשן אויף אַ קוו. קמ., אין אויסטראַליע (און אָקעאַניע) קוים 20 מיליאָן אויף 8 מיליאָן קוו. קמ. ר. ה. 2½ מענטשן אויף אַ קוו. קמ., אין די פ. שטאַטן — 210 מיליאָן איינוווינער אויף 9 מיליאָן קוו. קמ. (מיט אַלאַסקאַ) ד. ה. 23 מענטשן אויף אַ קוו. קמ. — און אין בעלגיע, האָלאַנד, יאַפּאַן — דערגייט די געדיכטקייט פון דער באַפעלקערונג צו 400 נפשות אויף אַ קוו. קמ.

עס זענען פאַראַן ריזיקע שטחים ליידיקע, וואָס קאָנען לייכט פאַר־וואַנדלט ווערן אין פרוכטבאַרע פעלדער, ווי דער דרום פון סיביר, וואָס פאַרנעמט אַ שטח פון בערך 10 מיליאָן קוו. קמ. און ציילט אַ באַפעל־קערונג פון קוים 5—3 מענטשן אויף אַ קוו. קמ., אין דער צייט, ווען נישט ווייט פון אים געפינען זיך איבערבאַפעלקערטע שטחים אין כינע (נישט אין גאַנץ כינע, ווייל די דורכשניטלעכע געדיכטקייט פון כינע איז נישט מער ווי 80 מענטשן אויף אַ קוו. קמ.). ס׳עקזיסטירן היינט ריזיקע מדבריות, ווי סאַהאַראַ, וואָס ציילט 10 מיליאָן קוו. קמ., אויך אין כינע און אַפילו אין די פ. שטאַטן, וואָס קאָנען ביי די היינטיקע טעכנאָלאָגישע

מעגלעכקייט רעלאַטיוו־לייכט באַפּרוכפּערט ווערן און לייזן דעם פּראָבלעם פון די איבערבאַפעלקערטע שטחים. אַן ענלעכער פּראָבלעם עקזיסטירט אויך אין די הויך־אינדוסטריעלע לענדער, ווי די פ. שטאַטן, ווו פון איין זייט לעבן אין שטאַט ניו־יאָרק ביי די 20 מיליאָן נפשות אויף אַ שטח פון 128 טויזנט קוו. קמ., ד. ה. 160 נפשות אויף אַ קוו. קמ. און (נישט רעכנענדיק אַלאַסקאַ)... 315 טויזנט איינוווינער אין ווייאָמינג מיט 253 טויזנט קוו. קמ. ד. ה., עפּעס מער ווי איין נפש אויף אַ קוו. קמ.

ס'זענען פאַראַן הויך־אַנטוויקלטע אינדוסטריעלע לענדער אין מערב־אייראָפּע, וואָס זענען געצוווּנגען צו „אימפּאָרטירן" מיליאָנען אויסלענ־דישע אַרבעטער, ווייל זיי ליידן פון מאַנגל אין אַרבעטס־כוחות און פון דער צווייטער זייט לענדער ווי אינדיע און אַפילו איטאַליע, ווו מיליאָנען (אין אינדיע הונדערטער מיליאָנען) זענען אַרבעטסלאָז.

זענען דאָס פּראָבלעמען, וואָס די מענטשהייט קאָן לייזן. די מאַלטור־זיאַנישע טעאָריעס „אַז די באַפעלקערונג וואַקסט אין אַ געאָמעטרישער פּראָגרעסיע, אין דער צייט ווען די שפּייז וואַקסט נאָר מיט אַן אַריטמע־טישער פּראָגרעסיע" איז היינט פאַלש. ביי אַ געהעריקער אָרגאַניזאַציע און אויסנוצונג פון די טעכנאָלאָגישע מעגלעכקייט, קאָן אונדזער ערד־קויל באַשפּייזן צענדליקער מיליאַרדן נפשות (ביי דער געדיכטקייט פון יאַוואַ — ביז 90 מיליאַרד) אָנשטאָט די איצטיקע קנאַפּע 4 מיליאַרד.

מיט דער לעצטער ישראל־אַראַבישער מלחמה איז אויפגעקומען אַ נייער פּראָבלעם פאַר דער מענטשהייט. די אַראַבער האָבן באַוויזן זיך פאַראייניקן. געשאַפן אַ שותפותדיקן פראָנט און פּראָקלאַמירט אַ נאַפט־מלחמה קעגן דעם אינדוסטריעלן מערב, שטעלנדיק אויף די קני כמעט אַלע מדינות פון מערב־אייראָפּע (אויסער האָלאַנד און דענעמאַרק) און באַדראָענדיק די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג אַפילו פון די רייכע פאַר־אייניקטע שטאַטן, אָפּגערעדט וועגן די שוועריקייטן פון קאָמוניקאַציע, הייזער־באַהייצונג, ליכט א. א. וו. אין ענגלאַנד האָבן די שוועריקייטן פאַרטיפט דעם קריזיס און געצוווּנגען איבערגיין צו אַ 3־טעגיקע אַרבעטס־וואָך, פּערמאַנענטן עלעקטרי־מאַנגל א. א. וו.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז 65 פּראָצענט פון די נאַפט־רעזערוון אויף דער וועלט זאָלן זיך קאָנצענטרירן ביים פּערסישן איינגוס און באַ־זונדערס אויף זיין מערב־ברעג, אין סאַודי־אַראַביע און די בעדואינער פּרינצעטומס, לענדער אָפּגעשטאַנענע, מדבריות מיט אַ מינימאַלער באַ־פעלקערונג. די נאַפט־שייכן, וואָס האָבן „נישט געפּאָקט און נישט גע־

מאָזלט״, „נישט געזייט, נישט געאַקערט, אָבער נאָר געשניטן״, — די דאָזיקע בעדואינער־שייכן, וואָס ווייניק ווער פון זיי קאָן לייענען און שרייבן, ווערן די דיקטאַטאָרן פון נאַפט, וואָס שפּילט היינט אַן ערשט־ראַנגיקע ראָל אין דער ווירטשאַפט. אין דער צייט, וואָס די פ. שטאַטן צ. ב. פאַרמאָגן נאַפט אויף 10—15 יאָר, פאַרמאָגט סאַודי־אַראַביע, ביי דער הערשנדיקער עקספּלואַטאַציע פון די נאַפט־קוואַלן — 100 יאָר נאַפט.

מיט אַ 30—40 יאָר צוריק, וואָלט עס נישט געווען קיין פּראָבלעם. וועלכע ס׳איז מדינה וואָלט אַריינגעשיקט טויזנט זעלנער און ליקווידירט די קאַדאַפיס, פייזאַלס א. א. שייכן. היינט קאָן דער פּראָבלעם נישט געלייזט ווערן אויפן אימפּעריאַליסטישן שטייגער, ס׳איז אָבער אויך נישט גערעכט, אַז אַ צענדליק שייכן פון צ. ב. אַבו־דאַבי, וואָס ציילט 6 טויזנט בעדואינער־משפּחות, און וועמענס נאַפט־קוואַלן קאָנען געבן 50 מיליאָן טאָן נאַפט אַ יאָר, אַז זיי דער צענדליק שייכן זאָלן ווערן מולטי־מיליאַר־דערן (זייער צונויפגעזאַמלטער פאַרמעגן היינט צו טאָג מאַכט אויס 22 מיליאַרד דאָלאַר און אַרום 1980 גרייטן זיי זיך צו באַקומען 30 מיליאַרד דאָלאַר יערלעך) און מיט דעם כוח ווערן די דיקטאַטאָרן פון דער וועלט. דער נאַפט, וואָס איז היינט צו טאָג די הויפּט־באַזע פון דער ענערגיע אין דער וועלט — דאַרף אינטערנאַציאָנאַליזירט ווערן, דאַרף פאַרוואַלטעט ווערן דורך דער „אונאָ״ — לטובת דער גאַנצער מענטשהייט און נישט איבערגעלאָזט ווערן פאַרן לוקסוס און קאַפּריז פון איניקע שייכן אָדער גאָר פאַראַנאָיקער, ווי מואַמאַר קאַדאַפי צ. ב.

די אויפגאַבע פון דער „אונאָ״ דאַרף זיין העלפן אַנטוויקלען די 300 מיליאָן נעגער פון אַפריקע. זיי האָבן באַקומען זעלבשטענדיקייט, אָבער דער מצב פון דער נעגרישער באַפעלקערונג איז היינט נישט בעסער און אפשר ערגער ווי אין קאָלאָניאַלן פעריאָד. ס׳עקזיסטירן כמעט נישט קיין פעלקער אין אַפריקע, זיי לעבן נאָך אין שבטים־פעריאָד מיטן אונ־טערשייד, וואָס די ווילדע שבטים (צווישן זיי אויך קאַניבאַלן) האָבן באַ־קומען פייערשיסנדיקע ביקסן, האַרמאַטן, טאַנקען און באָמבאַרדיר־אַוויאָנען אָנשטאָט זייער פייל און בויגן. עס פאַרכאַפּן די מאַכט נישט זעלטן פּשוטע משוגעים, ווי אידי אַמין צ. ב. אין אוגאַנדאַ, וואָס שעכטן אויס קעגנערישע שבטים און באַדראָען זייערע שכנים. מיר האָבן פאַר זיך די ביישפּילן פון בורונדי אָדער פון דער מער־אַנטוויקלטער ניגעריע, ווו אַ גאַנצער שבט, ווי די איבאָ אין ביאַפראַ, 12 מיליאָן נפשות ווערן אויסגעשאָכטן, ווייל... זיי ווילן ווערן זעלבשטענדיק. היינט צו טאָג „מישט זיך נישט די „אונאָ״

אין די אינערלעכע ענינים פון די מדינות" — דער דאָזיקער פּרינציפּ איז אָבער אַ פאַלשער. דער גליק פון אַלע פעלקער אינטערעסירט דער גאַנצער מענטשהייט און די גאַנצע מענטשהייט איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן גורל פון יעדן טייל אירן, פון יעדן שבט, פאָלק און יחיד.

מיר ליידן היינט פון „קליינע מלחמות", וויעטנאַם. קאָרעאַ, אַפריקע, אַראַביש־ישראלדיקע א. א. וו. זיי קאָנען און מוזן געלייזט ווערן און דערצו עקזיסטירט די „אונאָ".

די „אונאָ" האָט אָנגענומען אַ פּרינציפּן־דעקלאַראַציע און געשאַפן אַפילו אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פאַר מענטשן־רעכט. די דאָזיקע דעקלאַראַציע און די קאָמיסיע האָט אָבער „נישט קיין ציין", זי איז אין בעסטן פאַל אַ דיסקוסיע־קלוב, וואָס איז זיך מתווכח, נעמט אָן בעסערע אָדער ערגערע רעזאָלוציעס — און מיט דעם פאַרענדיקט זיך איר מיסיע. אויך דאָס — אויסשליסלעך לגבי קליינע, שוואַכע מדינות, באַרירט נישט די רעכט פון מענטשן אין די קאָמוניסטישע לענדער, אין ראַטנפאַרבאַנד און די איבעריקע, ווו די רעכט פון מענטשן ווערן צעטראָטן מיט די פיס. די רעכט פון מענטשן זענען הייליק און מוזן פאַרטיידיקט ווערן דורך דער „אונאָ", אָבער דערצו דאַרף זי „ציין".

מיר געפינען זיך אין אַ פּעריאָד, אין וועלכן עס קומט פאָר אַ דערנענטערונג צווישן פעלקער און מדינות. אין מערב־אייראָפּע נעמט אַרום דער „שותפותדיקער אייראָפּעישער מאַרק" 9 מדינות און עס פאַרשווינדן די גרענעצן צווישן זיי. דער טוריסט אין מערב־אייראָפּע דאַרף נישט מער קיין אויסלענדישן פּאַס, ער קאָן פריי איבערגיין די גרענעצן. ס'עקזיסטירט אַן „אייראָפּעישער פּאַרלאַמענט" און מען דיסקוטירט וועגן אַן „אייראָפּעישער אחדות". די אַנטשפּאַנונג צווישן מזרח און מערב שאַפט די באַזע פאַר אַן „אייראָפּעישער זיכערקייט"; כאָטש ס'איז נאָך ווייט צום פרייעם פאַרקער פון מענטשן, האַנדל, אידייען, מיינונגס־אויסטויש, קולטור־אויסטויש צווישן ביידע לאַגערן. ס'עקזיסטירט אַן „אַמעריקאַנער מלוכות־פאַרבאַנד", אַן אַפריקאַנער „אחדות פאַרבאַנד" א. א. וו. דאָס איז אַ פּראָצעס, נישט קיין גראַד־ליניקער, נישט אָן שווערע שטרויכלונגען און צוריקטריט. ס'געפינען זיך נאָך אַלץ ווער עס זוכט זיין העגעמאָניע, די פראַנצויזן אין מערב־אייראָפּע, רוסלאַנד — וואָס וויל איר העגעמאָניע איבער גאַנץ אייראָפּע, די פ. שטאַטן איבערן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, די אַראַבער אין אַפריקע א. א. וו. אָבער די טענדענץ צו דערנענטערונג

עקזיסטירט, נישט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן, שטרויכלונגען, מפלות.

די אַלע דערמאָנטע פּראָצעסן טרעפן זיך אויף אַ שטאַרקן ווידער־שטאַנד מצד די עקסטרעמע נאַציאָנאַליסטישע און שאָוויניסטישע קרייזן, וואָס זענען קעגן יעדער דערנענטערונג, וואָס קאָן אָנרירן, ווי זיי גלויבן, זייער אייגענע העגעמאָניע אָדער באַרירן זייער השפעה און הערשאַפט. עס זענען די „200 משפחות", די ראָקפעלערס, מאָרגאַנס, דיופּאָן, גיטי, א. א. אין אַלע לענדער; עס זענען אַלע דיקטאַטאָרן און זייערע נושאי־כלים: די קאָמוניסטן וואָס געניסן פון זייער דיקטאַטור, כלומרשט פון „פּראָלעטאַריאַט" — וואָס שטעלן זיך קעגן דעם פּראָצעס הן אויפן אינ־טערנאַציאָנאַלן געביט און אַזוי אויך אויפן נאַציאָנאַלן. דאָס זענען קליינע אינטערעסאַנטן־גרופּן, וואָס האָבן אָבער השפעה אויף גרעסערע טיילן פון דער באַפעלקערונג מיט דער הילף פון דער פּרעסע, ראַדיאָ און טעלע־וויזיע, וואָס געפינט זיך אונטערן קאָנטראָל און אָפט אין באַזיץ פון די „200 משפחות". אין די פ. שטאַטן עקזיסטירן נישט מער ווי 2 פּאַרטייען, די דעמאָקראַטישע און רעפּובליקאַנער, ביידע בורזשואַזע פּאַרטייען, מיט גאָר קליינע ניואַנסן צווישן זיי. די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי נעמט אַרום די רעקאַציאָנערסטע עלעמענטן פון די דרום־שטאַטן, קעגנער פון די רעפּובליקאַנער, ווייל אייב לינקאָלן איז געווען אַ רעפּובליקאַנער און גלייכצייטיק אויך ליבעראַלע עלעמענטן פון די גרויסע שטעט. מאַק גאָווערן איז געווען דער קאַנדידאַט פון די דאָזיקע ליבעראַלע עלעמענטן און די מערהייט „דעמאָקראַטן" פון דרום האָבן געשטימט קעגן אים און פאַרן רעפּובליקאַנער קאַנדידאַט, ריטשאַרד ניקסאָן, וועמענס סאָציאַלע אידעאָ־לאָגיע איז זיי געווען נענטער ווי פון דעם דעמאָקראַטישן קאַנדידאַט. אַפילו די מנהיגים פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג זענען געווען קעגן דער „צו ראַדיקאַלער שטעלונג" פון מאַק גאָווערן און נישט איין מיליאָן אַרבעטער האָט געשטימט פאַרן רעאַקציאָנערן קאַנדידאַט פון די רעפּובלי־קאַנער און קעגן דעם „לינקן" מאַק גאָווערן.

אָבער די „200 משפחות", וואָס דיריגירן דירעקט אָדער אומדירעקט מיטן „ווייסן הויז" האָבן זייער ווירטשאַפטלעכע פונקציע שוין לאַנג פאַר־ענדיקט. זיי זענען היינט נישט מער ווי פּאַראַזיטן וואָס לעבן אויפן חשבון פון די ירושות איבערגעלאָזטע פון זייערע עלטערן און קרובים. זיי נעמען קיין שום אָנטייל נישט אין דער אינדוסטריעלער אָדער אַגראַר־פּראָדוק־ציע, זיי דינגען דירעקטאָרן, אינזשיניערן, טעכניקער, וויסנשאַפטלער, וואָס פירן אָן מיט דער אַרבעט, אָבער זיי באַאיינפלוסן די פּאָליטיק. באַגרענעצן

די רעכט פון ירושה צו אַ מינימום — וועט באַפרייען די וועלט פון דער דערמאָנטער פּאַראַזיטישער שיכט.

די טעכנאָלאָגישע און פינאַנציעלע אַנטוויקלונג האָט דערמעגלעכט אַז דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן פון די גרויסע אינדוסטריעלע מדינות זאָל ווערן אומאָפּהענגיק פון קאַפּיטאַליסט — דער קאַפּיטאַל פון די גרויסע געזעלשאַפטן און אונטערנעמונגען האָט אויפגעהערט צו זיין מאָנאָפּאָל פון אַ הייפל קאַפּיטאַליסטן, און איז באַזירט אויף מיליאָנען אַקציעס, וואָס געהערן צו מיליאָנען קליינע אַקציאָנערן. ס'איז היינט נישט נויטיק דורכצופירן קיין בלוטיקע רעוואָלוציע כדי צו סאָציאַליזירן די גרויסע אַקציען־געזעלשאַפטן. ס'איז פולשטענדיק גענוג דערצו אַ פּשוטע געזעצגעבונג פון פּאַרלאַמענט אונטער אַ דרוק פון דער עפנטלעכער מיינונג.

דאָס וועלן נישט דורכפירן די עקזיסטירנדיקע בורזשואַזע פּאַרטייען. זיי זענען געקנופּט און געבונדן מיט די „200 משפחות" — דאָס קאָן נאָר דורכזעצן אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס דאַרף קאָנצענטרירן אין זיך און אַרום זיך די בעסטע, פּראָגרעסיווסטע עלעמענטן פון יעדן פאָלק און איר אויפגאַבע וועט זיין (אין אַלגעמיינע שטריכן):

# אין די הויך אינדוסטריאַליזירטע לענדער

א) דעצענטראַליזירן און דעמאָקראַטיזירן די מאַכט־אָרגאַנען, בהדרגה־דיק באַגרענעצן ביז אַ מינימום די רעכט, סמכויות און אינטערווענץ פון שטאַט־אַפּאַראַט, פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג, פון נאַציאָנאַלן פּאַרלאַמענט און אויסברייטערן ביז אַ מאַקסימום די אָרטיקע אָרגאַנען, שאַפנדיק מוניציפּאַליטעטן — און קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַנען אין יעדן שטאָט־פּערטל, דאָרף, פאַרבונדן צווישן זיך פאַר דער שותפותדיקער אָנפירונג פון די עפנטלעכע דינסטן: געזונט, סאַניטאַרע איינריכטונגען, ענערגיע, קאָמוניקאַציע, פּאָליציי א. א. וו.

ב) פאַנאַדערלאָזן די אַרמייען, אויפשטעלנדיק אויף זייער אָרט פאָלקס־מיליץ, לויטן ביישפּיל פון דער שווייץ, אָבליגאַטאָרישע צוגרייטונגען פון אַלע בירגער, אָן אונטערשייד פון געשלעכט, פאַר דער פאַרטיידיקונג פון לאַנד אין פאַל פון אַן אָנגריף, ווי לאַנג אַזאַ געפאַר עקזיסטירט, מיט

אַ בפירושן פאַרבאָט פון אָנגריף אויף וועלכן ס׳איז אַנדער לאַנד.

ג) ראַציאָנאַליזירן דיווירטשאַפט, נישט „נאַציאָנאַליזירן" זי לויטן פאַשיסטישן אָדער קאָמוניסטישן רעצעפּט. די גרויסע אונטערנעמונגען פאַרבלייבן דאָס אייגנטום פון די אַקציאָנערן און אַרבעטנדיקע אין די אונטערנעמונגען, אויסמיידנדיק מאָנאָפּאָל־רעכט און אַ מוניציפּאַלער קאָנ־טראָל, כדי אויסמיידן די אויסנוצונג פון דער אונטערנעמונג לטובת אַ באַגרענעצטע צאָל בירגער און לרעה דער געזעלשאַפט אין אַלגעמיין, ווי דאָס איז געשען אין יוגאָסלאַוויע און געשעט אויך היינט אין ישראל — טראַנספּאָרט. די ערד פאַרבלייבט דאָס אייגנטום פון די וואָס באַאַרבעטען זי, ס׳ווערט געשטיצט אַקטיוו די קאָאָפּעראַציע, וואָס מוז זיין אַ פריי־וויליקע אין קעגנזאַץ צום קאָלכאָז־סיסטעם אין די קאָמוניסטישע לענדער.

אַן ענלעכע שטעלונג ווערט אויך אָנגעווענדעט לגבי די בעלי־מלאכות אין די שטעט, עס וועט געפעדערט און געשטיצט די קאָאָפּעראַציע, אָבער נישט באַרירט די פרייהייט און רעכט אויף אַרבעט פון די בעלי־מלאכות.

ד) עס ווערט געזיכערט די רעכט אויף אַרבעט פאַר יעדן בירגער פון לאַנד, אָנהויבנדיק פון עלטער פון 18 יאָר, אויף אַרבעט און נישט אויף ליידיק־גייען. אַרבעט איז אָבליגאַטאָריש פאַר יעדן בירגער וואָס לערנט נישט אין אַ הויך־שול. די מענטשהייט קאָן נישט עקזיסטירן אָן אַרבעט, אָן דער עקספּלואַטאַציע פון דער נאַטור און פאַראַזיטיזם דעגע־נערירט. יעדער בירגער איז פריי אויסוויילן זיין באַרוף. די געזעלשאַפט אַלס גאַנצע, די וויסנשאַפטלעכע און טעכנאָלאָגישע אָרגאַנען, דאַרפן זוכן מיטלען און כלים צו פאַרבייטן וואָס פריער די שוואַרץ־אַרבעט, די רייניקונג פון די גאַסן, מיסט, קאַנאַליזאַציע א. א. וו. דורך אויטאָמאַטישע איינריכ־טונגען און מאַשינען. די אויטאָמאַציע דאַרף אויסגעברייטערט ווערן ביז אַ מאַקסימום, און ספּעציעלע טעכנאָלאָגישע אינסטיטוטן דאַרפן האָבן אַלס ציל פאַרלייכטערן ביז אַ מינימום די פיזישע אַרבעט פון בירגער.

ה) די אָבליגאַטאָרישע אַרבעטס־צייט פון יעדן בירגער דאַרף ווערן רעדוצירט ביז אַ מעגלעכן מינימום. שוין היינט אַרבעט אַ גרויסער טייל פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער 35 שעה אַ וואָך און ווייניקער. די פּרוּוון פון איינשטעלן אַ 4־טאָגיקע אַרבעטס־וואָך און 3 טעג „שבת" — האָבן זיך אין אַלגעמיין איינגעגעבן. די 4 אַרבעטס־טעג דאַרפן אויך נישט זיין לענגער פון 8 שעה אַרבעט אַ טאָג. ווי לאַנג ס׳זענען פאַראַן אַרבעטס־לאָזע, באַדייט עס אז דער אַרבעטס־טאָג איז צו לאַנג. די 35־שעהדיקע אַרבעטס־וואָך דאַרף ווערן די הערשנדיקע אין אַלע אייראָפּעישע

לענדער, יאַפּאַן, ד. ה. אין אַלע אינדוסטריעל־אַנטוויקלטע לענדער.

ו) עס מוז פאַרזיכערט ווערן אַ פּאַסיקע, היגיענישע, געזונטע דירה פאַר יעדן בירגער פון לאַנד. אַלע, אָן אויסנאַם — אָרעמקייטס־געגנטן אין אַלע שטעט פון דער וועלט, מוזן פאַרניכטעט ווערן. יעדער בירגער האָט דאָס רעכט אויף אַ מינימום קאָמפאָרט. די מעגאַלאָפּאָליס מוזן רע־דוצירט ווערן. אַ שטאָט פון 10 מיליאָן איינוווינער איז געפערלעך פאַרן געזונט און אַנטוויקלונג פון בירגער און זייערע קינדער. די שטעט דאַרפן באַגרענעצט ווערן ביז אַ מיליאָן, צוויי — מאַקסימום און מוזן אַרומ־גענומען ווערן מיט אַ ברייטן שטח פון גרינוואַרג, וועלדער, פּאַרקן, וואָס זאָלן זיכערן דעם נויטיקן מינימום פון ריינעם זויער־שטאָף און ספּאָרט, און שפּיל־פּלעצער פאַר אַלע אָן אויסנאַם קינדער, יונגאַוורג און דער־וואַקסענע.

ז) די שטעט דאַרפן אויסגערייניקט ווערן פון שטיקנדיקן קוילן־זויער, די באַפּט־ענערגיע דאַרף פאַרביטן ווערן אויף עלעקטרישער אין דער גאַנצער לאָקאָמאָציע, פּריוואַטער און געזעלשאַפטלעכער, מוניציפּאַ־לער א. א. און די עלעקטרישע סטאַציעס דאַרפן אויך באַזירט זיין אויף אַטאָמישער (זיכערנדיק די באַפעלקערונג פאַר די געפאַרן פון ראַדיאָ־אַקטיוויטעט), וואַסער, זון א. א. ענערגיעס.

ח) אַלע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, איינשליסלעך די פּעטראָ־כעמישע און ענלעכע, מוזן געבויט ווערן אין פּאַסיקע, ליכטיקע, היגיע־נישע געביידעס, זיכערנדיק די אַרבעטער פאַר אַרבעטס־אַקצידענטן, און ריינע לופט, פרייע באַוועגונג א. א. וו. מיט די נויטיקע איבערייסן אויף שפּייז, גימנאַסטיק א. א. וו. פּאַסיקע שפּייז־צימערן (און רעסטאָראַנען), בגדים־איבערבייט א. א. וו. מאַקסימום קאָמפאָרט און מינימום אָנשטרענ־גונג.

ט) נישטאָ קיין אומלעגאַלע קינדער. אַלע קינדער זענען גלייך און מיטן פאַקט פון געבוירן ווערן, ווערט דעם קינד געזיכערט די נויטיקע מעדיצינישע אַסיסטענץ, זיין באַשפּייזונג און אַנטוויקלונג. יעדעס קינד פון 3 ביז 18 יאָר דאַרף באַקומען אומזיסט קינדער־גאָרטן, שול, עלע־מענטאַרע און מיטעלע בילדונג. אויך די אוניווערסיטעטן, מוזיק — קונסט־אַקאַדעמיעס א. א. וו. דאַרפן זיין פולשטענדיק אומזיסט און אָפן פאַר אַלע יוגנטלעכע אין הסכם מיט זייערע לעבן־שטרעמונגען און פעיקייטן. עס דאַרפן אויך זיין אומזיסט די קינדער־הייזער (יאַסלעס) פון קינדער אונטער 3 יאָר, בעת דער אַרבעטס־צייט פון דער מוטער.

י)ביידע געשלעכטער זענען פולשטענדיק גלייכבאַרעכטיקט און פריי אין זייער געשלעכט־באַציאונגען. ס׳ווערן פאַרבאָטן און שטרענג באַשטראָפט פאַרגוואַלטיקונגען (ביז אייביקער תפיסה און אין געוויסע פאַלן אויך קאַסטרירונג) און פראָסטיטוציע. ס׳זענען פאַרבאָטן געשלעכט־באַציאונגען צווישן דערוואַקסענע מענער (איבער 16 יאָר) מיט מיידלעך אונטער 16 יאָר. פאַרגוואַלטיקער פון קינדער, פעדעראַסטן, ווערן באַשטראָפט מיט אייביקער תפיסה אָדער ספּעציעלע הייל־אַנשטאַלטן. ס׳ווערן פאַרבאָטן געשלעכטס־באַציאונגען אין עפנטלעכע ערטער — אויף וויפל זיי שטערן דער געזעלשאַפטלעכער מאָראַל (צ. ב. בייטאָג אין עפנטלעכע פּלעצער). ס׳ווערט פאַרבאָטן יעדע פּאָרנאָגראַפּישע, ד. ה. אויפרעגנדיקע פּרעסע, ראַדיאָ, טעלעוויזיע, קינאָ, — וואָס טראָגט אַ קאָמערציעלן כאַראַקטער.

אַלע קינדער טראָגן דעם משפחה־נאָמען פון דער פרוי און נישט פון מאַן, ווי ס׳איז אָנגענומען, כדי אויסמיידן אומאַנגענעמלעכקייט פון קינדער, כלומרשט אומלעגאַל־געבוירענע.

די פאַרשפּרייטונג פון אַנטי־שוואַנגערשאַפט פּילן, אויף וויפל זיי באַדראָען נישט דעם נאָרמאַלן געזונט פון די בירגער (פרויען און מענער) דאַרף זיין פריי און אומזיסט, ווי אַלע מעדיקאַמענטן.

יא) די געזונטהייטס־דינסט דאַרף זיין פולשטענדיק אומזיסט און געזיכערט אַלע איינוווינער. די דאָקטוירים באַקומען זייער געהאַלט פון דער מדינה. אַלע שפּיטעלער, געזונטהייטס־קליניקעס, געזונטהייטס־סטאַציעס און אַלע דאָקטוירים באַדינען אומזיסט די באַפעלקערונג, אַזוי אויך די אַפּטייקן. די באַאַמטע, דאָקטוירים, קראַנקנשוועסטער, פאַרמאַצעווטן א. א. וו. זענען רעגירונגס־באַאַמטע און באַקומען זייער געהאַלט פון דער רעגירונג.

יב) די לאָקאָמאָציע אין פּערימעטער פון די שטעט איז פריי און אומזיסט און די מוניציפּאַליטעטן דאַרפן זאָרגן פאַר אַ באַקוועמען טראַנספּאָרט פון די איינוווינער און געסט: אויטאָבוסן, אונטערערדישע באַנען, באַוועגלעכע טראָטואַרן א. א. וו.

יג) די מוניציפּאַליציטעטן דאַרפן זאָרגן פאַר פּאַסיקע און אומזיסטע שפּיל־פּלעצער, קלובן, לאָקאַלן, גימנאַסטיק־ און אַטלעטיק־פּלעצער פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג, פאַר אַלע עלטערן, קינדער, דערוואַקסענע און אַלטע.

יד) יעדער בירגער האָט דאָס רעכט אויף אַ חודש אָפּרו ביים ים,

בערג, וואַלד. פאַר דעם צוועק דאַרפן אויפגעבויט ווערן פּאַסיקע, שיינע אָפּרו־הייזער מיט אַלע נויטיקע קולטור און ספּאָרט־איינריכטונגען אונטער פּאַסיקער אָנפירונג און פולשטענדיק אומזיסט.

טו) די פּאָליציי און געריכט־אינסטאַנצן זענען מוניציפּאַלע. קיינער טאָר נישט באַלעסטיקט ווערן צוליב זיינע אָנשויאונגען. דער מענטש, דער נאָרמאַלער, געזונטער בירגער איז גוט. ס׳זענען אָבער פאַראַן אויסנאַמען, דאָס זענען קראַנקע אָדער אַסאָציאַלע עלעמענטן, וואָס זענען קראַנק גייסטיק, אויב זיי באַגייען קרימינעלע פאַרברעכנס קעגן דער געזעלשאַפט און קעגן אַנדערע בירגער, זייערע שכנים, ווי סעקסועלע פאַרברעכנט, גניבות, רציחות א. אַנד. ווי לאַנג עס טרעפן זיך אַזעלכע פאַלן, מוזן אָנגענומען ווערן קעגן זיי מיטלען: הייל־אַנשטאַלטן און אין עקסטרעמע פאַלן תפיסה. די ריכטער ווי אויך די אויספאָרשונגס־ריכטער מוזן האָבן אַ פּסיכאָלאָגישע אויסשולונג.

טז) בירגער־מייסטער, מוניציפּאַלע־ראַטמענער, ריכטער א. אַנד. מוניציפּאַלע הויכע באַאַמטע דאַרפן געוויילט ווערן יערלעך אין פרייע, דעמאָקראַטישע געהיימע וואַלן. יעדער קאַנדידאַט דאַרף צושטעלן דער וואַל־קאָמיסיע מינימום הונדערט אונטערשריפטן פון אָנהענגער. אין משך פון יאָר באַשטימט דער שטאָט־ראַט אַלע פּראָבלעמען פון די מוניצי־פּאַליטעטן. ספּעציעל־וויכטיקע פראַגן ווערן באַשטימט דורך אַ פּלע־ביסציט פון אַלע בירגער.

## אין לאַנדעס־מאַסשטאַב

א) די צענטראַלע אינסטאַנצן פון דער מדינה באַשטייען פון: פּאַרלאַמענט, עקזעקוטיוו־מאַכט (רעגירונג), מדינה־געריכט. דער פּאַר־לאַמענט ווערט געוויילט פון גאַנצן פאָלק, אויף דער באַזע פון דירעקטע, דעמאָקראַטישע, געהיימע וואַלן, וואָס קומען פאָר יעדע 2 יאָר. דאָס לאַנד ווערט צעטיילט אויף וואַל־ראַיאָנען, לויט דער צאָל בירגער, עלטערע פון 18 יאָר, אין יעדן. די גרעסערע שטעט שטעלן מיט זיך פאָר איין ראַיאָן און ווילן זייערע פאָרשטייער אין פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן. יעדער

קאַנדידאַט אויף דעפּוטאַט, וואָס ווערט אַרויסגעשטעלט פון אַ פּאַרטיי מוז אויסגעוויילט ווערן אין דירעקטע און געהיימע וואַלן דורך דער פּאַרטיי־אָפּטיילונג אין ראַיאָן.

ב) דער פּאַרלאַמענט באַשטימט די רעגירונג און זי, ווי אויך יעדער מיניסטער פּערזענלעך, איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אים, ער איז באַ־רעכטיקט אויף אָפּרופן זי צו יעדן מאָמענט, די גאַנצע אָדער אַ טייל.

ג) די רעגירונג באַשטימט פון זיך אַ פּאַרזיצנדן, וואָס איז אויך פּרעמיער־מיניסטער אויף דער גאַנצער קאַדענץ אָדער אַ טייל פון איר — לויט איר באַשטימונג.

ד) די רעגירונג פירט אָן, אין משך פון איר קאַדענץ, און איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר: 1) נאַציאָנאַלע אונטערנעמונגען ווי וועגן, שאָסייען, פּאָסט, פאַרקער; 2) די נאַציאָנאַלע רעגירונג העלפט די ראַיאָנען וואָס צוליב דער קליינער צאָל איינוווינער קאָנען נישט אַליין אויסהאַלטן אַלע נויטיקע בילדונגס־שולן, פּראָפעסיאָנעלע און הויך־שולן, שפּיטעלער און א. וו.; 3) זי האַלט אויס און פירט אָן די אָפּרו־הייזער, וואָס זענען געווידמעט אַלע איינוווינער פון לאַנד; 4) זי פירט אָן מיט דער אויסערן־פּאָליטיק פון לאַנד, האַלט אָן די באַציונגען מיט די איבעריקע מדינות אויף דער וועלט און שיקט אירע פאָרשטייער אין דער „אונאָ”; 5) פירט אָן און פאַרוואַלטעט די פאָלקס־מיליץ; 6) אין דער איבערגאַנגס־צייט ביז עס וועלן ליקווידירט ווערן אַלע גרענעץ־באַגרענעצונגען און נאַציאָנאַלע אַרמייען און די „אונאָ” וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ וועלט־רעגירונג, דאַרף די רעגירונג זאָרגן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון לאַנד, אָבער בשום אופן נישט אָנגריף אויף וועלכן ס׳איז אַנדער לאַנד, ווייל אַלע אָן אויסנאַם פעלקער האָבן רעכט אויף זעלבסט־באַשטימונג און זעלבסט־רעגירונג. אין אויסעראָרדנטלעכע פאַלן, דורך אַן „אונאָ” באַשטימונג, מעג די רעגירונג שיקן פרייוויליקע מיליציאָנערן דורכצופירן די „אונאָ”־באַשלוסן, אָבער נאָר לויט אַ באַשטימונג פון פּאַרלאַמענט.

ה) דאָס העכסטע מלוכה־געריכט ווערט אויסגעוויילט אין דירעקטע און געהיימע וואַלן, אומאָפּהענגיק פון דער רעגירונג און פּאַרלאַמענט און האָט אַלס ציל צו זאָרגן אַז די רעכט פון יחיד און פון קאָלעקטיוו, פון דער געזעלשאַפט, מוניציפּאַליטעטן אין ראַיאָן־אינסטאַנצן זאָל ווי

געהעריק אָפּגעהיטן ווערן און צוציען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט די וואָס זענען עובר אויף זייערע רעכט און סמכות.

## אויפן אינטערנאַציאָנאַלן געביט

אַלע מענטשן זענען גלייך — דאָס איז דער פּרינציפּ און ציל. למעשה, איז נאָך ווייט צו דעם. די וועלט איז היינט צעטיילט אויף 20 פּראָצענט וואָס לעבן אין שפע און 80 פּראָצענט אָפּגעשטאַנענע פעלקער, וואָס לעבן אין נויט, אַבסאָלוטן און רעלאַטיוון; אַבסאָלוטן — אין אינדיע, אין לאַטיין־אַמעריקע א. אַנד.; רעלאַטיוון — אין אַפריקע, כינע א. אַנד. לענדער, ווו די באַפעלקערונג גיט זיך אַפילו נישט אָפּ קיין חשבון אַז זי לעבט אין נויט.

די צענטראַלע אויפגאַבע פון דער „אונאָ" איז שטרעבן צו העכערן דעם לעבנס־ניוואָ פון דער גאַנצער ערד־באַפעלקערונג, העלפן די אָפּ־געשטאַנענע לענדער דערגרייכן דעם לעבנס־סטאַנדאַרט פון די רייכע, הויך־אַנטוויקלטע לענדער. דאָס קאָן דערגרייכט ווערן דורך: 1) אינ־דוסטריאַליזירן די לענדער; 2) ראַציאָנאַליזירן און פּערפעקציאָנירן די לאַנדווירטשאַפט, מעכאַניזירנדיק זי; 3) העלפן אַנטוויקלען די קולטור און דערציאונג, איינשטעלן אָבליגאַטאָרישן שול־סיסטעם, בויען מיטל־שולן, אוניווערסיטעטן, פּראָפ. און טעכנישע שולן און הויך־שולן, שולן פאַר דערוואַקסענע א. אַ.וו.. די מענטשהייט וועט נישט זיין גליקלעך און פריי, אויב אַ טייל — און אַ גרויסער — וועט זיין אָפּגעשטאַנען.

די „אונאָ" דאַרף דאגה'ן פאַר די רעכט פון יחיד, אַלע רעכט, פרייהייט פון וואָרט, פּרעסע, אָרגאַניזאַציע, מיגראַציע, ד. ה. אַלע דעמאָקראַטישע רעכטן, ד. ה. זי מוז באַקעמפן אַלע דיקטאַטורן און דיקטאַטאָרן, פאַשיס־טישע און קאָמוניסטישע, נישט דערלויבן קיין גענאָסייד, ד. ה. מאָרד פון פעלקער, וואָס פאָדערן זייער זעלבסט־באַשטימונג, ווי אין פאַל אין ביאַפראַ, באַנגלאַ־דעש, א. אַנד. אָדער זייער פאַרגוואַלדיקונג ווי אין פאַל אין אונגאַרן און טשעכאָסלאָוואַקיע.

די „אונאָ" מוז אָפּהיטן פעלקער, באַדראָטע פון נישט־נאָרמאַלע, פּסיכאָפּאַטישע דיקטאַטאָרן, ווי אידי אַמין אין אוגאַנדא, די מיליטאַרן

אין גריכנלאַנד אָדער שפּאַניע, די מיליטערישע טעראָר־הערשאַפט אין בראַזיל — זי טאָר זיך נישט פאַרבאַהאַלטן אונטערן אויסרייד „מיר מישן זיך נישט אין די אינערלעכע ענינים פון די מדינות".

דאָס באַדייט נישט, אַז די „אונאָ" דאַרף זיך געפינען אין פּערמאַנענטער מלחמה מיט די קאָמוניסטן צ. ב. איר אויפגאַבע איז אָבער יאָ משפיע צו זיין מיט אַלע פּאַציפישע מיטלען פאַר דער דעמאָקראַטיזאַציע פון די דאָזיקע מדינות און די קאָ־עקזיסטענץ דאַרף דינען אַלס וועג צו די פעלקער, באַהערשטע דורך די דיקטאַטורן, כדי זיי צו באַפרייען, אפילו ווען דער פּראָצעס דאַרף זיין אַ דויערהאַפטער און לאַנגער.

די „אונאָ" דאַרף צילן צו דער פולשטענדיקער אַנטוואָפנונג פון דער וועלט, אין דער ערשטער ריי — די פאַרניכטונג פון אַטאָמישן געווער און שפּעטער די ליקווידאַציע פון אַלע אַרמייען און דער גרינדונג פון אַן איינציקער אַרמיי — פון דער „אונאָ".

די „אונאָ" דאַרף צילן צו דער אויפלייזונג פון אַלע גרענעצן און גרענעץ־באַגרענעצונגען, דערלויבנדיק אַ פרייע מיגראַציע פון אינדיווידואומס איבער דער וועלט, איבערגאַנג פון לאַנד צו לאַנד, זאָרגנדיק אויסגלייכן דעם לעבנס־סטאַנדאַרט פון אַלע לענדער, כדי נישט צו פאַרפלייצן די רייכערע לענדער מיט מענטשן פון מער אָפּגעשטאַנענע, וואָס זוכן אין דער מיגראַציע העכערן זייער לעבנס־סטאַנדאַרט.

די „אונאָ" דאַרף העלפן ליקווידירן די מדבריות, מאָביליזירנדיק די שטאַרקע פינאַנציעלע און טעכנישע מיטלען דערצו, כדי פּרוכטבאַר מאַכן די גאַנצע ערד־קויל.

די „אונאָ" דאַרף אינטערנאַציאָנאַליזירן די מינעראַל־רייכטימער און ענערגיע־קוואַלן אויף דער ערד, כדי דערמעגלעכן זייער ראַציאָנעלע עקספּלואַטאַציע לטובת דער גאַנצער מענטשהייט.

די „אונאָ" דאַרף באַקעמפן די איבערבאַפעלקערונג פון געוויסע ראַיאָנען, ווי אינדיע צ. ב. דורך אַ געהעריקער סעקסועלער דערציאונג און אַנטי־שוואַנגערשאַפט־מיטלען.

די וועלט איז קליין און ווערט קלענער, וואָס גיכער עס אַנטוויקלט זיך די קאָמוניקאַציע. דער ווייַ פון בורונדי, מאָזאַמביק, ראָדעזיע, דרום־אַפריקע, בראַזיל א. אַ. וו. איז דער ווייַ פון דער גאַנצער מענטשהייט.

איז דאָס אוטאָפּיע? ניין. אוטאָפּיע איז געווען מאַרקס'ס דאָגמע, אַז „אַזוי מוז זיין", אַז דער „זיג פון פּראָלעטאַריאַט איז אַ געשיכטלעכער

דירעקטיוו", "מען קאָן אים נישט פאַרהאַלטן, ווי מען קאָן נישט פאַר־האַלטן דעם אונטערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם" — די הנחות האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר פאַלשע, ווייל נישט די געשיכטע מאַכט דעם מענטשן, נאָר דער מענטש מאַכט די געשיכטע און נאָר פון אים, פון מענטשן, פון פרייעם מענטשן איז אָפּהענגיק זיין צוקונפט.

ווילט איר — איז עס נישט קיין אוטאָפּיע! קעגן דער וועלט פון דער אַטאָמישער דאמאקלעס־שווערד, אַ וועלט, ווען עס דראָט אַן אַטאָמישע מלחמה, וואָס וועט זי אומברענגען, אַ וועלט פון עלנט פון איין זייט און משוגענעם לוקסוס פון דער צווייטער — שטעלן מיר קעגן אַ צווייטע וועלט. אַ וועלט פון שלום און גליק, פאַר יעדן אינדיווידואום, פאַר יעדן יחיד. קאָן מען זי דערגרייכן?

די טעכנאָלאָגישע אַנטוויקלונג פון דער וועלט דערמעגלעכט די פאַרוואַנדלונג פון דער וועלט אין אַ וועלט פון שלום און גליק פאַר אַלע 4 מיליאַרד און מערער נפשות, וואָס באַוווינען אונדזער ערד־קויל. די טעכנאָלאָגישע אַנטוויקלונג האָט נישט קיין שום גרענעץ און באַפרייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער קאָנקורענץ פון איין זייט און פון דער קאַרטעליזאַציע און מאָנאָפּאָל פון דער צווייטער, ווערן אירע מעגלעכקייטן נאָך גרעסער און ברייטער.

כדי אָבער דאָס דערגרייכן מוזן מיר זיך פאַראייניקן, מיר די אָנהענגער פון אַזאַ וועלט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט פאַרלוירן אירע פּערספּעקטיוון. זי האָט איבערגענומען די לאָזונג פון עדוואַרד בערנשטיין „די באַוועגונג איז אַלץ, דער ציל — גאָרנישט", אָבער אַ באַוועגונג אָן אַ ציל ווערט דעמאָראַליזירט, פאַרבירגערט, ביוראָקראַטיזירט און שטאַרבט אָפּ. די יוגנט פאַרלירט איר אינטערעס אין איר און זי זוכט אַנדערע וועגן, אָפט פאַלשע, וואָס שאַפן אָבער אילוזיעס פון אַן אַנדער, גליקלעכער וועלט, גליקלעכער צוקונפט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי און אויך איר פּראָגראַם, אָן שום ענדציל. דערפאַר איז מעגלעך, אַז אַ דריטל פון די אָנהענגער פון דער ס.ד. פּאַרטיי אין דענעמאַרק צ. ב. זאָלן שטימען פאַר אַ ריין דעמאַגאָגישע גרופּע, וואָס זאָגט צו „ניסים ונפלאות", אָן שטייערן, און אין אַנדערע לענדער וואַקלען זיך די שטימען צווישן די ס. ד. אָדער „לאַבאָריסטן" און די קאָנסערוואַטאָרן, ווי אין ענגלאַנד, שוועדן, נאָרוועגיע, ווייל ביידע פּאַרטייען, ביידע לאַגערן זענען נישט ווייט איינער פון אַנדערן.

די סאָציאַל־פרייהייטס־באַוועגונג רוקט אַרויס איר ציל און צייכנט

אָן די וועגן ווי אַזוי דעם דאָזיקן ציל צו דערגרייכן. דער ציל איז איינער אויף דער גאַנצער ערד־קויל, די וועגן — זענען פאַרשידענע, אָפּהענגיק פון די באַדינגונגען אין יעדן לאַנד באַזונדער. זיי קאָנען נישט זיין די זעלבע אין די פ. שטאַטן און... אינדיע אָדער סענעגאַל.

די סאָציאַל־פרייהייטס־באַוועגונג איז אַ דעמאָקראַטישע באַוועגונג, ד. ה. אין יעדן לאַנד, ווו ס'איז מעגלעך צו דערגרייכן איר ציל אויף דעמאָקראַטישע וועגן, דורך דעמאָקראַטישע, פרייע וואַלן, זאָגט זיך אָפּ די סאָציאַל־פרייהייט־באַוועגונג פון געוואַלד־אַרויסטרעטונגען, פון מהומות, גאַסן־שלאַכטן א. אַ. וו. אָבער אין לענדער, ווו פאַשיסטישער אָדער מיליטערישער טעראָר דערלאָזט נישט דאָס פאָלק צום וואָרט, ווו די פרייהייט פון וואָרט, געדאַנק, פאַרזאַמלונג ווערן געטרעטן מיט די פיס — דאָרט, אין בראַזיל, שפּאַניע, פּאָרטוגאַל, גריכנלאַנד א. אַ. וו. איז די סאָציאַל־פרייהייטס־באַוועגונג אויך געצוווּנגען צו גיין אויף די וועגן פון געוואַלד. דער געוואַלד איז אָבער נישט קיין ציל און נישט קיין באַשטאַנדטייל פון דער סאָציאַל־פרייער באַוועגונג.

איר ערשטע אויפגאַבע — פאַראייניקן אַלע אמת־סאָציאַליסטישע באַוועגונגען, גרופּן, אין אַלע לענדער פון דער וועלט, איינשליסלעך די ס. ר. אין טשעכאָסלוואַקיע א. אַנד. קאָמוניסטישע לענדער.

מיט פאַראייניקטע כוחות — איז מעגלעך צו דערגרייכן אַ וועלט פון שלום און גליק, אַ וועלט אָן דאָגמען, אַ וועלט אַ פרייע און דאָס איז אָפּהענגיק נישט פון וועלכן ס'איז קלאַס, פון וועלכע ס'איז דירעקטיוון, נאָר פון גוטן ווילן פון דער מענטשהייט און פאַר אלעם — פון דער יוגנט, וואָס איז שטענדיק געווען און פאַרבליבן, נישט קוקנדיק אויף אירע יוגנט־פעלערן, דער אַוואַנגאַרד, דער הויפּט־מקור פון דער אַנטוויקלונג פון דער וועלט און איר געשטאַלטונג.

אויב איר וועט וועלן — וועט עס נישט זיין קיין אוטאָפּיע!

# אינהאַלט

| | |
|---|---|
| | זייט |
| די וועלט ווי זי זעט אויס | 3 |
| מאַרקסיזם | 17 |
| אַנאַרכיזם | 57 |
| לעניניזם | 81 |
| סטאַליניזם | 159 |
| טראָצקיזם | 187 |
| מאַאָיזם | 213 |
| „די נייע לינקע" | 273 |
| נאַציאָנאַליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם | 309 |
| און דאָך סאָציאַליזם | 335 |